# אינהאַלט

זײַט



## טריבונע פון לעבן



## זיכרוינעס



## ליטעראַטור און קונסט

# סאָוועטיש היימלאַנד

כוידעשלעכער
ליטעראַריש-קינסטלערישער זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער-פאַרבאַנד פון ססר

פינפטער יאָרגאַנג

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע

1

יאַנוואַר

1965



ען מיר מישן אוף דאָס ערשטע זײַטל פון „סאָוועטיש היימלאנד“ פארן 1965 יאָר, איז דאָס וואָרט אונדזערס קוידעמקאָל געווענדט צום לייענער — דעם שטרענגן ריכטער און איבערגעגעבענעם פרײַנט.

אין פארגאנגענעם יאָר האָבן מיר צוזאמען געלעבט, געמיט זיך און געשאפן. ס׳איז בא קיינעם קיין סאָפעק ניט, אז דאָס דורכגעלעבטע און דעראָבערטע מיצאד די מענטשן פון גוטן ווילן מאכט אומעטום און שטענדיק שטארקער דעם טראָט פון די פעלקער. אָט פארוואָס אויך בא אונדז זײַנען אין די הײַנטיקע סאכאקלדיקע טעג די הערצער איבערפולט מיט שטאָלץ און מיט גלויבן. אלס אײדעס און מיטשעפער פון איינער פון די סאמע באדײַטונגספולע עפּאָכעס פון דער וועלט־געשיכטע, פרייען מיר זיך, נאטירלעך, מיט דעם, וואָס אין 1964 האָט זיך נאָך מער צעבליט דער סאָוועטנפארבאנד, דאָס אומשטערבלעכע ווערק פון צענדליקער פארברידערטע פעלקער, דער סאָוועטישער מענטש האָט מיט מער זיכערקײַט א שפּאן געטאָן אין קאָסמאָס, עס איז ברייטער געוואָרן אין דער גאָרער וועלט דער פראָנט פון פרידנסליבנדיקע פעלקער, וועלכע שטעלן אוף א פעסטע וואנט קעגן די פריידיקער פון קאָלאָניִאליזם, אימפּעריִאליזם און אטאָמישער פארניכטונג.

דאָס פערטע מאָל פאר דער צײַט, וואָס „סאָוועטיש היימלאנד“ עקזיסטירט, באגעגנט ער צוזאמען מיט טויזנטער און טויזנטער לייענער דאָס נײַע יאָר. ס׳איז אָנגענעם צו וויסן, אז אָנהייבנדיק פון יאנואר 1965 ווערט אונדזער זשורנאל א כוידעשלעכער, די סאָוועטישע יידישע ליטעראטור באקומט נאָך גרעסערע מעגלעכקײַטן פאר איר ווײַטערדיקן אופבלי.

מיט נײַ־יאָר־ווּנטשן גייט געווײנלעך דער מענטש ארויס אף ביט באטראָטענע וועגן. מיר ווינטשן אונדזערע לייענער, אז אָט די וועגן זאָלן זײַן פאר זיי ברייט און אָפן, און גרויס זאָל אף די וועגן פונעם נײַ־יאָר זײַן דער פארגעניגן פון צונויפשמעלצן דאָס אייגענע גליק מיטן גליק און מיט די אינטערעסן פונעם גאנצן פאָלק.

# אונדזער באגריסונג צום נײַ־יאָר



שלוימע רויטמאַן

# דאָס וואָרט וועגן וואָלגע־זון איגאָרן

פאָעמע

די וואָלגע רוישט ניט ווילד, די וואָלגע שפּילט,
ווײַל וואָס איז דען איר גאַנצער גאַנג, איר פֿליסן,
אויב ניט צוליב דאָס האַרץ זיך אויסצוגיסן,
אין גרויסע הערצער קלאַפּן טיף און שטיל,
אויב ניט, ווי וואָלט זי יעדער וווּנד געקילט,
ווי וואָלט זי וואָלגע־מוטערל געוועזן?

עס טרעפט, זי שטעלט זיך אָפּ אין אַ מין פֿליאָס,
פּונקט ווי זי וואָלט אינגאַנצן זיך פֿאַרגעסן,
און וואַשט און קעמט די הערעלעך פֿון גראָז,
שטרעקט אויס איר ברוסט אַף אָנצוזויגן לאַנען,
און הוידעט זיך און קושט און קושט קורגאַנען,
ווי גלײַך זי פֿילט, אַז נאָך אַ גרויסן שלאַכט
מיט גרויסן שלאָף דאָ שלאָפֿן אירע קינדער,
איז וויגט זי זיך ווי הימלדיק־פֿאַרטראַכט;
און אויסגעטרערטער, ריינער נאָך און לינדער
עס ווערט איר שטראָם, זי רוישט ניט ווילד, זי שפּילט, —
אויב ניט, ווי וואָלט זי יעדנס וווּנד געקילט,
ווי וואָלט זי וואָלגע־מוטערל געוועזן?

ווי בריסטן, אירע כוואַליעס זי ניט קאַרגט
פֿאַר יעטווידער געבוירענעם דאָ וועזן,
און פֿרויען גלייבן דאָ: איר מילך מאַכט שטאַרק,
מע ווערט פֿון אירע וואַסערן גענעזן.

אָט פֿון איר הויכן ברעג, ווי פֿון אַ באַרג,
עס לאָזן זיך אַראָפּ די יונגע מאַמעס
מיט קינדער און מיט פֿלעשעלעך אין הענט;
עס שמעקט פֿון זיי מיט יענעם טאָג אין טאַמעז,
וואָס איז שוין אויסגעבאַקן, דורכגעברענט
און אָנגעפּולט מיט דופּט ביז ברעגן סאַמע —
מיט סעדער און מיט גערטנער און מיט סטעפּ.
פֿאַרדרייט אין קובליקעס די מיידל־צעפּ,
אין קובליקעס אין שווערע, ווי די גראָנעס[1],
ווי גלײַך דער מוטער־אָל וואָלט דריקן זיי די קעפּ, —
אָט גייען זיי, די רוסישע מאַדאָנעס,

---

[1] גראָנעס — הענגלעך ווײַנטרויבן.

מיט הייליקייט מיט באַרוועסער אַריַין
אין טײַך, ווי אין אַ וועלט פון ריינער שײַן;
פאַרשטעקט זײַנען די קליידער באַ די קליבעס,
מע בייגט זיך צו דער וואַלגע אָן אַזוי,
ווי צו אַן אַלטער כאַווערטע, וואָס ליב איז,
און מע פאַרפולט די פלעשעלעך מיט טוי,
מיט וואַסער, וואָס איז שטאַרק געשמאַק און זויבער,
און גלײַך אין קינדער־ליפּעלעך מע שטופּט,
ליב־שפּאַסנדיק — „שיקורימלעך, נו, זופּט!"
און ס'האָט די וואַסער יענעם מילדן צויבער,
אַז ווער עס פּרוווט פון איר, דעם טרינקט זי אָן
מיט כעסעד און מיט ברייטקייט פון נעשאָמע,
זײַן האַרץ ווערט אין איר כוואַליע אָנגעטאָן,
און ס'הערט ניט אויף אין מענטש די וואַלגע שטראָמען,
פאַרקישעפט בלײַבט אַף אייביק שוין אַט דער,
וואָס קינדווײַז האָט אַמאָל פון איר געזויגן,
זי טריפט אין אים נאָך ריינער פון אַ טרער,
זי שטראָמט אין אים ביז בלוי פון זײַנע אויגן.

קאָן זײַן, אַז יעדער וואָל איז ליב דעם טײַך,
דער מאַמען זײַנען אַלע קינדער גלײַך,
און דאָך איז ליבער איר דאָ אײַנצוויגן
דאָס קינד, וואָס פונעם טויט איז אָפּגעשריגן,
דאָס קינד, וואָס איז איר אָנגעקומען שווער.
איז ווער זשע האָט געקענט נאָך ווערן מער
פאַר מוטער־וואָלגע ציטעריקער, ליבער
און טײַערער, ווי אונדזער יונגער איגאָר,
און זי איז שוין געווען פאַר אים אַליין
זײַן אייגן בלוט, זײַן אייגן פליישׁ און ביין,
אים האָט זי אויסגעכאָוועט אַף כידושים.

האָט דען געוווּסט אַ קינד פון פיר כאַדאָשים,
אַז ס'גייט דאָס איין־און־צוואַנציקסטע, דאָס יאָר
מיט פיס געשוואָלענע, מיט לײַב, וואָס האָט די דאָר,
און אַז פאַר הונגער ציִען אויס די זאַנגען
די דאַרע פיסעלעך אין זאַמד,
אַז ס'נאָגט אונטער דעם לעפעלע דעם קאַנט.
האָט דען געוווּסט דאַן איגאָר, אַז אַליאָנע,
זײַן מוטער, איז געבליבן אַן אַלמאָנע
און אַז, פאַרוואָרפנדיק שוין מיטן קאָפּ,
זי וויל אים ווי איר אָטעם איבערגעבן
און שעפּטשעט אים: „עס טאָר ניט, איגאָריאָק,
מײַן לעצטער טאָג אויך זײַן דײַן לעצטער טאָג",
זי האָט געטונקט איר פלעשעלע אין וואָלגע
צו געבן כאָטש דעם קינד און זיך אַ לעק.
נאָר ווי זי האָט דאָס פלעשל ניט געשטרעקט,
האָט איר געדוכט: דער שטראָם, ער וויל ניט פאָלגן,
די גאַנצע וואָלגע גייט פון איר אַוועק.
נאָר דאָרטן, ווו סע קומט אַ מאַמעס סאָף,
אויך דאָרט הייבט אָן איר פּעדעמל זיך וועבן,
וואָס מורמלט, דוכט זיך, איר אין אויער: האָף,
אַז בלײַבן וועט דײַן ליבסטער וועזן לעבן.
קאָן זײַן, איין פונק האָט נאָך איר טרייסט געוועקט,
אַז יענער מענטש, וואָס איז אַף אַט דעם ברעג

געבוירן אין סימבירסק, ער וועט, מיסטאמע,
דאָך פעסט פארשטיין א שטארבנדיקע מאמע.
ניט לאָזן, אז זי זאָל איר קינד איר שיינס
דאָ איבערלאָזן עלנט אפן וואסער.
און בלאסער איז איר ליכט געוואָרן, בלאסער,
נאָר איגאָריאָק געפילט האָט דאן נאָר איינס:
די וועלט, זי איז אין פיטעמל אין קליינס,
און ער איז מיט זיין הונגער צוגעפאלן
צו ברוסט, וואָס איז געוואָרן שוין פארשטיינט.
און ס'האָט מיט אים די וואָלגע ווי געוויינט, —
דאָס הארץ איז איר דערפאר געוואָרן קאליע,
וואָס אויסגעטריקנט האָט אין איר א כוואליע.

און אויסגעשטרעקט האָט דאן דער וואָלגע־ברעג
צו איגאָרן א קינדערהיים מיט צארטקייט,
און אויסצומאָסטען זיך א העלן וועג —
מיט בלעטעלעך, מיט אויסיעלעך מיט שווארצע
געלערנט האָט די שול אים:
ליבע, צייט,
און גרעזעלעך, און זון, און גוטע לייט, —
זיי ווערן אלע דיר אייַן קלוגער לערער,
און אלץ אָט דאָס איז וואָלגע, נייַן, נאָך מערער!
ס'איז וואָלגע — פאשע־נעכט אין יינגל־יאָר,
ווען ס'בלאָנקען פרייע פערד איבער די האָנעס,
ווען גריוועס אונטער רויכלעך דער לעוואָנעס
צעוויינען זיך אין לאנגע גרינע האָר,
און ס'דוכט, אף די קורגאנעס, אין די באלקעס
אף אָט די פערד עס רייטן אום רוסאלקעס,
זיי קומען דאָך אוודע אויך פון טייַך;
צי עפשער איז עס גאָר דאָס קיניגרייך
פון מינדעריעריקייט, ווען אזוי רייך
בלויז איין מאָל בא דעם מענטש אף לעבנס־וועגן
די קינדהייט מיט דער יוגנט זיך באגעגנט, —
און דאָס איז אויך די וואָלגע, אויכעט זי.

און וואָס איז דען פאר אים דער מאָרגנפרי,
וואָס אויך דערזען מע קאָן אים פונדערווייטן,
ווען לאָזט באנאכט אף פישפאנג זיך מיט לייטן.
עס טאָגט נאָך ניט. עס צאפלען זיך די פיש,
און כאָטש די שטראלן זייַנען נאָך פארבאָרגן,
אין ליסקעס שפיגלט אָפּ זיך שוין דער מאָרגן
גרויזילבעריק, ניט זיכער נאָך, נאָר פריש,
און אָט דער פרי איז אויך די וואָלגע, זי.

און וואָס איז דען פאר אים די ערשטע מי?
אָט פירט ער פון קאָלווירט א וואָגן דיניעס,
און ס'דאכט, דער הארבסט מיט געל־גאָלדענע קעפ,
פארשיקערטע פון רייכעס און פון גינען,
ער שאָקלט, ער צעשיידט זיך מיטן סטעפ —
א פריילעכע געזעגעניש פון הארבסטן,
א מונטערע באגעגעניש פון הארצן
מיט צייטיקייט, מיט קרעפטן און מיט זאפט:
דאָס צייטיקט דאָך זייַן קראפט, דער וואָלגעס קראפט.
ווי ליב איז אויסצופרווון יונגע אקסלען,
א כאפ טאָן אף א היי־גאָפל אזא

א שווערן סנאָפּ — און גלײַך אין דער ארבא,
און הערן הינטער פּלייצעס „זע נאָר, הא,
ווי אָט דער שנעק איז פּלוצעם אויסגעוואַקסן!"

א באָכערל — א ליכט. זײַן פּנים גערציכט
אף שטאַרקן האלדז זעט אויס געשניצט נאָך דינער,
נעשאָמעדיק־פּאַרכליאַנעט איז זײַן מינע,
זי בענקט נאָך יענעם קוש, וואָס אומגעריכט
פאַר זיך אליין האָט אים די מאַמע ניט דערגעבן,
און אָט דער קוש פעלט אלץ אים אינעם לעבן.
פאַרכליאַנעט זײַן געזיכט איז, נו, ווי גלײַך
עס וויל אין א מין שפּרונג זיך גאָר דערמאָנען,
וואָס העלפט, אז דו זאָלסט אָנטרינקען זיך קאָנען
מיט שיינקייט ביזן סאָף פון אָט דעם טײַך.
און עפּעס בענקט אזוינס אין זײַנע אויגן,
וואָס זײַנען ליכטיק־ריין און גאָלדיק־שוואַרץ,
פונקט ווי זיי שפּאַרן אָן זיך הארט באַם האַרץ,
און ס'האָט זײַן האַרץ אף זיי שוין אָנגעצויגן
אָט יענעם ערשטן יוגנט־טוי און ברען,
וואָס ציען אף די בליקן אָן א הײַטל.
און איגאָר טוט די אויגן שוין א זײַטל
צו ניט געשעענעם, וואָס קאָן געשען,
צו ניט געזעענעם, וואָס קאָנסט דערזען,
עס קוקט פון זיי שוין אויך אָט דער זיקאָרן,
וואָס יאַרשנסט קלוג באַ אייגענע מיט יאָרן.
איז ליגט ער אָפּט אף וואָלגע־ברעג פאַרקלערט,
אים דוכט, אף איר די זאָרג פון גאַנצער ערד
געשלעפּט אמאָל עס האָבן די בורלאַקעס,
און ערגעץ אין דער וואָלגעס שטאַרקן גאַנג
— „היי אוכניעם!"[1] — הערט זיך אלץ נאָך דער געזאַנג.

אָט דאָ געקעמפּט האָט מיט קראַסנאָווס קאָזאַקן
דער טאַטע און זײַן יונגן קאָפּ געלייגט.
און איגאָר שטיל זײַן יונגן קאָפּ פאַרנייגט,
ס'ציט אָן זיך אף זײַן בליק יענץ יוגנט־הײַטל,
און ס'גיבן פײַכט די אויגן זיך א זײַטל
צו ניט געשעענעם, וואָס קאָן געשען,
צו ניט געזעענעם, וואָס קאָנסט דערזען:
— ווי האָט זי אויסגעוויזן אפּן פּאָנעם,
די מאַמע? וויאַזוי זיך עס דערמאָנען?
ער קוקט שוין ניט מיט אויגן, — מיט געמיט,
ער האַלט ווי מיט דער וואָלגע זיך אָן יישעוו:
— העלף, טײַערע! — ער קוקט צו סאַמע מיט,
אהין, ווו זי איז שטאַרקער פון א קישעף,
און זעט: די וואָלגע אָטעמט אויס א הויך,
ס'איז ניט קיין בלאָווע מאַרע, ניט קיין רויך,
נאָר ווי עס וואָלט די בלויקײַט פון ארומען,
פון דאָרעמדיקע בערג, פון מאָרגן־פעלד,
די גאַנצע בלוי, וואָס וווינט אין רוסלאַנדס וועלט,
זיך פּלוצעם אָט אהער צונויפגעקומען,
זיך אויסגעוואַשן אין דער וואָלגעס וועל,
א צי געטאָן זיך לעבעדיק, נו, מאַמעש,
און אזוי לײַבלעך, ציכטיק, צערטלעך, מאַמיש

[1] א שורע פון דער באַוווסטער ליד „דובינושקאַ".

האָט זי געטאָן זיך ליבלעך א צעהעל
מיט שטראַלן־האָר, מיט גאָלד־אויגן פון טויען —
דאָס איז דאָך מוטער־וואָלגע אונטער ליכט,
ס'איז זי — די סאַמע שענסטע צווישן פרויען.
און עפשער, ס'איז זיין מאַמעס גאָר געזיכט?

און איגאָר שעפטשעט, דוכט, צו אָט די בלויען,
ווי צו זיין מוטער, רעדט ער מיט דער ווייט:
— ניט זאָרג, מיין גוטע, קומען וועט די צייט,
און ס'וועט דיין איגאָר ווערן אויך א לייט.

און טרוימען שמידן איבער זיך אין זאָרגן,
אין טאַכלעס, אין באַגערן, אין א פּלאַן —
ער וועט אַמאָל נאָך זיין א קאַפּיטאַן,
זאָל זיין, אז צווישן היינט און צווישן מאָרגן
ליגט אויסגעשפּרייט פאַר אים דערווייל א יאַם,
נאָר ווילן איז באַם וואָלגע־זון פאַראַן,
און איבערשווימען וועט אים דער, וואָס יונג איז.

און דורכגעמאַכט האָט ער די שול פון „יונגעס".

א דאַמפּערל ער פירט שוין אַף דעם טייך.
זיין טאָג — מיט זון, זיין נאַכט — מיט שטערן רייך,
אויך אַף דער ערד ער גייט שוין, ווי די וואָלגע,
זיך הוידענדיק, ווי גלייך איר נאָכצופאָלגן,
און ווען עס טוט א ווינטעלע א ווי,
זיך וויגט זיין בלויער קאָלנער, ווי א כוואַליע,
צעפליען זיך, ווי צעפּ, די סטענגעס צוויי,
פונקט ווען ער גיט צוריק זיין קאָפּ א דריי,
וואָלט ער געקאָנט א כאַפּ טאָן פאַר דער טאַליע
זיין ליבע־גליק, דערוואַרטס און אומדערוואַרטס,
און מיט די גאָלדיק־אָנגעמאָלטע אַנקערס
אַף קלאָרן העמד און היטעלע זיין שוואַרץ,
פאַראַנקערן די שיינע און די שלאַנקע
אַף אייביק צו זיין יוגנטלעכן האַרץ
און אויסבענקען זי, שווימענדיק אַף יאַמען,
וואָס אויספאָרן אַף גרויסער שיף ער וועט.
ס'האָט ניט געקענט דאָך איגאָר דעמלט אָנען,
אז אָט דער ברעג וועט זיין די גאַנצע וועלט,
אז גאָר שוין גיך דאָס דאַמפּערל וועט ווערן
זיין גרויסע שיף, דער וואָלגע־טייך — זיין יאַם...

געגאַן איז היטלער ניט מיט זון און שטערן,
געגאַן איז ער מיט פינצטערניש און סאַם.
דער טאָג איז זיך א טאָג, דער האַרבסט — א האַרבסט,
נאָר איגאָרס האַרץ — שוין גאָר אַן אַנדער האַרץ,
זיין דאַמפּערל — שוין גאָר אַן אַנדער געווער,
דער הימל איבער קאָפּ — אַן אַנדער צורע:
דער דאַמפּער שלעפּט א באַרזשע מיט בענזין,
דער הימל, דוכט, אַרום דער שיף נעמט זידן,
עס מאָרדעווען מיט אים די „מעסערשמיטן",
נאָר וואָלגע־מוטער בלייבט באַם קלאָרן זין,
כאַטש טויטע פיש, צעריסן פון שראַפּנעלן,
באַדעקן שוין, ווי וווּנדן, אירע וועלן.
דאָס דאַמפּערל, עס גייט שוין כאָדאָראַם,
עס אָטעמט שווער, עס וואַרפט מיט דעם דער פיבער,

ווי גלײַך עס וויל ארויסשפּרינגען פון שטראָם
און אָט אזוי דעם טויט זײַנעם אריבער.
און פּלוצעם הערט אין דעם זיך א מין בראָך,
ווי נאָר עס וואָלט צעפּרעסן עס דער זשאַווער,
און ווי א שעד עס לויפט פון סאַמע קאָך,
ווי ס'וואָלט פארלאָזט אין אומגליק דאָ א כאַוער.

און דאַן איז שוין געקומען איגאַרס ריי.
ס'האָט א שראַפּנעל די קייט צעהאַקט אף צוויי,
ער האָט דערזען, עס הוידעט זיך אף וועלן
די באַרזשע, ווי אף גאָטס באַראָט פארעלנט,
פון הייכן גייט אף איר א בייזע יאַגד,
און ארום איר דער טײַך איז אופגעזאָטן,
נאָר די ציסטערנעס רוען שווער־געפּאַקט,
ווי קופּער־געל געפּארבטע בעגעמאָטן.
ער האָט דערפילט: זײַן וועלט איז אונטער שאָטן,
אז אָט דער ריס פון קייט קאָן דורכגיין
דורך אים, דורך גאַנצן לעבן זײַנעם טאָפּל,
אז עמעץ וויל צערײַסן יענעם נאָפּל,
וואָס האָט אים צוגעבונדן צו דער היים.
אז ווען עס צינדט זיך אָן אָט דער בענזין,
וואָלט אויסברענען זײַן גאַנצער לעבנס־זין,
ס'וועט אויסברענען די וואָלגע ביז א כוואַליע,
אויב דעם בענזין ניט רעטן פונעם טאַליען,
אויב ער וועט זיך ניט אויסקערווען צוריק.

געווען איז אף דער וועלט דער אויגנבליק,
ווען אויסגעדרייט זײַן דאַמפּערל האָט איגאָר:
ער איז געגאַן צו יענעם געגנעם־שטראָם,
ווו ס'זײַנען פײַער, וואַסער, אײַזן — קריגער, —
צו יענעם שטראָם, ווו ס'שטעלט זיך אָפּ דאָס לעבן,
צו יענעם שטראָם, ווו אייביק קאָן עס גיין.
געקומען איז די רעגע שוין אליין,
ווען דו פארגעסט, אז דו ביסט דאָ דערנעבן,
און ווייסט ניט, ווי סע ווייסט אויך ניט דער שוואַן,
ווי שיין עס איז זײַן לעצטע ליד פון לידער,
געקומען איז די לעצטע רעגע דאַן,
ווען מיטאַמאָל שטייט אוף אין דיר דער מאַן,
ווען, דוכט, באַוואָפנט ווערן אלע גלידער
און אויסגעמאָסטן ביז דעם לעצטן הויך:
אָט איצט ער דאַרף נאָר לאָזן רויך און רויך,
נאָר פינצטערניש — א כמאַרע נאָך א כמאַרע,
קעדיי דעם שווערסטן כוישעך אָפּצונאַרן —
דעם נאַצי, זאָל ער מיינען דאָרט, אין הויך,
אז אלץ איז דאָ אוועק שוין מיטן רויך;
און אָט דער רויך, וואָס נעפּלט אלע קלאָרן,
איז איצט די גאַנצע ליכט, איר פולער גנאָד.
און שטילער איז ווי עפּעס שוין געוואָרן,
צונויפגעבונדן איז צוריק די קייט,
די באַרזשע מיט דער שיף — צונויפגענייט,
און ס'ציט זיך נאָך די קייט פון זײַנע יאָרן.

נאָר ווען ער האָט דערפירט זײַן לאַסט צום פּאָרט,
האָט אלץ זיך דאָרט געדרירט שוין פונעם אָרט,
איין הרודע ברוך איז שוין געווען דער האַפן.
ניטאָ איז מער קיין האַפן־רו, קיין צעלט,

ס'איז דאָ איין ברעג, און דאָ איז זי, די וועלט,
ס'איז דאָ זײַן לײַב, און אָט דעם לײַב נאָר פעלט
איין קלייד, און אָט דאָס קלייד זאָל זײַן נאָר וואפן.
און אָט איז ער באגארטלט, אָנגעטאָן
אײַנגאַנצן אין זעניטקעס, און דורך רערן
נאָר קאָן ער איצט שוין זען די זון און שטערן.

עס קומט די נאכט, דער הימל איז איין קאָך,
אין קעסטעלעך ראקעטעס אים צעווירען.
גוירא̇לעס שפּילן דאָרטן שוין א שאָך
און ווילן אָט דעם קאָן ביז סאָף דערפירן,
ביז טויט, צי לעבן, האָפענונג, צי בראָך,
נאָר אָף דער ערד דער גוירל נעמט זיך ווײַזן
שוין אנדערש: ס'פאלן לעמפּלעך, דוכט, אראָפּ
און הייבן אָן ארום דײַן יונגן קאָפּ
פארשליסן זיך אין זייער שטילע קרײַזן,
און ענגער אלץ ווערט זייער קרײַז, נו, ביז
דײַן זעל, און זייער ליכט איז ניט צום גוטן,
זיי ווילן, דוכט זיך, אָנפילן מיט בלוטן,
ווי נאָר ס'וועט טאָן א באָמבע זיך א ריס,
און דו — דו ווייס נאָר דײַנס, דו ציל און שיס.

נאָר ס'טרעפן זעלטן פרידלעכע מינוטן,
ווען פּרוווסט פארגעסן, דוכט, אין אָט דער קריג,
דו ביסט א קינד, די וואָלגע איז דײַן וויג,
דו ביסט א קינד, די וואָלגע איז דײַן ניגן,
מיט איר די וועלדער, לאָנקעס, בערג זיך וויגן,
דו — אויך, דו — אויך...
א הוידע האָט געטאָן
דער ברעג זיך אונטער אים, אָף אים — די זון,
און איינס דעם צווייטן פליִען זיך אנטקעגן,
און ס'קרייצן זיך אין אים שוין זייערע וועגן,
און אויסגעמישט אין אים שוין אלצדינג ווערט.
און אונטער אים איז זון, און אויבן — ערד;
אים שרעקט: אויב אָט די ערד א פאל טאָן וועט פונויבן,
זי קאָן די זון פארשיטן דאָך מיט שטויבן,
וואָס וועט דאן זײַן?..

נאָר אלץ איז שוין געווען,
און וואָס געווען, דאָס קאָן ער שוין ניט זען,
ווײַל ס'האָט א גרוב די באָמבע אויסגעגראָבן
און באלד צוריק פארשאָטן אָט די גרוב.
און פלוצעם האָט ער, איגאָר, ווי דערשפּירט,
ווי עמעצער הייבט אָן אים אָנצושטאָפּן,
מע שטאָפּט אים אָן מיט ערד; מע שטאָפּט, מע שטאָפּט
מע שטאָפּט אים אָן דאָס מויל, דאָס הארץ, דעם קאָפּ,
מע שטאָפּט אים אָן מיט ערד איידן אייוועך,
ווי ער וואָלט פאר דער ערד גאָר זײַן א קיוועך.
ער לעכצט, כאָטש איין שפּארונקעלע זאָל זײַן
פאר אָטעמען, פאר טרינקען און פאר שײַן.
ווען ס'בויערט כאָטש איין טראָפּן דורך דעם גרונט,
ער וואָלט געוויס געוואָרן דאן געזונט...
און אָט בייגט אָן צו אים זיך וואָלגע־מוטער,
ער זעט, ער הערט, זי בעט אים: „טרינק, מײַן גוטער",
זי שטרעקט אים אויס א פלעשעלע מיט טוי
און הערט ניט אוף אים אָנטרינקען אזוי,

און קילער ווערט אים, קילער אַלץ און קילער,
און זײַן פאַרכליאַנעט פּנים אויך שוין טריפט
אַזוי, אַז אין דעם גרונט עס איז אַרײַן שוין טיף,
און וואָס מער וואַסער, שטראָמט זײַן האַרץ אַלץ שטילער,
עס שטראָמט די גאַנצע וואָלגע שוין דורך אים...

און איצטער איז ער עפּשער שוין איר שטים,
און איצטער איז ער עפּשער שוין איר דעק,
און איצטער איז ער עפּשער שוין איר ברעג,
און ס׳קומען אָן אַף אים די פרידן־יאָרן.
ווער ווייסט, ווו ס׳האָט פאַרשאָטן אים די ערד,
נאָר ס׳פּאַשען ווידער פּאַסטעכלעך די פערד,
אַף ליסקעלעך פון פיש בליצט דער באַגינען,
מע פירט אַף וואָגנס גינגאָלדענע דיניעס,
און ווידער פונעם ברעג, ווי פון אַ באַרג,
דאָ לאָזן זיך אַראָפּ די יונגע מאַמעס
מיט ברויזעלעך און פלעשעלעך אין הענט,
און ס׳שמעקט פון זיי מיט פרוכטיקײַט פון טאַמעז.
און ס׳שמעקט פון זיי מיט פרוכטיקײַט פון סטעפּ.

אָפּט כ׳זיץ אַף וואָלגע־ברעג, אין טרוים פאַרוועבט,
און האַלט זיך מיט דער וואָלגע ווי אַ יישעוו.
איך קוק, ווי ער, אַף איר מיט מײַן געמיט
אַהין, צום שטראָם, וואָס איז איר סאַמע מיט,
אַהין, ווו זי איז שטאַרקער פון אַ קישעף,
און זע, די וואָלגע אָטעמט אויס אַ הויך,
ס׳איז ניט קיין בלאָווע מאַרע, ניט קיין רויך,
נאָר ווי עס וואָלט די בלויקײַט פון אַרומען,
פון דאָרעמדיקע בערג, פון מאָרגן־פעלד,
די גאַנצע בלוי, וואָס ווינט אין רוסלאַנדס וועלט,
זיך פּלוצעם אָט אַהער צונויפגעקומען
און אויסגעוואַשן זיך אין וואָלגעס וועל
און ליבלעך זיך געגעבן אַ צעהעל
מיט שטראַלן־האָר, מיט גאָלד־אויגן פון טויען —
דאָס איז דאָך מוטער־וואָלגע אונטער זון,
און ס׳דוכט: זי הערט ניט אויף ביז הײַנט צו פויען
איר אייגאָרן פון פלעשעלע, איר זון,
און כוואַליעס אירע גייען, ווי די קריגער,
ווי כאַיל פון דעם ריינעם, יונגן איגאָר.
גיי, טײַערע, מיט אים, און וואַש די וועלט
פון קויטיקן, פון בלוטיקן, פון וויסטן,
וואַש אָפּ פון מענטש דאָס קליינלעכע, ווי מיסטן,
גיב אויך מיר פון דײַן פלעשעלע אַ טרונק,
גיי, וואָלגע, דורך אינגאַנצן מײַן נעשאָמע,
פאַרברידער מיך מיט איגאָרן, דײַן יונג,
איך וויל, זאָלסט אויך דורך האַרץ מיר אייביק שטראָמען,
און האַלט מיך אויך פאַר דײַנס אַן אייגן קינד.

און ס׳קושט איר וועל די ליפּן מײַנע לינד,
זי האָט מיך אויך פאַרעכנט פאַר איר ווען, —
ווי אַנדערש וואָלט זי איצט אין מיר געשפּילט,
ווי אַנדערש וואָלט זי יעדער ווּנד געקילט,
ווי וואָלט זי וואָלגע־מוטערל געווען?



יויסעף ראבין





# באוועלע געפּעצן

יוגנט מייַנע, פון קיינעם ניט געשאַנעוועטע, פון קיינעם ניט געכאַוועטע, גוטע יוגנט מייַנע פון ווילנער קאַמיוג. קומסט אין געסט צו מיר זעלטן־זעלטן ווען, נאָר קומסטו יאָ אַמאָל — ווי די מאַמע וואָלט מייַן שוועל אריבער, באַקוקסט מיך, באַטראַכסט מייַנע גראָווע שיטער געוואָרענע האָר, שמייכלסט צו מייַן אייניקל אין וויגל. איך זע: דו וווּנדערסט זיך... דער ווילנער קאַמיוג איז שוין א זיידע!

יוגנט מייַנע, איך וויל דיך ניט פאַרשענערן, איך וויל דיך ניט פאַרפייַנערן, איך וויל דיך נאָר באַוווּנדערן. איך פאַרגיב דיר אַלע דייַנע שוואַכקייַטן, פאַרגיב דו מיר מייַן עלטער, יוגנט מייַנע.

א ו ט אָ ר.

1

— איי! איי!

— היט זיך!

דאָס געשריי טראָגט זיך באַרג־אַראָפּ. פון ביידע זייַטן זייַנען די הייַזער און הויפן ארומגעצאַמט מיט הויכע פאַרקענעס. און צווישן די פאַרקענעס לויפן די שליטעלעך אַראָפּ, אַראָפּ און פליִען ארויס מיט רויש אף דער גאַס.

— היט זיך!

— איי! איי!

א גאַנצע נאַכט איז אף דער טרוקענער, צוגעפראָרענער ערד געפאַלן א שניי. פאַרטאָג, ארויסקוקנדיק דורך די פענצטער אף דער גאַס, האָבן מענטשן אומצופרידן געזאָגט:

— צי ווילסטו יאָ, צי ווילסטו ניט. דער ווינטער האָט זיך אפּסניי געשטעלט... מאַרט כוידעש... נאָך פורים...

די ייִנגלעך, באַ וועמען מע פרעגט געוויס ניט, צי ווילן זיי יאָ, צי ווילן זיי ניט, האָבן אופגענומען דעם באַנייַטן ווינטער מיט שליטעלען זיך. עמעסע שליטעלעך זייַנען דאָ ווינציק, גאָר ווינציק. מערסטנטייל פאָרט מען אף ברעטלעך און שייַטן האָלץ. נאָר דער טומל איז סײַווי גרויס. ווער עס פליט מיט האַסט אַראָפּ, שרייַט, לאַכט, קוויטשעט. ווער עס שלעפּט זיך לאַנגזאַם ארוף, רייַבט זיך די אויערן און וואַרעמט די רויטע הענט. פּלוצעם איז שטיל געוואָרן. די שליטעלעך זייַנען נאָך געפלויגן צו דער גאַס, נאָר שוין אָן רויש און אָן פרייד. שטילערהייט האָט מען זיך דערנאָך געשלעפּט אף ארוף, און איינער האָט איבערגעגעבן דעם אנדערן:

— מיכקע... מיכקע קאַראַפּוז.

מיכקע קאַראַפוז, אַ ייִנגל פון אַ יאָר פופצן, אַ שוואַרצער, אַ פאַרוואַקסענער, אַ וווּקסיקער און אַ דאַרביינערדיקער, מיט אַ בלויז הונגעריק פּנים, איז געשטאַנען אינמיטן בערגל און מיט בייזע אויגן אָנגעקוקט די כוואַרע מיט די שליטעלעך. אָנשטאָט שיך זײַנען מיכקעס פֿיס געווען אַרומגעוויקלט מיט פּאַסן פון אַן אַלטער וואָרעמער קאָלדרע, אַרײַנגעטאָן אין טיפֿע אָפּגעטראָגענע קאַלאָשן און אַרומגעבונדן מיט שטריקלעך. די הויזן זײַנען אויף אים געווען לײַכטע, אָנגעטאָן איז ער געווען אין דעם טאַטנס צוויי אַלטע רעקלעך, איינס אויפֿן אַנדערן. דער שוואַרצער האַלדז איז בײַ אים געווען אַרומגעוויקלט מיט אַ פּאַס פון דער זעלבער וואַטאָווער קאָלדרע, וואָס אויף די פֿיס.

דער צונעמעניש „קאַראַפוז" איז אים פֿאַרבליבן פון פֿאַר דער מלחמה. דעמאָלט איז דער טאַטע זײַנער, גערשן דער שטעפּער, נאָך ניט געווען קיין סאָלדאַט, ניט מלחמה געהאַלטן, נאָר געאַרבעט בײַ שטיינבערגן אין דער שטעפּערײַ, און מיכקע, וואָס האָט ליב געהאַט שטענדיק עפּעס קײַען, איז אַרומגעגאַנגען מיט אָנגעפּרעסענע בעקלעך, ווי פּאַמפּעשקעס. דער צונעמעניש „קאַראַפוז" פּאַסט אים איצט שוין אינגאַנצן ניט, כאָטש אַלע רופֿן אים אַזוי ביז הײַנט, אויפֿן פֿערטן יאָר מלחמה, ווען די דײַטשן האָבן אַלץ אַרויסגעפֿירט און די שטאָט איז אין נויט, ווען דער טאַטע איז אין די אָקאָפּעס אָדער אין געפֿאַנגענשאַפֿט און מיכקע איז דער שפּײַזער פון אַ מישפּחה. איצט איז ער שטענדיק בייז און פֿאַרצאָרנט. ער וועט זיך ניט אָפּשטעלן פון זיך וואָרפֿן שלאָגן און אַפֿילו וואָרגן, אויב מע קאָן בײַ עמעצן אַרויסרײַסן אַ ביסן ברויט. אָט שטייט ער אַ בלויער, ווי אַ מילך, און באַטראַכט די ייִנגלעך. די ייִנגלעך ווייסן, נאָך וואָס ער איז געקומען: פּאָדערן קאָנטריבוציע. ניט ערגער פון די עלטערע ווייסן די ייִנגלעך די שפּראַך פון מלחמה: קאָנטריבוציע, רעקוויזיציע, ספּעקוליאַציע, צוואַנג־אַרבעט, ערזאַץ...

מיכקע לאָזט די אויגן ניט אַראָפּ פון די ייִנגלעך און דעריקער פון זייערע קעשענעס. בײַ אייניקע זײַנען די קעשענעס פֿולע, אָנגעשטאָפּטע... דאָרט ליגט געוויס אַ געבאַקטע קאַרטאָפֿל, אַ פּענעצל ברויט אָדער גאָר געקאָכטע באָב...

ביידע צדדים שווײַגן. די ייִנגלעך טראַכטן זיך, אַז סאָפּקאָלסאָף קאָן מען מיכקען דערלאַנגען אין די דאַרע ביינער, ער זאָל קלײַבן די ציינער. דער ערשטער אָבער זיך מיט אים פֿאַרטשעפּען וויל קיינער ניט. די ייִנגלעך מיט די שליטעלעך אָדער ברעטלעך און שײַטן האָלץ זעען אויס ניט קיין סאַך שענער פון מיכקען. בכלל האָט די גאַנצע שטאָט אַן אויסזען פון אַ שפּיטאָל, וואָס אירע אײַנוווינער זײַנען אָט ערשט אַראָפּ פון קראַנקן בעט אָדער זײַנען חלאָים, וואָס דאַרפֿן זיך טייקעף לייגן צו בעט. צעקנייטשטע, פֿאַרוואַקסענע, מיט הילצערנע זוילן אויף גרויסע לײַוונטענע שיך, מיט הונגער אין די אײַנגעפֿאַלענע אויגן און שוואַכקײַט אין די גלידער. אַ סאַך זײַנען אומגעקומען אויף צוואַנג־אַרבעט אין די פֿינסקער בלאָטעס, און אויב עמעצער קומט פון דאָרט צוריק — איז ער געשוואָלן און שטאַרבט, וועקפֿאַלנדיק אויף די גאַסן פון זײַן היימשטאָט.

מיכקע ווייסט, אַז די ייִנגלעך, וואָס שליטלען זיך אויפֿן בערגל, זײַנען „פּאַרדינער". זעלטן ווער עס גייט איצט אין חדר, אין שול, לערנט אַ מלאָכה. אַלע ווילן זיך ראַטעווען פון הונגער. ווער עס פֿאַרקויפֿט צײַטונגען, ווער עס שטייט פֿאַר עמעצן אַ האַלבע נאַכט אין ריי נאָך ברויט, ווער עס שלעפּט אַ קויש קאַרטאָפֿל פֿאַר אַ באַלעבאָסטע. כוואַרע לויפֿן אַרום בײַם וואָקזאַל און רופֿן דײַטשישע אָפֿיצערן און סאָלדאַטן אין קאַפֿעען, אין ביר־הײַזער, צו פֿרויען. און אַז באַטאָג זײַנען די געשעפֿטן שלעכטע, ברעכט מען באַנאַכט פֿרעמדע פֿאַרקענעס און מע פֿאַרקויפֿט האָלץ. מיט לאַנגע שטעקנס, אָנגעקלאַפּט מיט טשוועקעס, שלעפּט מען דורך די פֿענצטערלעך פון די קעלער־סקלאַדן קאַרטאָפֿל.

„אַזויפֿיל פּאַרדינערס! — טראַכט מיכקע. — כאָטש אַ קעזײַעס ברויט, אַ קאַרטאָפֿל, אַ סיגאַרעטל..." נאָר אָט דערהערט זיך פון קליין־סטעפּאַן־גאַס אַ געזאַנג:

פֿליגעלע, מיגעלע, האָפּטשיק־טשאַק, רויטע פּאָמעראַנצן,
אַז דער טאַטע שלאָגט די מאַמען — גייען קינדער טאַנצן.

אויפֿן בערגל באַווײַזט זיך סימכע זעלמין מיט אַ גרויסן בערעזע־שײַט אויפֿן אַקסל, ער גיט דעם שײַט אַ שלײַדער אין שניי, שפּײַט אויס, גיט אַ פֿײַף און זאָגט:

— אוי וואָלט איך, קינדער, איצט פֿאַררייכערט, ווען עמעצער פון אײַך האָט אַ פּאַפּיראָס. עטלעכע העגט דערלאַנגען אים דײַטשישע סיגאַרעטלעך.

— קינדער, איר ווייסט... הײַנט איז אַ כאַסענע.

סימכע זעלמינען איז אויך פופצן יאָר. אַ וווּקסיקער, אַ דאַרער, אַ בלאָנדער, אַ העל־בלאָנדער, ווי געוואַשענער זאַמד בײַם ברעג ים. אויף די פֿיס טראָגט ער שווערע דײַטשישע שיך מיט אָפּגעריבענע בלישטשענדיקע טשוועקעס אויף די זוילן. דער זויל פון לינקן שוך איז אָפּגעריסן און צוגעבונדן מיט אַ רימען, סײַווי פּלאָנטערט זיך דער זויל און קלאַפּט אָן דער ערד אַזוי, אַז גייענדיק פֿאַרהייבט סימכע הויך דעם לינקן פֿוס. אָנגעטאָן איז ער אין דער מאַמעס אַן אַלטן קע־

צענעם בורנעס אָן ארבל. אפן קאָפּ טראָגט ער אווינטער־היטל, נאָר די פּעל איז אינגאנצן אויס־געקראָכן און זעט דעריבער אויס ווי פארזשאווערט בלעך.

סימכע איז מיט אַלעמען א גוטערברודער. ער בעט בא קיינעם גאָרניט, נאָר אים איז מען דאפקע מעכאבעד, און מיט גרויס כיישעק. אמאָל, ווען ער איז שוין שטארק הונגעריק, זאָגט ער:

— עך, קינדער, וואָלט איך איצט געגעסן א געבאקטע קארטאָפל אָן פּעפער, אָן זאַלץ, אָן צימערינג, אָן שמאַלץ.

סימכע פארציט איצט טיף דאָס סיגארעטל און זאָגט צו די כעוורע:

— וואָס שטייט איר עפּעס ווי ליימענע געצן?

די ייִנגלעך גיבן א וווּנק אין מיכקעס זײַט.

— איז וואָס איז דאָ לאַנג צו בריַיען... — שרײַט סימכע אויס, — גיט אים א סבענק אין דעם שנוק אריַין...

אַלע באמערקן, ווי בא מיכקען האָבן א צוק געטאָן די אקסלען. און אָן שום רייד נעמט ער זיך לאַנגזאַם דערנענטערן צו סימכען. זעלמין פארשטייט, אז אָן א געשלעג וועט מען דאָ ניט אויסקומען, און ער גייט מיכקען אנטקעגן. זיי בלײַבן שטיין איינער קעגן אנדערן, סימכע רײַ־כערט זײַן סיגארעטל גיך־גיך, ער וויל עס באוויַיזן אויסרייכערן. א שאָד צו ווארפן. ער מוז אָבער א שלײַדער טאָן דאָס האלבע סיגארעטל צו די ייִנגלעך: כאפּט! און אין א רעגע ארום ליגן מיכקע מיט סימכען אין שניי, וואַלגערן זיך איינער אפן אנדערן, שלאָגן זיך מיט די פויסטן און דראפּען זיך מיט די נעגל. כעוורע צענעמט זיי. ביידע שטייען אוף, און ווידער אָן איין וואָרט גייט יעדער צוריק אף זײַן ארט. מיכקע טאפּט זיך די צעבלוטיקטע נאָז, סימכע — דעם צעבלו־טיקטן אויער. סימכע וויל אָבער וויַיזן, אז אים ארט גאָר ניט, וואָס דער אויער איז צעדראפּעט. פאררייכערט ער א סיגארעטל און שרײַט אויס:

— היַינט איז די כאסענע. מע זאָגט, אז מע וועט טיילן...

און איידער ער זאָגט נאָך, וואָס מע וועט טיילן, דערזעט ער דעם טאטן. דאָס סיגארעטל פאַלט אראָפּ אף דער ערד.

סימכעס טאטע — מיט א קליין ציגן בערדל, אין א הארטן קאפּעליוש, אין א לײַכטן מאנטל און אָפּגעטראָגענע שיך — האָט מיט רוגזע אָנגעקוקט זײַן זון, זײַן טאכשיט. דער טאטע איז פון שטענדיק אָן א שוויַיגער, אריַינגעטאָן אין זײַנע אייגענע גדאנקען, און קיינער אין שטוב ווייסט ניט, וועגן וואָס טראכט ער עס אזויפיל. זינט דער טאטע מוז אלפּי נויט טראָגן אינדערוואָכן זײַן שאבעסדיקן קאפּעליוש, וויַיל דאָס וואָכעדיקע היטל איז אינגאנצן צעריסן, איז ער געוואָרן אויך א שטרענגער און א בייזער. ער קוקט שוין היַינט לאַנג ארויס אפן טאכשיט, ער דארף זיך מיט אים אָפּרעכענען. באנאכט איז סימכע געשטאנען נאָך קארטאָפל אין ריי, געקומען אהיים איז ער מיט א ליידיקן זאק. מיט א מענטשן צוויי פאר אים האָט מען אופגעהערט ארויסגעבן קארטאָפל, און וויפל דער אוילעם האָט ניט געטומלט און זיך געזידלט — האָט גאָרניט געהאָלפן. דער־פאר, וואָס סימכע האָט ניט געבראכט קיין קארטאָפל, וועט זיך דער טאטע מיט אים דורכשמועסן. די גרעסטע שטראָף פאר די קינדער איז, ווען דער טאטע דער שוויַיגער נעמט ריידן. ער רעדט געלאסן, איַילט זיך ניט, נאָר ער טרעפט אַלץ אין פּינטעלע אריַין. קיינער האָט אים גאָרניט געזאָגט, און ער שטויסט זיך אָן, ווו מע איז געווען, וואָס מע האָט געטאָן, וואָס מע האָט געטראכט, וועמען מע האָט אָפּגענארט און וועמען מע וויל נאָך אָפּנארן. ער רעכנט אויס אַלע כאטאָים, און די קינדער שטייען מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן פאר בושע און כארפע. א גאנצן טאָג זוכט סימכע מיט וואָס צו פארגיטיקן דעם טאטן. אים האָט זיך איַינגעגעבן געפינען א שײַט האָלץ, אין שטוב איז ניט געהייצט.

— טאטע, אָט זע... — סימכע האָט אופגעהויבן דעם שײַט, — אף איין מאָל אויסהייצן וועט קלעקן? קוים דערשלעפּט.

דער טאטע ווערט טאקע א ביסל ווייכער.

— ס'איז דיַינס?

— מיַינס.

סימכעס טאטע, ווי א סאך אזוינע ווי ער, פילן זיך אין דער גאס דערפראָרן פון א קליין פרעסטל, אויב אין שטוב בא זיי איז ניט געהייצט. פארקערט, אפילע א גרויסער פראָסט נעמט אים ניט, ווען ער ווייסט, אז אין שטוב איז וואַרעם און געמיטלעך. אויך איצט איז אים ווארעמער געוואָרן.

— ווו האָסטו עס באקומען?

— געפונען, צווישן טישקעוויטשעס וועטקע און די אַלטע באָסיאקעס. איך גיי אזוי... איך זע... אין שניי ליגט א שײַט האָלץ, טראכט איך... און ווייסט נאָך, טאטע, היַינט איז די כאסענע... מע וועט געבן קארטאָפל און האָלץ... היַינט...

דער טאַטע ענטפֿערט מער גאָרניט. ער גלײַכט זיך אויס, ווי ער וואָלט גאָר פֿאַרגעסן, אַז ער גייט אין אַ זומער־מאַנטל און אים איז קאַלט, ער זעט גאָר פֿאַר זיך אַן אויסגעהייצטן אויוון, אַ פּולן מיט זשאַר, די קאַכלקעס ברענען, אַז מען קאָן זיך צו זיי ניט צורירן...

2

הײַנט איז די כאַסענע.

אין ווילנע, אַף דער ברייטער גאַס, אין זאַלקינדס וואַרשטאַט אַרבעט פֿון נאָכן פֿינפֿטן יאָר אַן אַ מענער־שנײַדער מיטן נאָמען זיאַמע ראַמעס. דער דאָזיקער ראַמעס האָט גאָלדענע הענט צו דער מעלאָכע, זײַנער אַ סורדוט אָדער אַ ראָק האָט אַ שעם אין דער שטאָט. כאַוויירים שנײַדער זײַנען אים שטענדיק מעקאַנע געווען. זיאַמע אַליין אָבער איז פֿון דער יוגנט אָן מעקאַנע אַנדערע. דאָס הייסט ניט, אַז ער האַלט ניט פֿון זיך. פֿאַרקערט: ער האַלט צופֿיל. ער איז אַ שטילינקער, וואָס וויל גראָבן טיף. רעדט גלאָסן מיט שמאָלע מיידלשע ליפּן און קוקט דערבײַ אַרײַן אין יענעם מיט גרויע, דוכט זיך גאָרניט זאָגנדיקע אויגן. יעדעס וואָרט זײַנס איז גלײַך מיט גאָלד און בריליאַנטן, און דאָך קאָן מען קיינמאָל ניט וויסן, צי מיינט ער טאַקע שוואַרץ, ווען ער זאָגט שוואַרץ, צי מיינט ער גאָר ווײַס... כאַווײרים זאָגן וועגן אים: ער זיצט אויס אַ געדאַנק, ווי אַ הון אַן איי. דערצו גלייבט ער קיינעם ניט, טרויט קיינעם ניט אָן. ער האָט זײַן אייגענע פֿילאָסאָפֿיע, וואָס באַשטייט אין גרונט פֿון פֿאָלגנדיקע איבערצײַגונגען:

— טו ניט קיין טויווע, וועט מען דיר ניט אָפּטאָן קיין ראָע.

— ווײַטער פֿון מענטשן — ווײַטער פֿון צאָרעס.

— אַ סוינע איז אַ געוועזענער גוטערפֿרײַנט.

ביז איצט איז ער נאָך אַלץ אַ באָכער פֿון ווײַט אַריבער דרײַסיק און ציטערט, מע זאָל אים ניט אָפּנאַרן — ער זאָל ניט כאַסענע האָבן פֿאַר אַ מיידל, וואָס האָט ווינציקער די ווערט פֿון אים.

פֿון דער יוגנט אָן, ווי געזאָגט, איז ער מעקאַנע אַנדערע, באַזונדערס צוויי כאַווײרים — ביידע שנײַדער. איינעם רופֿט מען נאָכעם ראָפֿע, ניט קיין גרויסער מײַסטער אין זײַן פֿאַך, דערפֿאַר אָבער קען ער איבערדערציילן געטוי, וועגן וואָס ער לייענט אין אַ בוך. זיאַמע קען אַפֿילע אַ וואָרט ניט איבערדערציילן, כאָטש ער אַליין שרײַבט עפּעס אין דער שטיל. דעם צווייטן רופֿט מען מאַקס גאָדיען, אַ דאַמען־שנײַדער, אַ מיטלמעסיקער באַלמעלאָכע און נאָך אַ פּוילער דערצו, דערפֿאַר אָבער אַ שיינער, מיידלעך לויפֿן אים נאָך. דאַמעס האַלטן מאַקסן פֿאַר אַ פּוסטן באָכער, נאָר דאָס מאַזל שפּילט אים... גימנאַזיסטקעס טרעטן פֿון אים ניט אָפּ. אַף אים, זיאַמע ראַמעסן, קוקן אַרויס נייטערקעס, זאָקנמאַכערקעס, גאַלאַנטערײשטשיצעס...

אָנהייב מילכאָמע איז נאָכעם ראָפֿע אוועקגעפֿאָרן אַרבעטן קיין אָדעס. זיאַמע איז פֿאַרבליבן אין וואַרשטאַט באַ זאַלקינדן, און מאַקס גאָדיען איז, מיטן אָנקומען פֿון די דײַטשן, געוואָרן אַ מיסכער־מענטש, געפּוגען כיין באַ דער נײַער מאַכט, געפֿירט גרויסע געשעפֿטן, געלאָזט אַ שטאָט אַן ברויט און געוואָרן אַ מיליאָנער. הײַנט האָט ער כאַסענע.

פֿון זײַנע אַלטע באַקאַנטע קומט צו אים אַרײַן נאָר איין זיאַמע ראַמעס. וויפֿל מע זאָל פֿאַר זיאַמען ניט שטעלן קיין קיבעד, רירט ער זיך צו קיין זאַך ניט צו. באַ אַ ספּעקוליאַנט עסט ער ניט פּרינציפּיעל. ער באַטראַכט די גרויסע דירע מיט דער שיינער אויסשטאַטונג און זאָגט צו מאַקסן:

— אָט אין אַזאַ פּאַלאַץ, מיט אַזאַ מעבל, ווען עס וואָלט געלעבט אַ מענטש, זאָל זײַן אַפֿילע אַ דאַמען־שנײַדער, נאָר אַ מענטש...

— עפּעס רעדסטו גאָר ניט אַזוי פֿאַרשטעלט, ווי אַלעמאָל... אָן דיפּלאָמאַטיע...

— מיט ספּעקוליאַנטן רעד איך אָפֿענע רייד.

— ביסט אַ נאַר, זיאַמע... עמעצער מוז דאָך זײַן אַ גוויר. פֿאַרוואָס קומט עס שטענדיק די רײַכע? הײַנטיקס מאָל מעג דער גוויר זײַן אַ געוועזענער קאַפּצן. מילכאָמע־צײַט איז אַלץ קאַפּויר.

— צוליב דיר הונגערט אַ שטאָט.

— און אַז זי וואָלט געהונגערט צוליב אַן אַנדערן — וואָלט געווען בעסער? איך באַגיי זיך מיט כעסעד. און סײַווי, זיאַמע, אין רוסלאַנד האָבן פֿאַרכאַפּט די מאַכט די באָלשעוויקעס... צײַט איז געבליבן ווייניק... וויל איך נאָך אַ ביסל האַנאָע האָבן, זיאַמע, פֿאָלג מיך, קלײַב אויס. די בעסטע מאַטאָנע וועל איך דיר געבן.

זיאַמע שטעלט זיך אויף און נעמט פֿאַמעלעכקעס פֿאַרשפּיליען די קנעפּלעך פֿון זײַן רעקל, ער קרימט אויס די שמאָלע מיידלשע ליפּן, פֿאַרכמורעט די גרויסע ברעמען און זאָגט:

— איך זאָל וועלן אַ שפּײַ טאָן, איז גאָר ניטאָ וווהין, אומעטום גלאַנצט. — און גייט אוועק. מאַקס וויל אים פֿאַרגיטיקן און זאָגט:

— ווּעסט האָבן געלט — ווּעסטו אַרויסגעבן אַ בוך. דו מיינסט, מע ווייסט ניט, אַז דו שרײַבסט...

זיאַמע איז שוין אָבער פון יענער זײַט טיר.

ווי אַלע אופגעקומענע גווירים, האָט מאַקס געזוכט אַריסטאָקראַטישן ייִכעס. מעגלעכקײַטן זײַנען איצט געווען אַ סאַך. פיל פון די אַריסטאָקראַטישע מישפּאָכעס זײַנען מילכאָמע־צײַט שטאַרק געפאַלן, אַפילע געהונגערט. און אָט הײַנט איז זײַן כאַסענע מיט אַ יונג, שיין מיידל פון אַ פּאַראַרעמטער ייִכעסדיקער מישפּאָכע. די סימכע קומט פאָר אין גאַדיענס גרויסאַרטיקער דירע אף גרויס־פּאָהוליאַנקע. דורך דער פּאַראַד־טיר קלײַבן זיך געהויבענע געסט. אין הויף קלײַבן זיך אָרעמעלײַט, געפאַלענע באַלעבאַטים, ייִנגלעך און מיידלעך. דאָ האָבן אַלע אין איין קאָל געטײַנעט: לעקאָוועד דער כאַסענע וועט מען צעטיילן אַ וואַגאָן האָלץ און אַ וואַגאָן קאַר־טאָפל. אַ סאַך זײַנען אַהער געקומען מיט שליטעלעך, מיט זעק, מיט שטריק.

עס האָט געכאַפּט אַ קליין פרעסטל, און אין דער לופט האָט שוין געשמעקט מיט פרילינג. אָט שוועבט דער פרילינג אַרום איבערן דאַך און ציט זיך צו דער לעוואַנע, וואָס איז יאַמטעווודיק און נײַ. אָט פאַלט ער צו מיט לײַכטע נאָך פאַרקילטע פינגער און נעמט גלעטן באַ יונגע מייד־לעך די באַקן. ער רופט ערגעץ, ער מינטערט, גיט האָפענונגען... נאָך אַ וואָך, נאָך אַ וואָך... און פייסעך.

דער מאַסיווער טשוהונענער טויער שטייט אָפן. דער גראַמער פאַרשנייטער הויף איז פון אַלע זײַטן באַלויכטן מיט פענצטער פון אַלע גאָרן. דער הויף ווערט פון מינוט צו מינוט אַלץ פולער און זעט אויס, ווי אַ טומלדיקער מאַרק, ווו מענטשן זײַנען געקומען אַרויסשטעלן פאַר דער וועלט זייער אָרעמקײַט, הונגער און דערשלאָגנקײַט. זייערע קליידער זײַנען אין לאַטעס, די שיך צעריסן און אויסגעקרימט. די הענט קימאַט באַ אַלעמען רויטע, מיט שוואַרצע פלעקן פון אַרבעט און בלויע פון ווונדן.

דורכן אָפענעם טויער האָבן די ייִנגלעך געגעבן צו וויסן:

— זאַלקינד! דער אַלטער זאַלקינד איז געקומען.

און אין הויף האָט מען אף דעם באַלד געענטפערט:

— אַליין זאַלקינד! צו וועמען? צו זײַנעם אַ שנײַדערל. סאַראַ קויעך דאָס געלטעלע האָט, באַגראָבן זאָל עס ווערן!

— דער שניפּישקער ראָוו! — שרײַען די ייִנגלעך.

און דער הויף ענטפערט:

— דער כאָסן איז דאָך געווען אַ מיטגליד פון פּראָפאַריין... אַפילע געשטרײַקט... און דער שניפּישקער איז אַ גאַסט באַ אים. די רעבעצן איז ניט געקומען?

— דאָקטער קאָוואַרסקי.

— דאָקטער פרומקין, — שרײַען די ייִנגלעך.

— די קאַלע איז פון גרויס ייִכעס. עס וועלן קומען נאָך דאָקטוירים. — דערקלערט מען אין הויף.

עס ווערט פריילעכער. אַזעלכע אָנגעלייגטע געסט קומען. וועט מען דאָך געוויס טיילן האָלץ און קאַרטאָפל. און אַזוי ווי עס איז ערעוו פייסעך, מיינען אַנדערע, אַז דער כאָסן קאָן נאָך געבן קוויטלעך אף אומזיסטער מאַצע, אַפילע אף מאַצע־מעל אויך... וואָרעם ווען האָט אַ מיליאָנער כאַ־סענע? פאַר דער גאַנצער מילכאָמע דאָס ערשטע מאָל. און אַלעמען ווערט דאָ לײַכטער אפן האַרצן. יעדערער טרוימט, אַז מאָרגן וועט מען פאַר די מישפּאָכעס קאָכן קאַרטאָפל־זופּ און פון דער שאָלעכץ וועט מען מאַכן טייגעכץ. מע כאַפּט זיך, אַז אומזיסט שטייט מען, מע קאָן גאַנץ רויק זיך צוזעצן. און דער אוילעם זעצט זיך אויס, ווער אף אַ שליטעלע, ווער אף אַ קויש, ווער אף אַ שטיין אָדער אף אַ טרעפּל.

— מע זאָגט, — רופט זיך אָן אַ פרוי, שוואַרץ, ווי אַ קויל, און קליין, ווי אַן אַרבעסל, — מע זאָגט... אַזוי זאָגט מען... אַז ער, דער כאָסן, האָט געוואָלט אָפּקומען נאָר מיט קאַרטאָפל... אַזוי זאָגט מען... אָבער זי, די קאַלע, אַ גאָלדן האַרץ, איז באַשטאַנען אויך אף האָלץ.

— וויבאַלד מע זאָגט שוין יאָ, — רופט זיך אָפּ אַ צווייטע פרוי, באַ וועלכער עס איז פאַר־בונדן מיט אַ רויט מאַנצבלש טיכל די ציין, — וועל איך אײַך זאָגן. ער וואָלט קיין קאַרטאָפל אויך ניט געגעבן. אַלץ זי. אַן אידל קינד. אַליין געהונגערט.

— מיילע, — מאַכט אַ פּשאָרע אַ מאַנצבל, באַ וועמען עס זעט זיך אַרויס פון אונטערן צעשפּיליעטן מאַנטל אַ לאַנגער טאַלעסקאָטן, — ער, צי זי... לעמײַ נאַפקעמינע, אַבי מע זאָל געבן...

די פענצטער פון דריטן גאָרן, ווו עס קומט פאָר די כאַסענע, לויכטן שטאַרק. ייִנגלעך פאַר־קלײַבן זיך אפן דאַך פון אַ שטאַל און ווילן דורך די ליכטיקע פענצטער דערזען, וואָס אינווייניק

קומט פֿאַר. זיי קוקן, קוקן, קאָנען זיך לאַנג ניט פֿאַנאַנדערקלײַבן, וואָס דאָרט טוט זיך. פּלוצעם נעמען זיי שרײַען:

— מע טרינקט! מע טרינקט!

— מע טרינקט שוין? — האָט זיך אָפּגערופֿן דער מאַנצבל אין טאַלעסקאָטן, — איז דאָך שלעכט. זיי וועלן זיך אָנטרינקען און פֿאַרגעסן אָן אונדז.

און ווי נאָר דער מאַנצבל זאָגט עס, אַזוי ווערט שטיל אין גאַנצן הויף, אַז מע קאָן אַפֿילו הערן, ווי מע אָטעמט. אַלע קוקן זיך איבער. די מענטשן זײַנען איבערגעשראָקן און קאָנען זיך פֿון אָרט ניט רירן. די האָפֿענונג פֿאַרשווינדט, מע דערפֿילט באַלד דעם הונגער און קעלט. צום גליק, גיט אַ זאָג דאָס שוואַרצע קליינע ווײַבעלע:

— גייט שוין, גייט! עס גייט דען אין כאַפּעניש. אַזאַ גוויר זאָל ניט האַלטן קיין וואָרט. בײַ אַ מיסכּער־מענטש גייט אַ וואָרט ניט צופּוס. אַזוי זאָגט מען...

— מאַלע וואָס מע זאָגט, — רופֿט זיך אָן די פֿרוי מיט די פֿאַרבונדענע ציין, — איך גלייב אים טאַקע ניט. ס'איז דען מיסכּער? ספּעקוליאַציע! ראַזבאַי און גאַזלעווי. נאָר זי, די קאַלע, אַ גאָלדן האַרץ, אַליין געהונגערט... זי וועט האַלטן וואָרט.

בלײַבן אַלע זיצן רויִק און וואַרטן. וואָרעם אין דער עמעסן, וואָס איז די אײַלעניש? לאָז מען דאָרט מאַכן אַ קויסע, זאָל ווערן פֿריילעכער, וועט מען ערשט טיילן, און טאַקע פֿון דער פֿולער האַנט. די ייִנגלעך אױפֿן דאַך האַלטן ניט אויס און וואַרפֿן עטלעכע שניי־גאָמלקעס אין די פֿענצטער פֿון דריטן גאָרן. די עלטערע שרײַען אַף זיי אָן און זאָגן צו גוט אָנרײַסן די אויערן. זיצן אַלע שטיל, מיט פֿאַרהויבענע קעפּ און קוקן אַרויף צו די ליכטיקע פֿענצטער... פֿון דאָרטן דאַרף קומען די הילף.

די פֿרוי מיטן רויטן טיכל אַף די באַקן איז נאָך אַלץ ניט רויִק. וואָרעם זי גלייבט ניט דעם דאָזיקן ניי־געבאַקטן גוויר. ער וועט אויך דאָ אָפּנאַרן. און זי גיט זיך אַ זאָג:

— זאָלן כאָטש די קאַרטאָפֿל זײַן ניט קיין געפּראָרענע און דאָס האָלץ ניט קיין נאַס. פֿון אים איז אַלץ צו דערוואַרטן...

די מענטשן אינעם הויף קוקן אָן איינער דעם אַנדערן, פֿריִער מיט שטומע בליקן, דערנאָך מיט אומרו, צום סאָף מיט טײַנע:

— געפּראָרענע? נאַסע?

דאָס שעפּטשען ווערט אַלץ העכער און העכער... די אומצופֿרידנקײַט וואַקסט. דאָס שוואַרצע ווײַבעלע קומט ווידער צוהילף:

— אַ טעווע פֿון אַ מענטש, נאָר אויסלייגן צום בייזן. איך מיין, ליבע פֿרוי, אַז דערפֿאַר טוען אײַך ווי די ציין, נעמט עס ניט פֿאַר אומגוט. ער וועט געבן נאַסע, ער וועט געבן פֿוילע... ער וויל דען, מע זאָל אים פֿאַרשעלטן דאַפֿקע אין דעם טאָג פֿון זײַן כאַסענע? מע דאַרף לעבן מיט האָפֿענונג. אַזוי זאָגט מען...

זי פֿאַרענדיקט ניט רײדן און נעמט זיך אײַנקוקן, ווי פֿונעם טויער שטופּט זיך דורך אין הויף אַרײַן זיאַמע ראַמעס.

— כ'מעג שווערן, — זאָגט זי, — ס'איז גאָדיענס אַ מענטש. מע וועט טיילן, און טאַקע באַלד...

— לאַנג לעבן זאָל ער! אַ גוויר האַלט וואָרט, — דערהערן זיך אויסגעשרייען.



זיאַמע ראַמעס איז אײַנגעלאַדן אַף דער כאַסענע. ווי זײַן שטייגער איז, טראַכט ער איבער: ער איז געוויס דערפֿאַר אײַנגעלאַדן, ווײַל מע ווייסט, אַז ער וועט ניט קומען. אים ווילט זיך אָפּטאָן צולאָכעס. נאָר וויאַזוי? צי ווײַל ער איז אײַנגעלאָדן — זאָל ער ניט קומען. צי ווײַל מע ווייסט, אַז ער וועט ניט קומען, — זאָל ער זיך יאָ באַווײַזן. קיין גיכער טראַכטער איז ער ניט. ער איז אָנגעטאָן אין די וואָכעדיקע קליידער. וואָרעם טאָמער וועט ער יאָ אַרײַנגיין אַף דער כאַסענע, איז דאַפֿקע אין וואָכעדיקע, ווי בײַ דער אַרבעט. דערווײַל דרייט ער זיך אַרום אַף קליין־פּאַהוליאַנקע און אַף טראָקער, צו גרויס־פּאַהוליאַנקע גייט ער אַפֿילו ניט צו. אַפֿן זינען קומט אים אַזוינס, וואָס שאַפֿט אים שטענדיק אַ גוטע שטימונג. ער שטעלט זיך פֿאָר, אַז ער לייענט אַ נײַע דערציילונג פֿון אַ שרײַבער, וואָס געפֿעלט קיינעם ניט. ביכלאַל האַלט ראַמעס מער פֿון געשטאָרבענע שרײַבער, ווי פֿון לעבעדיקע. די טויטע זײַנען ניט זײַנע קאָנקורענטן, און דערפֿאַר קאָן ער זיך דערלויבן צו טראַכטן, אַז זיי האָבן גוט געשריבן. די שטימונג ווערט טאַקע בײַ אים אַ בעסערע, און ער לאָזט זיך גיין אַף דער דײַטשישער גאַס, דערנאָך אַף דער ברייטער. אַף דער ברייטער איז שטענדיק פֿול מיט מענטשן, ביפֿראַט נאָך אין אָוונט, ווען מע

קומט אהער שפּאַצירן. דאָ געפינט זיך זאַלקינדס גרויס און באַוווּסט געשעפט, ווו ער, זיאַמע, אַרבעט אין דער שנײַדערײַ אפן צווייטן שטאָק. דאָ פילט זיך זיאַמע טאַקיפער: עס איז קימאַט ווי זײַנס. ער שטעלט זיך אָפּ בא די וויטרינעס, און צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע פאַרבײַגייער באַטראַכט ער די קליידער אף די מאַנעקענעס, קאַפּעליושן, שיך, שניפּסן, צירונג. אַלץ, וואָס מענטשן דאַרפן א סאַך און האָבן ווינציק. יינגלעך זוכן זיך זייערס. זיי געפעלן די הויכע האַלבקײַלעכדיקע שויבן פון די וויטרינעס. איינס נאָר וווּנדערט זיי: וויאַזוי האָט זיך עס אויסגעבויגן דאָס גלאָז. וואָרעם וויפל זיי אַליין פּרובירן ניט ברענען גלאָז, עס בייגן, קילן און בייגן, ווייקן אין געזאַלצן וואַסער און בייגן — פּלאַצט עס.

זיאַמען געפעלט, וואָס די קינדער זאָגן. עס ווערט אים נאָך פריילעכער.

ווען דער כאַסענע האָט ער שוין פאַרגעסן. עס ליגט אים אפילע אין קאָפּ ניט. ער טראַכט וועגן דעם, אז סאַפּאַקאַלסאָף וועט ער דאָך אַמאָל אָנשרײַבן א ווערק. אין געדאַנק איז עס בא אים קימאַט פאַרטיק. ער זעט עס פאַר די אויגן: די ברייטע גאַס און די דערבײַיִקע דײַטשישע שטעלן מיט זיך פאַר א דרײַעק פון הויכע מויערן און שיינע קראָמען, ווו יעדעס ווינקל פונעם דרײַעק ליגט בא אן אַנדער גאַט אין די הענט. אָט וועגן דעם וויל ער אָנשרײַבן. פון רעכטס איז די אַסטראָבראַמע, ווו עס קיניגט די קאַטוילישע גאָטס־מוטער. איבערן טויער זעט מען דורכן גלאָז א גרויסע און רײַכע איקאָנע פון דער אַסטראַבראַמער מאַטקע באָסקע. אונטן, פון ביידע זײַטן, זיצן אף די טראָטוואַרן אָרעמעלײַט, בלינדע, טויבע, און זינגען, זינגען און ציילעמען זיך. לעבן יעדן פון די אָרעמעלײַט שטייט א צינענער טעלער אָדער א בלעכן קענדל פאַר נעדאָוועס. קאַטאָליקער, מאַנצבלען, פרויען, קינדער שטעלן זיך אף די קני און מאַליען זיך צו דער הייליקער. פאַרבײַגייער פון אן אַנדער גלויבן מוזן אויך אַראָפּנעמען די היטלעך, אויב ניט, — זידלט מען און מע גיט אויך קלעפּ.

פון לינקס געפינט זיך די יידישע גאַס, וואָס דערמאָנט אָן א מיטלאַלטערלעכער געטאָ. אפן שול־הויף קיניגט דער יידישער גאָט, וואָס רופן מעג מען אים אדוינוי, שאַדײַ, צוואָעס, נאָר מיטן אייגענעם נאָמען — ניט. דאָ איז די אַלטע גרויסע שול, אין שול אַרײַן לאָזט מען זיך אַראָפּ אף טרעפּלעך, ווי אין א קעלער, וואָס וווערט צוגעמאַכט מיט א שווערער טשוהונענער טיר. אף דער טיר — אַן אופשריפט, אז אף אייביקן אָנדענק פון גאָטס רום האָט דער צעך פון שנײַדער אין יאָר 5663 (1638) מענאַצעוו געווען די נייטיקע קאָסטן. שאַבעס און יאָמטעוו איז דאָ פול געפּאַקט מיט דאַוונער פון פאַרשיידענע קלויזן. און זאָל זיך דאָ באַווײַזן עמעצער אָן א היטל, וועט ער ווערן געזידלט און באַקומען קלעפּ, ווי בא דער אַסטראַבראַמע מיט א היטל.

אַראָפּ ברייטע גאַס איז דער רוסישער קלויסטער, וואָס איז באַגילדט און אויסגעפּוצט. פאַר דער מילכאָמע איז דאָרט אין א טאַבעל־טאָג געווען פול מיט טשינאָווניקעס און אָפיצערן. אין א געווײנלעכן טאָג — שטיל. אָרעמעלײַט זײַנען געזעסן אף די טרעפּ און געוואַרט אף א נעדאָווע.

אָט וועגן דעם וויל ער שרײַבן. אָדער ער שרײַבט שוין אפילע, נאָר טרויט עס קיינעם ניט אָן. ער פאַנטאַזירט און שמייכלט צו זיך אַליין. פּלוצעם דערהערט ער:

— א גוטן־אָוונט, זיאַמע.

ער כאַפּט זיך אוף ווי פון שלאָף און דערזעט אנטקעגן זיך כאַוועלע געפּען, וואָס אַרבעט בא זײַדשנורן אין גאַלאַנטעריי־געשעפט. זי איז א פּולינקע, א זשוואַווינקע, מיט קלוגע אייגעלעך. און אַלעמאָל, ווען זיאַמע דערזעט זי, דוכט אים, אז די דאָזיקע קלוגע אויגן טײַנען צו אים: זיאַמע ראַמעס, אַלטער באָכער, האָסט מוירע פאַר מיר. דיר וועט גאָרניט העלפן. מיר ווייסן, וויאַזוי א פערדל נעמען פאַר דער צוים און אַרויספירן פון שטאַל. דאָס זאָג איך דיר, כאַוועלע געפּען. און זיאַמע ציטערט פאַר איר. זי איז א שיינע און א לופטיקע. פון אַזוינע דאַרף מען שטיין פונדערווײַטנס, אויב ניט, קאָן מען אפילע ניט באַמערקן, ווי מע ווערט אויס אַלטער באָכער און מע ווערט א יונגערמאַן. אף כאַוועלעס באַגריסונג גיט ער א בורטשע אונטער דער נאָז, אז מע קאָן גאָרניט פאַרשטיין, וואָס ער ענטפערט.

— איר שפּאַצירט, זיאַמע?

אף דעם ענטפערט ער נאָר מיט די אויגן. אָן ווערטער זאָגן זיי: איך ווייס... גלאַט אַזוי...

— אין וועלכער ריכטונג גייט איר?

דאָ דערשרעקט זיך זיאַמע און פרעגט שוין פון זײַן זײַט:

— און איר?

— צו ווילנער גאַס.

— און איך גיי פונקט פאַרקערט. אף א כאַסענע... — דאָס איבעריקע איז שוין ניט קיין רייד און ניט קיין ווערטער. די אויגן גיבן קלוימערשט א שמייכל, די ליפּן שליסן זיך צו, זיאַמע גייט צו גרויס־פּאָהוליאַנקע, אז ער קומט צום הויז, ווו מאַקס וווינט, דערזעט ער א געפּאַקטן הויף און עמעצער פון די יינגלעך באַם טויער זאָגט אים אָן, אז מע וועט הײַנט געבן קאַרטאָפל און האָלץ..

— ווער וועט געבן?
— איר ווייסט דען ניט? דער כאַסן, דער גוויר גאַדיען.
זיאמע שטופּט זיך דורך אין געפּאַקטן הויף און פרעגט בא די עלטערע:
— ווער האָט געזאָגט, אַז מע וועט טיילן?
— וואָס הייסט ווער? אַלע האָבן געזאָגט.
— אַלע? אָבער ער? מאַקס גאַדיען האָט געזאָגט?
— פונוואַנען ווייסן מיר? אויב ניט ער — איז זי. לעמיי נאַפּקעמינע?
איידער זיאמע וויל נאָך עפּעס אַרויסריידן, לויפט אים אַנטקעגן אַ פרוי אין אַ מאַנטל, גענייט פון אַ דייטשישער סאָלדאַטישער קאָלדרע, און גיט בייז אַ פרעג:
— און ווי מיינט איר? מע וועט עפּשער ניט געבן? איר זייט אָקאָרשט ניט זיינער אַ מענטש?
דערהערנדיק די דאָזיקע ווערטער, גיבן זיך אַלע מיטאַמאָל אַ שטעל אויף פון זייערע ערטער און אַלע זיינען גרייט אָנצופאַלן אָפן יונגנמאַן, וואָס ראַבעוועט אַוועק זייער האָפענונג און מאַכט צונישט זייערע בעסטע כאַלוימעס. דער ערשטער איז אָף אים אָנגעפאַלן דער מאַנצבל מיטן לאַנגן טאַלעסקאַטן:
— פון וועמעס צאַד זייט איר? פונעם כאַסנס צי פון דער קאַלעס? ווי געפעלט אייך די פראַגע: ווער האָט געזאָגט? און ווער האָט ניט געזאָגט? רעב ייִד, גייט ניט קעגן קלאַל. צייטן זיינען איצט אַנדערע.
— אָף יענער זייט זיינען שוין די „גדוילים"! אים־יירצע־האַשעם, אַז גאָט וועט וועלן, וועלן זיי אַהער אויך קומען, — האָט זיך אָפּגערופן אַ קאָל.
די ייִנגלעך האָבן גענומען וואַרפן שניי אין זיאמען און האָבן שוין אויך גענומען זוכן שטיינער. זיאמע ראַמעס האָט געקאָנט שלעכט אָפּשניידן. נאָר איינער אָפן דאַך האָט אויסגעשריגן, אַז אָף דער כאַסענע טאַנצט מען. דעמלט האָט זיך דער זעלבער מאַנצבל אין טאַלעסקאַטן אָפּגערוקט פון זיאמען און מיט אַ ביטער קאָל געזאָגט צום גאַנצן הויף:
— אויב מע טאַנצט, — איז שוין טאַקע שלעכט. וועלכער מעשוגענער האָט געזאָגט, אַז היינט וועט מען טיילן?.. עפּשער איז דער יונגערמאַן גאָר גערעכט.
איבערן הויף האָט זיך דורכגעטראָגן פריִער אַ קרעכץ, דערנאָך אַ ווײ־געשריי, און פון אַלע זייטן האָבן זיך דערהערט קוילעס:
— אַ בלוטזויגער!
— אַ ספּעקוליאַנט!
— און קיין מאַזל איז אויך ניטאָ, — האָט זיך אָפּגערופן די פרוי אינעם מאַנטל פון דער סאָלדאַטישער קאָלדרע, — דאַרפן גאָר די „גדוילים" זיין אָף יענער זייט...
עמעצער פון די ייִנגלעך, גאָר נאָענט לעבן זיאמע ראַמעסן, וואָס האָט פאַרגעסן, אַז מע דאַרף רעדן פאַרשטעלט, שרייט אויס:
— זיי וועלן קומען, די באָלשעוויקעס!
זיאמע האָט זיך גענומען דורכשטופּן צום טויער.
— יונגערמאַן, — האָט מען אים נאָכגעשריִען, — עפּשער וועט איר זיין אונדזער מייליץ־יוישער. דערמאָנט דאָרט וועגן אונדז. צוגעזאָגט — דאַרף מען געבן.
זיאמע איז אַוועק צום פאַראַד־אַריינגאַנג. ער האָט שוין מיט וואָס צו באַגריסן דעם כאַסן. זאָל יענער וויסן, וואָס אַ שטאָט מיט מענטשן זאָגט וועגן אים. ניט ווי קיין גאַסט קומט ער, ניט אָף דער כאַסענע גייט ער, ער קומט ווי אַ פאַרשטייער פונעם הויף. ער וועט שוין גוט אים אַריינזאָגן, אַזוי אַז מער קיין מאַטאָנעס וועט אים גאַדיען ניט פאַרלייגן. זיאמע פאַרגעסט, אַז שטענדיק גייט ער לאַנגזאַם, און נעמט איצט איילן, אַפילע איבערהיפּן אַ טרעפּל. הינטער אים לויפן ייִנגלעך, וואָס ווילן די ערשטע וויסן דעם גוווירס ענטפער. זיאמע קלינגט אָן. די טיר עפנט זיך, נאָר ניט אינגאַנצן. עס באַווייזט זיך אַ קאָפּ.
— איר האָט געוויס אַ טאָעס. צו וועמען דאַרפט איר? — פרעגט דער קאָפּ.
— איך בין איינגעלאַדן אָף דער כאַסענע.
— איר? איר האָט געוויס אַ טאָעס. דאָ וווינט מאַקס גאַדיען.
— טאַקע צו אים.
— און ווער זייט איר?
— זיאמע ראַמעס.
— וועל איך פרעגן, — ענטפערט דער קאָפּ און פאַרמאַכט די טיר. אין עטלעכע מינוט אַרום עפנט זיך ווידער די טיר, נאָר שוין אַ סאַך שמעלער, ווי פריִער. עס זעט זיך נאָר אַ נאָז. און די נאָז זאָגט:
— הער גאַדיען איז פאַרנומען. קומט אַריין אַ צווייט מאָל.

3

פון גרויס-פּאָהוליאַנקע איז זיאַמע אַוועק אַ ברויגעזער און צעקאָכטער. הערט אָן אײַנפאַל... ער האָט געוואָלט דעם כאָסן אָפּשפּילן אַ „כאַסענקע״, האָט מען עס אָפּגעשפּילט מיט אים — פּאַשעט ניט אַרײַנגעלאָזט. אים פאַרדריסט עס אויף אַזויפיל, אַז ער מוז זיך גוט דורכשפּאַצירן, אָן עטעם טאָן מיטן פרילינג, וואָס שפּירט זיך אַזוי אין דער פרישקייט פונעם קאַלטן דרויסן. אין זיאַמעס, דוכט זיך, גאָרניט זאָגנדיקע אויגן פילט זיך שטעכיקייט, ער זעט נאָך אַלץ דעם גרויסן הויף מיט די מענטשן און איז צופרידן פונעם טומל און פון די אויסגעשרייען. אויב ס'איז ניט אַלץ דערגאַנגען צום ספּעקוליאַנט, וועט ער זיך שוין באַמיִען, אַז צו אים זאָל עס דערגיין. דעריקער ווילט זיך זיאַמען, אַז דער דאָזיקער קאַליקע דאַמסקי שנײַדער זאָל פאַרגעדענקען: ער איז אַ בלוטזויגער. נאָך זאָל ער פאַרגעדענקען: מע האָפט אײַנגיכן אויף די באָלשעוויקעס. פאַר זיך האָט נאָך זיאַמע אַלץ ניט באַשלאָסן, וויִאַזוי ער אַליין זאָל זיך באַציִען צו די „גדוילים״. אַזוינס קלאָר מאַכן דאַרף באַ אים דויערן. ער אײַלט זיך ניט. ער ווייסט, אַז צו קיין זאַך פאַרשפּעטיקט מען ניט. דערפאַר אָבער האָט ער גרויס האַנאָע צו סטראַשען אַנדערע מיט די באָלשעוויקעס. „אָן, איז עס פאַר אײניקע אַ גוטע בײַטש״, — טראַכט זיאַמע און איז פון דעם אַזוי צופרידן, ווי ער אַליין וואָלט דעם מין באָלשעוויקעס אויסגעטראַכט. אומדערוואַרט דערזעט ער ווידער כאַוועלע געפען. וואָס וויל זי פון אים? וואָס גייט זי אים נאָך? כאָטש נעם און טרײַב זי מיט אַ שטעקן. ער איז צופרידן, וואָס אַ כאָפּטע יִנגלעך יאָגט אים אָן, די יִנגלעך זײַנען צעהיצט און צעראַשט, זיי רעדן נאָך אַלץ וועגן דער כאַסענע. אײנעם פון זיי דערקענט ער — דער זעלבער, וואָס האָט געשריִען, אַז די באָלשעוויקעס וועלן קומען. זיאַמע טראַכט, אַז מע דאַרף פאַרפירן מיט זיי אַ שמועס. כאַוועלען וועט ער אַפילע ניט באַמערקן. וואָרעם גיב זיי, די מיידלעך, נאָר אײן פינגער -- וועלן זיי די גאַנצע האַנט צונעמען. ער דרייט זיך אויס צו די יִנגלעך און זאָגט:

— קינדער, מע דאַרף זײַן פאָרזיכטיק... פאַרן וואָרט „באָלשעוויק״ וועלן די דײַטשן איבערן קאָפּ ניט גלעטן. מע דאַרף זײַן פאָרזיכטיק...

דאָס יִנגל לאָזט אים אַפילע ניט ענדיקן און גיט אים אַ פרעג:

— וואָס איז? זיי וועלן באַ מיר דעם הונגער צונעמען? איך האָב זיי אין דר'ערד.

— דו הער, וואָס איך זאָג...

— איך קאָן עס נאָכאַמאָל איבערכאַזערן... — און אין שטילן און קילן אָוונט שרײַט מיכקע אויס: — זיי וועלן קומען, די באָלשעוויקעס!

עטלעכע פאַרבײַגייער קוקן זיך אַרום, באַטראַכטן די יִנגלעך און גייען זיך ווײַטער זייער וועג. אויף דער גאַס איז ווידער שטיל, ווי געווען. זיאַמע שאָקלט אומצופרידן מיטן קאָפּ. אים אַרט ניט אַזוי דער אויסגעשריי, ווי די גיכקייַט, די שנעלקײַט פון זאָגן און טאָן. ער פאַרלײַדט ניט קיין יִנגלשקײַט אַפילע באַ יִנגלעך.

— ניטאָ ווער עס זאָל דיר אָנרײַסן די אויערן, — זאָגט זיאַמע, — און גוט אַרײַנשמײַסן. כאַוועלע גייט אַרויס פאָרויס און זאָגט צום יִנגל:

— מיכקע... (עס לאָזט זיך אויס, אַז זיי זײַנען שכײנים) ניט אַלעמאָל איז שרײַען אַ בעריעשקײַט. וויסן און שווײַגן איז אַמאָל וויכטיקער. נאָר קומען וועלן זיי, איך וויל אויך, אַז זיי זאָלן קומען. — זי דרייט זיך אויס צו זיאַמען און שרײַט קימאַט אויף אים אָן: — איר רעדט ווי אַן אַלטער מעלאַמעד. אָנרײַסן די אויערן, שמײַסן... וואָס איז, ער האָט זיך ווינציק אָנגעליטן, מיכקע?

דעם גאַנצן איבעריקן וועג גייט זי צוזאַמען מיט די יִנגלעך, פרעגט באַ זיי און רעדט מיט זיי. אויף זיאַמען גיט זי אַפילע ניט קיין קוק. „אַלטער מעלאַמעד״ — זיאַמען קאָסט עס אַ סאַך געזונט. אַ טאָג הײַנט אַזאַ: אַלע פאַלן אָן אויף אים, אַלע זידלען אים, אַפילע כאַוועלע געפען...



זיאַמע ראַמעס האָט אין כאַוועלען אַ טאָעס. ווען כאַוועלע זאָל וויסן, וואָס ער טראַכט וועגן איר, וואָלט זי געלאַכט פון פולן האַרצן. זיאַמעס שטאַמלען פאַרשטייט זי אויף איר אויפן: זי געפעלט אים, נאָר ער שעמט זיך, ער איז ניט דרייסט. ווען אָבער אַרט עס? מאַלע וועמען זי קאָן געפעלן...

אַ יאָר פאַר דער מילכאָמע, ווען כאַוועלען איז געווען פופצן יאָר, איז זי אָנגעקומען אַרבעטן אין זײַדשנורס גאַלאַנטעריי-געשעפט, וואָס געפינט זיך אויף דער דײַטשישער גאַס. דער עלטערער אָנגעשטעלטער, לייבעשקע, האָט איר אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און צוגעזאָגט אַלץ ווײַזן און לערנען. ער האָט געהאַלטן וואָרט און איז פון כאַוועלען געווען צופרידן. אַלע אין געשעפט האָבן

זי ליב געהאַט. אַ שיין קינד. אַ גוטע, אַ קלוגע. אַפֿילע די באַלעבאָסטע, ווען זי פֿלעגט אַרײַנקומען אין געשעפֿט, פֿלעגט זי אויך באַ איר פֿרעגן, וואָס זי מאַכט און ווי זי פֿילט זיך. אינעם זעלבן יאָר איז כאַוועלע, לויט דער אייצע פֿונעם עלטערן אָנגעשטעלטן, אָנגעקומען לערנען אין דער אָוונט־שול אַף פּערעצעס נאָמען.

אין אַ צײַט אַרום האָט כאַוועלע באַמערקט, אַז אינעם שלאָסער־וואַרשטאַט, וואָס געפֿינט זיך אינעם זעלבן הויף מיט זײַדשנורס געשעפֿט, אַרבעט אַ באָכערל פֿון אַ יאָר זיבעצן. אַלע טאָג האָט זי געזען, ווי ער עסט צו מיטיק אַ פֿראַנצויזיש בולקעלע מיט אַ טעפּל זויערמילך. די מויל־ווינקלען זײַנען באַ אים דעמלט ווײַס פֿון מילך, און כאַוועלע פֿלעגט פֿון ווײַטן ליב האָבן קוקן, ווי ער לעקט זיי אָפּ מיט דער צונג. מיט דער צײַט האָט זי זיך דערוווּסט אַ סאַך זאַכן וועגן אים, כאָטש זי האָט באַ קיינעם גאָרנישט ניט געפֿרעגט. וואָס ווײַטער, האָט זיך כאַוועלע אַלץ מער גענומען פּוצן. ווי אַלע מיידלעך אין אירע יאָרן, האָט זי געוואָלט אויסזען עלטער און סטאַטעטשנער. מע זאָל אַף איר קוקן ווי אַף אַ פֿרײַלן. זי האָט אַנדערש גענומען פֿאַרקעמען די האָר, אַנדערש גענומען זיך קליידן. אין אַ פֿרײַען שאַבעס־טאָג פֿלעגט זי שטיין באַם שפּיגל, באַקוקן זיך פֿון אַלע זײַטן און פֿרעגן באַ זיך אַליין: „איך געפֿעל אים? ער קוקט גאָר אַף מיר ניט. ער האָט נאָך קיינמאָל ניט באַמערקט, ווען איך טו אָן אַ נײַ קלייד אָדער נײַע שיך“. אין דער אָוונט־שול האָט די לערערקע באַמערקט, אַז כאַוועלע איז צעטראָגן, און זיך געטראַכט: „איר צײַט... יונג...“ אין שטוב האָט מען זיך אויך אַרומגעזען, אַז כאַוועלע איז עפּעס פֿאַרכאָלעמט, טרעט ניט אָפּ פֿון שפּיגל. פֿאַרשטייט זיך, אַז די מאַמע האָט געוואָלט וויסן, ווער איז דער באָכער. נאָר כאַוועלע לאַכט זיך גאָר אויס, ניטאָ קיין באָכער: די מילכאָמע איז אויסגעבראָכן, די דײַטשן זײַנען געקומען. מיטן באָכער האָט זי נאָך קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. זי ווייסט שוין זײַן פֿאַמיליע — טאַנקוס. זײַן נאָמען — הירשל. זי באַמערקט, ווען ער איז ראַזירט און ווען ניט. איר האָט זיך אָבער ניט אײַנגעגעבן צו דערגיין, צי באַמערקט ער זי, צי קוקט ער אַף איר, צי טראַכט ער וועגן איר. אַמאָל דוכט זיך איר, אַז יאָ... אַמאָל, אַז ניט... עס האָט זי אָנגעהויבן פֿאַרדריסן. ער האָט אַפּאָנעם אַ שטייגערן האַרץ. עס האָט זי שוין גענומען באַליידיקן. צי דען איז זי מיִעס? צי דען קאָן זי ניט געפֿעלן? די באָכערים אין אָוונט־שול געפֿעלט זי. עפּשער שעמט ער זיך? פֿון דעם געדאַנק ווערט איר גרינגער. אָדער עפּשער איז ער גאָר אַן אַקשן? אים ווילט זיך, זי זאָל די ערשטע מיט אים נעמען ריידן... ניין, דאָס בעשום־אויפֿן ניט. זי איז אַף אים ברויגעז געוואָרן. הערסט, וואָס ער וויל... זי זאָל די ערשטע מיט אים נעמען ריידן. נאָר אָט, אין איינעם אַ טאָג, האָט זי זיך געכאַפּט, אַז דאָס באָכערל קומט ניט צו דער אַרבעט. איין טאָג גייט אַוועק, אַ צווייטער, אַ דריטער... אַ גאַנצע וואָך איז אַוועק. פֿאַרשטייט זיך, אַז ער איז קראַנק. כאַוועלע ווערט אומרויִק און גייט אַראָפּ פֿון פּאָנעם. זי איז אַ פּולינקע, און אַף איר איז עס גלײַך קאָנטיק. די מאַמע באַמערקט עס אויך.

— כאַוועלע, ביסט קראַנק?

— ניט איך בין קראַנק, נאָר ער...

— ווער?

כאַוועלע כאַפּט זיך, אַז זי האָט זיך אויסגערעדט, נאָר זי געפֿינט אַן אייצע, ווי זיך אַרויסצודרייען. זי האָט ניט ליב דערציילן אירע סוידעס, און די מאַמע פֿרעגט שוין אַפֿילע ניט. זי קוועטשט נאָר מיט די אַקסלען. העלפֿן קאָן זי ניט, וואָרעם ס'איז באַ איר אַזאַ טאָכטער... זי רעדט ניט. פֿאַרמאַכט אַף אַלע שלעסער. עס איז אַריבער נאָך אַ וואָך, און דער באָכער באַווײַזט זיך אַלץ ניט. דעמלט דערוויסט זיך כאַוועלע: ער איז גאָר ניט קראַנק. די דײַטשן האָבן אים געכאַפּט און אַוועקגעשיקט אַף צוואַנג־אַרבעט. הינטער דער שטאָט, נאָכן אַנטאָקאָל, בויען די צוואַנג־אַרבעטער אַ שאָסיי.

דעם ערשטן שאַבעס איז כאַוועלע אַוועק מיטן אַנטאָקאָלער וועג צום שאָסיי. מיט זיך האָט זי גענומען אַ פּעקעלע עסנוואַרג: אין דער שטאָט ווייסט מען, אַז די צוואַנג־אַרבעטער זײַנען הונגעריק. געווען איז דעמלט אַ הייסער זומערטאָג. מיטן וועג זײַנען געגאַנגען אַ סאַך פֿרויען און קינדער צום שאָסיי, ווער צו אַ טאַטן, ווער צו אַ מאַן. כאַוועלע גייט הײַנט דאָס ערשטע מאָל, פֿרעגט זי אַלץ אויס. באַ איר פֿרעגט מען אויך, צו וועמען גייט זי: צו אַ טאַטן צי צו אַ ברודער?

— צו אַ ברודער.

כאַוועלע באַמערקט, אַז די פֿרויען סטאַרען זיך אויסרעדן דאָס האַרץ, עס זאָל זיי ווערן גרינגער. אָן אויסנאַם איז נאָר איינע אַ גראָווע פֿרוי, ניט קיין הויכע, נאָר אַ פֿעסטע און זייער אַ פֿאַרזאָרגטע. זי שעפּטשעט מיט די ליפּן און רעדט צו זיך אַליין. מיסטאָמע איז זי צו דעם געוווינט, ווײַל זי באַמערקט ניט, ווי פֿון דער זײַט קוקט מען אַף איר. צוזאַמען מיט אַנדערע איז כאַוועלע צוגעקומען צו די באַראַקעס, וואָס שטייען אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן. אין די טונקעלע באַראַקעס מיט די צוויי רייען נאַרעס, וווּ די זון קוקט אַרײַן דורך קליינע פֿירקאַנטיקע פֿענצטער־

לעך, זײַנען געווען בלויז קראנקע. ווי נאָר די קראנקע באמערקן, אז צו דער דראָט־ארומצוימונג
דערנעענטערן זיך מענטשן, אזוי נעמען זיי ארויסקריכן פון די באראקעס אין הויף ארײַן. כאוועלע
האָט געזוכט הירשלען, אים ניט געפונען און איז אוועק ווײַטער. אינגיכן האָט זי דערזען דעם
שאָסיי. זי איז דאָ דאָס ערשטע מאָל, דעריבער האָט זי זיך צו אלץ צוגעקוקט.

דער שאָסיי האָט אויסגעזען ווי א מורעשקע־נעסט, ניט יעדער פארבײַגייער האָט געקאָנט
פארשטיין, נאָך וואָס און נאָך וועמען מע אײַלט אהין און אהער. פון אויבן איז געהאנגען א געדיכ־
טער שטויב און איבער אים א הייס־ברענענדיקע זון. מענטשן, זעט מען, גייען דאָ אָפּ מיט שווייס,
און דער שטויב זעצט זיך אלץ מער אף זייערע פארשוויצטע פּנעמער. כאוועלע ווייסט ניט אף
וועמען פריִער צו קוקן. צי אף די ארבעטער, וואָס קלאפּן מיט שווערע האמערס איבער גרויסע
צעגליטע, געפלאצטע שטיינער און קרישלען זיי אף שטיק־שטיקלעך, צי אף די, וואָס פירן טאטש־
קעס זאמד איבער אויסגעלייגטע ברעטער. אָט זעט זי, ווי מיט קירקעס און רידלען גראָבט מען
ערד. און אָט זיצן ברוקירער אף די קני, מיט די פיס אונטער זיך, פלאסטערן דעם וועג און קלאפּן
צו מיט די העמערלעך איבערן שטיין. פון אלע זײַטן טראָגן זיך געשרייען פון דײַטשישע סאָלדאטן
אין קײַלעכדיקע היטעלעך מיט פארביקע קאנטן, מיט קורצע ביקסן אף די אקסלען. די סאָלדאטן
זעען אויס אָפּגענוצט, ווי זייערע אָפּגענוצטע מיליטער־קליידער. אין גרעסטן טייל זײַנען עס על־
טערע לײַט, לאנד־שטורמיסטן, וואָס פארן פראָנט טויגן זיי ניט, נאָר אף דער פרעמדער ערד
זײַנען זיי בעריעס איבער מידע און הונגעריקע מענטשן.

איידער כאוועלע באווײַזט זיך נאָך גוט צוקוקן, וואָס ארום טוט זיך, דערהערט זי, ווי די
גראָווע פרוי שרײַט אויס:

— הירשל!

פונעם אויסגעשריי „הירשל" גיט כאוועלען א זעץ אין הארץ און עס נעמט קלאפּן אין די
שלייפן. פון דער ווײַטן דערזעט זי הירשל טאנקוסן. א פארשטויבטן, א פארוואקסענעם, קימאט
א באָרוועסן. און באלד דערזעט זי נאָך עפּעס: א דײַטשישער סאָלדאט שטייט א צעקאָכטער, מיט
אן אופגעהויבענעם שטעקן קעגן הירשלען. כאוועלע האָט זיך אזוי פארלאָרן, אז זי האָט אפילו
ניט באמערקט, ווי די גראָווע פרוי האָט זיך געשטעלט צווישן דעם סאָלדאט און הירשלען. דער
סאָלדאט ווערט איבערראשט און פארוווּנדערט: ווער איז די דאָזיקע פרוי, פונוואנען האָט זי זיך
גענומען?

— איך בין זײַן מוטער.

— מוטער, מוטער... דאָ בין איך זײַן מוטער. פאָרט! פאָרט פונדאנען! וואָן, הייסט עס. —
און מיטן שטעקן האָט ער זי גענומען אָפּטרײַבן.

אין דער זעלבער רעגע, ווי די גראָווע פרוי האָט, שעפּטשענדיק מיט די ליפּן, גענומען
אָפּטרעטן אָן א זײַט, איז צוגעלאָפן כאוועלע.

— ווער ביסטו? — האָט דער סאָלדאט ווידער זיך פארוווּנדערט, נאָר באלד גענומען קוקן
אף איר מיט גרויס געוואָרענע אויגן, ווי ער וואָלט דאָס ערשטע מאָל אין זײַן לעבן דערזען א
שיין מיידל.

— זײַן שוועסטער.

— אך, יאָ, — האָט דער סאָלדאט געשמייכלט, — א שוועסטער. זאָג נאָר, ליבכען, עפּשער
גאָר א ברויטיגאם? — דער סאָלדאט איז געוואָרן ווייכער, אפילו זיך צעלאכט און פון איידלקײַט
וועגן אָפּגעטראָטן אָן א זײַט, קעדיי ניט שטערן דעם באָכער מיטן מיידל.

— כאוועלע, ווי קומט איר אהער? צו וועמען זײַט איר געקומען?

— צו אײַך, זען, וואָס איר מאכט. איר זײַט אזוי פלוצעם פארפאלן געוואָרן...

כאוועלע האָט זיך גערויטלט, געשמייכלט. זי איז געווען איבערגליקלעך, וואָס ער ווייסט
איר נאָמען. אינגיכן האָט זיך דער סאָלדאט אומגעקערט.

גייענדיק אהיים, האָט די גראָווע פרוי געזאָגט:

— זײַט איר עס די כאוועלע... און קערט זיך אָן מיט מײַן זון א שוועסטער... איר געפעלט
מיר, כאוועלע.

עטלעכע שאבאָסים נאָכאנאנד איז כאוועלע געפען געווען בא הירשלען אפן שאָסיי. יעדעס
מאָל געבראכט א פּעקעלע עסנווארג און עפּעס פון קליידונג, געווארט ביז „פייעראבענד" — ענדע
ארבעט, ווען מע ברענגט די מידע און פארשטויבטע ארבעטער צוריק אין די באראקעס. דעמלט
קאָן מען פוןביידע זײַטן שטעכיק דראָט שמועסן א ביסל. שפּעטער מיט א פּאָר וואָכן איז הירשל
טאנקוס אנטלאָפן פון צוואנג־ארבעט און העכער דרײַ כאדאָשים זיך אויסבאהאלטן בא כאוועלע
געפען אין דער היים. פּאָליציי איז עטלעכע מאָל געקומען צו הירשלס מאמען פאָדערן דעם זון.
די אלטע האָט געהאט טײַנעס צו דער פּאָליציי: „וווּהין איז איר זון אהינגעקומען? איר האָט גענו־

מען באַ מיר אַ יונגן, געזונטן זון און איר ווייסט אַפילו ניט, ווו ער איז? צי לעבט ער? קערט מיר אום מײַן זון!" פּאָליציי האָט זי געטרייסט: זיי וועלן אים געפינען, ער איז געזונט. זי מעג זײַן רויִק.

אין דרײַ כאַדאָשים אַרום האָט הירשל טאַנקוס גענומען ווידער אַרבעטן אין אַ שלאָסער־וואַרשטאַט. אין די אָוונטן האָט ער צוזאַמען מיט כאַוועלע געפּען באַזוכט די אָוונט־שול אַף פּערע־צעס נאָמען.

4

קימאַט אַ גאַנצע נאַכט איז זיאַמע ראַמעס ניט געשלאָפן. עס האָט אים פּאַרדראָסן אַף כאַוועלען. זי גייט נאָך זײַנע טריט, זי שמייכלט צו אים, אירע קלוגעטשקע אויגן האַלטן אין איין טײַנען: „מיר ווייסן, ווי מע פירט אַרויס אַ פערדל פון שטאַל". און זי זאָל אין דער אָנוועזנהײַט פון קינדער אים זאָגן „אַלטער מעלאַמעד". זיאַמע ראַמעס, וואָס איז דער בעסטער מענער־שנײַדער, וואָס וועט אַמאָל מאַריש־אוילעם זײַן מיט אַ ווערק, און וואָס קלײַבט זיך פאַנאַנדער אין סאָציאַלע און פּאָליטישע פראַגן — אַ מעלאַמעד! דאָס ערשטע מאָל נעמט זיאַמען דוכטן, אַז עפּ־שער האָט ער אין כאַוועלען גאָר אַ טאָעס. וואָרעם אַלעמאָל, ווען כאַוועלעס אויגן רעדן צו אים, — שמייכלען זיי. דאָס מאָל זײַנען זיי געווען פול מיט סינע. זאָל טאַקע זײַן, אַז ער האָט אין איר אַ טאָעס געהאַט?

הײַנטיקע נאַכט איז אים מיסטאַמע ביכלאַל ניט באַשערט צו שלאָפן. אין געדאַנק קומט אים אַזוינס, וואָס לאָזט אים ניט רוען. ייִנגלעך אַפילו ווייסן שוין וועגן די באָלשעוויקעס. ניט נאָר זיי ווייסן, נאָר האָבן אַפילו קיין מוירע ניט צו שרײַען וועגן דעם איבער די גאַסן. כאַוועלע וויל אויך, אַז די באָלשעוויקעס זאָלן קומען. ער אָבער, זיאַמע ראַמעס, קאָן זיך ניט באַשליסן: פאַר וועמען איז ער? מיט וועמען איז ער?

טאַקע מיט וועמען: מיט מאַקס גאָדיען צי מיט כאַוועלע געפּען? ער מוז זיך מוידע זײַן, אַז אָט פון די צוויי קלײַבט ער אויס כאַוועלען. פונדעסטוועגן גיט ער מיט זיך אַ שפּיל אין דיפּלאָ־מאַטיע. אָט דאָס אײַלן זיך זייערס, אָט דאָס זאָגן און טייקעף טאָן — דאָס שמעקט מיט ייִנגלש־קײַט, אַ סאָלידן מענטשן איז עס דערווידער.

דערצו טראַכט זיאַמע ראַמעס, אַז אַף אים איז ביכלאַל קיין מייוון ניטאָ. ניט פאַראַן דער, וואָס זאָל אים פאַרשטיין און קאָנען אָפּשאַצן. ער ציטערט אוף, ווען ער דערמאָנט זיך, אַז ניט קיין דערשאַצטער קאָן ער אָפלעבן זײַן לעבן. וואָס, אייגנטלעך, וויל ער? ער וויל מיט עפּעס זיך אויסטיילן פון קלאַל. מיט עפּעס זײַן באַמערקט, פון עפּעס האָבן פאַרגעניגן. גיט זיך עס אים ניט אײַן. ער שרײַבט ניט ערגער פון אַנדערע, און קיינער אַנערקענט אים ניט. ער איז אַ קלוגער, און קיינער רימט אים ניט. ער וואָלט וועלן, אים זאָל ליב האָבן אַ מיידל העכער פון זײַן שטאַנד, — טרעפט עס ניט.

אַזאַ טאָג איז הײַנט געווען: אַף דער כאַסענע האָט מען אים ניט אַרײַנגעלאָזט, כאַוועלע רופט אים „אַלטער מעלאַמעד". אַ סאַך זאַכן, טראַכט זיאַמע, קאָן ער פאַרלײַדן, נאָר ניט קיין באַליי־דיקונג. מענטשן, וואָס באַליידיקן, טראַכטן: עס וועט דורכגיין, מע וועט זיך צוגעוווינען, ניש־קאָשע... פון דעם שטאַרבט מען ניט... ער, זיאַמע, איז איצט זיכער, אַז אין אַזאַ טראַכטן ליגט מערדערישקײַט.

און ווידער פרעגט ער זיך: מיט וועמען איז ער? די באָלשעוויקעס זײַנען זיך גערעכט פאַר זיך. און ער איז גערעכט פאַר זיך. און כאַוועלע?

אַ גאַנצע נאַכט שלאָפט ער ניט. און דער אויספיר פון אַ נאַכט ניט שלאָפן איז גאָר אַן אומגעריכטער:

מאָרגן מוז ער אופזוכן כאַוועלען און זי פרעגן, מיט וואָס ער איז עס אַן אַלטער מעלאַמעד?

אַף מאָרגן נאָך דער אַרבעט איז ער אוועק צו דער אָוונט־שול, וואָס געפינט זיך אין דער געבײַדע פון דער געוועזענער קאַהאַן־גימנאַזיע. ער איז געקומען מיט עטלעכע מינוט פאַר דעם, ווי דאָס גלעקל האָט אָנגעזאָגט אַן איבעררײַס. ער שטייט די עטלעכע מינוט אין קאָרידאָר און באַטראַכט דעם סופיט, די ווענט, דעם דיל. דאָס גלעקל קלינגט, און עס עפענען זיך אַלע טירן פון די קלאַסן. באַקאַנטע דערזעען זיאַמען און וווּנדערן זיך:

— ראַמעס? אַ בער אין וואַלד איז געוויס געפּייגערט. צו אונדז?

דערשלאָגן זיך אָבער באַ זיאַמען אַן ענטפער איז ניט פון די גרינגע זאַכן. מיט אַ האַלב מויל באַגריסט ער, מיט אַ האַלב מויל רעדט ער. ער באַוועגט מיט די ליפּן, נאָר צי זאָגט ער עפּעס? די אויגן באַ אים שמייכלען. זיי שמייכלען אָפּט, ווען ער וויל אײַנשפּאָרן רייד. באַקאַנטע ווייסן דאָך,

אז ער וועט אפילע יאָ זאָגן שווארץ, איז נאָך ניט באוווּסט, צי מיינט ער טאקע שווארץ צי ווײַס. דערפאר געפינט זיך אזוינער, וואָסווארט ניט אף זײַן ענטפער און זאָגט אים:

— געהערט? די באָלשעוויקעס האָבן אין בריסק געשלאָסן שאָלעם... אף שווערע קאָרבאָ-נעס געגאנגען.

זיאמע דערמאָנט זיך באלד כאוועלעס נעכטיקע רייד, אז זי וויל, די באָלשעוויקעס זאָלן קומען. ער פילט, אז די דאָזיקע ווערטער שטאמען פון דער אָוונט-שול. עס בינדט זיך מיט דעם, וואָס ער האָט נאָרוואָס געהערט.

— זיאמע, וואָס טוט איר בא אונדז?

דאָס פרעגט אים כאוועלע. אירע אויגן שמייכלען צו אים. זיי ווילן אים מיסטאמע געפעלן, זי איז פול מיט כיין, די כאוועלע.

דאָס גלעקל נעמט ווידער קלינגען. זיאמע האָט נאָך מיט כאוועלען קיין צוויי ווערטער ניט אויסגערעדט. געקומען איז ער דאָך ניט קעדיי שווײַגן, ער ציט זיך צו כאוועלען, און, ווי ער פארשטייט, וויל זי אויך ניט אוועקגיין, זי ציט זיך אויך צו אים. אין דעם איז ער זיכער. איר אויסזען איז אזא, אז ער לייענט גרינג אירע געדאנקען: ער זאָל ווארטן, ניט אוועקגיין, זיי האָבן אזויפיל צו ריידן. געוויס וועט ער ניט אוועקגיין. זי מעג זײַן זיכער. און קעדיי קיין מינדסטער צווייפל זאָל ניט זײַן — שאָקלט ער צו איר מיטן קאָפּ. זי שאָקלט אויך צו אים מיטן קאָפּ. און זיאמע זעט באשײַמפערלעך, אז כאוועלע איז גליקלעך...

דער קאָרידאָר ווערט פוסט. די טירן פארמאכן זיך. זיאמע בלײַבט אליין. ער וועט כאוועלען זאָגן: אויב זי מיינט טאקע, אז ער איז שוין אן אלטער באָכער, האָט זי א טאָעס. ער ווייסט, וואָס איז שיין און וואָס איז קלוג. א סימען קאָן זי האָבן, כאוועלע, — זי געפעלט אים. ער קלײַבט זיך גוט פאנאנדער... ער נעמט פאמעלעך און שטיל ארומגיין איבערן קאָרידאָר. פלוצלינג בלײַבט ער שטיין, ווי ניט קיין אָנגעצויגענער זייגער. ער טראכט, אז ביז הײַנט האָט דאָס מאזל געשפילט מאקסן. איצט קאָן בא אים נעמען שפילן דאָס מאזל... נאָר אָט כאפט זיך זיאמע, אז ער שטייט אינמיטן קאָרידאָר א פארכושטער. מע וועט לאכן פון אים. ער קוקט זיך ארום, צי קיינער זעט אים ניט. גאָט צו דאנקען, קיינער ניט. ווידער קלינגט דאָס גלעקל. עס עפענען זיך די טירן, און דער קאָרידאָר ווערט פול מיט מענטשן. אלעמען ווונדערט: ראמעס איז נאָך דאָ? איז עס דאָך ניט אומזיסט, זיאמע ראמעס קומט ניט גלאט אזוי שטיין אין קאָרידאָר. פון איינעם א קלאַס קומט ארויס כאוועלע. זיאמע מאכט א טראָט אין איר זײַט. אָבער שוין בא דעם צווייטן טראָט דערזעט ער, ווי א באָכער נעמט זי אונטער דער האנט און ביידע גייען אוועק. ער באווײַזט אפילע ניט זיך אליין צו זאָגן „אזוי גאָר"... גיט אים עמעצער א פאטש איבערן אקסל און שרײַט אויס:

— זיאמע? א גאסט! געוויס געקומען אָפּנעמען מאזלטאָוו. דײַן מאקס גאָדיען האָט דאָך כאסענע געהאט...

## 5

אין אפרעל איז פון געפאנגענשאפט געקומען אהיים מיכקעס טאטע — גערשן דער שטעפער. געקומען איז ער ניט אליין, ער איז געקומען מיט זײַן כאווער ניקאָלײַ לאפטיעוו, מיט וועלכן ער איז אנטלאָפן פון דײַטשלאנד, ווו זיי האָבן צוזאמען הינטער קעניגסבערג געארבעט בא איין באלעבאָס אין א גוט.

גערשן האָט זײַנע היימישע קימאט ווי ניט דערקענט. זײַן פרוי, ביילע, איז אויסגעדארט און פארעלטערט. און אויך די קינדער זײַנען הויט און ביין. פון דער ניט געהייצטער דירע איז נאָך די ווינטערדיקע קעלט ניט אוועק. די פענצטער זײַנען פארשטעקט מיט שמאטעס. און דער גרויסער אלמער, וואָס איז געווען די איינציקע צירונג אין שטוב, שטייט מיט אָפּגעבראָכענע טירלעך און איז פוסט.

אָבער אויך אים, גערשענען, איז געווען שווער צו דערקענען — פארוואקסן, אָפּגעריסן, אויסגעמאטערט. סײַ ביילע און סײַ די קינדער האָבן מיט פארוווּנדערונג אָנגעקוקט דעם מענטשן, וואָס איז געקליידט האלב-רוסישער סאָלדאט און האלב-דײַטשישער — אין א פארשמאָלצעוועטן רוסישן שינעל און אין אויסגעריבענע סאמעטענע קורצע הויזן. אף די פיס צעריסענע לײַוונטענע שיך אף הילצערנע זוילן.

— גערשן? — האָט ביילע אומזיכער געפרעגט. געפילט האָט זי, אז דאָס איז ער, איר גערשן, נאָר גלייבן איז געווען שווערלעך.

אן איבערראשטע פון דעם מאנס אומדערווארטן קומען און נאָך אין אזא אויסזען, האָט זי זיך קיין אָרט ניט געפונען. וואָס זאָגט מען אים און וואָס דערציילט מען אים? אלע אירע רייד

און געדאנקען, וואָס זײַנען געווען פֿאַרבונדן מיט איר מאַנס קומען, זײַנען אויסגערונען. דערנאָך האָט זי מיט בײדע הענט ארומגעכאַפּט אירע בײנערדיקע באַקן און געזאָגט צו גערשענען און צו זײַן כאַווער:

— גאָר פֿאַרגעסן. פֿון קאָפּ אַרויס. איר זײַט דאָך געוויס הונגעריק...

און ערשט נאָכדעם, ווי זי האָט עס אַרויסגעזאָגט, האָט זי מיט בײדע הענט נאָך שטאַרקער אַרומגעכאַפּט די באַקן און מיט שרעק זיך דערמאַנט: אין שטוב איז גאָרנישט ניטאָ. ניט קײן ברויט, ניט קײן קאַרטאָפֿל, ניט קײן גרויפּן, אַפֿילו קײן זאַלץ. מיט וואָס וועט זי מעכאַבעד זײַן די געסט? דער מאַן איז געקומען, אַ כאַווער מיט זיך געבראַכט... זײ זײַנען הונגעריק. אַפֿילו פֿון געוווינהײַט, פֿון אײדלקײַט וועגן... ווי רופֿט מען זײ ניט צום טיש?

שטיל, אומבאַמערקט איז בײלע אַרויס פֿון שטוב. עפּשער וועט זי בײַ אַ שכײנע עפּעס לײַען?

גערשן מיט זײַן כאַווער האָבן זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן און זיך געזעצט צום טיש.

גערשן, וואָס האָט אַף זײַן לעבן קײן באָרד ניט געטראָגן, איז פֿאַרוואַקסן מיט אַ קורצער, נאָר געדיכטער טונקל־ברוינער באָרד. ער זיצט ניט רויִק אַפֿן אָרט, ער האַלט אײן אײן פּיקן מיט די פֿינגער איבערן טיש. ער גלײבט נאָך אַלץ ניט, אַז ער איז בײַ זיך אין דער הײם, אַז די אויסגעמאַטערטע מידע פֿרוי, וואָס האָט אים באַגעגנט, איז זײַן ווײַב, זײַן שײנע בײלע, אַז דער אַלמער, וואָס שטײט ווי מיט אַ צעעפֿנט הונגעריק מויל, איז אַמאָל געווען אַ צירונג אין שטוב. ער האָט געאײַלט צו זיך אַהײם... און אַז ער איז געקומען — דערקענט ער זײַן הײם ניט.

ניקאָלײַ איז אויך מיט אַ באָרד, נאָר שוין מיט אַ גראָווער. ער האַלט די הענט אַף די קני, ער גיט זיך קימאַט קײן ריר ניט, נאָר די אויגן קאָנען רויִק אַף אײן אָרט ניט קוקן. ער באַטראַכט די שטוב און זוכט אַן ענלעכקײַט צו זײַן סיבירער הײם. ער שטאַמט פֿון עפּעס אַ טשערעמשאַני לאַג אין יענײסײער גובערניע. און וועגן דערקלײַבן זיך איצט אַהײם קאָן גאָר קײן רײד ניט זײַן.

בײלע האָט זיך צוריקגעקערט מיט לײדיקן. אַף די שפּיץ פֿינגער איז זי אַרומגעגאַנגען פֿון אײן צימער אין צווײטן און געזוכט אין אַלע ווינקלעך: עפּשער האָט זיך אַלפּי נעס פֿאַרוואַלגערט ערגעץ עפּעס עסנווארג. זי ווײסט גאַנץ גוט, אַז אַפֿילו קײן ברעקל איז אין ערגעץ ניט געבליבן, דאָך... קאָן זי דען בלײַבן רויִק, ווען די געסט זיצן שוין בײַם טיש? עפּעס מוז זי דאָך טאָן...

— בײלע, — זאָגט גערשן. — מײלע... מאַך ניט קײן צערעמאָניעס. וואָס דו האָסט, דאָס גיב... מיר זײַנען ניט קײן איבערקלײַבער...

— באַלד, באַלד, גערשן, — ענטפֿערט זי, און דאָס פּאָנעם פֿלאַמט איר פֿאַר בושע. זי גײט צו אַ צווײטער שכײנע. זאָל כאָטש זײַן אַ קאַרטאָפֿל, אַ קאַלט ביסל קאַשע...

גערשן איז זיכער, אַז בײלע גרײט געוויס אַ שײנעם קיבעד. ניקאָלײַ צווײפֿלט אין דעם. גענוג אַ קוק צו טאָן אַף די קינדער און אַף דעם פּוסטן אָפֿענעם אַלמער, אַז עס זאָל קלאָר ווערן — דער הונגער שרײַט אַרויס פֿון אַלע ווינקלעך. ער, ניקאָלײַ, איז דאָך דאָ געוויס אַן איבעריקער.

— גערשן, — זאָגט ער, — איך, אײגנטלעך, בין דאָך זאַט. — ער וויל זיך אופהײבן פֿון טיש, נאָר דאָס איז איבער זײַנע קויכעס.

אַז בײלע קומט ווידער אַרײַן, זאָגט איר דער מאַן:

— נו, מײַן ווײַב, גרײט ניט אַזױפֿיל. וואָס עס איז פֿאַרטיק, גיב צום טיש. מיר זײַנען הונגעריק.

בײלע איז ווידער געקומען מיט לײדיקע הענט. זי איז שוין גרײט צו דערצײלן דעם מאַן דעם גאַנצן עמעס. גרײט איז זי, נאָר קאָנען קאָן זי עס ניט, מע זאָל זי אַפֿילו שנײַדן מיט מעסערס, קאָן זי ניט. זי קאָן עס ניט פּאָשעט אַרויסרײדן, דער צונג וויל ניט. ווי זאָגט מען עס אַ מאַן, וואָס איז געקומען פֿון מילכאָמע, פֿון געפֿאַנגענשאַפֿט, אַז זי קאָן אים אַפֿילו קײן שטיקל ברויט ניט געבן. ווי קאָן זי אים אַזוי פֿאַרשעמען אין די אויגן פֿון זײַן כאַווער. און קעגן איר ווילן כאַפּן זיך בײַ איר אַרויס די ווערטער:

— אָט שוין, אײן רעגעלע...

בײלע דערפֿילט, ווי דאָס מויל ווערט בײַ איר פֿול מיט טרערן, און זי לויפֿט אַרויס פֿון שטוב. זי שטײט בײַ דער דרויסן־טיר און שעפּטשעט: „פֿאַרשעם מיך ניט...” דאָס רעדט זי אַפּאָנעם צו גאָט. און דערבײַ טראַכט זי: צו וועלכער שכײנע קאָן זי נאָך אַרײַנגײן עפּעס בעטן לײַען. אײדער זי באַווײַזט נאָך צו באַטראַכטן, צו וועלכער שכײנע זי זאָל גײן, דערהערט זיך אַ געשרײ:

— מאַמע!

און בײלע דערזעט באַלד, ווי מיכקע, אַ צעהיצטער און אַ גליקלעכער, לויפֿט צו איר מיט אַ דײַטשישן סאָלדאַטסקן לעבל ברויט אונטערן אָרעם. קײנמאָל ביז איצט האָט זי נאָך אַזוי איר זון ניט געקושט, און קײנמאָל ביז איצט האָט זי זיך ניט געשעמט פֿאַר אים אַזוי צו װײנען.

אינגיכן איז די גאַנצע מישפּאָכע געזעסן אַרום טיש, און גערשן האָט געשניטן דאָס לעבל ברויט אַף גלײַכע כאַלאָקים. מיכקע האָט אַרויסגעשעפּט פון דער קעשענע צוויי גרויסע געבאַקטע קאַרטאָפל מיט שאָלעכץ — פאַרן טאַטן און פאַרן גאַסט. ניקאָלײַ האָט אַוועקגעלייגט אַפן טיש אַ פּאַפּירעלע מיט זאַלץ. און די סודע האָט זיך אָנגעהויבן.

לאַפּטיעוו איז פאַרבליבן בא גערשענען. ווי עס קומט דער אינדערפרי, אַזוי גייט ער אַוועק פון שטוב. פאַר גערשענען זאָגט ער, אַז ער גייט זוכן אַרבעט. דער עמעס איז אָבער אַן אַנדערער: ער וויל ניט זײַן דערבײַ, ווען מיכקע, דער איינציקער שפּײַזער פון שטוב, וועט ברענגען ברויט אָדער קאַרטאָפל. אָן אים, טראַכט ניקאָלײַ, איז אויך פאַראַן גענוג מײַלער. אָבער אָפּנאַרן גייט זיך אים ניט אײַן, ווײַל ווי נאָר מיכקע קומט אַהיים מיט עסנוואַרג און געפינט ניט ניקאָלײַען, אַזוי לויפט ער אים זוכן. איינמאָל איז ניקאָלײַ אַוועק צו דער ווילייע מיט אַ ווענטקע און איז צוריק געקומען מיט אַ בינטל לעבעדיקע פלאָטיטשקעס אַף אַ שטריקל. אַ צווייט מאָל האָט ער אַ טאָג געאַרבעט אַף דער בוינע און געבראַכט אין אָוונט אַ שטיק מילך און אַ האַלבן אָקסן־פוס.

און אינגיכן האָט גערשענען מיט ניקאָלײַען שטאַרק אָפּגעגליקט — ביידן האָט זיך אײַנ־געגעבן באַקומען אַרבעט. אין שטוב איז פריילעכער געוואָרן און דאָס איז דאָך שוין פון לאַנג באַוווּסט, אַז עס גייט — גייט שוין דורך טיר און דורך טויער. אַליין מיכקע איז אויך אָנגעקומען אַף אַרבעט. און נאָך ווו? אין דער קיך באַם פּראָפּעסיאָנעלן פאַריין פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע. ער העלפט אַף דער קיך, ער שטייט בא דעם גאַרדעראָב און טראָגט פאַנאַנדער בריוו צו די באַ־לעבאַטים פון די געשעפטן. אָט די לעצטע אַרבעט איז אים זייער שטאַרק צום האַרצן. אים גייט דאָס זעכצעטע יאָר. ער איז שוין ניט אַזוי דאַר און ניט אַזוי שוואַרץ. אָנגעטאָן איז ער אין גאַנצע קליידער.

די דײַטשישע אָקופּאַנטן זײַנען זיכער, אַז זיי פאַרבלײַבן אַף שטענדיק באַלעבאַטים פון דער שטאָט. מיכקע הערט אָבער, אַז אין פּראָפאַריין זאָגן אייניקע:

— הינדענבורג און לודענדאָרף זײַנען טאַקע גענעראַלן, נאָר זיי הערן ניט ווי די געשיכטע לאַכט פון זיי.

און אַז מיכקע גייט אַרויס פון פּראָפאַריין מיטן בוך אונטערן אָרעם צעטראָגן בריוו די באַ־לעבאַטים, פילט ער גרויס כשיוועס צו זיך און גרויס אַכטונג צו זײַן אויפגאַבע. וואָרעם ער ווייסט שוין, אַז פון די אַלע, צו וועמען ער טראָגט בריוו, לאַכט די געשיכטע. וואָס איז עס פאַר אַ גע־שיכטע, וואָס לאַכט, איז אים ניט אינגאַנצן קלאָר, כאָטש כאַוועלע האָט עס אים איינמאָל דער־קלערט. אַלנפאַלס פילט ער, אַז אָט פון אים לאַכט ניט די געשיכטע, פון די באַלעבאַטים — יאָ.

די באַלעבאַטים און, באַזונדערס, די באַלעבאָסטעס פון די קראָמען אַף ברייטער גאַס, אַף דײַטשישער, אַף טראָקער שטעלן זיך בא די טירן פון זייערע געשעפטן און קוקן אַרויס, וווהין גייט עס מיכקע.

— דאָס יִנגל פון פאַריין גייט... וועמען טראָגט ער די שוואַרצע קסיווע?

די באַלעבאָסטעס ווייסן, אַז בא מיכקען אין בוך ליגן בריוו פאַר די אייגנטימער פון די געשעפטן. אין די בריוו פאָדערט מען העכערן סכירעס די אָנגעשטעלטע, מע דערקלערט אַ שטרײַק אָדער מע רופט אַרויס אַף אונטערהאַנדלונגען אין פאַריין. גייט מיכקע פאַרבײַ אַ געשעפט, שעפּטשעט די באַלעבאָסטע: „אַבי ניט צו מיר" און איז צופרידן. פונעם שכייניש געשעפט לאָזט מען די אויגן ניט אַראָפּ פון מיכקען. וווהין; ניט צו אונדז? און אַז מיכקע גייט פאַרבײַ, זאָגט מען: „גאָט צו דאַנקען, ניט צו אונדז". אָבער צו וועמען? אַ דריטע באַלעבאָסטע האַלט ניט אויס און גיט שוין פון ווײַטן אַ פרעג:

— יִנגל, צו וועמען טראָגסטו די בריוו?

— צו אײַך.

— צו מיר? מיט אַ כוידעש צוריק האָב איך דאָך געהעכערט סכירעס. ווידער צו מיר?

— איז צו אײַך אַ צווייט מאָל. — און מיכקע גייט ווײַטער.

— אַזוי יונג, — זאָגט די באַלעבאָסטע, — און שוין אַזאַ גאַזלען.



ניקאָלײַ לאַפּטיעוו פילט זיך היימיש אין גערשנס מישפּאָכע. ער איז מיט דער צײַט אויך געוואָרן אויס שווײַגער. אין די אָוונטן האָט ער ליב צו שמועסן מיט מיכקען.

דער טאַטע רעדט ווייניק מיט מיכקען. עס נעמט זיך געוויס דערפון, וואָס די געדאַנקען, מיט וועלכע גערשן לעבט איצטער, קאָן ער מיטן זון ניט טיילן. פאַר אים איז מיכקע ניט מער, ווי אַ יִנגל, און ווען דער זון זאָל אַפילע זײַן צוויי מאָל עלטער — איז ער סײַווי פאַרן טאַטן נאָך

אַלץ אַ קינד. באַ אַ סאַך טאַטעס טרעפט אָפּט, אַז מיט אייגענע קינדער קאָנען זיי וועגן קיין ערנסטע זאַכן ניט ריידן.

ניקאָלײַ דערציילט מיכקען, ווי ביטער זײַן טאַטן האָט זיך געלעבט אין געפאַנגענשאַפט. ווי איינמאָל האָט מען גערשענען פאַר ניט אַרויסגעבן אַ כאַווער געשלאָגן ביז בלוט. און ווי פון דעמלט אָן האָט זיך צווישן ניקאָלײַען מיט זײַן טאַטן אָנגעהויבן די פרײַנטשאַפט.

— צי פאַרשטייסטו, כעווערמאַן, וואָס איך מיט דײַן טאַטן ווילן? מיר ווילן, אַז אונדזערע קינדער זאָלן ניט דאַרפן אויסשטיין אַזויפיל צאָרעס.

— איך פאַרשטיי.

— צי פאַרשטייסטו עס אָבער?

— אַלץ פאַרשטיי איך, פעטער ניקאָלײַ.



...דאָס לערנייאַר גייט צום סאָף, נאָר כאַוועלע האָט אײַנגערעדט מיכקען, ער זאָל באַזוכן די אָוונט־שול, און גלײַך אין דעם ערשטן אָוונט האָט ער באַמערקט, ווי אַ יונג מיידל, וואָס זיצט אָף דער פאַרטע פון רעכטס, לאָזט פון אים די אויגן ניט אַראָפּ, באַטראַכט אַלץ דעם נײַינקן. עמעצער האָט אפילע געזאָגט מיכקען אין אַ שפּאַס:

— זע נאָר, זי זאָל דיך ניט אופעסן.

אין עטלעכע טעג אַרום איז זי שוין געזעסן מיט מיכקען אָף איין פאַרטע. זי האָט אַלע ווײַלע אים עפּעס געזאָגט אָדער זיך נאָכגעפרעגט.

— מיך רופט מען ליבע. ווי רופט מען אײַך?

ניט נאָר וואָס ער שעמט זיך פאַר מיידלעך, ער האָט פּאַשעט פאַר זיי מוירע. ער איז קיינמאָל נאָענט לעבן זיי ניט געשטאַנען. דעריבער האָט ער מער געשוויגן ווי גערעדט, געענטפערט אין וואָרט אפּן צענטן. ער האָט אפילע אויסגעמיטן צו קוקן אָף איר, כאָטש גוט אָנקוקן זי האָט ער געוואָלט. און אַז ער האָט יאָ געפונען מוט דאָס צו טאָן און אַ קוק געטאָן אָף איר, האָט ער סײַווי ניט באַמערקט און אפילע ניט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט שיינע העלע האָר, אַ פריילעך פּענעמל, אַ וואַרעמס און אַ קלוגס, אַז זי איז אַ לאַכערקע און ווען זי לאַכט, דוכט זיך, אַז אירע אויגן נעמען עטוואָס קאַסיען, און דאָס גיט איר צו אַ סאַך כיין.

— ווי רופט מען אײַך? מיך רופט מען ליבע...

נאָכן לערנען האָט ליבע אים געבעטן באַגלייטן זי אַהיים. פון דעם איז מיכקע געוואָרן מאַמעש צעטומלט. ווען ער וואָלט געקאָנט, וואָלט ער אַנטלאָפן, ער איז נאָך קיינמאָל אין גאַס מיט קיין מיידל ניט געגאַנגען. אָבער אַ שטיקעלע האַנאָע האָט ער יאָ געהאַט. און עפּעס אַ נײַקײַט איז דאָ געלעגן. נאָר געגאַנגען איז ער זי באַגלייטן דערפאַר, ווײַל אויב ניט, וועט זי אים אויסלאַכן. אין גאַס האָט זיך אים געדוכט, אַז אַלע קוקן אָף אים. די באַקן האָבן באַ אים געפלאַמט, און ער איז די גאַנצע צײַט געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

— מיט אײַער שווײַגן קאָנט איר הארגענען אַ מענטשן, — האָט אים געזאָגט ליבע און זיך צעלאַכט אינמיטן דער גאַס אַזוי, אַז אַלע האָבן אָף זיי גענומען קוקן, — מיידלעך האָבן פײַנט, אַז יינגלעך שווײַגן...

דער אָוונט איז געוואָרן אַלץ טינקעלער, און דער וועג צו איר האָט זיך געצויגן און געצויגן, און סאָפּקאָלסאָף האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז דער וועג צו איר אַהיים פירט דורכן שטילן מאָנאַסטיר־געסל. באַ דער שטומער און הויכער ציגל־וואַנט איז ליבע געבליבן שטיין, און ער מיט איר. זי האָט געשמייכלט, און ער האָט זיך אויך געסטאַרעט שמייכלען. דערנאָך האָט זי גענומען זײַן האַנט און אים געקוקט אין די אויגן, פאַרהויבן איר וואַרעם און קלוג פּענעמל און געזאָגט:

— אַלע מאָנאַסטיר־געסלעך זײַנען געוויס ענלעך. נאָר הײַנט בין איך סטעמפּעניו און דו — ראָכעלע... — און זיך צעלאַכט פון איר אייגענעם אײַנפאַל. אין דער שטילקײַט פון דעם געסל האָט איר געלעכטער הויך אָפּגעקלונגען, און מיכקען האָט געדוכט, אַז מע וועט זיך באַלד צונויפלויפן פון אַלע זײַטן. קעדיי ניט אַרויסווײַזן זײַן פאַרלאָרנקײַט און ניט דרייסטקײַט, האָט ער זי אויך גענומען פאַר דער האַנט. פון דעם איז דאָס מיידל געוואָרן צופרידן און געוואָרן נאָך פריילעכער. גאָר־גאָר אַ קורצע רעגע האָט זי זיך ווי פאַרטראַכט און באַלד גענומען אָפּלאַכן פון אים:

פאַרוואָס איז ער אַזאַ שעמעוודיקער? און זי האָט ווידער גענומען לאַכן הויך און הארציק. מיכקען האָט זיך געדוכט, אַז אריבער די שטיינערנע ווענט קוקן אַראָפּ קעפּ פון אַלטע פרויען אין שוואַרצע טיכלעך. זיי ווילן וויסן, ווער לאַכט עס אַזוי יונג און ערדיש באַ אַ הימלדיקן, געטלעכן מאָנאַסטיר. און כאָטש דער געלעכטער איז אַ פריילעכער און האַרציקער, פּילט מיכקע, ווי אים פאַרגייט עס אין דער זיבעטער ריפּ. זי לאַכט פון אים. ער וועט אַוועקגיין. זי דערפּילט עס גלײַך, זי לייענט

זייַנע געדאַנקען און נעמט אים שטייף אָן פאַר דער האַנט. זי זאָגט מילד, קימאַט נאָר מיט די ליפּן:

— נאַרישער, נאַרישער, וואָס דו ביסט...

אַזוי האָט ער א מאָל דריַי־פיר זי באַגלייט דורכן מאַנאַסטיר־געסל. פון דאָרטן האָט ער זי געפירט אהיים. אפן דריטן אָדער אפן פערטן מאָל, ווען ביידע זייַנען געשטאַנען באַם טויער פון איר הויף, איז אָנגעקומען סימכע זעלמין. סימכע האָט מיט פאַרווונדערונג אָנגעקוקט ליבען, און מיט נאָך מער פאַרווונדערונג האָט ער באַטראַכט מיכקען. ער האָט א בייזן בליק געוואָרפן אף ליבען און געזאָגט שטרענג:

— אהיים גיי! דער טאַטע וועט עס וויסן.

נאָר זי האָט אים אָנגעקוקט גלייַכגילטיק, אַרויסרופעריש פאַרהויבן איר געמבעטשקע און רויִק געענטפערט:

— דער טאַטע וועט עס טאַקע וויסן.

דעמלט האָט סימכע זיך א קער געטאָן צו מיכקען און אויסגעשריִען:

— קיזשיקל, ווילסט באַ מייַן שוועסטער אָפּזוכן א טעפּעלע ראַכמאָנעס, מע זאָל דיר מאַכן א פּאָר רובל אף שאַבעס. טראַג זיך אָפּ. אויב ניט, צעשווענק איך דיר די צורע! — דערבייַ האָט ער געקוקט אף מיכקען מיט אויגן, וואָס זאָגן, אַז אויב יענער וועט כאָטש אף א האָר באַליידיקן זייַן שוועסטער, וועט ער אים דוירעס זייַן. וואָלט סימכע ניט געווען ליבעס א ברודער, וואָלט מיכקע ניט פאַרשוויגן, עס וואָלט זיך באַלד אָנגעהויבן א געשלעג. ליבעס ברודער וויל ער אָבער ניט טשעפּען. ליבע האָט מיכקען אָנגענומען פאַר א האַנט און געזאָגט צו סימכען:

— דער טאַטע רופט דיך, גיי...

סימכע איז אַוועק, נאָר פאַר אים איז געווען קלאָר, אַז עס שטייט פאַר א גרויסער געשלעג.

## 6

אין שטוב האָבן אַלע ליב ליבען. סימכע האָט ליב די שוועסטער מער ווי אַלע. ער גייט פאַר איר אין דער ריי נאָך ברויט, ער טראָגט אָן האָלץ, ער העלפט איר וואַשן די דילן, ראַמען די שטוב.

אַלץ, וואָס סימכע טוט פאַר דער שוועסטער, טוט ער גיך און פריילעך, אָפט זינגענדיק א ניגן. וועגן דעם, אַז סימכע איז א פריילעכער, וויסן אַלע. קיינער ווייסט אָבער ניט, ווען אפן האַרצן איז אים שווער, ווען אים איז אומעטיק און ווען ער איז הונגעריק. ער זאָל אפילע וועלן פאַר אַנדערע אַרויסווייַזן זייַן שווער געמיט, קאָן ער עס ניט. עס לאָזט זיך ניט. און אויב ער צעלאָזט זיך יאָ אַמאָל, אויב ער קאָן זיך ניט אייַנהאַלטן, איז עס נאָר צוליב דער שוועסטער. זי איז עלטער פון אים אף א יאָר, אָבער דער מאַנצבל איז ער דאָך! וואָס פאַרשטייען מיידלעך? כאַ־כאַ־כאַ און כי־כי־כי... זינט ער האָט זיך פון כאַווירים דערוווּסט, ווי־אַזוי עס ווערן געבאָרן קינדער, איז ער אומרויִק פאַר דער שוועסטער. ער האָט איר געגומען נאָכקוקן, צי גייט זי ניט אַרום מיט קיין יינגלעך, צי פירט זי זיך לייַטיש. פלעגט א יינגל אף איר א קוק טאָן — איז ער געוואָרן זייַן סוינע. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז ער שיר פון זינען ניט אַראָפּ... עפּעס האָט זיך אים געדאַכט... ער האָט ניט געגעסן און ניט געטרונקען. אין שטוב האָט מען ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס מיטן יינגל איז געשען, פאַרוואָס איז ער אַזוי בייז. גייט ער אַרויס — קלאַפּט ער מיט דער טיר, זעצט ער זיך עסן — ברעכט ער די לעפל. ער שלאָגט די קאַץ, רייַסט די טאַפּעטן. וואָס איז מיט אים?

און הייַנט... זי שטייט מיט א יינגל באַם טויער. זיי קאָנען זיך אַלץ ניט געזעגענען, קוקן זיך אין די אויגן, ווי זיי וואָלטן וויסן א געמיינזאַמען וויכטיקן סאָד. פאַר די הענט נעמט מען זיך אַלע ווייַלע. און ווער איז דאָס יינגל? מיכקע... אָט יענער מיכקע, וואָס איז געגאַנגען אין טיפע קאַלאָשן... איין מאָל האָט ער זיך מיט אים שוין געשלאָגן, וועט מען עס מוזן איבערכאַזערן נאָך־אַמאָל. און שלעכטע געדאַנקען קומען אוף סימכען. איז ווי קאָן ער שווייַגן?

...און אַז ליבע קומט אהיים, פאַרמאַטערט זי די מאַמע:

— א יינגל פון דער אונט־שול האָט מיך באַגלייט, האָסטו געדאַרפט זען, מאַמע, ווי אָט דער באָסיאַק האָט זיך צעלאָזט, שלאָגן זיך געוואָלט.

— ווי שעמסטו זיך ניט, סימכע, א שוועסטער.

און אַז דער טאַטע קומט, נעמט ער ערשט אַרייַנזאָגן סימכען. און ווי שטענדיק, טרעפט ער אין פינטעלע אַרייַן. נאָר הייַנטיקס מאָל גיט זיך סימכע ניט אונטער. וואָס פאַרשטייען טאַטע־מאַמע? זאָל מען א פרעג טאָן באַ זייַנע כאַווירים...

מיכקען פאַרדריסט אויך די באַגעגעניש מיט סימכען. אָבער לאַנג טראַכטן וועגן דעם קאָן ער ניט, ווײַל אַלע טאָג זײַנען דאָ נײַס, וועלכע ער הערט אין פּראָפּאַרייך. די נײַס זײַנען וועגן רוס־לאַנד, וועגן דײַטשלאַנד... אָט האָט ער געהערט אזוינס, וואָס ביז איצט איז עס אים ניט אײַנגע־פאַלן. די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין דער שטאָט זײַנען נאַציאָנאַלע, יידישע, פּוילישע... פּאַרטייען אין דער שטאָט זײַנען אויך נאַציאָנאַלע: פּוילישע, ליטווישע, יידישע... ווו זשע איז דער „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַרייניקט זיך!"? ער רעדט וועגן דעם מיט ליבען, און ליבע איז אויך מאַסקים.

ליבע וויל, אַז מער זאָל ער זי צום טויער ניט אָפּפירן. עס זאָלן קיין קריגערײַען ניט זײַן. נאָר ער האָט זיך אײַנגעשפּאַרט, אַפּצולאַכעס. פאַר וועמען האָט ער מוירע? דאָס געפעלט זייער ליבען.

...די לעצטע וואָכן אַרבעטן גערשן מיט ניקאָלײַען הינטער דער שטאָט באַם פאַרגרייטן גע־הילץ. זיי שטייען אויף פאַרטאָג, ווען עס איז נאָך קימאַט פינצטער, און שלײַכן זיך אַרויס אומבאַ־מערקט פון דער שטוב, זיי זאָלן קיינעם ניט אויפוועקן. מיט זיך נעמען זיי ברויט און א טעפּל געקעכץ, וואָס ביילע האָט פאַר זיי פאַרגרייט.

דער וועג פירט פאַרבײַ דעם טײַך. די אַרבעטער גייען אײַנגענורעט, עס איז פאַרטאָגיק קיל, און די באַנאַכטיקע שטילקײַט הענגט נאָך אַרום און אַרום. פון צײַט צו צײַט הערט זיך, ווי עמעצנס א שטיוול גליטשט זיך איבער א פײַכט שטיינדל. קיינער רעדט ניט. אַז מע קומט אַרײַן אין וואַלד, ווערט נאָך טינקעלער, אָבער דערפאַר וואַרעמער. די העק און די זעגן שטעלן די אַרבעטער אַוועק בא די שטאַמען פון דיביימער, און אַליין זעצן זיי זיך אויס אף עטלעכע אַלטע סאָטנעס, וואָס ליגן שוין דאָ יאָרן און פוילן. די אַרבעטער פאַרייכערן. פונעם מאַכאָרקע־רויך ווערט היימלעכער. אינגיכן שטעלט זיך אויף דער דעסיאַטניק, גיט א קוק צום הימל און נעמט זיך ציילע־מען. דעמלט הייבן זיך אַלע אויף און טרעטן צו צו דער אַרבעט. אין פאַרטאָגיקן וואַלד קאָן מען אינגיכן דערהערן, ווי אין פאַרשיידענע זײַטן פון דער דעליאַנקע פאַלן מיט רויש און קראַך סאָס־נעס און יעלן. ניקאָלײַ און גערשן אַרבעטן זאַלבענאַנד מיט איין זעג. שווײַגנדיקע שטעלן זיי זיך אף די קני זעגן א הויכע סאָסנע. ווען דער בוים פאַלט און לייגט זיך פונקט דאָרט, ווו זיי האָבן געוואָלט, שרײַען ביידע אויס:

— פּאָטשין יעסט!

צופרידענע זעצן זיי זיך אפן אומגעוואַלגערטן בוים, שלעפּן אַרויס די מאַכאָרקע־בײַטעלעך פון די קעשענעס און פאַרייכערן.

— פּאָוטאָרים! — און ווען די צווייטע סאָסנע איז געלעגן פאַר זייערע פיס, האָבן זיי ערשט דעמלט באַקומען כיישעק צו ריידן.

מיטיק־צײַט, ווען דער שײַטער האָט געברענט און דאָס טעפּל געקעכץ האָט זיך שוין גע־וואַרעמט, איז צו זיי צוגעגאַנגען אַן אַרבעטער מיט א קעסעלע אָנגעשיילטע קאַרטאָפל און גע־בעטן א דערלויבעניש עס אָפּצוקאָכן.

— ביטע, האָלץ און פײַער איז אין וואַלד גענוג.

דער אַרבעטער האָט אָפּגעזוכט א פאַסיקע צווײַג און די ברייטע זײַט שאַרף אָפּגעטעסעט מיט דער האַק. דערנאָך האָט ער די צווײַג אַרײַנגעשטעקט אין דער ערד און אף איר אויפגע־האַנגען דאָס קעסעלע איבערן שײַטער. דעמלט האָט ער זיך אַליין אויך צוגעזעצט צום פײַער.

— צו אַלץ געוווינט מען זיך צו, — האָט ער נאָך א פּאָר מינוט שווײַגן געזאָגט, — איך בין, קאָן מען זאָגן, אין וואַלד געבאָרן און אויסגעוואַקסן געוואָרן, נאָר קיין וואַלד קיינמאָל ניט געהאַקט. וואָס טוט מען ניט צוליב ברויט?

— מיר זײַנען אויך ניט קיין געניטע וואַלד־אַרבעטער, — האָט זיך אָפּגערופן גערשן, — הײַנט קלײַבט מען קיין אַרבעט ניט אויס. די נויט פרעגט ניט.

— אָט דאָס זאָג איך דאָך, — האָט דער אַרבעטער געענטפערט און א קוק געטאָן צו זײַן קעסעלע מיט די קאַרטאָפל. — די צײַט איז א שווערע. דאָס הייסט, פאַר אונדז איז זי א שווערע.

— און ווו איז לײַכטער? — האָט ניקאָלײַ געפרעגט.

— דעם עמעס גערעדט, ווייס איך ניט. נאָר מענטשן זאָגן... און דערבײַ ניט קיין נאַרישע מענטשן. זאָגן זיי... רוסלאַנד.

— רוסלאַנד איז ווײַט, ניט צו דערלאַנגען.

— וואָס עמעס — איז עמעס. אָבער מענטשן זאָגן, אַז עס ווענדט זיך, ווי מע מעסט. אַמאָל,

זאָגן קלוגע לײַט, איז אַן ארשין לאַנג ווי א טראַקט. און פּאַרקערט, עס טרעפט, אַז א וויאָרסט איז קליין ווי א שפּאַן. ווי מע מעסט...

— לויט דײַן גלײַכוווערטל, גוטער מענטש, וואָלט איך איינס און צוויי געקאָנט קומען צו זיך אַהיים.

— ביסט דען ניט קיין היגער?

— פון סיביר.

— אַזש... ווײַטלעך, ברודער, ווײַטלעך. ווייסט אָבער, וואָס איך וועל דיר זאָגן, איך וועל דיר דערציילן, וואָס מײַן זיידע האָט געברײַעט. איך בין א ליטווין און שטאַם פון דער זשמוד, פון א דאָרף הינטער קײַדאַני. ארום איז געווען וואַלד און וואַלד און וואַלד. און דערצו נאָך — בלאָטעס. דער וואַלד איז געווען א געדיכטער, א פינצטערער, א פײַכטער. אין א צווייטן דאָרף האָט געלעבט דעם זיידנס א ברודער. דעם זיידנס ברודער איז געווען א גרויסער בעריע אף מאַכן א גוט ביסל מאַשקע. אין הארבסט, ווען עס קומט אָן די נעץ, ווען דער ווינט דרייט די בלעטער, ווי א מעכאַ־שעף, ווען דער וואַלד וואָיעט, ווי א גאַנצע סטײַע הונגעריקע וועלף, און א רעגנדל מאַראַקעט א קײַלעכדיקן מעסלעס, פלעגט דער זיידע דעמלט נעמען אויקען און קרעכצן — די פיס ברעכן, דיביינער נאָיען, דער קאָפּ איז מיט בלײַ... אָט דעמלט פלעגט ער צו מיר זאָגן:

„יאַזאַס, טו אָן מײַנע לאַפּטיעס און גיי צו מײַן ברודער נאָך דער רעפּוע".

און דאָס איז שוין געווען באַוווּסט: די רעפּוע — איז מאַשקע.

„א ווײַטער וועג, זיידע", — פלעג איך ענטפערן, ארויסקוקנדיק דורכן פענצטער צום פאַרעגנטן הימל.

„דאָס איז דערפאַר, יאַזאַס, — פלעגט דער זיידע שמייכלען, — ווײַל דו פאַרלויפסט זיך דעם וועג. וועסט גיין — ווע־סטו קומען. דעריקער איז אָנהייבן..."

ניקאָלײַ און גערשן האָבן זיך איבערגעקוקט, און דאָס האָט געקאָנט באַטײַטן, אַז זיי ווינקען זיך אפילו איבער. ניקאָלײַ האָט אראָפּגענומען דאָס טעפל פון פײַער.

— מײַנע קאַרטאָפל זײַנען שוין אויך פאַרטיק, — האָט געזאָגט דער ליטווין.

עס איז געווען קאָנטיק, אַז ניקאָלײַ וויל עפּעס זאָגן. מיט דעם הילצערנעם לעפל האָט ער אָנגענומען געקעכץ פון טעפל, א בלאָז געטאָן, צוגעטראָגן צו די ליפּן, נאָר אָנשטאָט ארײַנעמען אין מויל האָט ער גאָר פריִער געפרעגט:

— אנטקעגן וואָס האָסטו דערציילט די מײַסע, יאַזאַס?

יאַזאַס האָט געגעסן זײַנע קאַרטאָפל, ניקאָלײַ מיט גערשענען — זייער געקעכץ. נאָכן עסן האָט דער ליטווין געזאָגט:

— אפּאָנעם, צײַט ווידער צו דער ארבעט. אויב איר וועט דערלויבן, וועל איך מאָרגן ווידער קומען קאָכן קאַרטאָפל.

— קום, קום, — האָט געענטפערט ניקאָלײַ. — א קלוגער זיידע בא דיר געווען. סאָוועטן־רוסלאַנד, הייסט עס, איז ניט ווײַט?

אינמיטן זומער זײַנען צו מיכקעס טאַטן און צו ניקאָלײַ לאַפּטיעוון געקומען געסט. פון זעקס מאַן האָט מיכקע געקענט נאָר צוויי: כאַוועלע געפען און הירשל טאַנקוס. וועגן וואָס די געסט האָבן גערעדט, האָט מיכקע ניט געוווּסט. ער האָט נאָר געהערט, ווי די מאַמע האָט שטיל געזאָגט דעם טאַטן, אַז מע דאַרף זײַן פאָרזיכטיק, דײַטשישע פּאָליציי האָט אומעטום אויערן. איינס האָט מיכקע זיך דערוווּסט: צווישן די געסט זײַנען געווען פּאָליאַקן און ליטווינער. איז עס דאָך פאַרבונדן מיטן „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער..." דאָס פאַרשטייט ער. וועגן דעם אָבער האָט ער ליבען ניט דערציילט. כאַוועלע איז אים פון דעמלט אָן געוואָרן נעענטער, זי איז אים געוואָרן ווי אַן אייגענע. ווען זי באַגעגנט אים, פרעגט זי אַלעמאָל, וואָס ער מאַכט, וואָס ער לייענט, מיט וועמען ער כאַווערט זיך. אין זײַנע אויגן איז זי געווען א מענטש מיט אַלע מײַלעס. דערפאַר איז ער געוואָרן זייער איבעראַשט, ווען איינמאָל אין א סאָף־זומער־אָוונט, שפּאַצירנדיק מיט ליבען אין מאַנאַסטיר־געסל, האָט ער דאָרט דערזען כאַוועלען. געווען איז זי ניט אַליין... מיט זיאַמע ראַמעסן. כאַוועלע איז אין זײַנע אויגן באַלד אראָפּגעפאַלן. עס האָט אים פאַרדראָסן. דערי־קער האָט ער מוירע געהאַט — טאָמער וועט ער זי נעמען אונטער דער האַנט. אַזוינס וועט ער ניט אויסהאַלטן, ער וועט אין זיי שטיינער שלײַדערן. זיאַמע ראַמעסן איז ער מיטאָמאָל געוואָרן א סוינע. ער וויל זיי מער ניט אָנקוקן און רופט ליבען אַהיים. ליבע איז ניט צופרידן. מאַלע וואָס נאָך עמעצער שפּאַצירט, זאָלן יענע אוועקגיין. דערציילן, אַז כאַוועלע איז אים נאָענט ווי א שוועסטער, זינט זי איז געווען בא זיי אין שטוב, קאָן ער ניט. ער קאָן אויך ניט דערציילן, אַז דער זיאַמע ראַמעס איז גאָר כאַוועלען א פרעמדער.

— קום, ליבע...

— וווּהין?

2*

— וווהין דו ווילסט. וואָרעם טאַמער קושן זיי זיך...
— סאַרא נאַרישער דו ביסט, אוואדע וועלן זיי זיך קושן. צוליב דעם קומען זיי אַהער.
— ליבע, איך וועל אים פאַרוואַרפן מיט שטיינער. איך וועל שרייַען קאַראָול.
— זי איז דאָך ניט דייַן שוועסטער?
— אַ שוועסטער? מער ווי אַ שוועסטער...
זי האָט אָף אים אומרויִק און שטרענג אַ קוק געטאָן.
— מער ווי אַ שוועסטער?.. איז גיי צו איר! — האָט זי אויסגעשריִען און אַ צעקאָכטע זיך געלאָזט לויפן.
ער איז איר נאָכגעלאָפן, געבעטן, גערופן, ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס איז זי ברויגעז און פאַרוואָס לויפט זי. וואָס האָט ער אַזוינס געטאָן?
ליבע איז געגאַנגען ניט גלייַך אַהיים. זי איז אַרויס אָף דער ברייטער גאַס, פון דאָרט זיך אַראָפּגעלאָזט צום טעליאַטניק, דערנאָך צום בערנאַדינער גאָרטן. פון בערנאַדינער איז זי אַוועק צו געאָרגיִעווסקי. די גאַנצע שטאָט איז זי אויסגעגאַנגען, און ער נאָך איר. אַזוי זייַנען זיי צוגע־קומען צום טויער פון איר הויז. זי האָט אָף אים אַפילו קיין קוק ניט געטאָן און שנעל אַרייַן אין טויער. ער איז אַ ביסל געשטאַנען און איז אַוועק צוריק.
פון יענעם אָוונט האָבן זיך מיכקע מיט ליבען מער ניט געזען. אין דער אָוונט־שול לערנט מען נאָך ניט. עס טרעפט אין אָוונט, אַז מיכקע לאָזט זיך גיין צום מאָנאַסטיר־געסל. ער טראַכט: אויב זי האָט ליב, דאַרף זי פילן און אויך קומען. ליבע גייט אויך צום זעלבן געסל און טראַכט פונקט דאָס זעלבע: האָט ער ליב — דאַרף ער פילן און קומען. זיי מייַדן זיך אָבער אויס, זיי קומען אין פאַרשיידענע אָוונטן. ליבע איז אָף אים געוואָרן אַלץ מער אופגערעגט. זי האָט אַפילו געטראַכט זאָגן דעם ברודער, אַז זי אַרט ניט, אויב ער וועט זיך אַ בוצקע טאָן מיט מיכקען.



איינמאָל האָט מיכקע באַגעגנט כאַוועלען אָף דער גאַס. ער איז רויט געוואָרן און איז אַוועק אָן אַ זייַט. זי האָט עס באַמערקט. אַ צווייט מאָל איז געשען דאָס זעלבע. כאַוועלע האָט עס ווידער באַמערקט און זיך פאַרוווּנדערט. „ניט אומזיסט", — האָט זי געטראַכט.
אַז זי האָט אים נאָכאַמאָל באַגעגנט, האָט זי אים אָנגענומען פאַר דער האַנט און ניט אָפּ־געלאָזט.
— מייַדסט מיך אויס. ביסט אָף מיר ברויגעז?
ער האָט געשוויגן.
— זאָג, שעם זיך ניט.
— ברויגעז, — האָט ער געענטפערט, קוקנדיק אָף דער ערד.
— פאַרוואָס?
ער האָט געשוויגן.
— זאָג, פאַרוואָס ביסטו ברויגעז?
ער האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ און איר געקוקט אין די אויגן אַרייַן:
— פאַרוואָס שפּאַצירט איר מיט זיאַמע ראַמעסן?
אין אירע קלוגע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן פריילעכע פייַערלעך.
— מיט וועמען זשע דאַרף איך שפּאַצירן?
— מיט הירשל טאַנקוסן!
— געפעלסט מיר, מיכקע, — האָט זי געזאָגט לאַכנדיק, — איך באַמערק שוין לאַנג, אַז דו ביסט אַ ווויל עריאַט. הירשלען וועל איך זאָגן, וואָס פאַר אַ פאַרטיידיקער ער האָט.
זי האָט אָבער געפילט, אַז ער בלייַבט אומצופרידן.

8

באַ זאַלקינדן האָט מען ניט פאַרשטאַנען: וואָס קומט עס פאַר מיט זיאַמע ראַמעסן? דער בעסטער מענער־שנייַדער — און נעמט פּלאָנטערן צווישן אַ ראָק מיט אַ סמאָקינג. דאָס זעלבע האָט מען ניט פאַרשטאַנען, וואָס מיט אים קומט פאָר, ווען ער קומט עסן צו וועלפקען אין רעסטאָראַן. אין דעם דאָזיקן רעסטאָראַן איז צו געפינען פון אַלערליי יידישע מייַכאָלים. דאָרט קאָן מען טרעפן שרייַבער, אַרטיסטן, קינסטלער. זיאַמע הערט זיך אייַן צו די געשפּרעכן פון קינסטלער און שרייַבער, צו וועמעס צעך ער וואָלט וועלן געהערן. שאַבעס זיצט ער לאַנג באַם

טיש, האָט האַנאַ פון די מײַכאַלים, אײַלט זיך ניט, ער איז צופרידן, און פון אים איז מען צו־פרידן. די לעצטע שאַבאַסים אָבער געפעלט אים ניט דאָס עסן. דער באַלעבאָס רעדט אים אײַן:

— הער ראַמעס, איך זאָג אײַך, עסט דאָס פלײש הײַנט. אויב ניט, וועט איר עס עסן מאָרגן אין קאָטלעטן. באַ אונדז גייט גאָרנישט אין ניוועץ...

— אָבער עס געפעלט מיר ניט...

— הער ראַמעס, עסט דאָס פלײש הײַנט. אויב ניט, וועט איר עס איבערמאָרגן עסן אין כרעמדזלעך. באַ אונדז גייט גאָרנישט אין ניוועץ...

אַלע וווּנדערן זיך, און קיינער כאַפּט זיך ניט, אַז זיאַמע ראַמעס איז פאַרליבט. זײַנע העכער דרײַסיק יאָר האָבן מיטאַמאָל אַ שפּאַר געטאָן, אַ טראָג געטאָן אין אים דעם מאַנצבל, און זײַן גאַנץ וועזן שרײַט: זיאַמע, האָב כאַסענע, זיאַמע, כאַוועלע געפעלט אונדז. מיר גייען אויס... ער האָט גענומען ערגער אַרבעטן, ערגער עסן, נאָר דערפאַר — גיכער גיין. ער זוכט, ער וויל דער־זען כאַוועלען. און אַז ער טרעפט זי, זאָגט ער שוין דער ערשטער:

— כאַוועלע, אַ גוטן־אָוונט.

ער טראַכט דערבײַ: „זי דאַרף דאָך איצט פילן, אַז איך בין אַ פערדל, וואָס לאָזט זיך נעמען פאַר דער צוים אַף אַרויספירן פון שטאַל“. זי שמייכלט, טאַקע ווי אַמאָל, זי וויל אים געוויס געפעלן. און ער פרעגט ווידער:

— איר שפּאַצירט?

איצט רעדט זי שוין ניט קלאָר, אַזוי אַז ער קאָן ניט וויסן, וואָס מיינט זי. דאָך גייט ער זי באַגלייטן. ער ווייסט, ער האָט פון אַנדערע געהערט, אַז מע שפּאַצירט מיט אַ פרײַלן, דאַרף מען עפּעס דערציילן, איר זאָל פריילעך זײַן. דערציילט ער וועגן מאַקס גאָדיען. זי הערט און הערט ניט. וואָרעם זיאַמע ראַמעס אינטערעסירט זי ניט און מאַקס גאָדיען געוויס ניט. ריידן רעדט ער לאַנג און אויסגעצויגן, ער האָט פאַרגעניגן פון זײַן דערציילן, און דעריבער איז ער זיכער, אַז אויך אַנדערע דאַרף עס געפעלן. זי שווײַגט אָבער. זי לאַכט ניט, זי פרעגט ניט, זי ענטפערט ניט. נאָר פּלוצלינג גיט זי זיך אַ כאַפּ:

— אַ מאַטאָנע?

— וואָס איך פאַרלאַנג נאָר.

— האָט איר גענומען?

פון דער דאָזיקער פראַגע שטעלט זיך זיאַמע אָפּ אינמיטן דער גאַס. ווי קאָן מען גאָר טראַכטן, אַז ער זאָל באַ אַ ספּעקוליאַנט נעמען מאַטאָנעס. ער איז פאָשעט באַליידיקט...

— דאַפקע באַ אַ ספּעקוליאַנט וואָלט איך גענומען. ניט פאַר זיך. נאָר אַ מיצווע באַ אַזוינעם צו נעמען געלט און צעטיילן אָרעמעלײַט אָדער איבערגעבן אין דער קאַסע פון פּראָפאַרייען פאַר אַרבעטלאָזע. אָדער איבערגעבן אַף אַנדערע צוועקן...

דערבײַ טראַכט זי: ווען איך און מײַנע כאַווערים האָבן געלט, וואָלטן מיר באַקומען שריפט, אָפּגעדרוקט אַ בלעטל, געקויפט ליטעראַטור. און ס'איז שוין געוויס די צײַט געקומען אַ ביסל געווער צו קריגן — זיך לערנען שיסן. די צײַט גייט צו דעם...

זיאַמען, פאַרשטייט זיך, זאָגט זי גאָרניט. ער אָבער היצט זיך:

— קיינמאָל ניט! ניט פאַר זיך, ניט פאַר יענעם. באַ אַ ספּעקוליאַנט?

„ספּעקוליאַנטן האָט ער פײַנט. דאָס איז גוט, — טראַכט כאַוועלע, — ער איז דאָך אַן אַרבעטער“.

זיי שפּאַצירן איבערן מאָנאַסטיר־געסל. ער באַמערקט גאָרניט אַרום זיך. כאַוועלעס בליק איז ייִנגער און שאַרפער, זי דערזעט מיכקען מיט ליבען. זי איז צופרידן, וואָס יענע גייען גיך אוועק.

— איז אָט, זיאַמע, איך האָב מיט אײַך צו ריידן וועגן אַן ערנסטער זאַך.

— כאַוועלע, אײַך בין איך שטענדיק גרייט צו הערן.

— בין איך זייער צופרידן.

— איר האָט דען געצווייפלט?

— ניין, פאַרוואָס? ניט געצווייפלט, נאָר עס איז אָנגענעם צו הערן נאָכאַמאָל.

ער וויל זי נעמען אונטער דער האַנט, נאָר ער לייגט עס אָפּ אַף שפּעטער. צי פעלט אים מוט, צי געניטקײַט, צי ווײַל אים דוכט, אַז נעמען אַ מיידל אונטער דער האַנט איז אַ געשעעניש אין לעבן, דאַרף מען עס טאָן ניט געײַלט און מיט טאַקט. און זײַן האַנט הייבט זיך אויף אַ ביסעלע העכער, נעענטער צו אירער און הענגט אַזוי אומזיכער אין דער לופט. דערנאָך הייבט זיך זײַן האַנט נאָך אַ ביסעלע העכער, אַזוי אַז די פינגער פילן שוין באַלד די נאָענטקײַט פון אירע... און אים דוכט, אַז נאָר ער, זיאַמע ראַמעס, וואָס איז קלוג און פאַרשטייט זיך אין דיפּלאָמאַטיע, קאָן אַזוי קונציק ביסלעכווײַז צוקומען צו איר האַנט...

— זיאמע, איר זײַט אַן אַרבעטער, אַ מיטגליד פֿון פּראָפֿאַריין...

— ווי דען? — ענטפֿערט ער און טראַכט: זי פֿאַרגיט נאָך אַ פֿראַגע, נעם איך זי אונטערן אָרעם.

— איך פֿאַרשטייט דאָך, אַז בײַ אונדז אין דער שטאָט זײַנען אויך פֿאַראַן באָלשעוויקעס.

— מיסטאָמע פֿאַראַן. אַלנפֿאַלס ניט איך. איך האָב קיין שום שײַכעס ניט... — און זײַן האַנט לאָזט זיך אַראָפּ נידעריקער.

— איך פֿאַרשטיי, אַז איר ניט, נאָר איר מיינט, זיאמע, אַז איר האָט זיך מיט וואָס צו באַרי־מען? — און אירע אויגן לאַכן שפּאָטיש.

— איך באַרים זיך ניט. איך פֿאַרשטיי אָבער ניט, וואָס געהערט זיך עס אָן מיט אײַך? איר, כאַוועלע, אַזאַ יונגע, אַזאַ שיינע... איר געפֿעלט מיר.

אַף די לעצטע ווערטער ענטפֿערט כאַוועלע גאָרניט, ווי זי וואָלט עס גאָר ניט געהערט.

— איר וווּנדערט זיך אומזיסט. דאָס לעבן פֿירט צו דעם, — זאָגט זי.

דאָ האָט זיך זיאמע דערמאָנט: כאַוועלע וואַרט אַף די באָלשעוויקעס. דאָס קאָן ער נאָך פֿאַרשטיין, נאָר אַף אַזוינס... זי אַליין... עפּעס גלייבט זיך אים אַלץ ניט, אַז אָט די פּולינקע, זשוואַ־ווינקע און קלוגע כאַוועלע זאָל דאָס מיינען ערנסט. ווי קומט עס צו איר? ווי קומט עס ביכלאַל צו אַ מיידל? צו אַ מיידל, וואָס געפֿעלט אים, וואָס איז לוסטיק און פֿריילעך?

ער נעמט זי אונטער דער האַנט.

— צי דען, כאַוועלע, אויך איר?

שווײַגנדיק זײַנען זיי עטלעכע מאָל דורכגעגאַנגען דאָס מאָנאַסטיר־געסל. זיאמען איז כאַ־וועלע איצט אַזוי נאָענט, זי איז אים אַזוי געפֿעלן, אַז ער איז גרייט אויסצופֿילן אַלע אירע פֿאַר־לאַנגען, אַפֿילו אירע קאַפּריזן.

— און עפּשער טאַקע... פֿאַרוואָס ניט נעמען בײַ דעם דאָזיקן בורזשוי? אָדער... זאָגט מיר, כאַוועלע, דעם עמעס... איך פֿאַרשטיי דאָך אַלץ. ווי וואָלט געווען, איך זאָל נעמען דאָס געלט און אײַך איבערגעבן. איר וועט שוין וויסן, וואָס מיט דעם צו טאָן.

„איך וואָלט אַוודע געוווּסט, וואָס מיט דעם צו טאָן“, — איז בײַ כאַוועלען דורכגעלאָפֿן אַ געדאַנק. זי ווייסט דאָך פֿון אַזוינע פֿאַלן, ווען בײַ פֿאַרמעגלעכע מענטשן און אַפֿילו בײַ קאַפּיטאַ־ליסטן האָט מען אַף פֿאַרשיידענע אויפֿאַנים גענומען געלט פֿאַר רעוואָליוציאָנערע צוועקן.

— עס לייגט זיך אַפֿן סייכל, — ענטפֿערט זי ניט אינגאַנצן זיכער.

— איר ווייסט אָבער... עס איז מיר ניט צום האַרצן נעמען בײַ אַזוינע מענטשן געלט. עס עקלט פּאַשעט.

— איר זײַט אויך גערעכט, זיאמע.

— און דאָך... — זיאמען שרעקט דער געדאַנק, אַז כאַוועלע טרויט אים ניט, — דאָך, אַז מע זאָל זיך גוט אַרײַנטראַכטן, געהער זײַן גוטס ניט אים, נאָר דעם פֿאָלק. ער האָט עס אָנגעראַ־בעוועט... איז עפּשער טאַקע אַ מיצווע בײַ אים נעמען אַ מאַטאָנע? ווײַבאַלד ער גיט עס מיר, מעג איך טאָן מיט דעם, וואָס איך וויל. איך וועל זיך באַטראַכטן, כאַוועלע, איך וועל זיך באַראַטן.

מיט דעם האָט זיך געענדיקט זייער שפּאַציר, און זיי זײַנען זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען.

לאַנג האָט יענע נאַכט זיאמע ניט געקאָנט אײַנשלאָפֿן. צי דען וועט ער טאַקע גיין צו דעם גאָדיענען בעטלען? דאָס וועט דאָך באַטײַטן, אַז ער פֿאַרמעקט זײַן גאַנץ אָרנטלעך לעבן. ניין, ער קאָן עס ניט, ער טאָר עס ניט. ניין!

פֿונדעסטוועגן איז ער אין אַ וואָך אַרום געגאַנגען צו מאַקס גאָדיען. געהייסן האָט עס בײַ אים, אַז ער גייט שפּאַצירן. ער וועט גלאַט אַזוי זיך דורכגיין איבער די גאַסן. ער האָט אָבער גע־ווּסט, אַז ער נאַרט זיך. ער האָט גוט געפֿילט, אַז אונטערן שפּאַצירן ליגט גאָר עפּעס אַנדערש. און וויפֿל ער רעדט זיך ניט אײַן, אַז ער גייט צו פּאַהוליאַנקע, ווײַל פֿון דאָרט וועט ער זיך לאָזן צום זאַקרעטער וואַלד, גלייבט ער זיך ניט. געווען איז שוין האַרבסט, און זיאמע האָט געפֿילט, אַז דער גאַנצער האַרבסט איז אַרײַן אין אים. זײַן פּאָנעם איז אַפֿילו געוואָרן געל. ער ווייסט דאָך, אַז מיטן גיין צו דעם דאָזיקן קאַליקע־שנײַדער זיך דערנידעריקן, בעטן אַ מאַטאָנע ברענגט ער זיך אום. ער וועט גיין ביז דער אַפּטייק און זיך פֿאַרקערעווען אין אַ צווייטער זײַט. נאָר אָט איז ער שוין נאָך דער אַפּטייק און גייט ווײַטער. ער איז שוין אַף גרויס־פּאַהוליאַנקע. ער איז שוין בײַם הויז, וווּ גאָדיען וווינט. אַז ער קומט צו צום הויז, דערמאָנט ער זיך, ווי ער איז געבליבן שטיין בײַ דער פֿאַרמאַכטער טיר אין טאָג פֿון דער כאַסענע. און הײַנט וועט ער בײַ אים בעטן אַ מאַ־טאָנע? אַ ציטער לויפֿט אים דורך. דער ערשטער געדאַנק איז: אַנטלויפֿן! אַ שפּײַ טאָן און אַוועק־גיין. נאָר באַלד קומט גאָר אַ צווייטער: אַפּצולאָכעס! אַף צעפּיקעניש דעם פּאַסקודנעם גוויר. ער גייט דען בעטן? ער גייט אָפּנעמען, וואָס דעם פֿאָלק קומט. סײַווי וועט מען עס קאָנפֿיסקירן, מעג ער אַ ביסל געבן פֿאָרויס. און ביכלאַל, וואָס איז ער אים? אַ שויפֿעט! מיט אים זיך רעכענען.

כאוועלע איז אים טויזנט מאָל טײַערער און ביליקער. ער קלינגט אָן. די טיר עפנט זיך, און עמעצער פרעגט, צו וועמען ער דארף.

— צו מאקס גאָדיען.

— איר האָט פארשפעטיקט אף א גאנצער וואָך צײַט. ער איז מיט זײַן מישפּאָכע ארויסגעפאָרן קיין דײַטשלאנד.

## 9

אין א הארבסטיקן און קורצן פרײַטיק, ווען אף די גאסן איז שוין געוואָרן שטילער און ליידיקער, אין די הײַזער צוגערעמט און דאָס ליכט־בענטשן האָט זיך גענומען אָנרוקן איבער דער שטאָט, זײַנען נאָך אף דער דײַטשישער גאס א טייל געשעפטן געשטאנען אָפן. איין באלעבאָס האָט געקוקט אפן אנדערן און אלע צוזאמען — אף זײַדשנורס גאלאנטעריי־געשעפט. זײַדשנור אליין, א מענטש מיט א שיינער געשאָרענער באָרד און גאָלדענע ברילן, האָט ארויסגעקוקט דורך דער טיר צו דער גאס און געווארט: עפשער א קוינע? זינגט א פריצטע האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק, ערעוו ליכט־בענטשן געגעבן היפּש צו לייזן, האָט זײַדשנור מוירע צו פרי פארשליסן דאָס געשעפט. עפשער ווידער א פריצטע? און די ארומיקע קרעמערווארטן אויך. ווארעם עס קאָן זײַן, אז הײַנט וועט זיי צושפּילן דאָס מאזל — די פריצטע וועט קומען צו זיי. זײַדשנורס אָנגעשטעלטע, לייבעטשקע און כאוועלע, קוקן אויך צו דער טיר. יעדערער פון זיי טראכט זיך זײַנס. לייבעטשקע טראכט: ווי קומט איצט א קוינע? פונוואנען? א מעשוגענער קאָן נאָר קומען. כאוועלע האָט זיך אירע געדאנקען: א גאנצע גאס קוקט אף איר באלעבאָס. אלע האלטן אים פאר א קלוגן און סאָלידן נאָר דערפאר, ווײַל ער איז שטענדיק ערנסט און שווײַגט ווי א פיש. אף איר, אף כאוועלען, קוקט דער באלעבאָס ווי אף א פוסט מיידל... און נאָר דערפאר, וואָס זי איז פריילעך. וואָס זאָל זי טאָן, אז זי קאָן ניט זײַן אומעטיק? דערזעט זי דעם באלעבאָס געקעכלטע אויסגעפוצטע באָרד, ווײַל זי לאכן. דערזעט זי זיאמעס דינע מיידלשע ליפּן — מוז זי שמייכלען. די מאמע זאָגט, אז דאָס איז טאקע א פעלער און דאָס שטאמט, זאָגט זי, פון אקשאָנעס אָדער צולאָכעס. אז כאוועלע בייזערט זיך, באמערקט מען גאָרניט. עמעס, בא איר טרעפט אָפּט: אינמיטן בייזערן זיך צעלאכט זי זיך. אפן בייזערן זיך לייגט קיינער קיין אכט ניט. אפן לאכן — אלע. אפילע אירע כאווירים, וואָס ווייסן, אז ווען מע דארף, קאָן זי זײַן ערנסט, גיבן, עמעס, אין שפּאס אמאָל א זאָג: כאוועלע, פריִער לאך זיך אויס... עס באקומט זיך, אז אלע זײַנען אף איר מעווינים. פארוואָס וויל מען ניט פארשטיין, אז אויך זי איז א מיוון אף אנדערע? דערפאר בא הירשלען אין שטוב האלט מען זי פאר א כאכאָמע.

כאוועלע גיט א קוק דורך דער טיר און זעט, אז אף דער דײַטשישער גאס גייען שוין באצײַטנס מיט לאנגזאמע טריט פרומע ייִדן צום שול־הויף. לייבעטשקע האלט ניט אויס, מאכט א קאָשער פּאָנעם און זאָגט מיט א זיפץ:

— מע קאָן נאָך מעכאלעל־שאבעס זײַן. פרומע לײַט גייען שוין אין שול...

— אָבער איר, לייבעטשקע, זײַט דאָך צווישן די פרומע ניט פארשריבן. און כאוועלע, דוכט זיך, געוויס ניט, — מורמלט דער באלעבאָס.

— פאר דער פירמע אָבער פאסט עס ניט. מע וועט ריידן, — ענטפערט כאוועלע. — צוליב איין רובל קאָן מען פארלירן צען.

זײַדשנור פארשטייט, אז כאוועלע איז גערעכט. נאָכגעבן איר איז אָבער פאר איר צופיל קאָוועד. דעריבער זאָגט ער צו לייבעטשקען:

— האָסט מוירע מעכאלעל־שאבעס זײַן... שליס די טיר.

אין א רעגע ארום נעמען זיך פון אלע זײַטן גיך־גיך שליסן אלע געשעפטן.

דורך די שטילע פרײַטיק־פארנאכטיקע גאסן אײַלט כאוועלע אהיים. ביז זי קומט צו דער קיִעווער גאס, ווערט שוין גוט טונקל. אז זי גייט ארײַן צו זיך אין הויף, ווו הילצערנע, ניט־געפארבטע טרעפּ מיט אן אויסגעקרימטער פּאָרענטש פירן צו איר שטוב, איז שוין פינצטער. אין דעם ליכטיקן פענצטער שטייט איר מאמע שיפרע מיט פארלייגטע הענט אפן הארצן און קוקט ארויס צו די טרעפּ: פארוואָס קומט ניט כאוועלע? אזוי שפּעט... כאָטש אף די האָר טראָגט זי א יאָמטעוודיק טיכל און די שיך זײַנען ביז גלאנץ אויסגעפוצט, נעמט די שאבעסדיקײַט פון נאָך ליכט־בענטשן ביסלעכווײַז צערינען. זי שטייט אין איינע זאָרג: פארוואָס איז די טאָכטער ניט געקומען? שיפרע ווערט אינגאנצן וואָכעדיק און זאָגט צו זיך, ברעכנדיק די פינגער: ניין, ניין, ס'איז ניט אומזיסט. אן אומגליק איז געוויס געשען, אזוי שפּעט... עפשער אן אויטאָמאָביל צי א דראָזשקע... צי עפשער זײַנען כוליגאנעס זי באפאלן. זי ליגט געוויס אין שפּיטאָל... און אלץ, וואָס זי ברענגט ארויס פארן מויל, קומט איר פאר די אויגן. זי זעט די דראָזשקע, די כוליגאנעס.

זי זעט בלוט... די הענט און פיס ווערן בא איר קאַלט, דאָס האַרץ גייט אויס, די אויגן גיסן זיך אָן מיט טרערן. פאַרוואָס אַזויפיל צאָרעס? איין טאָכטער אינגאַנצן...

כאַוועלע, אַז זי קומט אַרײַן אין הויף און דערזעט אין ליכטיקן פענצטער דער מאַמעס קאָפּ, פאַרשטייט זי אַלץ און נעמט אײַלן איבער די טרעפּ. די מאַמע דערהערט אירע טריט און עפנט די טיר אין פּירהויז.

— פאַרוואָס אַזוי שפּעט? גאָזלענטע! ראַזבוינִיצע! — אין די ווערטער אָבער הערט זיך שוין פרייד, וואָס די טאָכטער איז געקומען.

פאַר כאַוועלען איז עס ניט קיין נײַס. זי קען איר מאַמען. ניט איין מאָל האָט זי זיך פאַרגעבן די פראַגע: פאַרוואָס לייגט זי אַלץ אויס צום שלעכטן? פאַרוואָס ניט צום גוטן?

— אין וועמען ביסטו געראָטן, מאַמע, זאָג מיר?

— דערפאַר אָבער, — ענטפערט די מאַמע, — זע איך, אין וועמען דו ביסט געראָטן. אין דײַן טאַטן. אַזאַ ריזיקאַנט, ווי ער. — באַלד אָבער כאַפּט זיך די מאַמע, אַז זי באַרעדט איר מאַן, וואָס איז שוין אויף יענער־וועלט, און נעמט זיך פאַרענטפערן.

די מאַמע וואָלט נאָך אַ סאַך גערעדט, נאָר אין שטוב קומט אַרײַן אַ שכיינע און רופט אַרויס כאַוועלען אויף אַ סאָד. דאָס פאַרדריסט די מאַמען. זי פאַרשטייט, אַז געקומען איז מען עפּעס לײַען, און אַזויווי מע ווייסט, אַז שיפרע קאָן אַמאָל אַנטזאָגן, גייט מען דערפאַר צו כאַוועלען — זי וועט אַלץ אָפּגעבן. און עס לאָזט זיך טאַקע אַזוי אויס. צו דער שכיינעס מיידל איז געקומען אַ באָכער מיט בילעטן אין טעאַטער. באַם מיידל זײַנען די שיך צעריסן, בעט זי לײַען כאַוועלעס שיך. איין פוס בא זיי, כאַוועלע לײַט די שיך. אינגיכן קומט דאָס מיידל אַליין און רופט אויך כאַוועלען אויף אַ סאָד: זי בעט לײַען די זאָקן. כאַוועלע גיט די זאָקן.

— פאַר פרעמדע ביסטו אַ גוטע, — זאָגט די מאַמע, — אָבער פאַר אייגענע — אַ פרעמדע. הערשל וועט קומען... אין וואָס וועסטו אַרויסגיין?

— מירן זיצן אין שטוב. איך בין מיד און וועל אין ערגעץ ניט גיין... גיב עסן.

עס דערהערן זיך שטילע, ניט זיכערע טריט אין פּירהויז. כאַוועלע קאָן ניט פאַרשטיין, וועמעס טריט דאָס זײַנען. זי וואַרט אויף הירשלען, אָבער ער גייט ניט אַזוי. אָט הערט זי, אַז מע שטייט שוין בא דער טיר. עמעצנס אַ האַנט שאַרט אומזיכער און זוכט די קליאַמקע. די האַנט האָט שוין די קליאַמקע אויפגעזוכט, נאָר די טיר עפנט זיך ניט. כאַוועלען דוכט זיך אויס, אַז אויף יענער זײַט טיר קאָן מען זיך ניט באַשליסן וואָס צו טאָן: עפענען און אַרײַנגיין אָדער שטילערהייט אָוועקגיין צוריק?

— ס'איז צו דיר, מאַמע.

— ניין, טאָכטער, ניט צו מיר. אַזוי שטייט בא דער טיר אָדער אַ פאַרליבטער אָדער אַ באַל־כויוו. מיר קומט קיינער גאָרניט, און אין מיר איז קיינער ניט פאַרליבט.

— צו מיר איז עס געוויס ניט. — פון גרויס טשיקאַוועס גיט כאַוועלע אַ שפּרונג צו דער טיר און עפנט זי. אין דער טיר שטייט זיאַמע ראַמעס.

— זיאַמע! — שרײַט אויס כאַוועלע פאַרוווּנדערט. — אָט וועמען איך האָב ניט דערוואַרט. קומט אַרײַן.

אויף דער גאַנצער וועלט איז מיסטאָמע ניט געווען קיין גליקלעכערער מענטש פון זיאַמען, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז מאַקס גאָדיען איז מער נישטאָ אין ווילנע. גייענדיק דעמלט צוריק פון פּאָהוליאַנקע, האָט ער אַפילע געטראַכט, אַז דער דאָזיקער מאַקס איז דאָך גאָר ניט אַזאַ שלעכטער, אויב ער האָט געהאַט סייכל צו דער צײַט אָוועקצופאָרן. אין משך פון עטלעכע טעג האָט זיאַמע זיך ניט געסטאַרעט באַגעגענען כאַוועלען. ער האָט וועגן איר געטראַכט, ווי וועגן אַ טײַערער זאַך, וואָס ליגט גוט באַהאַלטן. ווען ער וועט וועלן, וועט ער זי קאָנען אָנקוקן. אויך הײַנט האָט ער ניט געטראַכט זי צו זען. אַז מע זאָל אים איצט פרעגן, וויִאַזוי קומט ער אַהער, — ווייסט ער ניט. ער געדענקט גאָר ניט, וויִאַזוי ער איז אַהער דערגאַנגען, אויפגעהויבן זיך אויף די טרעפּ. ער דאַרף זיך אַליין וווּנדערן, וויִאַזוי ער, זיאַמע ראַמעס, איז ניט קיין געבעטענער אַריבער אַ פרעמדע שוועל?

ער קומט אַרײַן, באַגריסט זיך און זאָגט כאַוועלען, אַז ער האָט געבראַכט אַן ענטפער. כאַוועלע דערפרייט זיך. די מאַמע באַטראַכט דעם גאַסט און פאַרשטייט ניט, פאַרוואָס די טאָכטער איז אַזוי צופרידן. זי איז דאָך אַזוי פאַרליבט אין הירשלען, אַז אויסער אים וויל זי קיינעם ניט זען. און דאָ... קומט שוין גאָר ניט קיין יונגערמאַן, אַן אומבאַקאַנטער... פאַרגעסט זי, ווו זי האַלט אין דער וועלט. ווי זי שײַנט עס, ווי זי איז גליקלעך. די מאַמע ווערט נאָך מער איבעראַשט, ווען די טאָכטער טוט אָן אירע, דער מאַמעס, אויסגעטראָטענע שיך און גייט מיט דעם דאָזיקן זיאַמען אַרויס אין גאַס שפּאַצירן. און הירשל? ער וועט דאָך באַלד קומען. די מאַמע הערט, ווי

כאוועלע מיט דעם דאַזיקן זיאמען לאָזן זיך אראָפּ פון די טרעפּ, און זעט, ווי זיי גייען ארויס פון הויף אין גאַס.

אינגיכן קומט הירשל.

די מאמע ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן. זי ווייסט ניט, צי מעג זי זאָגן דעם עמעס, צי דאַרף זי בעסער פארשוויַיגן. אלנפאלס נעמט זי פארענטפערן די טאָכטער. זי איז ארויס צו א כאַווערטע, צו א שכיינע... געלײַען שיך... באלד קומט זי אריַין. כאוועלע אָבער קומט ניט. הירשל וואַרט, וואַרט און גייט אוועק. כאוועלע קומט צוריק, און איר ערשטע פראַגע איז:

— הירשל איז נאָך ניט געקומען?

— געווען און אוועק. זיך ניט דערוואַרט.

— אָך, א פארדראָס. ער ווייסט, מיט וועמען איך בין געגאַנגען?

— אָט באלד דערציילט איך אים, אוואַדע... ביסט ארויס צו א כאַווערטע.

— צו א כאַווערטע? ווי איז עס דיר אײַנגעפאלן?

— וואָס זשע דען האָב איך אים געדאַרפט זאָגן, אז דו ביסט אוועק שפּאַצירן מיט א באָכער, מיט א קאַוואַליער? א גוטער גרוס וואָלט עס געווען.

— צו א כאַווערטע... נא דיר... אָך, וועט עס הירשלען פארדריסן. א מאָדנער מענטש ביסטו, מאמע, האָסט נאָך קיינמאָל אזוי ניט אויסגעלייגט צום שלעכטן, ווי הײַנט. א כאַווערטע? פארוואָס ניט דעם עמעס?

■ ■ ■

שאַבעס איז כאוועלע שפּעט אופגעשטאַנען, זי האָט אָנגעטאָן דאָס שענסטע קלייד און אוועקגעײַלט צו הירשל טאַנקוסן אהיים. הירשל מיט דער מאמען האָבן שוין אָף איר געוואַרט מיטן אָנבײַסן.

— שוועסטער, פארוואָס אזוי שפּעט? — האָט געפרעגט די מאמע. זי רופט כאוועלען אמאָל „שוועסטער", אמאָל „מײַן זונס שוועסטער".

הירשל איז אויך געווען שאַבעסדיק אָנגעטאָן און דעריבער אויסגעזען סאָלידער און אפילע עלטער, ווי אלעמאָל. כאוועלען געפעלט ער מער, ווען ער איז צעשויבערט, ווען זײַנע האָר סטאַרטשען אקשאָנעסדיק אין אלע זײַטן, ווען דאָס העמדל איז צעשפּיליעט און ווען זײַנע שוואַרצע אויגן זײַנען, ווי פון א סאַך וואַשן, פײַכט און גלאַנציק. זײַן יאָמטעוודיקער און צופיל אויסגעפּוצטער אויסזען, מיטן פינקטלעכן, צוגעגלעטן שרונט אפן קאָפּ איז א מין צולאָכעס כאוועלען.

כאָטש כאוועלע איז מיט עטלעכע יאָר יינגער פון הירשלען, האַלט מען בא אים אין שטוב, אז די עלטערע איז זי. זי פארשטייט מערער און באַנעמט טיפער. זי פארשטייט אי זיך, אי אים. ער, פארקערט, פארשטייט אָפּט נאָר זיך אליין. דעריבער מאַכט זיך, אז פון אירן א בליק אָף א מאַנצבל האָט ער פארדראָס. וועך רעדט נאָך, זי זאָל א שמייכל טאָן צו א באָכער, קאָסט עס אים געזונט. ער איז זיכער אין כאוועלען, ער ווייסט, ווי ליב זי האָט אים, נאָר ער קאָן ניט פארלײַדן, אז עמעצער זאָל אָף איר א קוק טאָן ווי א מאַנצבל אָף א פרוי. כאוועלע ווייסט עס, זי סטאַרעט זיך אים בארויִקן, אויסמײַדן אלץ, וואָס קאָן אים אָנרירן און פארשאַפן פארדראָס, אָבער אָף אזויפיל, וויפל א צוואַנציקיאָריק מיידל גיט זיך עס אײַן אויסצומײַדן.

כאוועלע זיצט מיט הירשלען באַם טיש האַנט בא האַנט. זי איז הײַנט מיט אים ווי א מאַמע מיט א צעבאַלעוועטן בעניאָכיד אָדער ווי אַן עלטערע קלוגע שוועסטער מיט א יינגערן ברודער. זי קוקט אָף אים פארליבט און כאַפּט אים אלע ווײַלע פאַר דער האַנט. און אים דוכט גאָר, אז זי וויל מיט דעם אויסקויפן א זינד... וווּ איז זי נעכטן פארפאלן געוואָרן? ניט געוואַרט אָף אים, אוועק גאָר צו א שכיינע...

— וואָס עסט איר ניט, קינדער? — פרעגט די מאמע. ביידע זײַנען איר דאַנקבאַר. מע קאָן אופהערן שוויַיגן.

כאוועלע איז הײַנט באַזונדערס שיין. הירשלס מאמע, וואָס זעט קיינעם ניט אויסער איר זון, קלײַבט הײַנט גרויס נאָכעס פון כאוועלען. זי טראַכט, אז זעלטן גיט זיך אײַן, אז א פרוי זאָל זײַן סײַ שיין, סײַ קלוג. כאוועלע האָט ביידע מײַלעס.

— ווייסט, שוועסטערל, איך זאָל זײַן א באָכער, פארליב איך זיך אין דיר.

הירשל איז פון דער מאמעס רייד צופרידן. פארוואָס דאַרף ער אָנטאָן כאוועלען הארצווייטעק? מיט וואָס איז ער אומצופרידן? און מיט וואָס איז זי שולדיק? ער הייבט אָן שטיל צו זינגען כאוועלעס באַליבט לידל „אונטער א קליין ביימעלע"... כאוועלע כאַפּט אונטער:

אונטער א קליין ביימעלע זיצן יינגלעך צוויי,
זיי ריידן פון א מיידעלע, קיין זאך קימערט זיי...

א גאַנצן טאָג איז זיי גוט און פֿריילעך. פֿאַרנאַכט גייען זיי אַרויס שפּאַצירן. איבער דעם בערעזע־וואַלד הענגט אַ שטילער, אַ פֿאַרכאָלעמטער הימל, די בלעטער שיטן זיך אָן אויפֿהער פֿון די ביימער, דרייען זיך, פֿאַלן און לייגן זיך ווי קרענץ אַרום די שטאַמען, פֿאַרדעקן אַלע וועגן און סטעזשקעס. כאַוועלע און הירשל שווייַגן. זיי שטעלן לייַכטע טריט און הערן זיך איַין אין דער שטילקייַט, וואָס הענגט אויף די הוילע בערעזע־צווייַגן.

## 10

איינמאָל אינדערפֿרי, אין אַ שפּעטן האַרבסט־טאָג, ווען זיאַמע איז אַרויס פֿון שטוב און זיך געלאָזט מיטן געוויינלעכן וועג צו דער אַרבעט, האָט ער די שטאָט מאַמעש ניט דערקענט. דייַטשישע סאָלדאַטן מיט ביקסן אויף די אַקסלען האָבן מאַרשירט איבער די גאַסן. די ביקסן האָבן זיי געהאַלטן מיט די רערן אַראָפּ. אַ סך פֿון זיי האָבן געטראָגן רויטע שלייפֿעלעך אין די לאַצן. די סאָלדאַטן האָבן געשריִען: „נידער מיטן קייַזער ווילהעלם!“, „זאָל לעבן די רעוואָליוציע!“. זיאַמע ראַמעס, ווי אַ סך אַנדערע, איז געשטאַנען אויפֿן טראָטואַר און געשטוינט. צי איז דאָס אַ מאַסקאַראַד, צי אַ כאָלעם? אינגיכן האָט זיך זיאַמע דערוווּסט, אַז אין דייַטשלאַנד איז אַ רעוואָליוציע.

דער עולם אויף די טראָטואַרן האָט אויך גענומען שרייַען: „נידער מיט ווילהעלמען!“, „זאָל לעבן די רעוואָליוציע!“ און די דייַטשישע סאָלדאַטן האָבן געענטפֿערט: „נידער!“, „עס לעבע!“.

זיאַמע האָט פֿאַרגעסן, אַז ער איַילט צו דער אַרבעט, און איז צוזאַמען מיט אַנדערע געבליבן שטיין אויפֿן ענג־געפּאַקטן טראָטואַר. פֿון ערגעץ אַ באַלקאָן, קימאַט איבער זיאַמעס קאָפּ, האָט עמעצער אַראָפּגעוואָרפֿן ווילהעלמס פּאָרטרעט. דער נידעריקער און דיקער וואַכמיסטער, וואָס איז געגאַנגען אין דער שפּיץ פֿון דער דייַטשישער קאָלאָנע און וואָס האָט צו אַלעמען געלאַכט, שטשירענדיק מיט די ציין, האָט געכאַפּט דעם פּאָרטרעט, אים צעריסן אויף שטיקער און אַ שלייַדער געטאָן אין דער לופֿט. פֿון זייַן איַינפֿאַל איז ער געוועזן זייער צופֿרידן און דערפֿאַר גאָר פֿרייַנטלעך געשמייכלט צו אַלעמען. זיאַמע ראַמעס איז געוועזן אַזוי איבעראַשט פֿון דעם, וואָס ער זעט דאָ, אַז ער האָט זיך נאָר געקאָנט וווּנדערן. ער האָט זיך דעריבער צוגעהערט, וואָס אַנדערע רעדן.

— דער וואַכמיסטער זעט אויס, ווי אַ רייַך און צופֿרידן פּויערל, וואָס האָט געמאַכט גוטע געשעפֿטן אויפֿן מאַרק און פֿירט איצט אַהיים זייַן יונגן ווייַבל אַ שיינע מאַטאָנע, — האָט איינער געזאָגט.

— איר באַמערקט אָבער, — האָט זיך אָפּגערופֿן אַ צווייטער, — דאָס כיטרע וואַכמיסטערל שרייַט אַלץ „נידער“, „נידער“... וואָס קאָן ער פֿאַרלירן און מיט וואָס קאָן ער ריזיקירן, אַז דער קייַזער איז שוין סייַווי נידער. הערט זיך נאָר צו... „עס לעבע“ שרייַט ער ניט. ער ווייסט נאָך ניט, פֿאַר וועמען מע דאַרף און פֿאַר וועמען מע מעג שרייַען...

די סאָלדאַטן זייַנען געגאַנגען איבערן בריק. די באַפֿעלקערונג איז אין ענגשאַפֿט זיי נאָכגעגאַנגען אויף די טראָטואַרן. אַרויסגייענדיק אָבער אויף דער ברייטער גאַס, אַהין, וווּ מע שפּאַצירט אין די אָוונטן, אויף דער גאַס, וועלכע מע רופֿט „נעווסקי פּראָספּעקט“, איז דער עולם אַראָפּ פֿון די טראָטואַרן, זיך אויסגעשטעלט אין רייען און אויך גענומען מאַרשירן. ווי נאָר דער נידעריקער, פֿעסט־געפּאַקטער וואַכמיסטער האָט עס דערזען, האָט ער טייקעף אויפֿגעהערט צו שמייכלען. די דייַטשישע קאָלאָנע איז דורכגעגאַנגען ביז ענדע גאַס און פֿאַרקערעוועט אויף צוריק. דעמאָלט האָבן די דייַטשן דערזען, אַז די גאַס איז פֿאַרפּלייצט מיט מענטשן. דער וואַכמיסטער האָט געגעבן אַ קאָמאַנדע, און די סאָלדאַטן האָבן גענומען די ביקסן אין די הענט, נאָר שוין מיט די רערן אַרויף. זיי האָבן גענומען צעטרייַבן דעם עולם.

— אונדזער קייַזער, אונדזער רעוואָליוציע. איר האָט זיך ניט וואָס צו מישן. לאָוס! לאָוס! צו הויזע!

ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. קאָלזמאַן דער עולם איז נאָך געשטאַנען אויפֿן טראָטואַר, האָט מען אים געקאָנט טרייַבן אַהיים. נאָר קוים איז ער שוין אַראָפּ אויפֿן בריק, האָט ער אויפֿגעהערט פֿאָלגן.

— קוקט נאָר אָן, ווי דער וואַכמיסטער דרייט זיך אַרום אַ דערצאָרנטער. ביז איצט האָט מען אים געפֿאָלגט, און הייַנט וויל מען ניט. ער איז גאָר צו אַזוינס ניט געוווינט.

אין דער מינוט האָט זיאַמע דערהערט אַן אויסגעשריי:

— נידער מיט די אָקופּאַנטן!

פֿון אַלע זייַטן האָט מען אונטערגעכאַפּט:

— נידער, נידער!

— לאָוס! לאָוס! צו האָוזע! — האָבן געשריִען די דײַטשן, נאָר דער אוילעם, וואָס האָט פאַרפולט די גאַנצע גאַס, האָט זיך פון אָרט ניט גערירט. דורך פאַרשיידענע גאַסן און געסלעך זײַנען אָנגעקומען אַלץ נײַע און נײַע מענטשן.

זיאַמע, וואָס האָט זיך ביז איצט נאָר צוגעקוקט און צוגעהערט צו אַנדערע און אַליין זיך געפילט ווי אַ גאַסט אויף אַ פרעמדער כאַסענע, האָט אויך גענומען שרײַען „גידער“. אים האָט געוואַלדיק פאַרדראָסן אויפן וואַכמיסטער, וואָס מאַכט אַ רעוואָליוציע פאַר זיך. ער מעג! ווײַל ער — שרײַט ער, ווײַל ער — שווײַגט ער. אַן אַנדערן איז פאַרבאָטן. און אויב אַפילע יאָ שרײַען — דאַרף ער זײַן דער ערשטער, פאַרלויפן אים דעם וועג — דאָס ניט. זיאַמע גלייבט אים ניט. ער האָט נאַרוואָס געשמייכלט, און איצט... דער דאָזיקער וואַכמיסטער, וואָס האָט, גייענדיק אַהער, געשריִען „בידער“, קאָן אויף צוריקוועגס שרײַען: „עס לעבע דער קייזער!“. ער וועט אָפּנאַרן. זײַנע סאָלדאַטן האָט ער שוין אָפּגענאַרט. זיי פאָלגן אים, ווי בלינדע, טרײַבן אַלעמען מיט די ביקסן. און זיאַמע הערט, ווי עמעצער זאָגט אים קימאַט אין אויער אַרײַן: עס וועט שוין ניט העלפן. האָט מען אַרויסגעלאָזט, ווי זאָגט מען עס, דעם טײַוול פון פלעשל, איז פאַרפאַלן. צוריק כאַפּט מען ניט.

אָפּצולאַכעס דעם דאָזיקן וואַכמיסטער, אויף צעפּיקעניש אים, שרײַט אויך זיאַמע: „גידער מיט די אָקופּאַנטן!“. אַלע שרײַען „הוראַ!“. מע נעמט אויף זיאַמען קוקן ווי אויף אַ מענטשן, וואָס ווייסט וואָס צו זאָגן און קאָן זאָגן. ער שרײַט אויס נאָך עטלעכע לאָזונגען. נאָר אַז דער צולאַכעס לאָזט אים אַ ביסל אָפּ, פאַרשטייט זיאַמע, אַז זײַן אויסשרײַען פאַר די באָלשעוויקעס נעמט זיך מער פון סינעס האָמאָן, ווי פון אַהאַוואַס מאָרדכײַ.

פלוצלינג האָט ער דערזען כאַוועלען. ער איז געווען ניט ווײַט פון איר און זיך געוואָלט דורכשטופּן פאָרויס. נאָר וויפל ער האָט ניט געהאָרעוועט מיט די הענט, מיט די עלנבויגנס, מיט די פיס, האָט ער אַפילע אויף אַ טראָט פאָרויס ניט געקאָנט זיך דורכשטופּן. ער האָט מוירע געהאַט זי פאַרלירן פון אויג און די גאַנצע צײַט געקוקט אין איר זײַט. און אָט האָט ער דערזען, ווי כאַוועלע שטייט שוין נאָענט לעבן די סאָלדאַטן, ווי זי וויל זיך צווישן זיי דורכרײַסן פאָרויס און די סאָלדאַטן שטופּן זי צוריק מיט די פריקלאַדן.

איבערן פלאַץ שטייט אַ רויש פון טויזנטער שטימען. די שטימען שרײַען, פאָדערן, דראָען... דערנאָך ווערן זיי שטילער, געלאַסענער... און באַלד ווידער העכער, העכער, רויִשיקער... און דעמלט דערזעט זיאַמע, ווי כאַוועלע וואַרפט זיך פאָרויס צווישן די סאָלדאַטן, נאָך איר וואַרפן זיך נאָך מענטשן. און באַלד דערזעט ער, ווי דער גאַנצער אָנגעזאַמלטער אוילעם גיט זיך אַ טראָג, רײַסט דורך די קייט פון די דײַטשישע סאָלדאַטן און שטראָמט אַרײַן אין „טעליאַטניק“. צוזאַמען מיט אַלעמען איז אַרײַן אויך זיאַמע.

דער שפּעטהאַרבסטיקער „טעליאַטניק“ מיט די הוילע טונקעלע ביימער און קופּעס געלפאַראָסטעטע בלעטער איז געווען פול — קאָפּ אויף קאָפּ. אויף די צווײַגן פון די ביימער איז געזעסן יונגוואַרג, אויף די בענק זײַנען געשטאַנען עלטערע. אַפילע אויף די הויפּנס בלעטער איז מען געשטאַנען ביז די קני און זיך צוגעקוקט צו די רעדנער, וואָס טרעטן אַרויס. דער אָנהייב פון אַלע רעדעס איז געווען איינער און דער זעלבער: נידער מיט די אָקופּאַנטן, און דאָס איז אַלעמען געפעלן געווען. דאָס ווײַטערדיקע איז בײַ יעדער רעדנער געווען אַנדערש. פּוילישע האָבן געטײַנעט, אַז ווילנע איז פון שטענדיק אָן אַ פּוילישע שטאָט, און האָבן געפאָדערט אַ פּוילישע מעלוכע; ליטווינער האָבן געזאָגט, אַז פון אַלעמאָל איז ווילנע אַ ליטווישע שטאָט, די הויפּטשטאָט פון ליטע, און געפאָדערט אַ ליטווישע מעלוכע; ייִדן האָבן דערקלערט, אַז אַ העלפט באַפעלקערונג פון דער שטאָט זײַנען ייִדן, און האָבן געפאָדערט זייערע רעכט. יעדער רעדנער האָט געהאַט זײַנע אָנהענגער. ווער עס האָט געשריִען „הוראַ“ און ווער עס האָט געפײַפט. זיאַמע ראַמעס האָט, הערנדיק די רעדנער, זיך דערמאָנט אָן זײַן ווערק, וואָס ער שרײַבט אָדער קלײַבט זיך שרײַבן: דער דרײַעק, וווּ יעדעס ווינקל האָט אַן אַנדער גאָט. ערשט שטייענדיק דאָ, האָט ער דערפילט, אַז ער טאָר מער אַ טאָג ניט אָפּלייגן דאָס שרײַבן. ער וועט באַווײַזן יענע דרײַ ווינקלען, וואָס צערײַסן דעם דרײַעק. אַז ער כאַפּט זיך אויף פון זײַנע געדאַנקען, דערזעט ער אַ נײַעם רעדנער — אַ ליטווישן אַרבעטער. דער דאָזיקער זאָגט שוין גאָר עפּעס אַנדערש. אַלע הערן אים. ווילנע האָט איין באַלעבאָס — דעם אַרבעטער־קלאַס. זאָל לעבן אַ סאָוועטישע ווילנע! זיאַמע דערפילט, אַז בײַ דעם דאָזיקן רעדנער זעט אויס דער דרײַעק גאָר אַנדערש. די ווינקלען ראַנגלען זיך ניט, נאָר גיסן זיך צונויף ווי איין גוף.

און דער רעדנער אַליין, וואָס רעדט מיט קורצע אויסדריקלעכע פראַזן, האָט אין זײַנע אויגן דעם אויסזען פון אַ גוט צוגעשניטענעם און גוט אופגעבייטן מענטשלעכן קערפּער, וואָס פאַרמאָגט ערנסטע הענט, וועלכע האָבן פײַנט צו פּלאַפּלען, נאָר שטרײַכן אונטער מיט זייערע באַוועגונגען די סאָלידקײַט פונעם וואָרט. זיאַמע איז אין דער מינוט אַפילע זיכער, אַז דער דאָזיקער ליט־

ווישער אַרבעטער איז לויט דער פּראָפעסיע אַ זעצער. יעדע באַוועגונג פון זײַן האַנט ציט אַרויס פון דער זאַץ־קאַסע אַ נײַעם אָס, אַ נײַ וואָרט, אַ נײַעם געדאַנק.

ס׳איז האַרבסט, און דער רעדנער איז אָן אַ מאַנטל. ער טראָגט אויפן קאָפּ אַ קליין בלוי היטעלע מיט אַ לעדערנעם דאַשעק. זײַנע שיינע בלאָנדע וואָנצעס זײַנען אַראָפּגעלאָזט פון ביידע זײַטן מויל ווי קלאַמערן.

זיאַמע ווייסט נאָך ניט, צי געפעלן אים דעם רעדנערס ווערטער, נאָר ציִט צו באַטראַכטן עס האָט ער ניט, ווײַל ער דערזעט שוין אַ נײַעם רעדנער — כאַוועלע געפּען. צי דען וועט זי אויך רעדן? זיאַמע דערפילט זיך, ווי אים אַליין וואָלט עמעצער אַ שטעל געטאָן פאַרן אוילעם און הייסט אים האַלטן אַ רעדע. ער איז אָף זײַן לעבן ניט אַרויסגעטראָטן, ער איז ביכלאַל ווינציק געווען צווישן מענטשן. ער האָט קיינמאָל ניט געגלייבט, אַז אַנדערע קאָנען זאָגן אַזוינס, וואָס אים ווילט זיך. ער קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, אַז ער זאָל קאָנען זאָגן, וואָס אַנדערע זאָל געפעלן. ווען מיט אים טרעפט עס, וואָלט ער אַראָפּגעשפּרונגען באַלד צוריק. ער איז זיכער, אַז אַזוי וועט אויך כאַוועלע טאָן. ווי רעדט מען עס פאַר אַזאַ אוילעם? נאָר כאַוועלע רעדט. זיאַמע ציטערט פאַר יעדן וואָרט איריס. צי וועט זי ניט זאָגן אַזוינס, פאַר וואָס מע זאָל זי אויספײַפן. ער קאָן רויִק ניט אײַנגעשטיין און ער בעט זיך, שעפּטשעגדיק מיט די ליפּן: ענדיק, ענדיק... נאָר כאַוועלע רעדט, און אַלע הערן זי. זי זאָגט דאָס זעלבע, וואָס דער פאַריקער רעדנער. דער אײנציקער באַלעבאָס אין דער שטאָט איז דער אַרבעטער־קלאַס. זאָל לעבן אַ סאָוועטישע ווילנע! איר שטים קלינגט זיכער, זי רעדט מיט אימפּעט, און יעדעס וואָרט איז אַרויסגעזאָגט קלאָר און דײַטלעך. זיאַמע געעמט זיך פילן זיכערער. ער גלייבט אין איר. אָך, סאַראַ כאַוועלע דאָס איז, זײַן כאַוועלע... און ניט נאָר זי, נאָר אויך ער אַליין נעמט וואַקסן אין די אייגענע אויגן. ניט אומזיסט האָט ער זי ליב. אָבער... אָט הערן זיך שוין אויסגעשרייען, וואָס שטערן איר ריידן. פון עטלעכע ערטער שרײַט מען: „נידער מיט די באָלשעוויקעס!״ מע גיט איר אַנצוהערן, אַז זי איז אַ ייִדישע און פּאַרקויפט זיך צו די מאַסקאַליעס. עמעצער פײַפט. זיאַמע דערפילט, אַז דאָס פײַפן איז דאָ גאָר נאָענט לעבן אים. און אָט דערזעט ער טאַקע, ווי איינער האָט אונטער לאַנגע וואָנצעס אַרײַנגעשטופּט צוויי פינגער אין מויל. זיאַמע גיט אים אַ כאַפּ פאַר דער האַנט און שלעפּט אַרויס ביידע נאַסע פינגער. יענער גיט אים אַ שטויס מיט די פינגער אין פּאָנעם אַרײַן, זיאַמע גיט אים אַ קלאַפּ צוריק. עס האַלט שוין ווײַט... באַ אַ געשלעג. מענטשן מישן זיך אַרײַן און באַרויִקן זיי. זיאַמע איז אָבער צעטראָגן, און ביזן סאָף פון מיטינג קאָן ער צו זיך ניט קומען. אַז ער גייט אַהיים, האָט ער צו זיך טײַנעס. צי דען איז ער מיט די באָלשעוויקעס, וואָס ער פאַרטיידיקט זיי? ער האָט ליב כאַוועלען, אָבער ניט די באָלשעוויקעס. אַלנפאַלס טוט ער עס צוליב כאַוועלען. עס פּאַסט גאָר פאַר אַ ייִנגל... ער דערקענט זיך ניט. וואָס איז מיט אים געוואָרן? וואָרפן זיך שלאָגן?



יענעם טאָג איז מיכקע פון אינגדערפרי אָן געווען אין גאַס. ער איז ניט אָפּגעטראָטן פון די מאַרשירנדיקע סאָלדאַטן און ניט אויפגעהערט צו שרײַען „נידער״ און „עס לעבע״. אין „טעליאַט־ניק״ איז ער געשטאַנען נאָענט לעבן די רעדנער. דאָרט האָט ער געזען דעם טאַטן, לאַפּטיעוון. ער האָט דערקענט דעם ליטווישן אַרבעטער, וואָס האָט געפּאָדערט אַ סאָוועטישע ווילנע. ער איז געווען אָף דער באַראַטונג באַם טאַטן. דערנאָך איז אַרויסגעטראָטן כאַוועלע. און אַ גאַנצן טאָג האָט נאָכדעם מיכקע קיין אָרט זיך ניט געפונען. די אַרבעט אין קיך איז אים הײַנט ניט געווען צום האַרצן. אים האָט זיך געוואָלט מיט עמעצן רעדן, טרוימען, פאַנטאַזירן. ער האָט געפילט, אַז ער גייט ניט, נאָר ער שוועבט, ער האָט פליגל. פליִען איז אָבער אויך גוט זאַלבע־צווייט. אין שטוב באַ זיך האָט ער קיינעם פון די עלטערע ניט געטראָפן. ער האָט געזוכט כאַוועלען, הירשלען. ער וואָלט געווען צופרידן, ווען ער באַגעגנט כאָטש זיאַמע ראַמעסן. אין אָוונט האָט ער אָף דער פּול־געפּאַקטער און יאַמטעוודיקער גרויסער גאַס זיך באַגעגנט מיט סימכען. מיכקע איז געווען גרייט צו פאַרגעסן אַלע קריגערײַען און פאַרפירן מיט אים אַ שמועס. סימכע האָט בייז אָף אים אַ קוק געטאָן און אוועק ווײַטער, ניט געוואָלט זיך אָפּשטעלן. דעמלט האָט מיכקען אַ ציִ געטאָן צום מאַנאַסטיר־געסל. צי דען וועט ליבע הײַנט אויך ניט קומען? הײַנט? ער איז זיכער, אַז זי איז דאָרט, אַז זי וואַרט אָף אים, און אויך זי טראַכט וועגן אים דאָס זעלבע: „צי דען וועט ער הײַנט ניט קומען? הײַנט?״ און ריכטיק, ווי נאָר ער איז אַרײַן אין געסל, אַזוי האָט ער זי דערזען. זי האָט אים אויך גלײַך באַמערקט. ביידע האָבן זיך געמאַכט ניט ווייסנדיק. זי איז געגאַנגען אָפן רעכטן טראָטואַר, און ער אָפן לינקן. זיי זײַנען געגאַנגען הין און צוריק און איינער דעם אַנדערן האָט ווי גאָר ניט באַמערקט. באַטײַט האָט עס: ווער וועט דער ערשטער אָנהייבן רעדן? ווער צו וועמען וועט צוגיין? ביידן האָט זיך געוואָלט לאַכן. מיכקע האָט זיך אײַנ־געהאַלטן, געלאַכט אין זיך, נאָר ליבע האָט זיך פּלוצעם צעלאַכט, אַזוי, אַז מיכקען האָט ווידער

געגומען דוכטן, אַז אַלטע קעפּ פון פרויען אין שוואַרצע טיכלעך קוקן אַריבער דער ציגלנער וואַנט. ביידע זײַנען געבליבן שטיין יעדערער אויף זײַן טראָטואַר און געוואַרט, וואָס ווײַטער וועט זײַן.

— דו מיינסט געוויס, — האָט ליבע געזאָגט, — אַז איך וועל צוגיין צו דיר די ערשטע. האָסטו אַ גרויסן טאָעס.

■

אויף מאָרגן איז זײַדשנור געקומען צו זיך אין גאַלאַנטעריי־געשעפט אַ סאַך פריִער, ווי אַלע טאָג. ער איז אַרײַן, געבליבן שטיין בײַ דער טיר און, ווי ער זאָל בעטן אַ נעדאָווע, זיך געווענדט צו כאַוועלען:

— מע קאָן אַרײַנגיין?

די אָנגעשטעלטע האָבן מיט פאַרוווּנדערונג אים אָנגעקוקט: ער איז באַם פולן זינען?

— פרײַלן געפען, דערלויבט אַרײַנגיין צו אײַך אין מאַגאַזין.

— אויב ער איז מײַנער, — האָט געענטפערט כאַוועלע, — ביטע, קומט אַרײַן. דערלאַנגט דעם באַלעבאָס אַ שטול.

— דעם באַלעבאָס? וואָס רעדסטו, כאַוועלע, די באַלעבאָסטע ביסטו דאָ. איך בין צו דיר געקומען נישט מער ווי זיך פאַרדינגען אַלס אָנגעשטעלטער.

כאַוועלע פאַרשטייט שוין גוט, אַז דער באַלעבאָס איז געקומען פון איר אָפּלאַכן, עמעצער האָט אים געוויס דערציילט וועגן איר נעכטיקער רעדע אין „טעליאַטניק". שמייכלענדיק נאָר מיט די אויגן, ענטפערט זי זייער ערנסט:

— מיר זוכן טאַקע גוטע אַרבעטער, געניטע, גיכע, מיט פאַרשטאַנד... איך צווייפל ניט, אַז דער הער זײַדשנור וועט זײַן פאַר אונדז צוגעפּאַסט. ווי מיינט איר? — האָט זי זיך געווענדט צו ליבעטשקען.

— אַ דאַנק, מאַדמאַזעל געפען. גלייבט מיר, אַז פאַר מיר איז אַ גרויסער קאָוועד צו אַרבעטן בײַ אַזאַ רײַכער און באַוווּסטער באַלעבאָסטע, וועמען עס געהערט די גאַנצע שטאָט. — און זײַדשנור, וואָס איז אַלעמאָל אײַנגעהאַלטן, וואָס איז באַוווּסט פאַר אַ שווײַגער, האָט זיך פלוצלינג אַזוי צעלאַכט, אַז די פּענסנע איז אַראָפּגעפאַלן פון זײַן נאָז און זיך געבאַמבלט אויף דעם זײַדענעם שנירל. דער באַלעבאָס האָט לאַנג געלאַכט, און די פּענסנע איז אַרומגעשפּרונגען אויף זײַן ראָק.

דערנאָך, אַז ער האָט זיך באַרויִקט, האָט ער געזאָגט:

— כאַוועלע האָלט רעדעס! כאַוועלע פאָדערט די גאַנצע מאַכט פאַר זיך. און, מיסטאָמע, אויך פאַר אײַך, ליבעטשקע. נו, פאַרפאַלן! מענטשן זײַט איר געלערנטע, איר ווייסט אַ סאַך, זײַט געניט אין אָנפירן מיט מעלוכע־איניאָנים, אײַערע זיידעס האָבן נאָך פאַרמאָגט גרויסע גיטער, פעלדער און וועלדער, אײַערע טאַטעס האָבן אָנגעפירט מיט אַרמייען... כאַ־כאַ־כאַ. ניטאָ וואָער עס זאָל לאַכן! עס איז נאָך פאַרשטענדלעך, ווען וועגן אַזעלכע נאַרישקייטן, ווי רעוואָליוציע, סאָציאַליזם, כאַלעמען אַלטע מוידן, אַזוינס לייגט זיך כאָטש אויפן זינען. זיי האָבן אַלץ פאַרלאָרן אין לעבן, ווילן זיי, אַז אויך אַנדערע זאָלן בלײַבן צום נאַר. זאָל, הייסט עס, די גאַנצע וועלט אומקומען מיט זיי צוזאַמען. נאָר דו, כאַוועלע... כאָטש אַ נאַרישע, אַ קאַפּצנטע, מיט אייניינציקן זאָק נאַדן, דו ביסט דאָך אַ שיינע, אַ יונגע, האָסט אַ גוטן כאָסן, וואָס זשע קריכסטו מיט צעריסענע שיך אויפן טראָן?

— הער זײַדשנור, — האָט זיך אַרײַנגעמישט ליבעטשקע, — איר ווייסט דאָך, אַז ניט פּענסנע און ניט שיינע שיך מאַכן דעם מענטשן פאַר אַ מענטשן.

— דו אויך, ליבעטשקע? די הײַנטמאָדישע קרענק האָט אויך דיך פאַרכאַפּט. דערלויבט מיר אײַך דעמלט ביידן פאַרגעבן אײַן פראַגע. וויבאַלד כאַוועלען ווילט זיך ווערן אַ גרעפן, איז מיר טשיקאַווע צו וויסן: מײַן מאַגאַזין — איז מײַנער? אָדער ער געהערט שוין דער גרעפן געפען?

— איר פאַרשטייט אַליין, אַז דער מאַגאַזין איז אײַערער, — האָט געענטפערט כאַוועלע.

— הייסט עס, אַז אַ ביסל געוויסן איז נאָך בײַ דיר פאַראַן. אַ דאַנק כאָטש פאַר דעם! און איצט, כאַוועלע, זאָג מיר, וויפל קומט דיר אַרויס פון מיר? און אַזוי, מע דאַרף מיינען, אַז אַזוי גיך אויף אַרבעט וועט מען דיך ניט נעמען, גיב איך דיר פאַר צוויי וואָכן פאָרויס. שיין פון מײַן זײַט? — האָט ער זיך געווענדט צו ליבעטשקען.

— באַלעבאָס, — האָט יענער געענטפערט, — אויב שוין יאָ אַזוי, וועט איר דאַרפן צאָלן ניט פאַר צוויי וואָכן, נאָר פאַר אַ כוידעש.

— פאַרוואָס אַ כוידעש?

— זייער פּאָשעט, הער זײַדשנור, כאַוועלען פאַר צוויי וואָכן און מיר פאַר צוויי וואָכן.

— דיר? דיך לאָז איך דאָ איבער.

— ניין, איך בין ניט ווינציקער גראַף, ווי זי גרעפֿן.

— גראַף לייבעטשקע פֿון זײַדשנורס מאַגאַזין. דערלויבט זיך צו אײַך ווענדן מיט א באַקאַשע. טוט מיר די געפֿעליקייט און גייט אוועק פֿון מיר. — דער באַלעבאָס האָט אראָפּגענומען דעם הוט און זיך פֿאַרנייגט. און ווידער האָט אים גענומען טרייסלען פֿון געלעכטער.

— הער זײַדשנור, — האָט געזאָגט כּאוועלע, — בוקן זיך איז נאָך צו פֿרי, די צײַט איז נאָך ניט געקומען. וואָס אָנבאַלאַנגט אײַער געלעכטער, איז הערט זיך בעסער אײַן: די געשיכטע לאַכט פֿון אײַך. און אויב דעמלט, ווען מיר מיט לייבעטשקען וועלן אונדזערס דערגרייכן, און איר וועט טאַקע וועלן ווערן א פּריקאַשטשיק אין אײַער מאַגאַזין, ווענדט זיך צו מיר נאָך א רעקאָמענדאַציע. איך וועל א טראַכט טאָן...

— נאַרישע גאַנדז, גאַרנישט אינע, פּוסטער קאָפּ... מיר ווייסן אויך ווו אײַן און ווו אויס. מירן זיך ווענדן צו דער אַנטאַנטע, מיר וועלן אײַך געבן איבער די הענט נאָך פֿריִער, איידער איר וועט זיך צורירן צו אונדזער גוטס. גיי... וווהין די אויגן קוקן!

## 11

אַף מאָרגן אין אָוונט, ווען בא ליבען אין שטוב זײַנען אַלע געזעסן ארום טיש, האָט זיך געעפֿנט די טיר און מיט א שטילן „גוטן־אָוונט" איז ארײַנגעקומען מיכקע. ליבע איז ארויס פֿון טיש צו אים אַנטקעגן און אַלעמען פֿאַרגעשטעלט:

— א כּאווער פֿון דער אָוונט־שול...

זי האָט מיכקען געבעטן זיצן.

פּאַר אַלעמען איז באַלד קלאָר געוואָרן, פֿאַרוואָס ליבע האָט הײַנט אַזוי אַקיראַט געראַמט די שטוב און איבערגעשטעלט דאָס מעבל. ווײַטער האָבן די עלטערע באַם טיש געטראַכט, אַז א ייִנגל פֿון א יאָר זעכצן, ווײַבאַלד ער קומט צו א מיידל אהיים, איז ער אָדער אָן אָזעספּאַנעם אָדער שטאַרק פֿאַרליבט. און יעדערער האָט אים אַף זײַן אויפֿן גענומען עקזאַמענירן. ארום טיש זײַנען געשטאַנען אַלטע שטולן, בא אייניקע האָבן געליטן די פֿיסלעך, בא אייניקע די ווענטלעך. דער טיש א דעמבענער, נאָר אָן אַלטער, אַזוי אַז מע געדענקט ניט, צי ער איז פֿון א זיידן, צי פֿון אָן עלטערזיידן. די עלעקטרע האָט געברענט ניט איבעריק פֿריילעך, און דעריבער האָט מען ניט אינגאַנצן געקאָנט דערקענען די צוויי פֿאָרטרעטן אַף די ווענט. ווער פֿון זיי איז מאָנטעפֿיאָרע, ווער דער ווילנער גאָען. א גרויסע שאַפֿע מיט גלעזערנע טירלעך איז געווען פֿול מיט ספֿאָרים. אַף דער שאַפֿע זײַנען געשטאַנען צוויי לײַכטער. ארום טיש זײַנען געזעסן ליבעס באָבע, דער טאַטע, די מאַמע, דער ברודער. סימכע, ווי נאָר ער האָט דערזען מיכקען און דערהערט, ווי די שוועסטער רופֿט אים צום טיש, איז ער געווען זיכער, אַז דאָס טוט מען אים אַפּצולאַכעס. אויב ביז איצט איז ער געווען אין קאַס אַף מיכקען, איז ער איצט געווען אופּגערעגט אויך אַף דער שוועסטער. זי זאָל ניט וועלן — וואָלט ער ניט געקומען. ניין, זיצן מיט אים בא איין טיש... סימכע האָט זיך אופּגעהויבן און איז א ברויגעזער אוועק פֿון שטוב. די מאַמע האָט זיך קימאַט ניט געמישט. דאָס הייסט, געגעדט האָט זי גאַרניט, נאָר פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געוויס דער טאָכטערס באַשערטער. וואָרעם ליבע וועט ניט רופֿן אבי וועמען אהיים. זי האָט אַף מיכקען גלײַך גענומען קוקן ווי אַף אָן אייגענעם און אים אַלע ווײַלע אַלץ פֿאַרגעלייגט טיי. די באָבע ציפּע איז שוין אָן אַלטע, אָבער א גאַנץ לעבעדיקע. זי האַלט, אַז מענטשן דערקענט זי פֿונעם ערשטן קוק. אַזא אויג האָט זי. די באָבע ציפּע קען א האַלבע שטאָט. קינד־און־קייט קענען זי. מיט יאָרן צוריק, אַז מע פֿלעגט זי דערזען אין די קרומע און שמאָלע ייִדישע געסלעך, פֿלעגט איין שאַכן פֿרעגן באַם אַנדערן:

— ווער גייט עס צו קינד?

אַלע זײַנען געווען זיכער, אַז ווײַבאַלד ציפּע קומט, וועט מען שוין אין א שכיינישער שטוב אינגיכן אויסהענגען שיר־האַמײַלעסן.

ציפּע איז נאָך דעמלט געווען־אַליין א יונגע, אַליין אָפֿט געלעגן אין קימפּעט און טאַכלעס־סינע פֿײַנט געהאַט אַלטע מוידן און אַלטע באַכערים. ניט מאַכמעס דעם, וואָס מע נעמט בא איר אַף כּאַיונע, נאָר ווײַל זי איז פֿול מיט לעבן און האָט פֿײַנט א מום.

— א פֿאַרזעסענער — איז א מום!

זי האָט אמאָל געהאַט רויטע בעקלעך און וואַרעמע ליפּן, א פּאָר אויגן לעבעדיקע, שוואַרצע און גלאַנציקע. זי איז געווען א גרויסע בעריע און געהאַט א שעם, אַז זי פֿאַרמאָגט גרינגע גע־בענטשטע הענט אַף נעמען קינדער. פֿלעגט זי ארײַנקומען צו א געווינערן, איז די ערשטע זאַך געווען פֿאַרקאַטשען די אַרבל ביז די עלנבויגנס, און אַלע האָבן געקאָנט זען, אַז איר לײַב איז שטײַף און בלענדיק ווײַס, אָן א מינדסטן פּגאָם. פֿריִער פֿאַר אַלץ האָט זי געזוכט א שפּיגל.

ווי זי קומט נאָר אריַין צו א געווינערן אין שטוב, ווערט זי די באַלעבאָסטע. זי הייסט, זי באַפעלט, זי קאָמאַנדעוועט, זידלט אפילע און שריַיט. די מאַנצבלען איז אָבער באַזונדער ניכע איר געשריי און זידלעריַי. זיי דערפילן, אז וויבאַלד זי קאָמאַנדעוועט, וועט אַלץ זיַין אין אָרדע־נונג, וועט עס גיין קעשורע און מיט מאַזל. ציפע ווייסט שוין, אז אף בארויִקן א מאַנצבל דאַרף מען זיַין מיט אים שטרענג און רעדן קורץ, אָן דערקלערונגען. ווער רעדט נאָך מיט א יונגן טאַטן, וואָס וואַרט אף אַן ערשטלינג, וואָס גייט אַרום ווי א מעשוגענער פון דער פרויס געשרייען. רייַסט זיך די האָר און גיט זיך דאָס וואָרט מער קיין קינדער ניט האָבן, אַזאַ איז גרייט איר פאַלן צו די פיס, אָן א שיר דאַנקען פאַר איר זיכערקיַיט, געניטקיַיט, רויִקיַיט און האָפערדיקיַיט.

א מאַנצבל שטערט. דעריבער פלעגט זי די ערשטע זאַך שיקן די מאַנצבלען איַינקויפן גוטע און געשמאַקע זאַכן, און די מאַנצבלען פאָלגן.

גוטע און געשמאַקע זאַכן האָט ציפע שטאַרק ליב געהאַט. זי האָט זייער ליב געהאַט א קימ־פעטאָרן, וואָס עסט און טרינקט. עסט און טרינקט מיט איר ציפע. זי האָט ליב געהאַט וויַין און האָט געקענט מאַכן א קויסע. זי האָט ליב געהאַט זיַין פריילעך און האָט פיַינט געהאַט מאָרעש־כוירעניקעס. ס'איז באַ איר אַזאַ פּאַרנאָסע — זיַין פריילעך און לעבעדיק.

— סימכעס איז מיַין כאַיונע.

אין דער עמעסן: היַינט האָט זי א לעקעך־און־בראָנפן באַ א מיידל, מאָרגן א ברים באַ א יִינגל. מע רופט זי אף באַרמיצוועס און כאַסענעס. וואָרעם א קינד, וואָס זי האָט גענומען, איז דאָך אירס. די גאַנצע שטאָט קינדער זיַינען קימאַט אירע.

קליינוואַרג אין דער שטאָט האָבן זי גערופן מומע ציפע.

די יונגע מומע ציפע, אַז זי פלעגט דערזען ווינטער א יִינגעלע, וואָס גייט שלעכט אָרומ־געוויקלט דעם האַלדז, פלעגט זי אים אָפּשטעלן און פרעגן:

— אוורעמעלע הייסטו?

— מוישעלע.

ווי קומסטו הייסן מוישעלע? איך געדענק עפּעס ניט. אָך, יאָ, יאָ... מוישעלע הייסטו, דעם שוסטערס. זאָלסטו זאָגן דער מאַמען דער בעריע, אַז איך האָב אף דיר גענוג געהאָרעוועט. זאָל זי זיַין אַזוי גוט און ניט לאָזן א קינד גיין מיט א הוילן האַלדז. אוואַדע, וואָס אַרט זיי א קינד? — און זי בינדט מוישעלען גוט אַרום דעם האַלדז.

זומער, א מיידל גייט צופיל איַינגעוויקלט, שטעלט זי ציפע אָפּ און זאָגט:

— סאָרעלע, זאָלסט זאָגן דער מאַמען, אַז קינדער דאַרף מען ניט נאָר געבוירן, נאָר מע דאַרף אף זיי אויך האָרעווען. אָנגעפּעלצט א ביסל, אַז דאָס קינד האָט ניט ווו צו וואַקסן...

— מומע ציפע, פונוואַנען ווייסט איר, אז מע רופט מיך סאָרעלע?

— ווער דען ווייסט, די מאַמע דיַינע?

ציפע איז געווען זייער צופרידן, וואָס קינדער קענען זי. א האַלבע שטאָט קינדער זיַינען אירע. און אַז זי טרעפט אַן אומבאַקאַנטן, פרעגט זי אים:

— ניט קיין היגער? באַלד פאַרשטאַנען...

דער באָבע ציפעס פּאָנעם איז שוין געקנייטשט, געוואָרן איַינגעשרומפּן, נאָר די בעקלעך האָבן איצט אויך א פאַרביקיַיט — געוועזענע רויטקיַיט.

די באָבע האָט צוגעזשמורעט די נאָך גענוג לעבעדיקע אויגן, אָנגעקוקט מיכקען און געפרעגט:

— ווער איז דיַין טאַטע?

— גערשן דער שטעפּער.

— גערשן דער שטעפּער, גערשן... אַהאַ, כ'ווייס... ביסטו גערשנס... דיַין טאַטע האָט מיך גוט דערשראָקן. איך וויל אים נעמען... ערשט ער גייט מיט די פיסלעך... זיַין גליק, וואָס איך ווייס אַלע סוידעס... ער האָט מיר צו פאַרדאַנקען. ביסטו גערשנס... אַלעמאָל געווען אַן אַקשן, געטאָן שטענדיק קאַפּויר, מיט די פיסלעך געקראָכן, און היַינט, זאָגט מען, איז ער גאָר א באָלשעוויק, דער טאַטע דיַינער. נאָר דאָס איז שוין ניט מיַין אייסעק. ער איז געווען אין פלען — ווייסט ער בעסער... נו, און ווי רופט מען דיך?

— מיכקע.

— מיכקע? מיכל... דו ביסט אויך מיַינער. הער נאָר, גאָר אַזוי. ביסטו אויך מיַינער. איך געדענק, ווי דו האָסט געשריִען אפן ברים, ווען מע האָט דיך מאָל געווען. וואָס זשע האָסטו געשריִען? מע האָט דיך דען געקוילעט? די ערשטע מיצווע פאַרדינען קומט אָן ניט גרינג. ביסטו מיַינער. גיט אים א גלאָז טיי. גוט, זייער גוט. זאָג זשע מיר, פונוואַנען קענסטו אונדזער ליבען? א גאָלדן קינד, ליבע.

מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט דער באָבעס עקזאַמען. זי איז געבליבן צופרידן. ער איז אירער... איצט איז געווען דעם טאַטנס ריי. דער טאַטע, ווי באַוווּסט, שוויַיגט מער, ווי ער רעדט.

האָט ער טאַקע אָנגעהויבן זײַן עקזאַמען פֿון שווײַגן. דאַפֿקע ער האָט אַ שאַרף אויג, און דעריבער האָט ער באַלד פֿאַרשטאַנען, אַז װיבאַלד אַ ייִנגל איז געקומען צו ליבען אַהיים, איז עס בײַ זיי אָפּגערעדט און אָפּגעמאַכט. קינדער האָבן זיך ליב. אים װילט זיך נאָר וויסן, צי איז דאָס באָכערל ניט קיין פּוסטע קיילע, ניט קיין שמאַראַוואָז... צי האָט ער געוויסן אין זיך און צי קאָן ער שעצן אַ צווייטן. אָפּן אויסזען איז ער ניט קיין שלעכט באָכערל, נאָר אַ פּאָנעם קאָן אָפּנאַרן. איז װעגן וואָס זאָל ער מיט אים פֿאַרפֿירן אַ שמועס? ליבעס טאַטע, עליע זעלמין, וואָס איז אַלעמאָל פֿאַרנומען מיט זײַנע אייגענע געדאַנקען, פֿירט מיט זיך לאַנג אַ װיקוועך. באַטאָג אַרבעט ער אַלס קאָרעקטאָר אין אַ דרוקערײַ און פֿאַריכט אויס פֿרעמדע גרײַזן. אַז ער קומט פֿון דער אַרבעט אַהיים, הייבט ער אָן זײַן טײַנע צו גאָט. אים װילט זיך פֿאַריכטן אויך גאָטס אַ גרײַז. אין גאָט גלייבט ער. אַלנפֿאַלס, האָט ער מוירע פֿאַר אים. ער זאָל פֿאַר אים ניט מוירע האָבן, וואָלט ער גאָר אַנדערש צו אים גערעדט, ווי אַ גלײַכער מיט אַ גלײַכן. זײַן טײַנע צו גאָט באַשטייט אין דעם, וואָס ער, עליע בערעב סימכע זעלמין, פֿאַרשטייט ניט, פֿאַרוואָס דאַרף מען דרײַ מאָל אין טאָג דאַווענען און אַלע מאָל מאַכן זיך צו גאָרנישט, דערקלערן זיך פֿאַר אַ קנעכט, פֿאַר אַן אונטערטעניקן, צעטרעטן זיך אַליין, ווי שטויב... און דערבײַ אָן אַ שיר, אָן אַ מאָס, אָן אַ גרענעץ לויבן גאָט, רימען אים, פֿאַלן פֿאַר אים. ער איז דאָך אַזאַ מעכטיקער, ער איז דאָך איינער אױף אַ גאַנצער וועלט, פֿאַרוואָס וויל ער, אַז שוואַכע זאָלן זיך בוקן, פֿאַלן קוירים, שלאָגן זיך אַלכעט אַלע פֿיר און צוואַנציק שאָ אין מעת־לעת? פֿאַרוואָס דאַרף אַזאַ גרויסער גאָט אָנקומען צו מענטשלעכע מיטלען? אַ גוויר וויל, מע זאָל ריידן וועגן זײַן אַשירעס, אַ קלוגער — וועגן זײַן כאָכמע, אַ מיידל — וועגן איר שיינקײַט, אַ מאַנצבל — וועגן זײַן גווורע. דו ביסט דאָך אַ גאָט.

ער האָט אַ טײַנע צום אייבערשטן: פֿאַרוואָס ביסטו אַזוי צופֿרידן, ווען אַן אײדע ייִדן זאָגט דיר און זינגט דיר: ווען הימל און ערד זאָל זײַן פֿאַרמעט, ווען אַלע יאַמים זאָלן זײַן טינט און אַלע וועלדער פּעדערס, וואָלט מען ניט געקאָנט אויסשרײַבן און אויסדערציילן דײַנע גרויסע װונדער...

פֿאַרוואָס פֿאַרלאַנגסטו, אַז מע זאָל דיר זינגען אַ „דודעלע". דו, דו, נאָר דו, ס'איז דען דיר בעסער, דיר לײַכטער, אַז דו ביסט אַ גאָט איבער אַ סטאַדע שאָף?

דער אויספֿיר איז, אַז סאָפּקאָלסאָף קימערט זיך גאָרניט גאָט פֿאַר קיין מענטשן. אים קימערט נאָר, אַז מענטשן זאָלן פֿאַר אים מוירע האָבן, זאָלן זיך פֿאַר אים נייגן, זאָלן אים לויבן און רימען.

עליע זעלמין וואָלט נאָך עפּשער שאַרפֿערס אַרײַנגעזאָגט, האָט ער אָבער מוירע. וואָרעם ער ווייסט, אַז כאָטש גאָט איז אַן אייל ראַכום וועכאַנון, איז ער אָבער אויך אַ נויקעם וועניוטער. און אַלעמאָל, ווען עליע טראַכט אַזוי וועגן גאָט, שטעלט ער זיך פֿרום דאַווענען, ער זאָל אים מויכל זײַן און ניט שטראָפֿן פֿאַר זײַנע ראַיוינעס. די קינדער, וויל ער, זאָלן גלייבן אין גאָט, זאָלן זײַן פֿרום. וואָרעם ער ווייסט כאָטש ווו אײַן און ווו אויס... מיט די קינדער וויל ער ניט ריזיקירן. פּאָרט אַ גאָט. איז וועגן וואָס זאָל ער שמועסן מיטן באָכערל?

— איז רופֿט מען דיך מיכקע? מיכל... — עליע קוקט גוט אָן דאָס באָכערל און דערשרעקט זיך. עס קאָן זיך טרעפֿן, אַז דאָס אַלץ, וועגן וואָס ער, עליע זעלמין, טראַכט אַ גאַנץ לעבן, זאָל אָט דער מיכקע צונישט מאַכן אין איין מינוט. ער קאָן גאָר זאָגן, אַז קיין גאָט איז ניטאָ. און אַז אַלע טפֿילעס און געבעטן זײַנען אויסגעטראַכט פֿון מענטשן, וועלכע קאָנען זיך ניט פֿאָרשטעלן, אַז גאָט זאָל זײַן בעסער פֿון זיי און זאָל ניט פֿאַרלאַנגען דאָס זעלבע, וואָס זיי.

אַלע באַם טיש וואַרטן, וואָס דער טאַטע וועט זאָגן. און ער, דער טאַטע, טײַנעט מיט זיך אַליין און שווײַגט. באַם טיש ווערט אַלעמען ניט באַקוועם. געקומען אַ גאַסט צו דער טאָכטער, אַ פֿאַרשטענדיק באָכערל, אַ סטאַטעטשנער, ניט קיין נאַר... זיצט דער טאַטע מיט אַ קליין יאַרמעלקעלע אָפֿן שפּיץ געדיכטהאָריקן קאָפּ, מיט אַ ציגן בערדל, נעמט פֿון באָכערל די אויגן ניט אַראָפּ און שווײַגט. נאָר אָט נעמט דוכטן דעם טאַטן, אַז אַלץ, וואָס ער האָט גערעדט מיט זיך, האָט ער עס געזאָגט מיכקען, אַז מיכקע איז אַ פֿאַרשטענדיק און גוט באָכערל, און דעמלט גיט ער אַ זאָג צו אַלעמען אַרום טיש:

— האָבן מיר שוין, הייסט עס, וועגן אַלץ אָפּגערעדט... גייט, קינדער, שפּאַצירן.

## 12

סימכע איז געווען זיכער, אַז דער טאַטע, וועלכער ווייסט, וואָס יעדער מענטש טראַכט, וואָס זעט אַלץ אױף דורך און דורך, וועט פֿאַרשטיין, אַז מיכקען טאָר מען אױף דער שוועל ניט אַרויפֿלאָזן. לאָזט זיך אויס, אַז אַפֿילע דער טאַטע זעט גאָרניט און פֿאַרשטייט גאָרניט. און דערפֿאַר, ווײַל די היימישע האָבן אַזוי גוט אופֿגענומען מיכקען, איז סימכע געוואָרן נאָך מער אומרויִק און נאָך

מער צעטראָגן. א שאָד, וואָס ער האָט זיך מיט אים ביז איצט ניט געשלאָגן. ער וועט סײַווי ניט שווײַגן.

אין עטלעכע טעג ארום האָט כאוועלע אָפּגערופן סימכען אָן א זײַט און געזאָגט, אז זי דאַרף מיט אים וועגן עפּעס ערנסט ריידן. כאוועלען קען ער. ער געדענקט אפילע, ווי זי האָט זיך אָנגענומען פאר מיכקען און ווי זי האָט אָנגעשריִען אף זיאמע ראַמעסן. אין יענעם אָוונט איז סימכע געווען צופרידן פון כאוועלען, ער איז אויך געווען צופרידן פון מיכקעס אויסגעשריי באַם גוויר אין הויף. איצט אָבער איז אַלץ אנדערש. דעמאָלט האָט ער זיך גאָר ניט געקאָנט פאַרשטעלן, אז דער מיכקע זאָל נאָכלויפן זײַן שוועסטער. איצט איז קלאָר, אז אין יענעם אָוונט האָט ער זיך נאָר געוואָלט אויספּײַנען... קורץ, פון אַלע זײַטן האָט אים מיכקע אויסגעזען ווי א שולדיקער, אפילע ווי א פארברעכער. און ווײַל כאוועלע האָט אים פארטיידיקט, האָט ער צו איר אויך אומצוטרוי. אָבער ווי נאָר כאוועלע האָט מיט אים אָנגעהויבן רעדן, האָט ער גאָר פארגעסן וועגן אַלץ אף דער וועלט און זיך אײַנגעהערט צו יעדעס וואָרט, זיך צוגעקוקט צו איר יעדער באַוועגונג. דער אויספּיר איז געווען אזא: בא דער אָוונט־שול ווערט געשאַפן א קאָמיוגיש קעמערל. ווי טראַכט ער, סימכע, ער פילט זיך צוגעפּאַסט צו זײַן אין קאָמיוג?

— געוויס.

דעמאָלט האָט זי אים אײַנגעלאַדן צו זיך אהיים. פון דער באַגעגעניש אָן איז סימכע עטלעכע טעג ארומגעגאַנגען אויסערלעך א ניכטערער, נאָר אינערלעך א שיקערער. אויסערלעך א רויִקער, אינערלעך פול מיט ברויז. אפילע אויסערלעך האָט ער זיך געענדערט, ער האָט געשײַנט. ער האָט מיטאַמאָל אנדערש גענומען קוקן אף דער שוועסטער, אף טאַטע־מאַמע. ער האָט זיך דער־פילט עלטער פון זיי, קלוגער און געניטער. ער ווייסט אזא סאַד, וואָס אנדערע ווייסן ניט. ער האָט אף אנדערע גענומען קוקן מיט מיטלייד, ווי אף מענטשן אָפּגעשטאַנענע, אומבאַוווּסטזיניקע, מענטשן, וואָס זעען ניט ווײַטער פון זייער נאָז, ווען ער ווייסט אזוינס, וואָס וועט איבערקערן די וועלט. אף מיכקען האָט ער געקוקט מיט א געוויסן ביטל. יענער ווייסט דאָך אפילע ניט, וואָס אזוינס איז קאָמיוג. איז וואָס איז מיט אזוינעם דאָ צו רעדן? דער קאַס אף מיכקען איז געוואָרן קלענער, ווײַל צו אזוינעם, האָט געטראַכט סימכע, קאָן מען נאָר האָבן מיטלייד.

אין יענע טעג האָט זיך סימכען געוואָלט טאַנצן. אים איז געווען אזוי גוט און אזוי אופגע־לייגט אפן הארצן, אז די פיס האָבן זיך געבעטן טאַנצן, זיי זײַנען געווען לײַכט, גרינג, זיי זײַנען געגאַנגען אין טאַקט פונעם ניגן, וואָס אין סימכען האָט געזונגען. ער איז געווען גוט צום טאַטן, צו דער מאַמען, צו דער באָבען, צו דער שוועסטער — ער איז פאר זיי פאראַנטוואָרטלעך, פאר זיי, פאר די שכיינים, פאר דער גאַנצער גאַס. אז א קינד איז אומגעפאַלן, לויפט ער עס אופהייבן און באַרויִקן; אז א בלינדער גייט, טאַפּנדיק מיטן שטעקל דעם וועג, פירט ער אים דורך די גאַס. דער באָבע ציפע האָט ער אָפּגעגעבן קאַוועד. און די באָבע, וואָס ווייסט, אז ייִנגלעך זיצן ניט אײַן אף קיין אָרט און טוען אַלץ קאַפויר, האָט זיך פארוווּנדערט: וואָס קומט עס מיט אים פאָר? ניט אומזיסט. און אזויווי אַלע אירע יאָרן האָט זי אָפּגעלעבט צווישן בריסן און לעקעך־און־בראַנפן, טנאָיִם און כאַסענעס, ווו שטענדיק איז געווען פריילעך און פול מיט ליבע, האָט זי וועגן דעם איינינקל א טראַכט געטאָן, אז ער איז אויך געכאַפּט, פאַשעט פארליבט... און וווּנדערן זיך איז ניטאָ וואָס. וואָרעם ס׳איז אזא מישפּאָכע בא זיי. זי אַליין, די באָבע ציפע, האָט כאַסענע געהאַט צו זעכצן יאָר און איז געווען פארליבט ביז אריבער די אויערן. פון אַלע אירע אמאָליקע געוווינהײַטן זײַנען איר פארבליבן צוויי. ערשטנס, א ביסל מאַשקע. אָך, א ביסל גוטע מאַשקע. צווייטנס, ווײַל זי נאָך הײַנט אויך וויסן פון אַלע ליבעס אין ראַיאָן. נו, און באַם איינינקל מעג זי דאָך געוויס וויסן. דעריבער פארפירט זי מיט אים א שמועס.

— זאָג מיר, סימכעלע, זי איז א שיינע?

— ווער איז די זי, באָבע?

— ווער, ווער? ווייסט דען ניט ווער?

— באָבע, וועמען מיינסטו?

— פּע! א ייִנגל זאָל האָבן פון א באָבען סודיעס...

— וועלכע סודיעס? — פרעגט ער פארוווּנדערט, און אים נעמט קלאַפּן אין הארצן. סודיעס האָט ער טאַקע. מיט כאוועלען, מיטן קאָמיוג. אָבער די באָבע קאָן פון זיי ניט וויסן. און יענע שטייט אַלץ ניט אָפּ:

— איך פרעג דאָך דיך, זי איז א שיינע?

— נו, ווער?

— אָט דאָס מיידל, מיט וועלכער דו ליבסט זיך. אומזיסט טאַנצט מען ניט אזוי און מע איז ניט מיט אַלעמען אזוי גוט. מיינסט, איך פארשטיי שוין גאָרניט, איך זע אַלץ... אזויפיל ליבעס געזען אף מײַן לעבן. ווער איז זי? איך האָב פײַנט מיִעסע און שלעכטע, הערסט...

— באָבע, דו האָסט אַ טאָעס. דאָס דאַרפסטו פרעגן בײַ ליבען און מיכקען.
— דאָ, סימכעלע, איז ניטאָ וואָס צו פרעגן, דאָ איז גראַד אַלץ קלאָר.

דאָס פאַרדריסט ווידער סימכען. נאָר אָט קומט אָן דער באַשטימטער טאָג און די באַשטימטע שאָ, מיט גרויס הארצקלאַפעניש גייט סימכע צו כאַוועלען. אין ערשטן צימער טרעפט ער הירשל טאַנקוס, וועלכער פירט אים אַרײַן אין צווייטן צימער. און דאָרט צווישן אַ פינף־זעקס יוגנט־לעכע טרעפט ער ליבען און מיכקען.

## 13

ווען זיאַמע ראַמעס איז, נאָך אַ וואָך קווענקלעניש, געקומען צו מאַקס גאָדיען אַף גרויס־פּאַהוליאַנקע און האָט באַקומען אַן ענטפער, אַז גאָדיען איז אוועקגעפאָרן קיין דײַטשלאַנד, האָט ער ניט געקאָנט וויסן, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ טערעץ. און האָט שוין געוויס ניט גע־קאָנט וויסן, אַז צוגעטראַכט דעם טערעץ האָט גאָדיען אַליין. מאַקס האָט געגעבן די דירע, ווײַל ער איז שוין געוואָרן צופיל קאָנטיק אין שטאָט. ער האָט זיך אַפילע אופגעהערט צו פאַרנעמען מיט געשעפט. ער וועט בעסער אויסוואַרטן, ביז די שווערע שאָ וועט דורכגיין. און די שווערע שאָ דאַפקע קומט אַלץ נעענטער און נעענטער. ס'איז שוין דערגאַנגען צו דעם, אַז גאָדיען באַווײַזט זיך ניט אַף דער גאַס. ער גייט צו קיינעם ניט צוגעסט און נעמט קיין געסט בײַ זיך ניט אוף. ער וויל, אַז מע זאָל אָן אים פאַרגעסן, עס איז גאָר אַזאַ מענטש, ווי גאָדיען, אין ווילנע ניט פאַראַן. מיט יעדן טאָג ווערט מאַקס אַלץ מער אומרויִקער, מער צעטראָגן, נאָר פאַרן יונגן ווײַב סטאַרעט ער זיך זײַן פריילעך און גוט אופגעלייגט. פונוואַנען האָט ער געקאָנט וויסן, אַז דעם ערשטן קלאַפּ וועט ער באַקומען דאַפקע פון זײַן פרוי?

אַנגעהויבן האָט זיך עס פון דעם, וואָס זי האָט בעשום־אויפן ניט געקאָנט פאַרשטיין, וויאַזוי אַ מענטש זאָגט עפּעס צו און פּילט ניט אויס.
— מאַקס, דו האָסט דאָך צוגעזאָגט קאַרטאָפל און האָלץ. ווי האַלט מען עס קיין וואָרט ניט?
— פאַר ווּעמען, טײַערינקע, האָב איך דאָס וואָרט ניט געהאַלטן? ניט מײַן גלײַכן.
— האָסט דאָך צוגעזאָגט, געגעבן אַ וואָרט.
— אַף מײַן וואָרט, — האָט גאָדיען געפרוּווט שפּאַסן, — בין איך באַלעבאָס. וויל איך, האַלט איך, וויל איך — ניט. דערפאַר, ווען אַף דער וועלט וועט רויִק ווערן, וועל איך אָפּגעבן מיט פּראָצענטן.
— אָבער, מאַקס, איך האָב דאָך אויך צוגעזאָגט.
— דו? — אין דער דאָזיקער פראַגע „דו?" האָט די פרוי גאָדיען דערפילט ביטול צו זיך, ווי דער מאַן וואָלט איר געזאָגט: ווער ביסטו און וואָס ביסטו, וואָס האָסטו און וואָס פאַרמאָגסטו, אַז דו זאָלסט צוזאָגן און נאָך וועלן האַלטן וואָרט...
איר האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן, און זי האָט אים מיט האַרץ אַרײַנגעזאָגט:
— אַ געמיינער מענטש האַלט ניט קיין וואָרט.
מאַקס שמייכלט. „אַ צעבאַלעוועטע איין־און־איינציקע טאָכטער — טראַכט ער, — זיך אָנגע־לייענט פאַרשיידענע ביכער. וואָס פאַרשטייט זי און וואָס ווייסט זי, וואָס אין לעבן טוט זיך?"
דערנאָך האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז איר איז דערעסן צו זיצן איינע אַליין צווישן פיר ווענט פון דער שיינער אויסגעפוצטער דירע. זי וויל זײַן צווישן מענטשן, שפּאַצירן, זען זיך מיט אירע כאַווערטעס. געענדיקט האָט זיך מיט דעם, אַז ער זיצט אין שטוב און זי ברענגט אים אַהיים נײַעס. ער וואַרט אַף איר צוריקקומען מיט אומגעדולד, צי וועט זי זיך ניט דערוויסן אַזוינס, וואָס איז אים צום האַרצן. זי קומט אַ צופרידענע, אָן אופגעלעבטע און זאָגט אָן: די רויטע דערנעענ־טערן זיך.

אַזוי קימאַט אַלע אָוונט. ער זיצט אין שטוב אַליין און קוקט אַרויס דורך די פענצטער, וואָס אַף דער גאַס טוט זיך. אַמאָל פאַרשטעלט ער זיך מיט אַ פאָרהאַנג אָדער מיט אַ שטאָרע. און דאָס יונגע ווײַבל זײַנס שפּאַצירט אַרום איבער די גאַסן, גייט אין די קלובן, הערט נײַעס, הערט רעדעס און קומט שפּעט אַהיים אַ צופרידענע. אַז ער דערהערט אירע טריט, דערשרעקט ער זיך — ווו איז זי געווען, וואָס האָט זי געהערט, וואָס וועט זי דערציילן: גוטס צי שלעכטס?
אַמאָל דוכט אים אַפילע, אַז זי איז צופרידן פון שלעכטע נײַעס.

## 14

די דײַטשישע סאָלדאַטן זײַנען אויסערלעך די זעלבע סאָלדאַטן, ווי פריִער, מיט די זעלבע פּאַגאָנעס, מיט די זעלבע ביקסן, און דאָך... האָט מען שוין פאַר זיי קיין מוירע ניט. מע ווייסט, אַז זיי זײַנען ניט מער ווי געסט. הײַנט־מאָרגן, נאָך אַ וואָך, וועלן זיי לויפן צו זיך קיין דײַטש־

לאַנד, „נאָך פּאַטערלאַנד“. און אויב זיי וועלן ניט לויפן מיט גוטן, וועט מען זיי טרײַבן מיט בייזן. איצט איז גאָר פּאַרקערט: דײַטשן האָבן מוירע זיך באַווײַזן אייגנציקווײַז באַנאַכט אין די גאַסן. זיי האָבן אַרויסגעשטעלט קאַראָולן, ווו מע דאַרף און ווו מע דאַרף ניט — מע זאָל זיי ניט באַפאַלן...

פון אַריבער דער גרענעץ, דורך מינסק, קערן זיך אום פאַרשיידענע מענטשן קיין ווילנע. צווישן די צוריקגעקומענע זײַנען פאַראַן אַזעלכע, וואָס די סאָוועטנמאַכט איז זיי ניט צום האַרצן און זײַנען דעריבער פון רוסלאַנד אַנטלאָפן. פאַראַן ווידער אַזעלכע, וואָס ווילן, אַז אויך ווילנע זאָל זײַן אַ סאָוועטישע — זײַנען זיי געקומען העלפן.

אין איינעם אַן אָוונט איז צו זיאַמע ראַמעסן אהיים געקומען אַן אומגעריכטער גאַסט — נאָכעם ראַפּע. פאַר דער צײַט, וואָס ראַמעס זיצט אַלץ אויף איין אָרט, איז ראַפּע, ניט געקוקט אויף זײַן שווערלעכן טראָט, וואָס האַמעוועט זײַן באַוועגלעכקײַט, אויסגעוועזן אין אַ סאַך שטעט. און ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ער רעדט אַ ביסל שפּעפּליאַווע, ווייסט ער אַלץ און קען אַלץ אויסדער־ציילן אַזוי, אַז מע זאָל אים אַפילו געשמאַק הערן. בכלל איז ער אַ מענטש, וואָס איז שטענדיק גרייט צו לאַכן און שטענדיק גרייט פאַרפירן אַ שמועס. אַלץ וויל ער וויסן, און צו אַלץ איז ער נײַגעריק. נאָך אין דער יוגנט האָט ער לאַנג אויף איין אָרט זיצן ניט געקאָנט. אָפּגעאַרבעט בײַ זאַלקינדן אַ סעזאָן, פאַרדינט עטלעכע רובל און זיך געלאָזט זען אַ וועלט. דעמלט נאָך פלעגט מען וועגן אים זאָגן, אַז ער האָט שפּילקעס אין איינעם אַן אָרט...

אויסערלעך, בײַ לײַטן, האָט אין אַלץ אויסגעשפּילט דאַפקע זיאַמע. אַ גוטער מײַסטער, אַ מענטש מיט פּרינציפּן, אַ כאָסן מיט אַלע מײַלעס, אָנגעטאָן שטענדיק לויט דער מאָדע. אַלע ווילן זיך מיט אים כאַווערן, און ער דאַפקע מיט קיינעם ניט. אין האַרצן האָט נאָכעם פון זיאַמען געלאַכט. בײַ זיאַמען איז דאָס לעבן אויסגעלייגט אין קעסטעלעך און אויסגערעכנט ביזן לעצטן טאָג, אַפילו מיט אַ טאָג נאָכן טויט. נאָכעם קאָן ניט פאַרלײַדן אַזוינע כעזשבוינעס, ער איז בכלל אַ שלעכטער באַלכעזשבן. אַרויסווײַזן עס פאַר לײַטן האָט נאָכעם געקענט. נאָר אין אַ שפּאַס, אַזוי אַז דאָס זאָל ניט אָנגענומען ווערן ערנסט און יעדער פאַר זיך זאָל זיך מעגן פאַר־שטיין, ווי ער וויל — דאָס יאָ. נאָכעם פלעגט נאָכמאַכן, ווי אַ ווילנער קינד קומט אַרײַן אין אַ קראָם און זאָגט:

— די מאַמע האָט געגעבעטן פאַר אַ פּיִים מעלעס... — דאָס האָט געדאַרפט באַווײַזן די „גרויסע“ האַסאָגע פון אַ ווילנער.

אָדער נאָכמאַכן, ווי אַ טייל ווילנער רעדן:

— סאַבעס נאָך סוועס האָט אַ סוסטער אַ סנײַדער געסטאָכן מיט אַ סער.

זיאַמע האָט פאַרשטאַנען, אין ווּעמען מע צילט, נאָר איז געווען גלײַכגילטיק און זיך גע־מאַכט ניט ווייסנדיק, אַז ער פאַרשטייט עפּעס.

אין אַ טאָג דרײַ אַרום, אינמיטן דער אַרבעט, הייבט זיך זיאַמע פּלוצלינג אויף פון זײַן אָרט, נעמט אַראָפּ פון זיך אַ פאַדעם אָדער אַ ברעקל וואַטע און גיט זיך אַ זאָג מיט אַ שמייכעלע גלאַט אין דער וועלט אַרײַן:

— אַז מע פרעגט בײַ אַ מינסקער, פונוואַנען ער שטאַמט, ענטפערט ער: איר זײַט אַליין אַ כאַזער.

— דאָס איז שוין לאַנג באַוווּסט, — רופט זיך אָפּ ראַפּע, — לאָדזשער זשוליקעס, וואַרשע־ווער גאַנאָווים, ווילנער נאַשער און מינסקער כאַזיירים. איך אַליין בין אַ מינסקער.

ביידע פאַרשטייען, אַז זיי גיבן זיך אָפּ „קאָווּעד“, נאָר פאַר קיינעם ווײַזן זיי עס ניט אַרויס.

צו זיאַמען איז נאָכעם פאַרפאָרן אויף אַ ווײַלע, אויף אַרײַנשטעלן דעם ערשטן פוס אין דער שטאָט, קעדיי קענען זוכן אַ מאַקעם־מענוכע. ראַפּע האָט געבראַכט מיט זיך אַ קליין טשעמאָדאַנ־טשיקל מיט צוויי פאָר וועש, מיט איין אייבערשט העמדל און איין פאָר הויזן.

— זיאַמע, דאַרפסט מיך? אַז ניט — קאָן איך גיין ווײַטער.

— זאָג כאָטש אַ „גוטן־אָוונט“, לאָז כאָטש אויף דיר אַ קוק טאָן. זיץ.

— זאָג מיר פריִער, צי קאָן איך בײַ דיר נעכטיקן?

— אַוודע. ווי דען?

— אויב אַזוי, איז עפּעס אַנדערש. אַ גוטן־אָוונט! — ראַפּע האָט אַוועקגעשטעלט זײַן טשע־מאָדאַנטשיקל אונטער זיאַמעס בעט. — איך לויף נאָר אַרויס אויף אַ האַלבער שאָ זען איינעם אַ מענטשן און קום גלײַך צוריק.

געקומען איז ער צוריק אין צוויי טעג אַרום. איבערגענעכטיקט איין נאַכט און ווידער פאַר־פאַלן געוואָרן אויף עטלעכע טעג. זיאַמע איז ניט געוווינט צו אַזוינע זאַכן. אַ וואָרט דאַרף זײַן אַ וואָרט. וווינט ער בײַ אים — גוט. וווינט ער בײַ אַן אַנדערן — אויך רעכט. אָבער זײַן אומעטום און אין ערגעץ ניט, — דאָס איז זיאַמען ניט צום האַרצן.

— גוט, — האָט געענטפערט נאָכעם, — איך בלייַב בא דיר. אָבער זיין ניט אין שטוב, קום שפאַצירן, איך האָב נאָך די שטאָט ניט געזען.

נאָכעם האָט ארויסגעפירט זיאמען אף דער ברייטער גאַס, צו זאַלקינדס געשעפט מיט די האַלבקייַלעכדיקע גלעזער אין די וויטרינעס, וווּ קינדער האָבן מיט פאַרגאַפּטע אויגן געקוקט אף גאַנצע שטיוועלעך און ניט געלאַטעטע הויזן. אין וועג האָט נאָכעם באַגעגנט א סאַך באַקאַנטע, מיט אייניקע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט רעדן. זיאמען פאַרדריסט עס, אים האָט עס באַליידיקט. ער איז געשטאַנען אָן דער זייַט, געוואַרט און זיך נערוויִרט. ער האָט שוין געוואָלט א מאַך טאָן מיט דער האַנט און אַוועקגיין. נאָר אָט נעמט אים נאָכעם אונטער דער האַנט און זאָגט:

— גיב נאָר א קוק, די ברייטע גאַס און די דייַטשישע זייַנען דאָך א דרייַעק. יעדער ווינקל האָט אָבער אַן אַנדער גאָט. פון איין זייַט אָסטראָבראַמע, פון דער צווייטער...

זיאמע רייַסט ארויס זיין האַנט, שטעלט זיך אָפּ אינמיטן דער גאַס און שרייַט אויס:

— מייַן דרייַעק! א גאַנץ לעבן טראַכט איך וועגן דעם. איך שרייַב... איך וויל אָנשרייַבן, וויאַזוי די שטאָט ליגט צוגעקלאַפּט מיט דרייַ גרויסע טשוועקעס און קאָן זיך ניט רירן. איך וויל איין ווינקל אופהייבן, שלעפּן אים די איבעריקע צוויי צו דער ערד. וויל א צווייטער ווינקל זיך א רוק טאָן, האַלטן די איבעריקע צוויי און לאָזן ניט. און אַזוי יאָרן, יאָרן... מיסטאָמע ביז אייביק.

— ביז אייביק? זיאמע, דו זעסט פונעם הייַנט נאָר דעם נעכטן. דעם מאָרגן קאָנסטו זען? איך זע, ווי די ווינקלען פאַרלירן זייערע געטער, עס ווערט איין דרייַעק. ניט אָסטראָבראַמע, ניט די שול, ניט דער קלויסטער... דער ווילנער ארבעטער־ראַט.

דאָס איז פאַר זיאמען גאָר אומדערוואַרט.

ראָפּע רעדט אין אים אריין, האַלט אים פאַר דער האַנט און פירט איבער די גאַסן. זיאמע פילט זיך איצט זייער שלעכט. נאָך אַלעמען: וואָס בלייַבט אים טאַקע איבער? ער איז דאָך שוין ניט קיין ייִנגל און א האַלב לעבן איז אַוועק אין ניוועץ, גלאַט אַזוי, ניט פאַר זיך, ניט פאַר יענעם. אפילע מיטן „דרייַעק" האָט ער פאַרשפּעטיקט. נאָר אָט דערזעט ער, ווי אַפן אַנטקעגנדיקן טראָטואַר איז דורכגעלאָפן כאַוועלע. זי אייַלט זיך און קוקט אף קיינעם ניט. אָט זעט מען זי שוין ניט. און זיאמען ווילט זיך דאַפקע זי זען, רעדן מיט איר, פירן אונטער דער האַנט. ער דערמאָנט זיך, ווי ער איז מיט איר ארומגעגאַנגען אין מאָנאַסטיר־געסל... נאָר באַלד קומען אוף אַנדערע געדאַנקען. אף אַלע זייַנע אָנצוהערענישן, אַז זי געפעלט אים, אַז ער האָט זי ליב, פאַרשווייַגט זי און רעדט גאָר וועגן עפּעס אַנדערש.

ער נעמט בענקען נאָך כאַוועלען. זייַנע אַלע העכער דרייַסיק יאָר טייַנען: זיאמע, האָב כאַסענע, כאַוועלע געפעלט אונדז. מיר גייען אויס...

עס דערגייט שוין אַזוי ווייַט, אַז זיאמע, וואָס האָט קיינמאָל קיינעם גאָרניט אָנגעטרויט, וואָס איז פאַר כאַווײרים און באַקאַנטע געווען, ווי מע זאָגט עס, פאַרשפּיליעט אף אַלע קנעפּ, נעמט פרעגן אייצעס בא נאָכעמען. און אפילע די שטענדיקע פאָרזיכטיקייַט פאַרלירט ער, די געוווינהייַט פון זאָגן שוואַרץ און מיינען ווייַס. נאָכעם אָבער פאַרשטייט אַלץ.

— אַזוי גאָר, באָכער, ביסט פאַרליבט. אַזוינס איז מיר צום האַרצן.

זיאמע האָט פון דעם האַנאָע. ער ענטפערט:

— פאַרליבט.

— און זי?

— ווער ווייסט?

— אַך, אַזוי ווערט עס דאָך גאָר אינטערעסאַנט. ווער איז זי?

זיאמע שמייכלט גליקלעך, נאָר ער שווייַגט.

## 15

אין יענע טעג איז זיאמע ארויסגעווען אומעטום, וווּ מע קאָן נאָר זען כאַוועלען. מע דאַרף אָבער זאָגן, אַז געגליקט האָט אים ניט. קומט ער אין פראָפעסיאָנעלן פאַריין, זאָגט מען אים, אַז כאַוועלע איז אף א מיטינג אין אייַזנבאַן־קרייַז. קומט ער אין אייַזנבאַן־קרייַז, דערוויסט ער זיך, אַז זי איז אף א פאַרזאַמלונג אין פאַריין. דאָ איז זי אף א זיצונג, דאָ אף א פראַקציע... שטענדיק פאַרנומען. זוכנדיק כאַוועלען, איז ער שוין בייַגעווען אף מיטינגען, פאַרזאַמלונגען, לעקציעס, קרייַזן... און כאָטש ער איז אַלעמאָל געווען זיכער, אַז קיינער קאָן אים קיין נייַס ניט אַנטדעקן און קיינער האָט אים ניט אין זינען, האָט ער זיך צוגעהערט מיט קאָפּ און געקומען צום אויספיר, אַז עס איז גאָר ניט אַזוי, ווי ער האָט פריִער געטראַכט.

אף איינער א פאַרזאַמלונג האָבן אים דערקענט די פרויען, וועלכע האָבן פרילינג געוואַרט אף קאַרטאָפל און האָלץ בא מאַקס גאָדיען אין הויף. דעמלט איז איינע פון זיי געווען אָנגעטאָן אין

א מאנטל פון א דײַטשישער סאָלדאַטישער קאָלדרע, בא דער צווייטער זײַנען די ציין געווען ארומגעבונדן מיט א רויט מאנצבלש טיכלעך.

— כאַוועך ראמעס, איר גערעכט, ווי דער כאַסעלע האָט אונדז אָפּגענאַרט? זײַן גליק, וואָס ער איז אַנטלאָפן.

זיאמע ראמעסן קען מען, באַזונדערס צווישן שנײַדער. דעריבער, ווען די קאָמוניסטן האָבן באַמערקט, אז ער קומט אָפּט אינעם אײַזנבאַן־קרײַז אף א מיטינג, אף א לעקציע, האָבן זיי מיט אים געגומען שמועסן, זיך דערוויסן, וואָס ער טראַכט וועגן ראַטנמאַכט... גערשן דער שטעפּער האָט אים אפילו איין מאָל אָפּגעפירט אהיים און אפן וועג מיט אים אײַנגעטײַנעט: זיאמע דאַרף ניט פארגעסן, אז ער איז אַן אַרבעטער, און אז דער איינציקער וועג צום סאָציאַליזם — איז ראַטנמאַכט.

א צווייט מאָל האָט מיט אים גערעדט יאָזאָס סימאָנײַטעס. זיאמע האָט אים דערקענט, ס'איז יענער ליטווישער אַרבעטער, וואָס האָט אפן מיטינג אין „טעליאַטניק" געזאָגט, אז ווילנע האָט איין באַלעבאָס — דעם אַרבעטער־קלאַס. יאָזאָס האָט אים ניט אײַנגערעדט, נאָר פּאַשעט גע־פּאָדערט: פארוואָס מיינט זיאמע, אז עמעצער דאַרף פאר אים טראַכטן, פאר אים טאָן? ער איז דאָך אַן אַרבעטער — פארוואָס שטייט ער אָן א זײַט? יעדער מענטש איז איצט טײַער. זיאמע האָט זיך אפילו אף א ווײַלע דערפילט אומגערעכט, ווײַל די טײַנעס צו אים זײַנען דאָך גערעכטע און נאָך מער איז אים געווען ניט באַקוועם פון די טײַנעס, ווײַל זיי שטעלט ארויס א ליטווישער אַרבעטער. צי וועט גערשענען זײַן ענטפער געפעלן — אַרט אים ניט. יאָזאָס זאָל וועגן אים טראַכטן שלעכט, ווילט זיך אים ניט. און דאָך... מוז ער באַטראַכטן, ער טאָר ניט אײַלן. ער וועט ניט פארשפעטיקן.

איינמאָל האָט זיאמען אָפּגעגליקט. ער האָט באַגעגנט כאַוועלען. זי איז געוואָרן דאַרער אפן פּאָנעם, זי איז געווען מיד און מיסטאָמע ניט אויסגעשלאָפן.

— באַגלייט מיך אהיים, זיאמע. איך בין מיד. איך וויל שלאָפן.

זיאמע האָט זי געגומען אונטער דער האַנט. זיי זײַנען געגאַנגען און געשוויגן. זי האָט גע־שוויגן, ווײַל זי איז געווען מיד. ער האָט געשוויגן, ווײַל ער איז געווען גליקלעך. ער איז געווען זיכער: זיי פארשטייען זיך אָן רייד.

זיאמע האָט קיינעם ארום זיך ניט באַמערקט, זײַן גאַנץ לעבן איז געלעגן אין דער האַנט, וואָס ער האָלט געאַרעמט. ער האָט אופגעהערט צו קוקן אין אירע פארשלאָפענע אויגן. ער האָט אפילו ניט באַמערקט, אז א באָכערל פון א יאָר זעכצן גייט זיי אנטקעגן און קאָן זײַן בליק פון זיי ניט אָפּווענדן. די אויגן זײַנען בא אים גרויסע, פול מיט פארוווּנדערונג און איבעראַשונג. זיי פרעגן: ווי קאָן עס זײַן? ווידער כאַוועלע געפעלן מיט זיאמע ראמעסן? צי דען זי, כאַוועלע, וואָס דאַרף זײַן א בײַשפּיל פאר אַלע יונגע, רעדט איינס און טוט גאָר אנדערש... געכטן הירשל טאַנ־קוס, הײַנט — זיאמע ראמעס? דער פארדראָס גייט איבער אין אומצופרידנקײַט, אין בייזקײַט, אין צולאָכעס. אים ווילט זיך אָנכאַפּן די האַנט, וואָס פירט כאַוועלען געאַרעמט, א שלעפּ טאָן זי און גוט אָנפּאַטשן. זאָל זיך ראמעס אזוינס ניט דערלויבן. ער גייט זיי נאָך. אך, ווו נעמט מען איצט הירשל טאַנקוסן, זאָל ער זען מיט זײַנע אויגן, ווער אָט די כאַוועלע איז. ער גייט זיי נאָך ביז איר שטוב. ער זעט, ווי זי פארהאַלט זיך א רעגע ניט און גייט צו זיך אהיים. ער הערט אפילו, ווי זי גענעצט.

זיאמען האָט דער וועג צו כאַוועלעס וווינונג אויסגעזען זייער קורץ. גייענדיק צוריק צו זיך אהיים, פילט ער, אז די רעכטע האַנט זײַנע איז א גליקלעכע, א יאָמטעוודיקע. ער היט זי אָפּ, ווי א בעניאָכיד, ער האָט מוירע, זי זאָל ניט פארלירן דעם אָטעם פון כאַוועלעס אָרעם.

פּלוצלינג דערפילט זיאמע, ווי עמעצער כאַפּט אים אָן פאר דער האַנט — פאר דער יאָמטעוו־דיקער, גליקלעכער האַנט.

— פארגעדענקט איין מאָל פאר אַלע מאָל: איר זאָלט כאַוועלען לאָזן צורו.

— וואָס? ווער ביסטו אזוינער?

— אָט ווער איך בין! — און דאָס באָכערל הייבט אוף א פויסט.

זיאמען האָט געגומען שטיקן א געלעכטער. וואָס זאָגט איר אף דעם דאָזיקן קאָנקורענט זײַנעם, א שיינער אײַנפאַל? א נאַריש יינגל, א פערדל!

— ווער ביסטו? גיב לאָשן...

— איר דערקענט מיך ניט? איך בין מיכקע.

זיאמע דערמאָנט זיך: ס'איז דאָך יענץ יינגל, צוליב וועלכן כאַוועלע האָט אים אַנומלטן אָנ־געגופן „אַלטער מעלאַמעד".

נאָכעמען טרעפט ער אין דער היים. יענער גיט אף אים א קוק און דערקענט באַלד, אז

זיאמע איז א גליקלעכער. די אויגן בא זיאמען זײַנען ווארעמע, די ברעמען ניט קיין שטרענגע. ער איז יינגער געוואָרן, און אלץ אין אים איז נײַ.

— באָכער, איך זע, אז דיר קומט מאזלטאָוו.

זיאמע ענטפערט גאָרניט, נאָר זײַן גאנצער אויסזען זאָגט, אז יאָ — אים קומט מאזלטאָוו.

— און ס׳איז נאָך אלץ א סאָד. ווער איז זי?

— כאוועלע געפען.

נאָכעם האָט מאמעש דאָס מויל געעפנט, אזוי איז ער איבערראשט געווען פון זיאמעס „כאוועלע געפען". ווער איז דאָ דער אָפגעריסענער נאר: זיאמע צי ער, נאָכעם? כאוועלע געפען? אלע ווייסן, אז זי האָט א כאָסן — הירש טאנקוס. איר איז צוואנציק, און זיאמען געוויס זעקס און דרײַסיק. זי איז א ברען, א באוועגלעכע און דרייסטע. איידער ער וועט מאכן דרײַ טריט, וועט זי דורכגיין די שטאָט. איידער ער װעט דורכגיין צווײ גאסן, וועט זי זײַן אין מאָסקווע. זי פארשטייט אלץ אפן וווּנק, זי באנעמט א מענטשן, זי איז קלוג. ווי קומט ער צו איר און זי צו אים? שוין אָפגע־רעדט פון דעם, וואָס זי איז א קאָמוניסטקע. און ער — ניט אהער און ניט אהין... איז עס פּאָשעט שווער צו פארשטיין. צי ער, נאָכעם, איז טויב, צי יענער, זיאמע, איז בלינד? נאָכעם גלייבט ניט, נאָר קאָן דען זײַן, אז זיאמע זאָל עס אויסטראכטן? ניין!

— הער נאָר, זיאמע, זאָג מיר, וועלכע כאוועלע געפען איז עס? די שייניגקע, מיט די קלוגע אויגן?

פון אזא פראגע ווערט זיאמע ברייטער ווי לענגער. ער שײַנט. אף ענטפערן פעלט אים ווערטער. ער גיט נאָר א שאָקל מיטן קאָפּ „יאָ".

— און ער? — פרעגט נאָכעם. — וואָס זאָגט ער?

— וואָס קאָן ער זאָגן? דער מאמעס מילך איז נאָך אף זײַנע ליפּן ניט אָפּגעטריקנט. א יאָר פופצן אָדער זעכצן איז אים אינגאנצן.

— זאָג מיר, ביסט ניט א ביסל געררירט? וועגן וועמען רעדסטו? איך הייב ניט אָן צו פארשטיין.

— וואָס הייסט וועגן וועמען? וועגן מיכקען.

— וואָסער מיכקע? וואָס האָט זיך דיר געכאָלעמט. איר כאָסן איז דאָך הירשל טאנקוס!

## 16

אין גרויסן זאל, ווו עס קומט פאָר די עפענונג פון ראָט, זיצן מיכקע, סימכע און ליבע אין איין ריי. מיכקע און סימכע זיצן פון די זײַטן, און ליבע — אינמיטן. די בינע, וואָס איז גרייט פארן פרעזידיום, איז אָפן, נאָר פוסט. איבער דער סצענע הענגט א גרויסער פּאָרטרעט פון קארל מארקס. פון בײדע זײַטן הענגען אראָפּ לאנגע רויטע לײַוונטן מיט לאָזונגען. די ערשטע רייען אין פּארטער זײַנען אויסגעטיילט פאר די דעפּוטאטן פון ראָט, נאָר גראָד די דאָזיקע רייען זײַנען אויך פוסט. די דעפּוטאטן געפינען זיך ערגעץ הינטער די קוליסן אף זייערע פּארטײ־פראקציעס. דער ליכטיקער זאל גופע איז איבערפולט פון אויבן ביז אראָפּ.

ליבע איז צופרידן, וואָס איר ברודער און מיכקע זיצן בײדע צוזאמען.

אין זאל איז א זשומערײַ, א ריידערײַ, א געלעכטער. אלע זײַנען אָנגעטאָן אין די שענסטע קליידער, מיט רויטע שלייפלעך אף די לאצן.

— ליבע, דו זעסט ניט, ווי מע קוקט אף דיר, — זאָגט מיכקע, — אָט יענץ מיידל נעמט פון דיר די אויגן ניט אראָפּ.

ליבע גיט א קוק אפן מיידל, וואָס נעמט פון איר די אויגן ניט אראָפּ, און בײדע נעמען שמייכלען. דערנאָך לאכן זיי. און לאָכנדיק, לאָזן זיי זיך איינע צו דער אנדערער קימאט לויפן.

— ליבע.

— קאזיע.

בײדע כאַפּן זיך ארום, קושן זיך.

ליבע און קאזיע זײַנען אויסגעוואוקסן אין איין הויף. קאזיעס טאטע אנטאנאס איז געווען דער הויף־וועכטער. אין א זומער־טאָג האָבן זיך בײדע צווײ־דרײַיאָריקע מיידלעך א גאנצן טאָג גע־שפּילט אין זאמד, געמאכט באבקעלעך. צו דרײַ־פיר יאָר האָט מען זיך געשפּילט אין מאמע־טאָכטער און געקאָכט צוזאמען מיטיק. צו פינף יאָר האָבן זיך בײדע אָן קיינעמס וויסן געלאָזט שפּאצירן און זיך פארבלאָנדזשעט. נאָר צו זעקס־זיבן יאָר האָבן שוין בײדע צו גוט געוווּסט, אז איינע איז א יידישע און די צווייטע — א ליטווישע. זיי האָבן שוין אויך געוווּסט, אז אויב זיי וועלן זיך צעקריגן, דאַרף ליבע רופן קאזיען „זשמאָגוס" און קאזיע ליבען „כײַקע". אינגיכן האָבן זיי זיך טאקע געװמען קריגן, נאָר שנעל זיך איבערגעבעטן. און צום סאָף זיך צעקריגט און צע־

גאנגען. אמאָל פלעגט מען באַם באַגעגענען זאָגן א „גוט־מאָרגן" און אמאָל דאָס אויך ניט. דאָס לעצטע יאָר האָטביידן געוּנומען דוכטן, אַז זיי האָבן וואָס צו ריידן צווישן זיך. ביידע זײַנען שוין פרײַלנס. קאַזיע איז אויסגעוואַקסן, זי איז א פולבלעכע, פרוייש גוט אויסגעפורעמט. באַ איר איז א געדיכטער קאָפּ האָר פון שטרוי־קאָליר. זיי באַטראַכטן איינע די אַנדערע, ווען זיי באַגעגענען זיך. זיי באַגריסן זיך, ווילן עפּעס רעדן, נאָר ווײַטער פון א „גוטער וועטער" אָדער „שלעכטער־וועטער" גייט עס ניט.

און איצט, פאַר ביידן אומדערוואַרט, באַגעגענען זיי זיך אַף דער עפּענונג פון ראַט. זיי רעדן גיך, אָפּגעריסענע פראַזן, איינצלנע ווערטער, אַפילו נאָר באַזונדערע קלאַנגען ברענגען זיי אַרויס... זיי פאַרשטייען זיך אָפן ווונק, מיט די ליפּן, מיט די אויגן... ס'איז פאַראַן אַזויפיל וואָס צו זאָגן... זיי האַלטן זיך פאַר די הענט און כאַזערן אַלץ אָפּט איבער: ליבע, קאַזיע.

און דערנאָך וויל יעדע פון זיי וויסן, וויאַזוי די אַנדערע קומט אַף דער עפּענונג פון ראַט. און דעמלט לאָזט זיך אויס: דורך איין וועג — דורכן קאַמיוג.

ניט ווײַט פון ליבען זיצן זיאַמע מיט נאַכעמען. פאַר זיאַמען איז אומדערוואַרט דער גרויסער רווישיקער אוילעם. ער זוכט מיט די אויגן אין אַלע זײַטן כאַוועלען. זײַן איבערראַשונג איז גרויס..

— נאַכעם, — זאָגט ער, — אַזאַ קויעך... אַזויפיל מענטשן... א בלינדער קאָן שוין זען...

— דאָס איז נאָר א יאָמטעווודיקער קויעך, — שלאָגט אים איבער נאַכעם. — א קויעך, וואָס קומט אַף אַלעם גרייטן און פאַרטיקן. ניט אַלץ איז נאָך אַזוי גלאַטיק, ווי עס דוכט זיך, ווען מען קוקט פון דער אויסגעפּוצטער וויטרינע...

— וואָס איז מיט דיר הײַנט, נאַכעם? ביסט ניט צופרידן?

— מיט מיר? גאָרניט. כוץ דעם, וואָס איך בין ניט פאַרליבט און זע אַלץ מיט אָפענע אויגן. איך פאַרשטיי, אַז מאַכן א רעוואָליוציע מיט פאַרליבטע איז ניט שווער, נאָר א גרויסער סאָפעק איז דערבײַ, צי קאָן מען מיט אַזוינע זיגן. אָט, לעמאָשל, כאַוועלע...

— ווו איז כאַוועלע? מע זעט זי ניט.

— זי איז אָפן שלאַכטפעלד, אַף דער פּראַקציע. דעם הײַנטיקן יאָמטעוו דאַרף מען דאָך פריִער אויסקעמפן. ביז די רויטע אַרמיי וועט קומען, וועלן נאָך א סאַך קאָרבאָנעס זײַן.

זיאַמע ראַמעסן, וואָס האָט די לעצטע צײַט שוין געוּנומען פאַרשטיין אַזוינס, וואָס ער האָט פריִער ניט פאַרשטאַנען, איז איצט געוווען ניט גרינג צו באַנעמען נאַכעמס ווערטער. אים, ראַ־מעסן, איז דאַפקע הײַנט אַלץ קלאָר. יאָמטעוו.

עס באַווײַזן זיך די דעפּוטאַטן, וואָס קומען אַרויס פון הינטער די קוליסן פון די פּראַקציעס, און גייען צו זייערע ערטער אין פּאַרטער. ליבע דערזעט כאַוועלען און דערקענט, אַז זי איז אומרויִק. זיאַמע דערזעט כאַוועלען און פאַרשטייט, אַז זי איז גליקלעך. ליבע וויל, אַז כאַוועלע זאָל אַף איר א קוק טאָן. זיאַמע וויל, אַז כאַוועלע זאָל צו אים א שמייכל טאָן. כאַוועלע איז גאָר איצט פאַרנומען מיט אירע אייגענע אומרויִקע געדאַנקען.

„וואָס וועט הײַנט פאָרקומען, — טראַכט זי, — מע וועט עפענען דעם ראַט... צי פאַרמאַכן? ווער זײַנען די דעפּוטאַטן — פרײַנט אָדער פײַנט?"

צי דען געדענקט זי ניט, מיט וועלכע שוועריקײַטן די אַרבעטער פון דער עלעקטראָסטאַנציע האָבן זי אויסגעוויילט אַלס דעפּוטאַט. איר קאַנדידאַטור איז בוכשטעבלעך געהאַנגען אַף א האָר. ווען איר קעגנער באַקומט מיט עטלעכע שטימען מערער, וואָלט מען אין ראַט אויסגעקליבן אָן עמעסן סוינע פון דער ראַטנמאַכט. און וויפל אַזוינע סאָנים האָט מען טאַקע אויסגעקליבן אין ראַט?

כאַוועלע איז אומרויִק. זי קוקט זיך גוט אײַן אין די פּנעמער פון די, וואָס האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט: ווער זײַנען זיי, מיט וועמען וועלן זיי גיין? זי, ווי אירע כאַווײרים, וויל זיך ניט נאַרן. זי פאַרשטייט זייער גוט, אַז א סאַך קווענקלען זיך, ווייסן ניט, קאָנען ניט באַשטימען: מיט וועמען גיין — מיט די באָלשעוויקעס צי מיט די מענשעוויקעס? און ביזוואַנען די דאָזיקע פראַגע „מיט וועמען?" וועט קלאָר ווערן, קאָן פאָרקומען א קאַטאַסטראָפע. ניט נאָר א טאָג, נאָר א שאָ, אַפילו א מינוט קאָן אָפּשפּילן א פאַרעטערישע ראָל.

זיאַמע קוקט אַף כאַוועלען און פאַרשטייט ניט, וואָס דאָ קומט פאָר. דער ראַט עפנט זיך, און זי איז ניט נאָר ניט פריילעך, נאָר צעטראָגן.

— וואָס איז מיט איר, נאַכעם? פאַרוואָס איז זי גאָר טרויעריק אין אַזאַ יאָמטעוודיקן אָונט? איך פאַרשטיי גאָרניט.

— אוואַדע... פאַרשטייסט ניט!

— וואָס איז דאָ פאַראַן ניט צו פאַרשטיין? זי קוקט אַף מיר און זעט מיך ניט.

און אין דער עמעסן, כאַוועלע קוקט אַף זיאַמעס פריילעך פּנעם, אַף ליבעס און קאַזיעס שמייכלענדיקע אויגן, נאָר פאַרנומען איז זי גאָר מיט אירע אייגענע געדאַנקען. וויפל יאָר האָבן זיך אַרבעטער געגרייט צו דער רעוואָליוציע, צו דער דיקטאַטור... און אין דער סאַמע אַנטשיידע־

בער שאָ, אינעם טאָג, ווען מע נעמט די מאכט, קווענקלען זיי זיך. א טייל פוילישע ארבעטער, פאר־שיקערט פונעם שאפן א פוילישע מעלוכע, איז פארסאמט מיט נאציאָנאליזם. די זעלבע ווירקונג האָט אף א טייל ליטווישע ארבעטער געהאט די שאפונג פון א ליטווישער רעפובליק. א טייל יידישע ארבעטער שלעפן זיך נאָך די יידישע „סאָציאַליסטישע" פארטייען. און כאוועלען איז קלאָר, זי זעט עס זייער דייטלעך — דער שטורעם דערנעענטערט זיך. אָט הייבט זיך אוף די שיף פון ראט אפן סאמע שפיץ פון דער כוואליע, און אָט פאלט זי אין דער נידער און די כוואליע פאר־שווענקט זי.

מיט וועמען גייען זיי?

צי וועט די רויטע ארמיי ברענגען הילף צו דער צייט?

די מיטגלידער פון פרעזידיום זיינען ארויס אף דער בינע. צוזאמען מיט זיי איז ארויס אויך כאוועלע. זי האָט דערזען יאָזאס סימאָנייטיסן, א העלדישן, פרייליכן און קלוגן. זי האָט דערזען דעם פוילישן קאָמוניסט סטעפאנסקי, מיט דער ברוינער באָרד, מיט ברענענדיקע אויגן אפן בלאסן פּאָנעם. אזוי זעען אויס אָדער הייליקע אָדער אקשאָנים מיט א שטארקן ווילן. און צוזא־מען מיט זיי — גערשן און ניקאָליי.

ווי נאָר די מיטגלידער פון פרעזידיום האָבן פארנומען די ערטער באם לאנגן טיש, וואָס איז צוגעדעקט מיט א רויטן טוך, אזוי האָט זיך ערגעץ פון דער גאלעריי דערהערט א הויכער אויסגעשריי:

— נידער מיט די מאָסקאליעס און זייער מאכט!

דער גאנצער זאל איז פון אומדערווארטקייט אופגעשפרונגען. אין אלע זייטן האָט מען געקוקט און זיך געוואָלט דערוויסן, ווער האָט זיך עס דערלויבט צו שרייען? נאָר קיינער האָט זיך גאָרניט דערוווסט.

ביסלעכווייז האָט מען זיך בארויקט, און דער פאָרזיצער האָט געעפנט די ערשטע זיצונג. באָך זיין רעדע האָט מען געזונגען דעם „אינטערנאציאָנאל".

17

איינמאָל, ארויסקוקנדיק דורכן פענצטער, האָט מאקס גאָדיען דערזען, ווי אף דער גאס שפּא־צירן ארום זיינע ביידע כאוויירים — זיאמע און נאָכעם. אין דער ערשטער רעגע, ווי נאָר ער האָט זיי דערזען, האָט ער וועגן אלץ פארגעסן און איז גרייט געווען א געשריי טאָן און רופן זיי צו זיך. ער האָט זיך אָבער דערמאָנט, אז ער טאָר עס ניט — ער באהאלט זיך דאָך אויס. אף מאָרגן, אז ער האָט ווידער ארויסגעקוקט דורכן פענצטער, האָט ער אף דער גאס געזוכט זיאמען מיט נאָכעמען. עפּשער וועט ער זיי נאָכאמאָל זען, ער וואָלט זיך מיט זיי זייער דערפרייט. ווען עס וועט ווערן רויִק, וועט ער זיי איינלאדן צו זיך, שטעלן א שיינעם קיבעד, געבן מאטאָנעס. ער וועט זיי אפילע געבן געלט אף עפּענען אן אייגענעם ווארשטאט. עס זאָל נאָר ווערן רויִק אף דער וועלט. עס גייט אוועק א טאָג דריי־פיר, און מאקס דערזעט ווידער זיינע כאוויירים אפן אנטקעגנדיקן טראָטואר. ער קאָן פון זיי די אויגן ניט אָפּרייסן, ער באטראכט זייער יעדע באוועגונג, זייער יעדן קער, אלץ איז אים נאָענט און טייער. ווייטער דערזעט מאקס, ווי זיאמע און נאָכעם שטעלן זיך אָפּ. פון הינטערן פאָרהאנג זעט ער, ווי זיי באטראכטן דאָס הויז, וווּ ער וווינט. אים נעמט אפילע דוכטן, אז זיי ציילן די פענצטער פון זיין דירע. דערנאָך זעט מאקס, ווי זיי גייען אריבער די גאס פונקט צו זיין פאראד־ארייַנגאנג. ער טראכט דערביי: אן אנדערשמאָל וואָלטן זיי געווען בא מיר אָנ־געלייגטע געסט, נאָר הייַנט... אין טיר קלינגט מען. די דינסט עפנט, און גאָדיען דערהערט און דערקענט די שטים פון זיינע כאוויירים. באלד באווייַזט זיך די דינסט און דערציילט דעם באלע־באָס, אז פאָרשטייער פונעם ראט זיינען געקומען זען די דירע. פארן וואָרט „ראט" דערפילט מאקס א שרעק, כאָטש די פאָרשטייער זיינען זיינע כאוויירים. ער באהאלט זיך אויס. די דינסט ווייַזט די דירע. זיאמע שווייַגט און מייַדט אויס עמעצן צו קוקן אין פּאָנעם. נאָכעם איז צופרידן פון דער דירע. „גוט, פאר א קינדערהיים איז עס אויסגעצייכנט!"

אין עטלעכע טעג ארום איז גאָדיענס פרוי געווען שטארק איבערראשט. איר מאן, וואָס זיצט פארשפּארט אין שטוב, גייט אליין אין ערגעץ ניט און רופט קיינעם צו זיך ניט, איז נאָכן באזוך פון די פאָרשטייער פון ראט געוואָרן דרייסט און איר געמאָלדן, אז ער ווארט אף געסט. זי האָט גאָרניט געענטפערט, נאָר באמערקט האָט זי, אז ער איז אופגערעגט און קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען.

נאָך מער האָט זי זיך געוווּנדערט, ווען די געסט האָבן זיך באוויזן.

דער ערשטער איז געקומען וואסילי ראָמאנאָוו, א סטאראָאָבריאדעץ, אן אייגנטימער פון א פילשטאָקיק הויז אף געאָרגיעווסקי פּראָספּעקט און א באלעבאָס פון א ביר־ברויז אף זארעטשיע.

— דער הער איז אין דער היים? ווו קאָן מען אים זען?

מאַקס איז אים אַרויס אַנטקעגן און געעפֿנט די טיר פֿון קאַבינעט.

פֿאַרוואָס איז עפּעס צו איר מאַן פֿלוצלינג געקומען אַ סויכער? זי פֿאַרשטייט עס ניט.

און נאָך אַ זאַך איז פֿאַר איר אומפֿאַרשטענדלעך: זי אַליין איז אויסגעוואַקסן אין אַ שטוב, ווו אירע כאַווערטעס זײַנען געווען רוסישע און פּוילישע מיידלעך. איר מאַן איז אויסגעוואַקסן אין אַן ענגער ייִדישער סוויווע און האָט זיך געכאַווערט קימאַט דורכויס נאָר מיט ייִדן. און אומגעריכט קומט צו אים צוגעסט אַ מענטש, וואָס איז ענלעך אויף אַ סטאַראָסטע אין קלויסטער. וואָס זאָל עס באַטײַטן? צוליב וואָס?

אין דער טיר קלינגט מען ווידער אָן. די דינסט עפֿנט, און עס קומט אַרײַן אַן אומבאַקאַנטער פּוילישער שליאַכטיטש. דערזעענדיק גאָדיענס שיינע פֿרוי, האָט ער גענומען שיטן קאָמפּלימענטן. מאַקס האָט אויך אים אוועקגעפֿירט צו זיך אין קאַבינעט. דער ערשטער איז אַוועק וואַסילי ראָמאַנאָוו. עפֿענענדיק די טיר פֿון קאַבינעט, האָט ער באַם געזעגענען זיך געזאָגט:

— אַ וואָרט איז טײַערער פֿון געלט. ליבאָ פּאַן, ליבאָ פּראָפּאַל. צוזאַמען!

גאָדיענס פֿרוי האָט פֿון זײַנע ווערטער גאָרנישט ניט פֿאַרשטאַנען. נאָר ווען דער שליאַכטיטש איז אַוועק און גענומען ווידער שיטן מיט קאָמפּלימענטן, האָט ער זיך אַרויסגערעדט:

— שיינע פּאַניע, זײַט ניט אומרויִק, מיר וועלן די גאַזלאָנים דערשטיקן.

## 18

קיין דײַטשן זײַנען שוין מער אין שטאָט ניט פֿאַראַן. אײַנגיכן נאָכן עפֿענען דעם ראַט האָט מען אין שטאָט זיך גענומען שושקען, דערציילן איינער דעם אַנדערן אַפֿן אויער, וואָס אַפֿן פֿערד־מאַרק איז געשען.

אַפֿן פֿערד־מאַרק איז אויף צוויי פּעסטע סטויפּעס פֿעסט צוגעקרעמפּעוועט אַ לאַנגער קלאָץ. פֿון ביידע זײַטן קלאָץ שטייען שטענדיק צוגעבונדן פֿערד פֿאַר די צײַמלעך. איינציקווײַז און גרופּעסווײַז גייען קוינים פֿון איין פֿערד צום צווייטן און באַטראַכטן זיי. דאָס מאָל איז באַם סאַמע אָנהייב קלאָץ געשטאַנען אַ הויך און לאַנג באַלעגאָליש פֿערד, אַן אויסגעהאָרעוועטס, מיט אויסגעריבענע זײַטן, מיט אַ שיטערער גרינלעכער גריווע. דאָס פֿערד קאָן נאָך גיין אין שפּאַן און נעמען אַ וואָגן מאַסע, נאָר גיכער שוין פֿון געוווינהייט וועגן, ווי מיט קויעך. לעבן אים שטייט אַ יונג זשערעבטשיקל מיט אַ קליין קעפּל. די פֿיס זײַנען יונגע, פֿול מיט בלוט און שטייען ניט זײַן אויף אַן אָרט. דאָ מיט איין פֿוס, דאָ מיט אַ צווייטן גראָבט עס די ערד. דאָס זשערעבטשיקל באַטראַכט מען פֿון אַלע זײַטן. עמעצער גייט צו, לייגט אַרויף אַ האַנט אויף זײַן גלאַטן רוקן, קערעוועט עס אויס דעם קאָפּ מיט די כיטרע קוקערס און באַטראַכט דעם מייוון. ווײַטער שטייען פּויערשע קליאַטשעס מיט גרויסע בײַכער, מיט שמאָלע אײַנגעפֿאַלענע רוקנס און איבערגעבונדענע עקן. די פֿיס מיט די צעקלאַפּטע טלאָען האַלטן זיי צעשפּרייט אין די זײַטן. זיי באַוועגן מיט די אויערן אַהין און אַהער, ווי זיי וואָלטן וואַרטן, אַז אָט־אָט דאַרף מען זיי אַ רוף טאָן צו אַ טאָרבע האָבער. די פֿערד־הענדלער שטייען זיך רויִק און לייגן קיין שום אַכט ניט אויף די מעווינים, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום. די דאָזיקע מעווינים זײַנען מענטשן, וואָס האָבן אַמאָל געהאַט אייגענע פֿערד און איצט האָבן זיי אַפֿילו קיין זאָטל אויך ניט. אַז זיי דערזעען אַ גוט פֿערד, גיט עס אין זיי אַ ברען און זיי פֿאַרגעסן בעשאַס־מײַסע, ווו זיי האַלטן אין דער וועלט. זיי ווילן טייקעף קויפֿן. זיי פֿעלט נאָר איינס — געלט. אָדער עס זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס קיין פֿערד האָבן זיי קיינמאָל ניט געהאַט, נאָר זייער גרעסטער פֿאַרלאַנג אין לעבן איז אַן אייגן פֿערד. אַ גאַנצן טאָג דרייען זיך די דאָזיקע מעווינים אַרום, פֿרעגן, דינגען, קאָכן זיך, נאָר קיין געלט האָבן זיי אויך ניט. דערפֿאַר, אַז עס קומט דער עמעסער קוינע, דערקענט מען אים טייקעף, און מע סטאַרעט זיך אָן אַ פֿערד אים ניט אַרויסלאָזן. די הענדלער נעמען רעדן און אײַנרעדן, שווערן זיך און קלאַפּן אין האַרצן, דערציילן וועגן די פֿערד ניסים, רימען זיי און לויבן. דערנאָך באַווײַזן זיי, ווי דאָס פֿערד גייט, ווי עס לויפֿט, ווי עס דאַרף גאָר קיין בײַטש ניט, נאָר אַ פֿײַף און אַ טשמאָקע — און גענוג... דערנאָך נעמט מען זיך פּאַטשן איבער די הענט און דינגען: אַ רובל אַרויף, אַ האַלבער אַראָפּ, אַ האַלבער אַרויף, אַ גאַנצער אַראָפּ...

די פֿערד־הענדלער באַמערקן, אַז עס דרייען זיך אַרום פֿאַרדעכטיקע לײַט. די דאָזיקע לײַט זײַנען אָנגעטאָן אין פּויערשע קליידער, מע דערקענט זיי לויט יעדן קער און ווענד. זיי האָבן איינציקווײַז שוין פֿריִער באַטראַכט דעם יונגן זשערעבטשיק, געזען זײַנע מײַלעס און כעסרוינעס, זײַנע סימאָנים, זײַנע געבוירענע אייגנשאַפֿטן... דערנאָך האָבן זיי זיך באַוויזן צוזאַמען זאַלבעפֿערט. עס האָט געמאַכט אַן אײַנדרוק, אַז די פֿערד אינטערעסירן זיי גאָר ניט. פּאַמעלעך, באַלעבאַטיש האָבן זיי גענומען באַטראַכטן קי, קעלבער, ציגן, שעפּסן. זיי שטעלן זיך אַרום אַ

רויטער קו — אַן עמעסע פאַרע־אַדומע — מיט א ווײַסן פלעק אפן שטערן און מיט גרויסע שפּיציקע הערנער. די קו אַפּאַנעם האָט גרויס ווירדע צו זיך אַליין, זי קוקט אַף קיינעם ניט. זי פּרוווט נאָר אַלע ווײַלע מיטן קאָפּ, צי דער שטריק אַף איר האָרן איז צוגעבונדן צום קלאָץ.

— א קראַסאַוויצע! — זאָגט איינער.

— אַף פלייש, אָבער ניט אַף מילך, — ענטפערט א צווייטער.

און די פיר לײַט גייען זיך ווײַטער, ווײַל צײַט האָבן זיי, און פאַרגעניגן פון באַטראַכטן בעהיימעס האָבן זיי אויך, זײַנען זיי אַוועק צום ווינקל, וווּ מע האַנדלט מיט כאַזיירים. דאָ טומלט שטאַרק די סכוירע, וואָס פאַרקויפט זיך, אַז מע הערט עס פון ווײַטן. קליינע כאַזיירימלעך ליגן אין זעק, גרעסערע צוגעבונדן צו וואָגנס. א סאַך אוילעם האָט זיך צונויפגעקליבן אַרום איינעם א כאַזער, וואָס ליגט אויסגעצויגן אַף דער ערד. ער איז ניט געבונדן, נאָר רירן זיך קאָן ער ניט. ער איז אַזוי פאַרוואַקסן מיט פעטס, אַז מע זעט קיין אויגן ניט אַרויס. ער איז אַזוי שווער, אַז די פיס האַלטן אים ניט. ער שטייט ניט, נאָר ער ליגט. ער שווײַגט אַפילע, ווײַל דער האַלדז איז בא אים פאַרוואַקסן מיט כאַזער־פעטס און ער קאָן זײַן קאָל ניט לאָזן הערן. אַלע פיר שטעלן זיך אָפּ.

— אָט דאָס איז א קאָטליעט! — זאָגט איינער.

— א מאַנספאַרשוין. דיאַדיאַ פוד!

און א דריטער גיט א זאָג מיט א געלעכטערל:

— זעט נאָר אָבער, ווי גרויסאַרטיק דער כאַזער זאָל ניט זײַן, נאָר אַן עקל האָט ער א קליינס, א כאַזעריש...

איצט גייען אַלע פיר צוריק. מער האָבן זיי ניט וואָס צו טאָן אפן מאַרק. נאָר איינער פון זיי גיט גאַנץ צופעליק א קוק צו די פערד און בלײַבט שטיין פאַרוווּנדערט. די איבעריקע רופן אים, און ער ענטפערט ניט, אַזוי פאַרטאָן איז ער. און פלוצעם שרײַט ער אויס:

— וויצענטי! זע נאָר... איך שווער דיר... דײַן זשערעבטשיק...

— מײַן זשערעבטשיק? וווּ?

אַלע פיר וואַרפן זיך צו דעם קלאָץ מיט די פערד. און וויצענטי דערקענט טאַקע, אַז עס איז זײַנס. די איבעריקע זײַנען אויך אידעס. וויצענטי כאַפּט דאָס זשערעבטשיקל פאַרן צוים און נעמט עס אָפּבינדן. ס׳איז זײַנס. די פערד־הענדלער שטעלן זיך קעגן, און, ווי שטענדיק אין אַזא פאַל, ווערט זיך אָנהייבן א געשלעג. דער אוילעם קלײַבט זיך אַהער. וויצענטי שרײַט אויס אַלע סימאָנים פונעם פערד, די הענדלער שרײַען נאָך העכער, אַז וויצענטי מיט זײַנע כאַווירים זײַנען זשוליקעס און האָבן פריִער דעם זשערעבעץ באַטראַכט פון אַלע זײַטן. צו קיין געשלעג קומט ניט. וויצענטי לאָזט אָפּ דאָס צײַמל און שרײַט שוין איצט צו די פויערים, וואָס האָבן זיך צונויפגעקליבן:

— וואָלט געווען א ריכטיקע מאַכט, וואָלט מען דען געלאָזט גאַזלענען אינמיטן העלן טאָג? אַז ס׳איז א מאַכט ניט פאַרן פויער. אַפילע א לעצט פערדל ווערט מען בא אים צוגאַנווענען, און קיינער ווערט זיך ניט אָננעמען. ווער דאַרף אַזא מאַכט?

די איבעריקע דרייַ העלפן אים אונטער. אַז דער גאַנצער אומגליק ליגט נאָר אין דער ראַטנמאַכט.

— וואַציע, וואַניע און כאַים ווילן ווערן די קייסאָרים! מיר דאַרפן אַן אייגענע מאַכט, אַן אונדזעריקע, א פויערשע.

וועגן זשערעבטשיקל האָט מען שוין פאַרגעסן, וועגן די הענדלער — אויך, דעריקער זשומעט מען, טומלט מען, זידלט מען דעם ראַט. ווער האָט עס אויסגעטראַכט? ס׳איז קעגן גאָט און קעגן מענטשלעכקײַט.

וויצענטי מיט זײַן קאָמפּאַניע זײַנען שוין אַזש הייזעריק. נאָר פלוצעם נעמען זיך אָן וויצענטיס קריוודע מענטשן פון דער זײַט, — זייער געוויסן לאָזט זיי ניט שווײַגן, ווען מע באַוואָלט אָרנטלעכע לײַט, טײַנען זיי. באַזונדערס היצן זיך צווייען, וואָס זײַנען דאָ אפן מאַרק גוט באַוווּסט, — יעסל און טעסל. איינער פון זיי איז א ייִד, דער צווייטער — א פויל. זיי זײַנען שוטפים, ביידע האָבן גנעיטע אויגן, כיטרע, מאַמזורישע, און דערקענען פאַר א מײַל דעם „יאָלד“, וואָס גאָט שיקט זיי צו אַף כאַיונע. איז יענער א ייִד, זאָגט אים יעטל (דער ייִד), אַז דער פוילישער פּאַרעץ פאַרקויפט א גאָלדענעם זייגער כאָצי כינעם. ער איז ווערט געוויס א קאָן רובל. דער פּאַרעץ איז געענגט אין געלט און מוז פאַרקויפן. געדענקט, מער ווי א פינף־און־צוואַנציקער זאָלט איר ניט נאָסנענען.

דער פוילישער האַלט דעם זייגער אין א רויטער פאַטשיילקע.

פאַרקערט — איז דער „יאָלד“ א פוילישער, זאָגט אים טעסל (דער פויל), אַז דער ייִד מוז פאַרקויפן א גאָלדענעם זייגער — א מעציע. מער אָבער ווי א פינף־און־צוואַנציקער זאָל ער ניט געבן, גאָט באַהיט... ער ווערט סײַווי אָפּגעבן.

דעם זייגער אין דער רויטער פאטשיילקע טראָגט שוין דער ייִד.

דער זייגער איז ווערט ניט מער ווי צוויי רובל און איז לעבן גאָלד אפילע ניט געלעגן.

איצט האָט קיינער פונעם פאָרל קיין זייגער ניט געהאלטן. זיי זיינען געווען, קענטלעך, אונטערגעזויפט. וועגן די פערד־הענדלער האָבן זיי אינגאנצן ניט דערמאָנט, זיי האָבן נאָר געטיינעט: זאָלן די פויערים פארשטייק און וויסן, וואָס פאר א מאכט מע וויל זיי אָנבינדן.

— ניטאָ קיין אָרדענונג בא זיי, הארגע, גאנווע, שלעפּ פרעמדע ווייבער פון די בעטן...

## 19

אין א וואָך ארום האָבן זיך באוויזן אָרטיקע פוילישע לעגיאָנערן. אייניקע פון זיי זיינען שוין אפילע געווען אָנגעטאָן אין קאָנפעדעראטקעס, אין שינעלן, מיט שפּאָרן און שווערדן. זיי גייען איבער די גאסן פראנק־און־פריי, שרייען „זאָל לעבן פילסודסקי", און מע קאָן מיט זיי גאָרנישט ניט מאכן.

די לעגיאָנערן האָבן זיך גענומען פילן אזוי טאקיף, אז זיי האָבן גענומען באנאכט מאכן אונטערזוכונגען אין הייזער, ראבעווען און שלאָגן. דעריקער זוכן זיי באָלשעוויקעס.

די טירן אין די הייזער — פארייגלט. אין די הייזער צינדט מען זעלטן אָן שיין. און זיצנדיק אין דער פינצטער, פרעגט מען איינער באם אנדערן: ווו זיינען די רויטע? ווען וועלן זיי קומען? בא גערשענען דעם שטעפער אין שטוב זיינען איצט פאראן לאפּטיעוו, יאָזאס סימאַנייטיס און כאוועלע. זיי באטראכטן אן אופרוף צו די ארבעטער און פויערים וועגן דעם, אז דער ראט איז אין געפאר... אין שטוב דוכט זיך עמעצן, אז ערגעץ קלאפּט מען אין א טויער. מיכקע קריכט טייקעף ארויף אפן בוידעם, פון בוידעם אפן דאך און קוקט זיך ארום אין אלע זייטן. אָט דערזעט ער אף זייער גאס א גרופּע באוואָפנטע מענטשן. שפּאָרן קלינגען. לעגיאָנערן. בא מיכקען קלאפּט שטארק דאָס הארץ. ער וויל וויסן נאָר איינס: זיי וועלן דאָ בלייבן אף דער גאס, צי זיי וועלן אוועקגיין ווייטער? ער זעט אָבער געווי, אז די באוואָפנטע מענטשן בלייבן שטיין אף דער גאס. פון אָנהייב דוכט זיך מיכקען, אז זיי זיינען זיך מעיאשעוו, זיי קלייבן אויס, צו וועלכן טויער צוגיין. באלד ווייזט איינער אף זייער הויז. אין א רעגע ארום נעמען די לעגיאָנערן קלאפּן אין טויער. קיינער ענטפערט ניט. זיי קלאפּן שטארקער. ווידער שווייגט מען און קיינער ענטפערט ניט. עפּשער וועט זיי דערעסן און זיי וועלן אוועקגיין. ניין, זיי נעמען ברעכן דעם טויער. דער הויף ווערט פול מיט מענטשן, און מיכקע שרייט אויס: „לאמעדן!" אלע פארשטייען גלייך, וואָס דאָס באטייט: „לעגיאָנערן". דערנאָך לאָזט ער זיך אראָפּ פון בוידעם און נעמט מיט א שטעקל רייבן איבערן פארקאן, עס ווערט א רויש, ווי א קוילנווארפער וואָלט פון אלע זייטן שיסן. לויט דעם דאָזיקן סיגנאל קלייבן זיך אלע איינוווינער פונעם הויז צונויף אין הויף. מאנצבלען מיט דראָנגען און שייטן האַלץ דראָען און זידלען די לעגיאָנערן, פרויען און קינדער הייבן אוף א געוויין און א געשריי. דער שכיינעסדיקער הויף דערהערט און כאפּט אונטער. אלע שכיינים שרייען און זידלען. אזוי גייט דאָס געשריי און געוויין פון הויז צו הויז, פון גאס צו גאס. די לעגיאָנערן טרעטן אָפּ. היינט וועלן זיי קיין באָלשעוויקעס ניט געפינען.

אף מאָרגן באנאכט האָט מען די אופרופן געדארפט פאנאנדערטראָגן לויט באשטימטע אדרעסן. געוואָלט האָט עס אף זיך נעמען גערשן, נאָר כאוועלע האָט אים געזאָגט:

— ניין, דו טאָרסט ניט.

— ווער זשע דען וועט עס טאָן?

— גיב איבער אין מיין נאָמען מיכקען, ער וועט פאנאנדערטראָגן.

— בעסער וועל איך עס אליין אָפּטאָן, — האָט מיט אומרו און געבעט געענטפערט גערשן.

— איך פארשטיי אלץ, גערשן... נאָר וואָס קאָן מען טאָן? דו טאָרסט ניט.

דעמלט האָט גערשן געגעבן מיכקען א פּעקעלע און געזאָגט:

— גיי, מיין זון. נאָר איך בעט דיך... היט זיך. דו זאָלסט זיין גאנץ, און די אופרופן זאָלן זיין גאנץ. גיי, מיין זון.

אין די גאסן איז געווען פינצטער. דורך די פענצטער איז אפילע קיין שפּאַלט שיין ניט געפאלן. פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט דאָס קלינגען פון לעגיאָנערישע שפּאָרן. געווען שוין פאלן, ווען די לעגיאָנערן האָבן ערגעץ פארשלעפּט מענטשן און קיינער ווייסט ניט, וווהין זיי זיינען אהינגעקומען. מיטן פּעקעלע אין בוזעם איז מיכקע ארויס אין גאס. געווען איז עס קליין־סטעפאן־גאס, ווו עס האָט זיך געפונען קלעצקינס דרוקעריי. מיכקען האָט געדוכט, אז דער הימל פאלט אף דער ערד. ער איז געגאנגען און אלע ווייַלע געטאפּט דאָס פּעקעלע. ווי נאָר ער איז צוגעקומען נעענטער צו זאוואלנע, האָט ער דערהערט א קלאנג פון שפּאָרן און גלייך דערהערט אן אויסגעשריי: „האלט!"

דערנאָך האָבן שוין געשריִען עטלעכע מיטאַמאָל: „יאָג! כאַפּ אים!“ מיכקע שטייט און רירט זיך ניט. ער האָט זיך אין דער רעגע דערפילט, ווי א סלופּ, וואָס שטעקט מיט אלע קויכעס אין דער ערד און דער ווינט קאָן אים אפילע ניט א ריר טאָן. נאָר די אויערן, האָט געדוכט מיכקען, ווערן בא אים גרעסער און ווילן אלץ דערהערן, אויפכאַפּן דעם קלענסטן שאָרך. באלד איז אף דער גאַס שטיל געוואָרן. ניט קיין שפּאָרן קלינגען, ניט קיין געשרייען הערן זיך. און אָט דעמלט דערפילט מיכקע, אז אפן הארצן איז אים גאָר ניט פריילעך. די פיס ווילן זיך ניט רירן. לאנגזאם איז ער צוגעגאנגען צום ראָג און א קוק געטאָן אין ביידע זײַטן זאוואלנע. אין דער פינצטער האָט מען קיינעם ניט געזען, און מיכקע איז שוין געווען גרייט א טראָט טאָן ווײַטער. צום גליק, האָט עמעצער גאָר נאָענט פארצויגן א פּאַפּיראָס, עס האָט א בלענד געטאָן א פײַערל, — לעגיִאָנערן וואַרטן אף א קאָרבן. מיכקע איז אוועק צוריק. ער גייט, און די גאנצע צײַט קלינגט אים אין די אויערן, ווי פון פײַערלעשער־טורעם וואָלט מען אָנזאָגן א סרייפע. ער איז צוגעגאנגען צום זעלבן הויז, פונוואנען ער איז ארויס. אים האָט ארומגעכאַפּט א שרעק. ער וועט סײַווי ניט דורכגיין, מע וועט אים כאַפּן. וועמען וועט פון דעם זײַן א נוץ? ער וועט בעסער ארײַנגיין צום טאַטן און אָפּגעבן דאָס פּעקעלע. דער טאַטע וועט אים פארשטיין. די דערמאָנונג וועגן טאַטן טרייסלט אים אויף. וואָס הייסט צוריק? ער זאָגט צו זיך: צווישן די צוויי — דו און דאָס פּעקעלע אין בוזעם — איז דאָס פּעקעלע ביליכער. דו ביסט אפן צווייטן אָרט. און ער איז ווידער אוועק, נאָר ניט דורך קליין־סטעפאַן — דורך גרויס־סטעפאַן־גאַס. ער איז דורכגעגאנגען זאוואלנע און איז ארויס אף רודניצקי. און ערשט אף רודניצקי דערהערט ער א געשריי און א געוויין. לעגיִאָנערן שלאָגן עמעצן, און א פײַפנדיקער „פסיא קרעוו“ קלינגט אין דער פינצטערער נאכט ארײַן. די ערשטע רעגע האָט זיך מיכקע א ריס געטאָן פאָרויס און געוואָלט קומען צוהילף, שרײַען קאַראַול. דאָס פּעקעלע האָט אים אָפּגעהאַלטן און ניט געלאָזט. אָט דערזעט אים איינער פון די לעגיִאָנערן און מאַכט א טראָט אין זײַן זײַט. מיכקע האָט גענומען לויפן.

ער איז געלאָפן אָן אָטעם, ניט אָפּגעשטעלט זיך אין ערגעץ, ניט געקוקט אף גאָרניט, זיך ניט צוגעהערט צו קיין זאַך...

20

אין עטלעכע מינוט נאָכדעם, ווי מיכקע איז ארויס מיטן פּעקעלע אין בוזעם, האָט זײַן טאַטן ארומגעכאַפּט אן אומרו. מיכקע איז אים אלץ געשטאַנען פאר די אויגן. קאָלזמאַן עס האָט דעם טאַטן געדוכט, אז ער זעט דעם זון אף קליין־סטעפאַן־גאַס, איז ער געווען רויִק; ווי נאָר אָבער ער האָט אים אין זײַן פאָרשטעלונג דערזען אף זאוואלנע אָדער רודניצקי, אזוי האָט דער טאַטע אויך דערזען לעגיִאָנערן, וואָס לויערן נאָך אים.

גערשן, וואָס פארלײַדט בעטעווע ניט קיין שווערע געדאנקען און סטאַרעט זיך אלעמאָל אויסלייגן אלץ צום גוטן, טרייסלט אָפּ פון זיך די דאָזיקע זעונג. ער שאָקלט מיטן קאָפּ און רײַבט זיך דאָס פּאָנעם מיט ביידע הענט. ער וויל טראַכטן וועגן עפּעס אנדערש אָדער פארפירן מיט זיך א שמועס וועגן זײַטיקע זאַכן — גיט זיך אים ניט אײַן. אים גיט זיך אָבער אײַן אויסצולייגן אלץ צום גוטן: מיכקע גייט זײַן וועג בעשאָלעם. קיינער זעט אים ניט. און טאָמער קומט אים עמעצער אָן אנטקעגן, איז עס, ערשטנס, ניט קיין לעגיִאָנער און, צווייטנס, באמערקט יענער גאָר ניט מיכקען. דער טאַטע זעט עס אלץ, און אים ווערט גרינגער. נאָר פּלוצעם, ניט באוווּסט פונוואנען, רײַסט זיך ארײַן א קלאַנג פון שפּאָרן און א שווערד פארהייבט זיך איבערן זונס קאָפּ. גערשן קאָן שוין מער ניט אײַנשטיין און נעמט ארומגיין איבערן צימער הין און צוריק. ווען עס וואָלט ניט געווען געבונדן מיט דיסציפּלין, וואָלט ער אליין אָפּגעטראָגן די אויפרופן. דער זון איז אין גרויס געפאַר...

דאָס ווײַב וויל וויסן, פארוואָס איז גערשן אזוי אומרויִק. און נאָך וויל זי וויסן: וווּ איז מיכקע אזוי שפּעט? גערשן ענטפערט, אז מיכקע איז בא א כאַווער און וועט שוין באַם כאַווער נעכטיקן. „וואָס דען, — שרײַט גערשן אויס ברויגעז, — ער זאָל זיך אזוי שפּעט שלעפּן אהיים, ווען אף די גאַסן איז אזוי געפערלעך?“ ער וויל באַרויִקן דאָס ווײַב.

די פרוי איז סײַווי צעטראָגן. זי פארשטייט ניט: פארוואָס דארף מיכקע אין אזא געפערלעכער צײַט נעכטיקן בא א כאַווער?

— ביסט א קאַלטער טאַטע, — זאָגט זי מיט א טײַנע, — וועגן די קינדער טראַכסטו גאָרניט. מאַלע וואָס עס קאָן טרעפן אין אזא נאַכט.

— וואָס קאָן טרעפן? — פרעגט גערשן. — גאָרניט.

— מע קאָן אים באַפאַלן.

— פארוואָס באַפאַלן?

— לעגיאָנערן קאָנען אים כאַפּן.

— לעגיאָנערן? כאַפּן? — שרײַט אויס גערשן. — וואָס רעדסטו נאַרישקײַטן. איך וויל עס מער פון דיר ניט הערן. א בייזע צונג בא דיר.

גערשן נעמט ארומגיין איבערן צימער. און די פרוי דערזעט אף אים אזוינס, וואָס קיינמאָל פריִער האָט זי עס ניט באמערקט. בא איר מאַן ציטערן די הענט. זי נעמט אים טרייסטן:

— גערשן, וואָס איז מיט דיר? קיינמאָל וואָלט איך אף דיר אזוינס ניט געגלייבט. איין וואָרט האָב איך דיר געזאָגט, ביסטו געוואָרן אויס מענטש. באַרויִק זיך, איך בעט דיך. מיכקע איז ניט פון יענע, וואָס וועט זיך לאָזן כאַפּן.

— מיינסטו, אז קיין געפאר איז ניטאָ? אַלץ וועט דורכגיין גוט. לעגיאָנערן...

— וואָס טראַכסטו אויס, פאַרוואָס לעגיאָנערן?

— אזוי שפּעט...

— נאַרישקײַטן, ער נעכטיקט דאָך בא א כאַווער.

הינטער דער טיר דערהערט מען טריט. גערשן שײַנט אוף, ווערט פריילעך. מיכקע! די טיר עפנט זיך, און עס קומט ארײַן ליבע. זי איז אויך אומרויִק, זי שלאָפט אויך ניט. זי האָט ניט מוירע געהאט אליין גיין איבער דער באַנאַקטיקער גאס און וויל וויסן: „ער" איז געקומען? אַלץ איז דורך קעשורע? נאָר אז זי דערזעט גערשענען, וואָס קוקט אף איר אזוי פאַרוווּנדערט און איז גרייט זיך פאַנאַנדערוויינען, פרעגט זי גאָרניט. זי פאַרשטייט, אז ער איז נאָך ניט געקומען. און דעריקער: קיינער קאָן ניט זײַן זיכער, צי וועט ער ביכלאַל קומען. גערשנס ווײַב, אז זי דערזעט ליבען אזוי שפּעט און ליבעס אומרויִקן און שוויַיגנדיקן אויסזען, ווייסט זי אליין ניט צוליב וואָס און פאַרוואָס, נאָר זי פאַרברעכט די הענט און די געמבע אף איר בלאַסן און איבערגעשראָקענעם פּאָנעם נעמט זיך טרייסלען. פרעגן קאָן זי גאָרניט, און שווײַגן קאָן זי אויך ניט. זי קוקט מיט א פּאָר בעטנדיקע צעטראָגענע אויגן, וואָס ווילן וויסן, איין וואָס באַשטייט דער אומגליק, וואָרעם אז אן אומגליק איז געשען — דאָס איז שוין פאַר איר קלאָר... גערשן און ליבע לאָזן אראָפּ די אויגן און שוויַיגן.

— גוואַלד, — שרײַט אויס גערשנס פרוי, — ווען וועלן שוין די רויטע קומען?



אין דער זעלבער נאַכט, נעענטער צו פאַרטאָג, מיט דער אויסרעכענונג, אז די לעגיאָנערן, וואָס דרייען זיך איבער די גאסן, וועלן שוין צו יענער שאָ זײַן מיד און גיין שלאָפן, וועט כאַוועלע מיט צווי פּוילישע כאַווירים, איבערגעטאָנענע אין לעגיאָנערישע קליידער, אריבערפירן געוווער אין א זיכער אָרט. וויאַזוי הירשל האָט זיך וועגן דעם צופעליק דערוווּסט, האָט כאַוועלע ניט גע־קאָנט באגרײַפן. אָבער ווי הירשל איז אין יענעם אָוונט צו איר ארײַן אהיים, האָט זי טייקעף דערקענט, אז ער איז שטאַרק צעטראָגן.

— וואָס איז געשען, הירשל?

— איך בין דיך געקומען פאַרבײַטן.

זי האָט מיט גרויס פאַרוווּנדערונג אים אָנגעקוקט און לאַנגזאַם און שטיל געזאָגט:

— איך פאַרשטיי גאָרניט, וואָס דו רעדסט מיט מיר.

— איך ווייס אַלץ. איך וועל אויספילן דײַן הײַנטיקע אופגאבע. גיב מיר עס איבער.

— איבערגעבן? אין וועמעס נאָמען רעדסטו?

— אין קיינעמס ניט. איך בעט דיך עס.

— איך האָב זיך אף דיר גאָר אזוינס ניט געריכט. ווי קומט עס צו דיר?

— כאַוועלע, מיט זיך בין איך שטענדיק גרייט ריזיקירן. נאָר מיט דיר? דו וועסט ארײַנ־פאַלן אין זייערע הענט...

— הירשל! — האָט כאַוועלע אף אים א געשריי געטאָן.

— מיר געטרויט מען דען ניט?

— אַלע קאָמוניסטן טרויט מען אָן. נאָר וועמען מע הייסט עפּעס טאָן, יענער דאַרף עס אויס־פילן. איך בין דאָך ניט אליין.

— זיי זײַנען מאַנצבלען. אַט דערפאַר וויל איך אויך גיין. אָבער דו, א מיידל... כאַוועלע, איך בעט דיך...

— רעד שטילער. וועסט אופוועקן די מאַמע, וועט מיר זײַן שווער פון שטוב ארויסצוגיין.

זי איז צוגעגאַנגען נאָענט צו אים און אים ארומגענומען, דערנאָך זיך געזעצט מיט אים אפן טאַבורעט.

לאַנג זײַנען זיי אזוי געזעסן. די מאַמע האָט פון שלאָף עטלעכע מאָל געפרעגט:

— כאַוועלע, ביסט דאָ?

— דאָ, דאָ, מאַמע. הירשל איז אויך דאָ.

די מאַמע איז ווידער געשלאָפֿן.

אַז כאַוועלע איז אַוועק, איז הירשל געבליבן זיצן אַף דעם טאַבורעט. די מאַמע האָט פֿון שלאָף געפֿרעגט:

— ביסט דאָ?

און הירשל האָט געענטפֿערט:

— דאָ, דאָ.

ווען עס איז שוין ליכטיק געוואָרן און כאַוועלע איז געקומען צוריק, איז נאָך הירשל אַליין געזעסן אַפֿן טאַבורעט.

21

באַטאָג איז סימכע דאָס ערשטע מאָל אין זײַן לעבן אַרײַן צו מיכקען אַהיים. ניט געראָשן, ניט לאַפּטיעוו זײַנען אין שטוב שוין ניט געווען — נאָך פֿון אינדערפֿרי זײַנען זיי אינעם אײַזנבאַן־קרײַז, ווו עס געפֿינט זיך דער ראַט.

אין עטלעכע מינוט אַרום זײַנען מיכקע מיט סימכען אויך אַוועקגעלאָפֿן צום ראַט.

מיט איין שאָ צוריק האָט געקאָנט דוכטן, אַז די שטאָט זעט אויס ווי נעכטן און אייערנעכטן, ווי אַ סאַך טעג צוריק. איצט, מיט איין שאָ שפּעטער, האָט מען דערזען, אַז די קראַמען האָט מען גענומען פּלוצעם פֿאַרמאַכן. פֿורמאַנעס און איזוואָשטשיקעס האָבן גענומען פֿאַרלאָזן דעם מאַרק און פֿאָרן אַהיים. פֿאַרבײַגייער אײַלן אין אומרו, און יעדער רויש אַף דער גאַס רופֿט אַרויס שרעק. און וואָס אַלעמען האָט שטאַרק פֿאַרוווּנדערט: מע זעט ניט קיין לעגיאָנערן.

בײַ דער טיר פֿון ראַט איז געשטאַנען אַ פֿאַרשטאַרקטע וואַך.

— ווער זײַט איר? — האָט מען געפֿרעגט מיכקען און סימכען.

— קאָמיוגיסטן.

— ווער קען אײַך?

— לאָזט זיי דורך. אונדזערע! — האָט פֿון אינעווייניק אויסגעשריִען יאַזאַס סימאַנײַטיס.

ער האָט ביידן באַטראַכט פֿון די פֿיס ביזן קאָפּ.

— עך, קינדער, — האָט ער געזאָגט, — איר זײַט דאָך נאָך קליינע. וואָס וועט איר טאָן? די געפֿאַר איז גרויס. גייט אַהיים, פֿאָלגט מיך, ווי אַ טאַטע בעט איך אײַך, גייט אַהיים.

גיין צוריק האָבן זיך ביידע אָפּגעזאָגט. זיי זײַנען געקומען אויספֿילן זייער כויוו, זיי זײַנען קאָמיוגיסטן. גיין, אָפּטרעטן וועלן זיי ניט.

— אויב אַזוי, בלײַבט. נאָר איין זאַך בעט איך אײַך, כאַוויירים, אויב עס וועט קומען אַ ביטערע מינוט, אַ שווערע שאָ, ניט וויינען, ניט קלאָגן. פֿון דער רעגע אָן זײַט איר סאָלדאַטן. איי, לאַפּטיעוו! — האָט ער אויסגעשריִען. — נעם די כעווּרע צו זיך.

אינגיכן איז צוזאַמען מיט אַדאַם סטעפּאַנסקין געקומען צו לויפֿן אין ראַט הירשל טאַנקוס. הירשל האָט זיך פֿאַרהאַלטן צוליב כאַוועלען.

נאָך יענער נאַכט, ווען זי האָט מיט אירע כאַוויירים איבערגעפֿירט דאָס געווער, האָט זיך כאַוועלע דערפֿילט שלעכט. אַפּאָנעם זי האָט זיך פֿאַרקילט און זיך דערפֿאַר געמוזט לייגן צו בעט. הײַנט איז איר אַ ביסל בעסער, נאָר זי איז נאָך שוואַך. און הירשל האָט איר קוים אײַנגערעדט, אַז זי זאָל זיך ניט אופֿהייבן פֿון בעט.

אָבער ווי נאָר טאַנקוס איז אַוועק, האָט זיך כאַוועלע מיט גרויס שוועריקײַט גענומען אָנטאָן.

— וואָס טוסטו, ביסט דאָך קראַנק, ליג, — האָט זיך געבעטן די מאַמע.

נאָר וואָס פֿאַרשטייט אַ מאַמע? ווער קאָן עס אין אַזאַ שאָ ליגן און בלײַבן אין שטוב?

— מאַמע, העלף מיר זיך אָנטאָן.

— ליג כאָטש נאָך אַ ביסל. עס וועט דיר ווערן גרינגער, וועסטו גיין.

— מיר איז גרינגער, מיר איז בעסער. — זי טוט אָן אַ קלייד, נאָר ווערט אַף אַזויפֿיל אָפּגעשוואַכט, אַז זי מוז זיך צוזעצן אַף דעם בעט, איר איז זיך שווער פֿון אָרט צו רירן.

— אָקשן איינער, הער כאָטש איין מאָל, וואָס עלטערע זאָגן. ווער דאַרף דיך איצט, ווען מען קאָן אַ קראַנקע ברענגען נוצן, דו וועסט נאָר שטערן אַנדערע, וועסט זיי פֿאַלן צו לאַסט. ווי פֿאַרשטייסטו עס ניט?

כאַוועלע מוז זיך מוידע זײַן, אַז די מאַמע איז גערעכט. אין דער עמעסן, זי וועט ניט ברענגען קיין נוץ, נאָר שטערן אַנדערע...

— גוט, איך וועל נאָך אַ ביסל שלאָפֿן — און ניט אויסטוענדיק זיך, פֿאַלט זי אַף דעם בעט.

פארנאכט האָבן די לעגיאָנערן געגומען באַשיסן דעם ראַט פון צוויי זייַטן: פון געאָרגיעווסקי פּראָספּעקט און פון טייַך.

א גאַנצע נאַכט אָן אופהער איז געפאַלן א שניי. און אַף מאָרגן איז די שטאָט אופגעשטאַנען א ווינטערדיקע. לאַנג איז אין יענעם טאָג דער שניי אַף די גאַסן און טראָטוארן געלעגן ניט קיין צעטראָטענער. זעלטן האָבן זיך אין יענעם פרימאָרגן מענטשן באַוויזן פון די הייַזער.

א גאַנצע נאַכט איז כאַוועלע געשטאַנען מיטן פּאָנעם צום פענצטער און זיך איינגעהערט צו די שיסערייַען, ווי זי וואָלט אין די ווייַטע קלאַנגען געהערט א נאָענטן גרוס פון כאַווירים.

באַטאָג האָבן זיך עטלעכע יינגלעך שטילערהייט ארויסגעשאַרט פון די הייַזער און אוועק צום בערגל זיך שליטלען. קיין געשריי איז הייַנט דערבייַ ניט געווען און קיין איבעריקע פרייד אויך ניט. א גרופּע פּוילישע יונגעלייַט, צווישן זיי סטודענטן און פאַניענקעס, איז באַפאַלן די יינגלעך און אָפּגענומען בא זיי די שליטעלעך. די יינגלעך האָבן אופגעהויבן א געשריי. פּונקט דעמאָלט איז די אַלטע ציפּע ארויס פון שטוב. דערהערנדיק קינדערשע געשרייען, האָט איר, ווי שטענדיק, אָנגעכאַפּט באַם הארצן. ווער טשעפּעט עס קינדער, ווער באַליידיקט זיי? אַז זי איז צוגעקומען נאָענט, האָט זי אירע אייגענע אויגן ניט געגלייבט. מיילע... יינגלעך מיט יינגלעך רייַסן זיך, זידלען זיך, שלאָגן זיך... דערפאַר זייַנען זיי יינגלעך. אָבער עלטערע, דערוואַקסענע, דערבייַ אפילע פאַניענקעס.

— יונגעלייַט, ווי שעמט איר זיך ניט?!

— באָבע ציפּע, זאָלן זיי אָפּגעבן די שליטעלעך, — האָבן זיך געבעטן די קינדער.

— פּאַניענקעס און פּאַניעס, — האָט געזאָגט די באָבע ציפּע, — גיט זיי אָפּ די שליטעלעך און גייט זיך אייַער וועג.

— און ווער ביסטו, אַלטע?

— איך בין אַן אַלטע, און דאָס איז שוין גענוג.

— און דאָך, ווער ביסטו... אַזאַ ספּריטנע.

— ווער בין איך? א האַלבע שטאָט קינדער קען מיך. א האַלבע שטאָט קינדער זייַנען מייַנע...

— אַזוי גאָר, גאַנץ טשיקאַווע... ווער זשע ביסטו פּאַרט?

— א מאַמע בין איך, א באָבע בין איך. איר זאָלט ניט סמייען די קינדער טשעפּען.

— און דו אַליין ווילסט ניט קיין קלעפּ?

— יונגעלייַט, געפינט אַף שפּאַסן אייַערס א גלייַכן.

— אַלטער נאַר! פּסיא קרעוו! — האָט אויסגעשריִען א פאַניענקע און מיט אַן אראָפּניק א זעץ געטאָן די באָבע ציפּע אין פּאָנעם. — שלאָגט! — האָט זי אויסגעשריִען איבער דער גאַנצער גאַס.

געוויס האָט מען בא די זעלמינס אין שטוב איבערגעגעבן, אַז די באָבע ציפּע איז אין געפאַר, ווייַל עליע זעלמין מיט עטלעכע שכיינים האָבן זיך מיט דראַנגען אין די הענט געלאָזט לויפן צום בערגל. די פּאַניעס און פּאַניענקעס האָבן זיך דערשראָקן און זייַנען אַנטלאָפן.

## 22

פּוילישע אייַזנבאַן־ארבעטער האָבן געמאָלדן, אַז זיי זייַנען גרייט העלפן דעם ראַט, זיי וועלן אָנפאַלן אַף די לעגיאָנערן, וואָס רינגלען אים ארום. דעריקער איז געוואָר. כאַוועלע ווייסט, ווו דאָס געווער ליגט באַהאַלטן. עס האָט זיך אָבער אינגיכן ארויסגעוויזן, אַז זי דאַרף עמעצן צוהילף. וועמען? אַלע אירע כאַווירים זייַנען אין ראַט.

דער ערשטער געדאַנק בא כאַוועלען איז געווען אַרייַנצוגיין צום עלטערן אָנגעשטעלטן לייבעטשקען. ער וועט העלפן. נאָך אין פינפטן יאָר איז ער געזעסן אין טפיסע און געווען אין סיביר. לאַנג זיך יישעוון איז סייַווי קיין צייַט ניטאָ. זי איז אַרייַן צו לייבעטשקען אהיים. זייַן פרוי האָט זיך מיט כאַוועלען זייער דערפרייט און באַלד געפרעגט, צי ווייסט זי ניט קיין גוטע נייַס פון ראַט. איר לייבעטשקע איז אין ראַט, פון די ערשטע אהין אוועק.

די גאַסן זייַנען קימאַט פּוסטע. פון צייַט צו צייַט באַווייַזן זיך דאָ און דאָרט באַוואָפנטע כוליגאַנעס, וואָס זוכן אַף וועמען אָנצופאַלן. אויב כאַוועלע קומט זיי אָן אַנטקעגן — וועט זייַן שלעכט. און אויב מע וועט זי דערקענען — וועט איר סאַף זייַן באַלד דאָ אַפּן אָרט. זי אָבער טראַכט נאָר וועגן דעם — צו וועמען גייט מען? וועמען בעט מען?

דער אייַנפאַל קומט באַלד אָן: איר שאָכן פון הויף קאַזימיש יאַנקאָווסקי, וואָס ארבעט אַף דער עלעקטראָסטאַנציע. אַז זי איז נאָר אַרייַן צו קאַזימישן אהיים, האָט זייַן מוטער מיט פאַר־וווּנדערונג זי אָנגעקוקט און געזאָגט:

— כאַווע, ניט איצט איז די צייַט פאַר דיר ארומצוגיין. זיץ אין שטוב. אַף דער גאַס גייט ארום דער טייַוול. אַף דער גאַס איז געפערלעך...

— דער זון איז אין שטוב?

די מוטער האָט מיט א קרעכץ געענטפערט:

— ניטאָ.

— אך, ווי נייטיק איך דאַרף אים. ווייסט ניט, ווו ער איז?

די מוטער האָט זיך ארומגעקוקט, כאָטש קיינער אויסער זיי איז אין שטיבל ניט געווען.

— פאַניענקע, ווערסט זיך ניט דערוואַרטן... ער איז אין ראַט. נאָר, טײַערינקע, זאָג קיינעם ניט וועגן דעם.

כאַוועלע האָט זיך מיט איר געזעגנט.

— גאָט זאָל דיך היטן. די מאַטקע באָסקע זאָל דיר בײַשטיין, — האָט זי די אַלטע ארויס־באַגלייט, — היילקע מוטער, ווען וועלן שוין אונדזערע קומען, די רויטע?

צו ווען? די צײַט שטייט ניט. כאַוועלע הערט ווײַטע שיסערײַען. די לעגיאָנערן באַשיסן דעם ראַט. פונעם ראַט שיסט מען אין די לעגיאָנערן. מיט אַלע אירע כושים פילט כאַוועלע, ווי יעדער שאָס פון ראַט פאָדערט: כאַווײרים, גיט אונדז הילף! קולן גייען אויס. פאַרוואָנדעטע א סאַך. קיין ברויט איז שוין ניטאָ. כאַוועלע געפֿינט, גיב אונדז הילף! און דעמאָלט קומט פון זיך אליין דער אײַנפאַל: נאָכעם ראַפּע. וויאַזוי איז עס איר פריִער ניט אײַנגעפאַלן? עמעס, ער ווױנט ניט נאָענט, נאָר ער וועט דאָך זיכער גיין. זי אײַלט צו זיאַמע ראַמעסן. זי ווייסט, אז בא אים ווױנט ראַפּע.

ווי נאָר כאַוועלע האָט געעפֿנט די טיר, האָט זי אויסגעשריִען:

— ווו איז נאָכעם? — זי האָט אפילו פאַרגעסן זיך באַגריסן.

— אין ראַט.

בא כאַוועלען האָבן זיך די הענט אראָפּגעלאָזט.

א גאַנצן פרימאָרגן איז זיאַמע ראַמעס ארומגעגאַנגען אין זײַן ניט גרויסן צימער פון דעם בעט צום אַלמער, פון אַלמער צו דעם בעט און ניט געקאָנט זיך פאַנאַנדערקלײַבן, וואָס מיט אים קומט פאָר.

ער ווייסט, אז כאַוועלע האָט א כאָסן, וועלכן זי האָט ליב. וועגן אים, זיאַמען, טראַכט זי אפילע ניט. ער האָט אָבער כאַוועלען ליב, שטאַרק ליב.

פאַר די לעצטע כאַדאָשים האָט ער זיך ארײַנגעצויגן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער האָט זיך דערוווּסט אזוינס, וואָס ער האָט פריִער ניט געוווּסט. אַלע באַקאַנטע זײַנען איצט אין ראַט. ער איז פאַרבליבן אין דער היים. פאַרוואָס? ראַפּע האָט אים אפילע ניט גערופן. פאַרקערט, ער האָט אים געזאָגט: ניט פאַר דיר, זיאַמע, איז זיך שלאָגן, ניט פאַר דיר...

איצט פאַרדריסט אים זייער, פאַרוואָס ער איז ניט צוזאַמען מיט אַלעמען אין ראַט.

מיט כאַוועלען האָט זיך זיאַמע זייער דערפרייט. כאַוועלע לאָזט אים אָבער לאַנג ניט טראַכטן.

— זיאַמע, איר טאָרט זיך ניט אָפּזאָגן, איך בעט אײַך... אונדזערע כאַווײרים זײַנען אין געפאַר... איך בעט אײַך, זיאַמע...

אין דעם זעלבן טאָג, עס האָט נאָרוואָס געוומען ווערן טונקל, איז אף דער ברייטער גאַס ארויסגעפאָרן א שליטן, אײַנגעדעקט מיט היי. פון אויבן איז געזעסן א פאָרל, וואָס האָט זיך געהאַלטן ארומגענומען און געקוקט נאָר פאָרויס. כאָטש דאָס פאָרל איז געווען אָנגעטאָן אזוי, אז מע האָט ארויסגעזען בלויז זייערע שפּיץ נעזער, וואָלטן זיך באַקאַנטע אָנגעשטויסן, אז דאָס איז כאַוועלע געפֿען און זיאַמע ראַמעס. אראָפּ ברייטע גאַס האָט זיך דער שליטן פאַרקערעוועט אין א טויער. פון גרויס פרייד, וואָס אַלץ איז דורך קעשורע, וואָס זי האָט דערגרייכט איר ציל, האָט כאַוועלע א כאַפּ געטאָן זיאַמען פאַר דער האַנט, א צי געטאָן צו זיך און א גליקלעכע געזאָגט: א דאַנק, טײַערער, א דאַנק. דער שליטן איז ארײַנגעפאָרן אין טויער. אין דער זעלבער רעגע האָט זיך דער טויער פאַרמאַכט און אפן שליטן זײַנען אָנגעפאַלן לעגיאָנערן.



אף מאָרגן אינדערפרי, געווען איז עס פרײַטיק, האָט מען אף דער ברייטער גאַס, ניט ווײַט פון שטאָט־טעאַטער, ניט ווײַט פון זאַלקינדס געשעפט, קימאַט אינמיטן זיאַמע ראַמעסעס דרויסעק, געשטעלט א טליִע. באַטאָג האָט מען אף א פורמאַנישער קאַרע, מיט וועלכער מע פירט פלייש פון דער יאַטקע, צוגעפירט צוויי טויטע קערפּערס, איבערגעדעקט מיט א ראָגאָזשע. אז מע האָט די צוויי קערפּערס אופגעהאַנגען אף דער טליִע, האָט מען כאַוועלע געפֿען לײַכט געקאָנט דערקענען. זיאַמע ראַמעס איז געווען אף אזויפיל צעמיימעסט, אז אים דערקענען איז געווען א סאַך שווערער.

עס האָט געגומען פאַלן א ווײַסער, א זויבערער שניי און צוגעדעקט די געהאַנגענע.

באַנאַכט, פון פרײַטיק אף שאַבעס, האָבן זיך די לעגיאָנערן ארײַנגעריסן אין ראַט.

זונטיק איז געקומען די רויטע ארמיי.



## אווראָם גאָנטאר

# דער בויער

ווילסט, וועל איך דיר אויסבויען א הויז
אף צו באוווּנדערן — סיי הויך, סיי גרויס.

די ווענט כ'וועל אויספארבן מיט פערלדיקן טוי,
די פענצטער אָנגלאָזן מיט הימלדיקן בלוי.

דעם דאך כ'וועל אופשטעלן פון רעגנבויגן־שייַן,
אין יעדער ווינקעלע דער פרילינג זאָל אריַין.

איך וועל מיט טעפּעכער פון זון דעם דיל באדעקן.
און אז דער סקריפּ פון טרעפּ מייַן כאַלעם זאָל ניט וועקן,

וועל איך זיי צוקלאַפּן מיט ווערטער, ווי מיט טשוועקעס,
און אויב א וואָרט איז שוואך, איז נעם איך און פארמעק עס

און קלאַפּ אריַין אן אנדערס — ס'קאָסט ניט טייַער,
איך שמיד זיי דאָך אליין — ס'איז מייַנס דאָס שטאָל, דאָס פייַער.

און אז עס וועט שוין פארטיק ווערן אלץ, —
כ'וועל שטעלן אף די טישן ברויט און זאלץ

און ווארטן, אז א גאַסט זאָל קומען און זאָל זאָגן:
„אזא מין הויז וואָלט איך געוואָלט פארמאָגן”.

מיט דאנקבארקייַט וועל איך מייַן גוט אים שענקען,
און ס'מאכט ניט אויס, צי וועט ער מיך געדענקען, —

ווייַל איך, דער דאָרשטיקער, דער פּראָסטער שמידער,
וועל באלד זיך שטעלן קאָוון נייַע לידער

און אָנהייבן צו בויען פונדאַסנייַ,
און ווארטן אף א באַלן פאר מייַן אויסגעטרוימט געבייַ.

---

■ ■ ■

אין טיפעניש פון וואלד,
ווו יעדער שאָרך איז א געהיימניס,
צעעפנט זיך דאָס הארץ
פאר מינדסטן קלאַנג.
די ביימער פלאַפּלען
אזוי פראָסט און היימיש,
און ס'דוכט זיך אויס,
אז לאַנג, שוין זייער לאַנג
האָסטו די שפּראך פון וואלד
פארשטאַנען
און אלץ געוווּסט, און אלץ געוווּסט:
פארוואָס עס סוידען זיך די טאַנען,
פארוואָס עס ברויגעזט זיך דער קוסט.

פארקלייַב זיך אין דער טיפעניש,
אין שאָטן,
מיט אויערן און אויגן
הער זיך איַין.
אָט באלד, אָט באלד
וועט דיר געראָטן
דערגיין דעם סאָד.
עס צאַפּלט אזש דאָס בלוט
פון זיסער פייַן.
נאָר טו זיך ניט קיין ריר —
וועסט אלץ צעשטערן,
און ס'וועט די ווייַל פארשווינדן
און צעגיין,
און דעמלט וועסטו בלויז שוין הערן
נאָר זיך אליין, נאָר זיך אליין.

# א גרינע צי א ווײַסע

באלד וועל איך דערציילן דיר א מײַסע.
א גרינע ווילסטו, צי א ווײַסע?
אויב א ווײַסע, וועלן ווינטן הוליען,
פון שרעק וועסטו זיך צו דער קישן טוליען,
פון אונדזער שוועל א סטעזשקע וועט זיך שלענגלען
צום וואלד, ווו בײַטשן פערל־טוי עס הענגען.
דער פראָסט איז רײַך, ער קאָן פאר אלץ באצאָלן —
מיט זילבער־מינץ די קוסטעס, די ביימער מיט קרישטאָלן.
דעם בער וועט ער פאריאָגן אין דער נאָרע,
מיט אײַז ארומוויקלען באם דעמב די קאָרע.
שא, ווער דראפעט עס די שויב? דאָס איז מיסטאמע
א שוואלב, וואָס ניט געפאָלגט זי האָט די מאמע
און איז געבליבן הי. עס טרעפט אזא מין אקשן!
דער פראָסט האָט זי דעריאָגט, איז זי אין גלאָז פארוואקסן.
צעשפרייט די פליגל און די נעגעלעך, ווי שפּאָרן,
און איז פארוואנדלט אין אן אײַז־בלימל געוואָרן.
נארישער, איך וועל דיך מער ניט שרעקן,
אָט וועל איך גלײַך דעם פרילינג דיר אופוועקן...
קיין סאך באדארף איך ניט — א וואָרט, א גראם, א שורע,
און ס'וועט די ערד א שפריץ טאָן פול מיט גוורע.
און יעדער גרעזעלע א שווערד וועט ווערן,
און ס'וועט דער פראָסט פארגיסן זיך מיט טרערן...
ווילסט, וועל איך דערציילן דיר א מײַסע,
נאָר זאָל שוין זײַן א גרינע, ניט קיין ווײַסע.

---

# „יאָ" צי „ניין"

עס דוכט זיך בלויז — דאָס וואָרט האָט איין באטײַט,
מיט טויזנט פארבן שטענדיק ס'איז באנײַט.

דו ווייסט דאָך גוט, אז „יאָ" קאָן הייסן „ניין",
מע דארף גאָר קלוג ניט זײַן עס צו פארשטיין.

נאָר ווען דאָס וואָרט שרײַבסט אָן אפן פאפיר,
באקומט עס גלײַך אן איינציקן קאָליר.

און „יאָ" איז שטענדיק „יאָ", און „ניין" איז „ניין",
כאָטש דו האָסט ניט געהאט אזא מין מיין.

איך לייען זי צום צענטן מאָל, דײַן בריוו:
„איך האָב דיך ליב, איך האָב דיך ליב"...

נאָר ניכטער טײַנעט אלץ דער קלאָרער סייכל:
„דו פילסט דען ניט, דו זעסט דען ניט דעם שמייכל?"

דער „יאָ“ אויפן פּאַפּיר האָט איין באַטײַט,
נאָר פונעם עמעס איז ער מײַלן־ווײַט.

דאָס זעלבע וואָרט כ׳וויל הערן פון דײַן מויל.
אַז דורכגיין אויפן לײַב עס זאָל אַ גרויל,

אָט דעמאָלט וועל איך ערשט דערגיין —
צי „יאָ“ איז טאַקע „יאָ“, צי „יאָ“ איז „ניין“.

---

# קיין אַפריקע

קיין אַפריקע,
קיין אַפריקע,
קיין אַפריקע איך פאָר!
אַ פּאַפּוגײַ כ׳וועל קויפן, וואָס לעבט דרײַ הונדערט יאָר.

כ׳וועל מיט דעם פויגל זיך ערשט דאַן צעשיידן,
ווען כ׳וועל אים אויסלערנען אויף ייִדיש ריידן.

און דעמאָלט מעג ער פליִען זיך וווּהין ער וויל —
אין הייסער קאָנגאָ, צו דעם געלן ניל.

און זאָל ער לעבן גאַנצע דרײַ יאָרהונדערט...
וואָס האָסטו זיך, מײַן קינד, פאַרוווּנדערט?

איך זע דאָס אין די אויגן דײַנע קלוגע —
דו טראַכסט געוויס: דער זיידע איז מעשוגע...

באַהאַלט אים ניט, דעם בליק, אין וויִע־שאָטן
(אויף ייִדיש זאָגט מען איידעלער: „אין אויוער־באָטל“),

נאָר דו, דו ווייסט ניט פון אַזעלכע ווערטער,
און כ׳האָב קיין טײַנעס ניט — מײַן אייניק מײַן געדערעכטער.

ווען ס׳וועט דער לעצטער טאָג מײַן ליכטעלע פאַרלעשן,
ווען דײַנע קינדס־קינדער מײַן נאָמען וועלן שוין פאַרגעסן,

וועט ווײַטער אומפליִען דער פּאַפּוגײַ און רעדן וועט ער ייִדיש,
און זײַן וועט עס אַ רעטעניש, אַ כידעש.

אַ שפּראַכפאָרשער אַן אַלטער וועט דעם פויגל פאַנגען,
מײַן לאָשן אויסלערנען לויט אָט די קלאַנגען...

קיין אַפריקע, קיין אַפריקע, קיין אַפריקע איך פאָר!
אַ פּאַפּוגײַ כ׳דאַרף קויפן, אַ פּאַפּוגײַ — און גאָר.

---

# שייל֗סט קאַרטאָפל—שייל֗

וועמען גייסטו דאָס דערציילן,
אַז געוועזן ביסט שיין?
דאַכט זיך, דאַרפסט קאַרטאָפל שיילן —
זיץ און שייל.

וועמען ווילסטו, נאָר דו איינער,
זאָגן, אַז דיַין מאַן

איז געווען אַ יונג מיט ביינער?..
ס'איז שוין אַלץ פאַרגאַן.

ס'וועלן קינד־און־קייט דאָך לאַכן,
בעסער ניט דערצייל.
ווער דערמאָנט אַזעלכע זאַכן?
שייל֗סט קאַרטאָפל — שייל...

# צו אַ געוועזענעם פריַינט

1

דיך האָב איך שטענדיק געשעצט און געאַכט
און ביטער אַזוי זיך אין דיר אָפּגענאַרט.
איך זוך אַלץ אַ טערעץ אַף וואַשן דיך ריין,
מיך לאָזט ניט מיַין איינפאַכער סייכל פאַרשטיין
און גלייבן, אַז דו האָסט גענאָסן פון גליק,
ווען ס'האָט אַף מיַין האַלדז זיך פאַרצויגן דער שטריק.
ניט שוין האָט דער שלייף אויך דיַין האַלדז ניט געשטיקט?
ניט שוין האָסטו רויק דיַין יוירעש געוויגט?
ווי מיַינע, איך האָב דיַין נעשאָמע געוווּסט —
ניט שוין וואָלט איך אויכעט געטאָן, וואָס דו טוסט?
איך האָב אויך אַ כיילעק אין דעם, וואָס דו ביסט, —
מיר האָבן דאָך קינדוויַיז געשפּילט אין איין מיסט.
מיר קומען ניט פאַרטיק צו גיין אין דער וועלט —
ס'האָט נאָכן געבוירן אַ סאַך אונדז געפעלט.
די ליפּע באַם גאַנעק האָט טעגוויַיז און נעכט
מיט טרוימען און צאַרטקיַיט געשפּיַיזט אונדז, גענערט.
דער פלעק פון דעם אָרעמען טישטעך אין הויז —
ער בלייכט זיך פון אונדזער זיקאָרן ניט אויס.
דער רייעך פון שפּיַיז, פון די ספאָרים אין שראַנק —
זיי גייען אונדז נאָך און זיי טוען אונדז באַנק.
און אַלץ, וואָס סע האָבן געזען נאָר די אויגן,
מיר האָבן אַף שטענדיק אין זיך איַינגעזויגן.
דערפאַר איז נאָך גרעסער אַף זיך דער פאַרדראָס —
וויַיל באָטל געוואָרן איז יעטווידע מאָס.
איך זוך אַלץ טערוצים אַף וואַשן דיך ריין,
אַ מיטל — פון מיִעס צו מאַכן דיך שיין.

2

ביז איצטער קאָן איך ניט פאַרשטיין,
פאַרוואָס האָט זיך אַזוי געטראָפן, —
אַ בלינדן האָסט אין וועג אַ שטיין
אונטער די פיס געוואָרפן.

עס זאָל אַן אַנדערער דאָס טון,
איך וואָלט זיַין צענטע גאַס געמיטן

און פונעם האַרצן אויסגעשניטן
און לאַנג פאַרגעסן שוין דערפון.

נאָר טאָן אַזוי איך וועל ניט קאָנען,
וויַיל יעדער קער וועט מיר דערמאָנען,
אַז ביסט מיַין פריַינט אַמאָל געווען.
איך קאָן ניט מישפּעטן, ניט מאָנען —
און שולדיק איז דאָס האַרץ אין דעם.

דיר דוכט, איך ווייס ניט —
נאָר איך ווייס,
ס׳וואָלט בעסער זײַן,
איך זאָל ניט ווייסן.
ווען דו ביסט מוידע זיך,
פארגיב איך דיר דאָס בייז,
און ריין וואָלט זײַן
סײַ דײַן, סײַ מײַן געוויסן.

איך שווײַג,
און אַלץ קומט אויס פארקערט,
דו קוקסט מיר רויִק אין די אויגן,
און ווײַל איך זאָג ניט,
האָסטו רעכט
אין דײַן פארבלאָנדזשעטקייט
צו גלויבן.

און צוויי מאָל גרעסער
ווערט דערפון דאָס בייז —
דו מיינסט, איך ווייס ניט?
איך ווייס, איך ווייס!

# דער יעגער

איך בין ווי דער יעגער, וואָס שפירט נאָך זײַן פאנג.
כ׳פארקריץ אין זיקאָרן די טנועס, דעם קלאַנג

פון שטעכלער אין גראָז, פון אָדלער אין שווונג —
דעם גאנג און דעם דערעך פון אַלט און פון יונג.

דורך וועגן געדרייטע עס קומט צו זײַן ציל
דער יעגער. ער נישטערט פארטײַעט און שטיל,

ער שיקט זי, די קויל, אינעם אויג פון זײַן פאנג,
און שיקער ער ווערט פון געשטילטן פארלאַנג.

אָט פונקט ווי דער יעגער, איך פויזע געניט,
דאָס בלוט אינעם לײַב איז צעגליט און פארזידט.

דעם אָטעם פארהאַלט איך — אָט נאָך א מינוט...
און שיקער איך ווער פון דעם זודיקן בלוט,

וואָס צאַפּלען געגומען עס האָט אין מײַן פאנג —
א לעבן, א וועלט האָט געבראַכט מײַן געזאנג!

— — — — — — — — — — — — — — —

דער ציל פונעם יעגער איז שטענדיק דער טויט,
דאָס לעבן געבוירן ז׳דעם דיכטער פארטרויט.

מאַטל טאַלאַלאַיעווסקי

# ערעוו נײַ־יאָר

פונקט ווי צו אַלעמען, צו מיר
דאָס נײַע יאָר קלאַפּט אָן אין טיר.
וואָס וועט עס ברענגען — נאַכעס און האַצלאָכע?
כ׳זאָל זײַן געזונט, די סאָנים אַפּצולאָכעס?
צי עפּשער — איך בין זיכער, כ׳גלויב, —
ניט פאַלן זאָל קיין מינדסטער שטויב
פון שוואַרצן בייז אַף מײַנע וועגן...
באַנאַכט, ווען ס׳איז דער דרויסן שטיל,
מיט אַלע קושים איך דערפיל —
אַ גליקלעך יאָר אונדז גייט אַנטקעגן.

# ווײַל דו ביסט אַ פּאָעט

צי ווילסטו יאָ, צי ווילסטו ניט,
נאָר אויב דײַן האַרץ און אויב דײַן ליד
איז ערלעך און דערהויבן,
וועט דיך דײַן מי ניט מאַכן מיד,
דײַן יעדער טראָט, דײַן יעדער שריט
וועט ברענגען גליק און גלויבן.
גענוג וועט זײַן דײַן מינדסטער ווונק,
מע זאָל דערזען דעם העלן פונק,
וואָס שײַנט אין דײַנע אויגן.
צי ווילסטו יאָ, צי ווילסטו ניט,
נאָר זיך אַליין געהערסטו ניט,
דער וועלט געהערסטו, ווי דער יאַם
און ווי דער רעגנבויגן.

---

# מאַמעס

אין אונדזער הויף איך זע זי אָפט —
דאָס ווײַסע שאַלעכל פאַרבונדן מיט צוויי שפּיצן,
די אויגן צוגעמאַכט, עס דאַכט — זי שלאָפט...
אָן אַלטיטשקע, זי וואָלט געוואָלט איצט זיצן
אונטער איר באַרנבוים אַף הויכן דניעפּער־ברעג,
וווּ ס׳איז פאַרגאַן איר קינדהײַט
און ס׳האָט געוועלקט איר עלטער.
נאָר ניט באַשערט איז איר, זעט אויס,
פאַרענדיקן איר וועג
דאָרט אינעם דאָרף.
איר זון — אַ כאַשעווער און אַ געשטעלטער,
איר זון — דער מאַרך פון אירע ביינער,
דער יינגסטער זון —
איר אויג אין קאָפּ, איר שטערן,

ווײל, זי זאָל זײַן מיט אים. אומזיסטע רייד —
ער וויל פון גאָרניט הערן!
נאָר דאָ בא אים!
ווי שווער ס׳איז אים אָן איר — עס ווייסט ניט קיינער!
...ס׳איז אונדזער הויף פון ציגל און אספאלט,
און זי געווױנט איז גאָר צו שטילע גראָזן,
צום זילבער־ווײַסן זאמד, צו גאָלד׳נער רויטער ליים,
און גרייט איז זי — מעג זײַן צופוס —
אהין זיך לאָזן.
אבי אהיים, אבי אהיים,
צום פראָסטן שטיבעלע, צום ערד־דיל,
צו דעם געווױנטן וואָכעדיקן גריל
פון זיידנס היים...
איך קוק אף דיר און זע פאר זיך מײַן מאמע.
דײַן האנט מיט שווערע אָדערן, דײַן האנט
אָן איר, מײַן אלטיטשקער, דערמאָנט,
ווי איר וואָלט אײַער וועג אדורכגעשפאנט צוזאמען:
איין דייזשע קאָרנברויט געקנאָטן,
איין טרוים געהאט, איין וויטעק, איין באגער,
די קינדער זאָלן זאט זײַן און געראָטן
און זייער לעבנס־אָל ניט זײַן זאָל אזוי שווער.

איך וואָלט געוואָלט, אז אײַער שטילע עלטער
זאָל זײַן ווי אויסגעוועבט פון לײַכטן זײַד,
עס ווערט דאָך אונדזער ערד אצינד באנײַט
און דער גערוך פון פרילינגדיקע פעלדער
איז פול מיט האָפענונג —
עס וועט נאָך בעסער זײַן!
נאָר דו ביסט כאָטש אין הויף,
און זי, מײַן אלטיטשקע,
עס האָט זי אָפגעסאמט די פײַן...
ווײַט אָפגעשיידט פון אונדז,
זי קאָן צו מיר צוגאסט ניט קומען.
כ׳וואָלט אויסגעשפרייט דעם וועג צו איר
מיט בונטע בלומען,
מיט אָט אָ־די, וואָס כ׳טראָג צו דיר אצינד,
מײַן כאוועריס מאמע,
איך בין אוין׳ דײַן קינד!

# דאָס גרינע פײַערל

עס רינגלען אונדז ארום אזויפיל פײַערן,
אזויפיל פײַערן...
דער וואָכעדיקסטער טאָג בא זייער שײַן
ווערט בלענדיקער, און ווי דו ביסט ניט מיד,
ווערסט נאָכאמאָל פארליבט און ס׳ווערט דיר טײַערער
די מינדסטע קלייניקײַט, וואָס דיך צום לעבן ציט.

עס פאלט א בלאסע שײַן פון דעם לאמטערן
אף דעם אספאלט, דו זעסט, ער גלאנצט!
און אָט פליט גלײַך אין טײַך ארײַן א שטערן,
ס׳קאָכט אוף דער טײַך
און לאָזט זיך אין א כוואליע־טאנץ.

און ס׳גלוסט זיך דיר — ווער קאָן עס דיר פאַרוווערן,
זיך לאָזן שווימען שמייַדיק קעגן שטראָם,
אַהין, וווּ ס׳האָט פאַרלאָשן זיך דער שטערן,
פאַרניווירען זיך אין קישעפדיקן טהאָם
און פון דער טיף א קוק טאָן אַף דער וועלט
מיט אירע וואָכעדיקע מייַסים און יאָמטויווים.
ביסט ווי דאָס לעבן אַלט און יונג.
און מיר געפעלט,
וואָס מיר זייַנען מיט דיר אי פרייַנט, אי קרויווים.

און ווען עס ווערט אונדז שווער
און ס׳פאַלט א נייַער אָל אונדז אַף די אַקסל,
דאַן צינדט זיך אָן
דאָס גרינע פייַערל פון גליק —
דער איידעס, אַז מיר לעבן און מיר וואַקסן!

## מייַן אייניקל

עס וואַקסט בא מיר אַן אייניקל, קיין אייַנהאָרע ניט,
וואָס ווייסט פון קליינווייַז אָן דעם טאַם פון מי,
ווי מיר, איז אים געשמאַק דאָס ברויט דאָס קאָרענע
און ליב איז אים דער וואָכעדיקער אינדערפרי.

מיט מאַזל איז אים שוין אוועק דאָס זעקסטע יאָר...
באַגלייַך מיט מיר ער כאַפּט זיך אויף קאַיאָר,
שליסט אייַן די ראַדיאָ: ווי שפּעט איז איצטער, זיידע?
די אַרבעט רופט. מיר אייַלן צו איר ביידע.

און ליב צו וויסן איז, אַז בא זייַן וויגעלע
עס שטייט ניט נעבעכדיק דאָס ווייַסע ציגעלע,
און אַז זייַן טאַטע איז א גוטער באַלמעלאָכע —
די אַרבעט ברענגט אים נאַכעס און האַצלאָכע!

---

איציק קיפּניס



# פון מײַנע טאָגביכער

## אַמאָל איז
## געווען אַ מײַלעך



יך האָב געהאַט א קינדעלע כיינעוודיק און צאַרט אין אַמאָליקע שוין באַלד פאַרגעסענע יאָרן. דאָס קינדעלע האָט געהאַט א מאַמעלע א מיר־זאָל־זײַן! ווען מיר זײַנען יונג, זײַנען מיר אַלע שיין און באַטאַמט, כיינעוודיק, רייצנדיק און ס׳זינגט פון אונדז.

נו, האָט זיך דעמאָלט קוים געענדיקט א שווערע, א בלוטיקע מילכאָמע, די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט אַדאַנק דעם, וואָס ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די רעוואָליוציע. אָבער פינצטערע קויכעס האָבן געוואָלט דערטרינקען אין בלוט די רעוואָליוציע. בלוט האָט זיך געגאָסן א סאַך, יעדעס שטיקל ערד איז געווען א שלאַכטפעלד. אָף שטאָט און שטעט האָבן זיך א שאָט געטאָן הונגעריקער טיפוס, לײַזיקער טיפוס. א סאַך, א סאַך מענטשן זײַנען געגאַנגען פאַר דער צײַט פון דער וועלט. ניטאָ, ס׳האָט זיך געפעלט דאָס כיינעוודיקע קינדעלע. דער טויט האָט פאַרשלעפט מיר־זאָל־זײַן — דאָס מאַמעלע... דערציילן קאָן מען אי א סאַך, אי ווינציק.

איך האָב א קינד, זאָל מיר זײַן געזונט. א טאָכטער, א גאַנצער מענטש. זי איז מיר בײַגעשטאַנען אין א סאַך נויטן. זי איז אויסגעוואַקסן אָן א מאַמע, נאָך פון קינדבעט געבליבן פאַריאַסעמט. גאָט האָט איר געגעבן יאָרן. זי האָט געהאַט אָף זיך הונגעריקע, שווערע צײַטן, פאַרשיידענע קרענק. ניט וויסן פון פיצעלעווײַז אָן דער מאַמעס מילך, דער מאַמעס גלעט. זי איז, א דאַנק גאָט, מיט מיר. איך האָב א זון, זאָל מיר זײַן געזונט. זײַן מאַמע איז א יונגע אוקראַיִנישע פרוי. די רעוואָליוציע האָט ווי ווײַט מעגלעך אָפּגעווישט די אָפּגעפרעמדטקײַט צווישן פאָלק און פאָלק. בא מיר אין שטוב האָט עס זיך אינגאַנצן ניט געפילט. מײַן טאָכטער איז אויך בא דווירלען (אַזוי האָב איך זי ליב רופן[1]) קיין שטיפקינד ניט געווען. איך בין דערווף באַשטאַנען נאָך פאַר קוידעם־האַקל, און דווירל אַליין האָט דען קיין האַרץ ניט? זי האָט ביילקען דערקענט אינעם אַכטיאָריקן עלטער, ווען איך האָב זי צוגענומען פון שטעטל. מײַנע עלטערן האָט זי גערופן, גלײַך מיט די אונטערוואַקסנדיקע קינדער, טאַטע און מאַמע. מיך האָט זי גערופן אײַזיק, און די אַקערעס־האַבאַיִס — די באַלעבאָסטע פון אונדזער שטוב — האָט זי באַגלײַך מיט מיר גערופן דווירל.

אויך מיט א בוים אָדער א קוסט טרעפט, אַז רעדער פאָרן אים איבער, שאַרפע אײַזנס, קליי־כאַבאָלע[2], פאַרטשעפען אים אָן ראַכמאָנעס. ער איז שוין לעכאָל־האַדייעס פאַרבײַ, נאָר די צײַט, דער בעסטער פון אַלע אויסגעצוונגענע דאָקטוירים, כײַעט אים אָפּ. די ווונדן ווערן פאַר־

[1] וויפל דווירעס האָבן זיך א נאָמען געגעבן ווערא, וויפל לייבעלעך — ליאָניע און ביילקעס — בעבע. וועל איך זיך פאַרגינען אָנרופן ווערן — דווירע, ליאָניען — לייבעלע, בעבען — ביילקע, און עפשער וועט אויסקרמען בײַטן נאָך נעמען — זאָל עס מיר זײַן דערלויבט.

[2] קליי־כאַבאָלע — אינסטרומענטן פון פאַרניכטונג.

צויגן. די גלידער הייבן זיך אָן אָנגיסן מיט זאַפט, און מיט דער צייַט ווערט פון דעם צוריק אַ לייַט, ס׳גרינט אַלע יאָר אַ בוים צווישן ביימער, אַ לעבן צווישן לעבנס, און פאַר שפּאַצירנדיקע, וואָס זוכן זיך אין וואַלד אַ שאָטן און אַן אָפּרו, טרעפט ניט איין מאָל, אַז אויך דער דערמאָנטער בוים איז סאַמע אָנגעמאָסטן, אַז מע זאָל דאָ, אין זייַן שאָטן, זיך געפינען געגאַרטע רו און שוץ, דאָ אָפּרוען און אָטעמען מיט פרישער מעכייַעדיקער לופט.

יאָ, ס׳טרעפט דאָך אַזוינס. דעריבער איז צו גלייבן, אַז אונדזער קלייניקע נעסט איז צו אָט דעם לעבן געגליכן. אָט קוקט אונדז אָן: אַ מאַמע, אַ טאַטע, צוויי טייַערע און ליבע קינדער. ניט ביילעלע איז געווען אַן אָנגעבעטענע בײַ לייבלען, ניין. און ווען לייבעלע איז געבוירן געוואָרן, איז ער געקומען אָף גרייטע הענט צו ביילעלען, וואָס איז שוין געווען אייַנגעזעסן און אייַנגעוואָרצלט אין דער היים בײַ זיך.

דווירעלע שטאַמט פון כערסאָנער געגנט, פון אַ פאַרמעגלעכער פויערשער צעצווייַגטער פאַמיליע: אין דאָרף טשאַלבאַס האָט זי זיך אופגעצויגן, אין שטאָט זיך געלערנט און צוריק אין דערפער געאַרבעט אַלס לערערן. בײַ אונדז האָט זי שוין ניט געאַרבעט. געפירט די שטוב. געהאָלפן אופציִען מייַן נאַדן. געטראָגן און געהאַט אַ שיין, געראָטן און טייַער יינגעלע. און אַזוי ווערט דאָס הויזגעזינד פאַרגאַנצט און פאַרקייַלעכיקט מאָלע־טאַם.

אין קיין אינווייניקסטע פאַרדראָסן און רויגעזן איז קיין מעניִע קיינמאָל ניט געווען. עס סטייַעט. דער הונגער אינעם דרייַ־און־דרייַסיקסטן יאָר האָט זיך גוט געפילט. אָבער דאָס לעבן אַליין איז געווען שענער און שטאַרקער. און ווען דו ווילסט זיך אומקוקן אָף צוריק, בלייַבט דורכויס נאָר דאָס באַטאַמטע, דאָס שיינע, דאָס כיינעוודיקע.

## אפילע די פלעקלעך
## אין שאַפע וואַרטן שוין
## אָף אירע קליידער

אָף די הונגעריקע צייַטן, וואָס מיר האָבן אַליין איבערגעלעבט, מיינסטו איצט, אַז ס׳איז אַן אויסטראַכטעניש. עפּשער האָבן זיי זיך ניט אייַנגעשניטן אַזוי טיף בײַ דעם שיכט, צו וועלכן מיר געהערן. אַמאָל צעגראָבסטו אַ לאַנגע בייט, און די ערד איז ערטעררווייַז פייַכט, ערטעררווייַז טרוקן און האַרט. די זעלבע בייט, דוכט זיך, זי ווייסט ניט פון קיין אויסנאַרן און אַרייַנכאַפּן, און דאָך איז זי ניט דורכויס פון איין און דעם זעלבן האַטונאָק.

דאַן האָבן מיר זיך געפונען מיט דווירען אין פושטשאַ־וואָדיצאַ — צוואַנציק ווערסט פון קיִעוו — זומערצייַט אין איינעם פון די דאָרטיקע אָפּרוהייַזער, וואָס האָבן אויסגעזען בלייך, ווי דער גאַנצער אַרום. דאָך פאַרברענגט מען און מע מאַכט זיך האַרץ.

מיר זייַנען געווען מיט דווירען לעבן סאַזשלקע. ס׳איז ווייַט פון אָפּרוהויז. דער שפּאַציר איז אַ מאַמאָשעסדיקער. מע מידט זיך טאַקע אַ ביסל אייַן. עס איז געווען זייער אַ שיינער פאַרנאַכט. נאָענט צו דער סאַזשלקע זייַנען די ביימער אַ ביסל שיטערלעך, און די ליכטיקע שטיקער דרויסן צווישן בוים און בוים זייַנען עפּעס אַזוי לויטער, אַזוי גלוסטיק, כאָטש טרינק די לופט, פאַרבייַס מיט עטלעכע פרייַע, ניט קיין אויסגעקליאַנטשעטע קושן און... טרינק ווייַטער מיטן בליק און מיט די אָטעם־רערן אָט די געשמאַקע שיינע שטיקער דרויסן.

איך האָב גערעדט צו דווירען ערנסט. עס טרעפט זייער זעלטענע פאַלן, ווען עס קומט אויס ריידן אָדער זיך האַלטן ערנסט. איך וויל מיט דעם זאָגן, אַז ליגנערן וויל איך ניט און טאָר און דאַרף ניט, אַפילע אין די שפּילעוודיקסטע אינטימסטע רעגעס. נאָר קריגן אַן ערנסטן אויסזען און בייסמייַסע זאָגן: „אין דער רעגע בין איך מיט דיר און מיט גאָט“, — דאָ דאַרף שוין עפּעס זייַן אַ באַזונדער מין נויטוועגדיקייַט.

...וויל איך, דווירל (וועראַ פּעדאָסייעוונאַ), איר אָדער דו, דו אָדער איר זאָלט וויסן. ביילקע ווייסט ניט פון קיין מאַמע. איצט איז זי שוין אַכט יאָר אַלט. גייט שוין אין שול. וווינט שוין מיט מיר אין שטאָט. טאָמער ווערסטו זייַן צו איר שלעכט, וועל איך דיך אַרויסטרייַבן אָן שום קווענקלעניש. אויב דו ביסט אַ שלאַק, אַן אומגליק, אַ רועך פון דער בלאָטע, אַן אויסרייַסעניש און ביסט ניט פון די, וועמען מע טרייַבט אַזוי גרינג אַרויס?! טאָ געדענק זשע, אַז דאַן וועל איך נעמען דאָס קינד פאַר אַ האַנט און מירן אַליין אַוועקגיין...

דווירע האָט ערנסט געהערט און מענטשלעך ערנסט געשוויגן... מיר האָבן גערעדט פון אַ קינד, מיר האָבן גערעדט פון אַ שטוב... סייַ די שטוב, סייַ דאָס קינד האָט זי נאָך אין די אויגן

ניט געזען. אָבער זי האָט פֿאַרשטאַנען. און ס׳איז זייער מעגלעך, אַז איך האָב אין דער רגע בײַ איר מער אויסגענומען, ווי אין די לאַנגע פּאָר וואָכן פֿון אונדזער אויבנופֿיקער באַקאַנטשאַפֿט. ווערטער, וואָס גייען פֿון האַרצן, טרעפֿן אין האַרצן...

איך זאָג איר אָפֿט „דו", זי זאָגט מיר דערווײַל „איר". בײַ אַ צווייטן שטילן איגיינעם זײַן האָט זי מיר געזאָגט:

— איר געפֿעלט מיר ניט. נאָר וואָס געפֿעלט מיר יאָ אין אײַך? דאָס, וואָס איר זאָגט אַלץ אָפֿן, אַזוי ווי ס׳איז.

---

ס׳איז געווען אַ שפּעט־זומערדיקער טאָג. איך וווין אויף טאַראַסאָווער, אויפֿן זעקסטן שטאָק.

טאַראַסאָווער איז ניט קרעשטשאַטיק. לעבן טאַראַסאָווער איז נאָך דאָ קליין־טאַראַסאָווער און ניי־זשעליאַנסקי, וווּ פֿרויען זיצן זיך נאָכן טאָג אַרבעט אויף די טרעפּלעך, און אין הויף לעבן זיי שפּרינגען קינדער און שפּילן אין קלאַסן. אָט די רויִקייט לאָזט מיך זיך גוט פֿילן. באַקאַנטע, וואָס גייען פֿאַרבײַ, גריסן זיך. איך האָב נאָך אויף פֿעסט ניט באַשלאָסן, מיט וואָס איך בין גרייט פֿאַרפֿולן דעם אָוונט. עפּשער גאָר זיצן אַ ביסל לעבן דעם אָוונט־באַלויכטענעם טיש, לעבן דעם צעעפֿנטן טאָגבוך. אָפֿט איז דער טאָגבוך אַ ווילער פֿרײַנט, מיט וועמען עס איז לײַכט זיך דורכצושמועסן. אין די גלעזער פֿון מײַנע ברילן שלאָגט זיך ווייך אָפּ די פֿאַרגייענדיקע זון. און דאָ גייט אָן גלײַך אויף מיר און גיט מיר אָפּ אַן אימפּעטיקן גוטן־אָוונט — סאַמע ווער? — דווירע. די, וואָס איז עטוואָס גרעסער פֿון מיר אין וווּקס, וואָס אירע האָר קרויזן זיך און זײַנען שוין גראָ ניט לויט די יאָרן נאָך, וואָס איר שמייכל איז אַ ביסל פֿאַרשעמט, וואָס מיר זײַנען נאָך געציילטע וואָכן צעשיידטקײַט אַ ביסל פֿרעמד געוואָרן איינס פֿאַרן צווייטן...

— דווירע?!

— ווערע!..

— און וווּהין איז? אינמיטן וואָכעדיקן פֿאַרנאַכט?

— צו אײַך...

— אויף נאַכטלעגער?..

— אויב ס׳איז נאָר מעגלעך.

די הויט אויף איר לענגלעכער האַנט איז דין, מערער טרוקן, ווי זאַפּטיק. נאָר מיר איז זי ניט דערווידער. איך האָב צוגעלייגט איר האַנט צו מײַנע ליפּן. זי שעמט זיך. נעמט אַוועק איר האַנט אויף צוויי רגעס גיכער, ווי מע וואָלט עס באַדאַרפֿט טאָן.

— נו, גוט, — זאָג איך, — שטיי צו איין רגעלע.

איך בין אָפּגעגאַנגען אַ צען שפּאַן און בײַ דעם ייִדן אינעם רונדוק, וואָס אַנטקעגן דער שפּײַז־קראָם, האָב איך צוגעבאָרגט אַ זעמל (אַ בולקעלע) צום אָוונטברויט. אַזויווי מיט דעם איקערדיקן שטיקל שפּײַז זײַנען מיר שוין באַזאָרגט, האָבן מיר גענומען מעסטן די טרעפּ צו מײַנע צוויי צימערן, וואָס געפֿינען זיך אויפֿן זעקסטן שטאָק, סאַמע פֿון אויבן.

---

אי זי שעמט זיך, אי זי איז היימיש, ווײַל ניט זי האָט זיך צו מיר אָנגעשלאָגן.

— איר האָט דער טאָכטערס אַ בילד? — פֿרעגט זי מיך.

מיר איז אָנגענעם, וואָס זי געדענקט אין מײַן נאָדן, פֿון וועלכער זײַט עס זאָל ניט זײַן. איך האָב איר אויסגעוויזן מײַן גאַנצע באַלעבאַטישקײַט.

איך וועל איר באַלד אויסזאָגן, אַז ס׳איז ניטאָ וואָס צו עסן, אויסער דעם זעמעלע, וואָס איך האָב באַזאָרגט... ניין, ס׳איז ניט עמעס, ס׳איז דאָך נאָך דאָ אַ פּרימוס. ס׳איז נאָך דאָ נאַפֿט אויפֿצוקאָכן טיי. אויסווישן ריין די גלעזער — דאָס וועלן מיר שוין זאַלבעצאַנד. אַ פֿאַרשפּרייטער טיש, אַ ריינע גלאָז טיי, אַ בולקעלע שיין אָנגעשניטן. ס׳איז גאָר ניט אַזוי שלעכט.

עמעצער קלאַפּט אין טיר.

— קומט אַרײַן! ביטע!

לייבאָוויטש! אַ ביבליאָטעקער. אַ ווילנער. אַליין טיף געבילדעט און דערפֿאַרן אין זײַן פֿאַך, נאָר צו אים קלעפּט זיך דאָס וואָרט „אַן אַלטע מויד".

ער האָט אומדרייסט אָן עפּן געטאָן די טיר. דערזען, אַז אַ פֿרוי זיצט אַנטקעגן מיר בײַ דער צווייטער זײַט טיש, האָט ער זיך פֿאַרשעמט און זיך גיכער אָפּגערוקט.

— גאָט איז מיט אײַך, כאַווער לייבאָוויטש! פאַר וואָס האָט איר זיך דאָ דערשראָקן? ווען מע טאָר ניט אַרײַנגיין, וואָלט זיך די טיר אַזוי גרינג ניט געעפנט. קומט אַרײַן. באַקאַנט זיך. אָט די־אָ כאַווערטע וועט עפשער איינגיכן זײַן מײַן פרוי. זיצט... וואָס וועט איר זאָגן גוטס?

גאָרניט... גאָרניט... ער האָט געוואָלט לײַען באַ אונדז די וואָג... אַ באַקאַנטע דאָרפס־פרוי האָט געבראַכט קעז און פוטער אין גלײַכן געלט.

— גוטע סכוירע?

— זי ברענגט קעסיידער פריש מילכיקס.

— און ווו נעמט מען אָף באַצאָלן?

— באַצאָלן קאָן מען מאָרגן ביז האַלבן טאָג. זי נעכטיקט אין שטאָט.

איך האָב זיך דערפרייט. דאָס מאַזל גייט אַליין אין שטוב אַרײַן.

— טאָ זײַט זשע אַזוי גוט, כאַווער כאַיִם, און ברענגט מיר אויך צוזאַמען מיט דער וואָג אַ פונט קעז און אַ האַלב פונט פוטער!.. נאַ, זע, זוווירקע, דאָס גליק רײַסט זיך אַליין אין שטוב אַרײַן. כאַלע מיט פוטער און מיט קעז. זיסע טיי. ניט קאַרגן און ניט פיצלען. ס'איז כיי־געלעבט! ווי פריִער געזאָגט, דוווירע האָט איבערגעווישט די גלעזער, איך האָב אָנגעצונדן דעם פרימוס.

מער איז קיינער ניט געקומען. מער האָט אונדז קיינער ניט געשטערט. מיר האָבן לאַנג שטיל און געמיטלעך געשמועסט.

מיר האָבן אויסגעזוכט פריש בעט־וועש. פאַרשפרייט אַ ריין געלעגער. זי האָט זיך געשעמט אויסטאָן אין מײַן אָנוועזנהײַט. אָבער באַנײַען אונדזער ניט געגאַנגוועטן זײַן אייניעם האָבן מיר זיך ניט געשעמט. סײַווי איז עס איינע פון די בעסטע נעכט אין אונדזער גאַנץ לעבן.

אָן אײַלעניש האָבן מיר געפרישטיקט.

אָן אײַלעניש האָבן מיר גענומען אונדזערע פאַפירן און זײַנען אוועקגעגאַנגען זוכן אַ זאַגס. נאָך אָפּן וועג האָבן מיר אָפּגערעדט, אַז זי גייט איבער אָף מײַן פאַמיליע־נאָמען. דאָס איז געווען איר פאַרלאַנג.

זי וועט אוועקפאָרן צוריק אין דער פריִערדיקער שטאָט.

— און ווען וועסטו קומען? וואַרט נאָר, ווען וועסטו קומען?

— זאָרג זיך ניט. איך וועל קומען. וועסט שוין אַ סימען האָבן.



אַ וואָכעדיקע סימכע? אַזוי זיך איינמיטן מיטוואָך און גאָלע גאָרניט?..

נייך. זאָגט עס ניט. די צײַט איז טאַקע אַ גרויע, אַ וואָכעדיקע. נאָר אַז ס'פאַרקלײַבט זיך אין האַרצן כאָטשבי אַ סימען פון יאָמטעוודיקײַט, וועט זיך עס פאַרגעדענקען אָף אַלע יאָרן. קיין קדושן־פינגערלעך האָבן מיר איינס דעם צווייטן ניט געשענקט. קיין לעקעך־און־בראַנפן איז ניט נאָר אָפן טיש, אַפילע אין געדאַנק ניט געווען! אָבער מע האָט אַפילע ניט געדענקט וועגן דעם, איז אַ סימען, אַז מע קאָן זיך אָן דעם באַגיין.

אָט האָט זיך באַזעצט אין האַרצן אַ ציִונג צו איר, אַ בענקשאַפט, ווי נאָך אַן אייגענעם. אַנו, זײַט אַ בעריע און פרוווט עס אָפּשאַצן?!..

מײַן שטוב איז שוין ניט די שטוב, וואָס איז ביז נעכטן פאַרנאַכט געווען. זי וואַרט שוין אָף דער באַלעבאָסטע. די הענגערס אָף דער וואַנט, די פלעקלעך אין שאַפע וואַרטן שוין אָף אירע קליידלעך. די פּאָליצקעס אין דער צווייטער העלפט שאַפע וואַרטן שוין אָף אירע העמדער. זי וועט עפשער ברענגען אויך אַ צוגעלאַטעטן לײַלעך, נאָר אַ ריינעם. זי האָט נאָך ניט קיין וואָל און קיין זײַדנס? נעמט זיך ניט צום האַרצן. זאָל זי מיר אַליין זײַן. דאָס איבעריקע וועט קומען.



איך ווייס ניט, ווהין ס'ציט מיך בעסער: קיין פושטשע, ווו מיר האָבן אָפּגערוט, ווו איך האָב באַ איר דעם ערשטן ניט זיכערן קוש אויסגענאַרט, צי קיין ראַגאָזאָוו און באָריספּאָל, ווו זי איז שוין עטלעכע יאָר אַ לערערן, ווו די שטוב־באַלעבאַטים וועלן זשאַלעווען זי אַרויסלאָזן.

אַ יִנגעלע, אירס אַ קליין טאַלמידל, איז אָנומלטן צוגעגאַנגען צו איר, זיך אָנגעבויגן צו אירע שיך.

— ווירא טאַדאָסיעוונא, — זאָגט עס מיט גרויס פאַרנומענקײַט, — או וואָס באַצינאָצקי

זאַציאָפּאַני (די שיכעלעך זײַנען בא אײַך פאַרליאַפּעט). — און עס האָט מיט גרויס פלײַס אַזוי, מיטן הוילן הענטעלע, געגומען אַרומרײַבן די צוגעטריקנטע בלאָטע פון דוווירעס שיך.

נו, וויִאַזוי קושט מען ניט אויס אַזאַ שײן, געטרײַ טאַלמידל און זײַן לערערקע אַכוץ.

קום, טײַערע, קום שוין גיכער צו פאָרן.

איך בין זיכער, אַז די געדאַנקען און קלערענישן, וואָס בוצקען זיך איצט בא איר אין מויעך, זײַנען פונעם זעלבן גראַד וואַרעמקײַט און בענקעניש, וואָס בא מיר. זי פילט דען ניט, אַז מײַן שטוב איז אונדזער שטוב, אַז מײַן קינד איז איר קינד, איז אונדזער קינד. דאָס זעלבע אונדזער אויסקומעניש, דאָס זעלבע מײַנע שוועסטער און אירע שוועסטער, מײַן ברודער און אירע ברידער. איך וואָלט שוין אַזוי וועלן אויסבעטן פאַר איר מוטער אַ געלעגער בא אונדז אין שטוב. און פאַר מײַנע עלטערן וועט זי אויסבעטן די שענסטע געלעגערס. עס איז זיי אומהיימלעך, וואָס זי איז ניט קיין ייִדישע? גלייבט מיר, זיי וועלן זיך באַם ערשטן צוזאַמענטרעף איבערצײַגן, אַז עס איז נאָר אַן אײַנרעדעניש פון אַמאָליקע צײַטן. אין אונדזער פאַל האָט עס קיין באַדײַטונג ניט. איר וועט שוין זען.

צו איר מוטער שרײַב איך שוין אַ בריוו... מיר איז גוט, וואָס זי האָט אַ מוטער און נאָך אַזאַ מוטער. איך האָב זי נאָך קיינמאָל ניט געזען, נאָר איך פיל, אַז זי לעבט פאַר מײַנע אויגן, און איך פיל, אַז זי איז צו מיר אויך גוט.

■

איך האָב נאָך, זאָלן זיי מיר זײַן געזונט, דרײַ שוועסטער און איין ברודער. מיר זײַנען אַלע יאָרן גוט צווישן זיך. עס זײַנען נאָך אָן סאָפעק ערגעץ דאָ בעסערע, געטרײַערע מישפּאָכעס. נאָר מיר האָבן צו גאָט קיין טײַנעס ניט. אַ סאַך באַקאַנטע און נאָענטע באַקאַנטע זײַנען גרייט פון אונדז נעמען אַ בײַשפּיל. דוווירעלעס מישפּאָכע קען איך ווינציק. איר מיידלשע פאַמיליע איז סעריקאָווא. וויפל זי זאָל מיר ניט האָבן אָנדערציילט פון איר היים, בא וועלכער געלעגנהײַט עס זאָל זיך ניט מאַכן, טרינק איך עס מיט דאָרשט און שלינג, ווי די געשמאַקסטע בערע־באַר. צי זי דערציילט עס אַזוי גלאַט, צי עס נעמט זיך גיכער דערפון, וואָס מישפּאָכעדיקײַט איז פאַר מיר אַ גוטע געבענטשטע לײַדנשאַפט, — נאָר וואָס זי זאָל מיר ניט דערציילן פון איר כוטאָר, פון איר דאָרף, פון איר קינדהײַט און יוגנט, פון אירע היימישע, איז עס פאַר מיר אַ נײַס און אַ ליבע געגאַרטע אַנטדעקונג.

צו מײַנע טאַטע־מאַמע אין שטעטל פיל איך זיך אויך זייער נאָענט. זיי גייען מיר אָפּ נאָך ביז צום הײַנטיקן טאָג. באַזונדערס די מאַמע. מיר פלעגט זיך דוכטן, אַז זי פאַרשטייט מיך שטענדיק, אַז עס ווערט מיר גרינגער אָף דער נעשאָמע, ווען איך דערצייל איר עפּעס אַראָפּ פונעם האַרצן. און מיט וואָס זיך טיילן, וואָס אַראָפּצורײדן, איז אַלעמאָל דאָ. גייט זי מיר אָפּ. פאַר מיר לעבט זי נאָך אין כאָלעם, אין געדאַנק.

אין 39־טן יאָר איז זי פאַרשלאָפּט געוואָרן, געלעגן צו בעט עטלעכע כאָדאָשים און איז אַוועק צו אירע פאָטערס און עלטערפאָטערס אין דער אייביקײַט... דאָס ווײנען און דאָס זשאַלעווען זיך קאָנען אין אַזעלכע פאַלן גאָרנישט ניט פאַריכטן...

די עלטסטע פון מײַנע שוועסטער — פריידקע, זאָל זײַן געזונט, האָט טיפער און ווײטעקדיקער פון אונדז אַלע איבערגעלעבט דער מאַמעס טויט.

זי האָט זיך אָפּגעבעטן פון דער אַרבעט, אָפּגעבעטן זיך באַם ביז קרענקלעכקײַט אייפערזיכטיקן מאַן און איז אַוועקגעפאָרן אין שטעטל צו דער שלאָפער מאַמע אין דער אַלטער היים. זי האָט צו מיר שפּעטער געשריבן וועגן דעם: „די שטוב איז געווען זייער פאַריאָסעמט, פינצטער, קויטיק. מיסט ביזן האַלדז. איך האָב זיך ניט אָפּגערוט פון דער פור. האָב פאַרקאַטשעט די אַרבל, גענומען אַ בעזעם, צונויפגעקערט אַ סאַך בערגלעך מיסט. איך האָב אַרויסגעטראָגן מיט דעם הילצערנעם מעסטל עטלעכע מאָל. דערנאָך האָב איך געוואַשן די הענט. געמאַכט וואַרעם וואַסער. געהאָלפן דער מאַמען זיך אַרומוואַשן און זי איבערטאָן אין פרישן, ריינעם וועש. אָנגעצויגן פריש בעט־וועש. די מאַמע האָט מיט איר שמייכל מיר אויסגעזען, ווי אַ מאַלקע...“

איך בין געווען אין דער היים געציילטע טעג נאָך דער מאַמעס טויט. די שטעטל־לײַט, אַלע נאָענט באַקאַנטע, האָבן זיך באַצויגן צו מיר אי היימיש, אי מיט אַ שטיקל אָפּשײַ. בא מיר, בא זייער לאַנדסמאַן, זײַנען דאָ געדרוקטע ביכלעך, אָף וועלכע עס שטייט מײַן נאָמען, און איך בין דאָ אַ זון פון מײַנע עלטערן, וואָס ווינען אַלע יאָרן מיט זיי צוזאַמען, מע גייט אין איין שול, אָף איין מאַרק און איבער די זעלבע גאַסן. דער פאַמיליע־נאָמען, וואָס שרײַבט זיך אָף די ביכלעך, איז גיכער מײַן טאַטנס, ווי מײַנער. אַזוי אַז איך בין אַ כײַלעק פון זיי, די אײַנוווינער פון מײַן שטעטל.

איך בין געקומען פרײַטיק. דער טאַטע האָט מיך אויפגענומען שטיל און ווייל. די שטוב איז געווען פאַראָוולט.

די מאַמע האָב איך געפילט אי לעבן אויוון, אי לעבן בעט, אי לעבן דער שאַפקע מיט גלעזער און ספרים, ווו איר סידער, מאַכזער און טײַטשכומעש זײַנען נאָך געווען גאַנץ. נאָר זי איז שוין פאַרט געווען אין טאָל אונטערן בארג. איך האָב אַפילע עטלעכע מאָל געזען מוישע דער מומעס, א יונגן מענטשן, מײַנס א גלידשוועסטערקינד, וואָס האָט מיר א פאָר מאָל דערציילט, ווי שווער עס איז געווען טראָגן די מיטע. ווײַל דער וועג אפן הייליקן אָרט צום בארג־צו איז געווען נאַס, ליימיק און גליטשיק. די פיס זײַנען געפאָרן אָף צוריק. און די מיטע איז געווען א שווערע...

צו דער מאַמען בין איך געגאַנגען ערשט זונטיק, אַרום נײַן אינדערפרי. דעם ייִדן, וואָס איז געגאַנגען מיט מיר, האָב איך געבעטן, ער זאָל צוּוואַרטן אונטן. מיר האָט זיך אַלץ אויסגעוויזן, אַז די מאַמע איז דאָ. זי איז פאַרשעמט, איך בין פאַרשעמט, נאָר זי פילט מיך און, אויב קיינער וועט ניט שטערן, וועלן מיר זיך וועגן עפּעס דערריידן, כאָטש קיין סיכסוכים זײַנען צווישן אונדז ניט געווען. נאָר עפּשער וועט איר אומעטיק געזיכט בא מיר עפּעס בעטן וועגן די ייִנגערע קינ־דער (מיר זײַנען אַלע בא איר געווען דאָס אויג פונעם קאָפּ). זי וועט עפּשער מיר אַליין אונטער־זאָגן, וואָסער וועג עס איז גלײַכער אין לעבן. און ביידע קינדער מײַנע קען זי. ביילעלע, וואָס האָט זיך בא איר אופגעצויגן, דאַרף שוין אינגיכן קלערן פון א הויכשול. לייבעלע איז שוין אַלט זעקס יאָר. וועגן זיי קאָן זי מיר אויך עפּעס אונטערזאָגן. עס גייט איר אין לעבן... וואָס הייסט עס „עס גייט איר אין לעבן"?.. מײַנע אינגעווײדן האָבן זיך צעוואָרעמט. טרערן זײַנען דאָ נאָענט לעבן שלונג. די מאַמע... מײַן מאַמע, מײַן איינציקע פון אַלע אייביקײַטן!..

איך האָב זיך אָפּגעשיידט פון בערגל, בין אוועק מיטן ייִדן. ער האַלט בא זיך דעם שליסל פון בעסוילעם. אָף דעם זעלבן באַקאַנטן בעסוילעם האָב איך נאָך ווו זיך אָפּצוּוועגדן, נאָר איצט בעט דאָס האַרץ, מע זאָל צו דעם מער קיינעם ניט צולאָזן, אויסער מײַן מאַמען, וואָס איז שוין אין אַן אַנדער וועלט. אַלץ איז אַזוי פראָסט, אַזוי קלאָר און דאָך, אוי, ניט גרינג צום באַגרײַפן.

## אוועק די געסט,
## ניטאָ דער סיידער

**א** בריוו רײַסט זיך דורך פון פוילן, פון איינעם א ווײַבל, וויִאַזוי עס גייט אויס מיט די גלידער — איר צוועלפיאָריק איינציק ייִנגל דאַרף מען מאָרגן סטעריליזירן, אים „אַנטשעדיקן", די ייִדישע ראַסע זאָל זיך אָפּשטעלן. א מלאָש שלאָגט צום האַרצן. די פּאָגראָמען מאַכנאָס, פּעטליורעס, קאָזיר זירקאָס און דעניקינס זײַנען דאָך אויך געווען א זיסער ביסן. מע זאָל מער קיינמאָל פון דעם ניט הערן און ניט וויסן. אָבער דאָס פלײַסן זיך פון היטלערן, כאָטש מיר זײַנען ווײַט און פרײַ פון אים, איז איבער דער טעווע, ס'איז ניט מעגלעך פאַרן מויל צו ברענגען. גאָטעניו, אויב דו ביסט ערגעץ יאָ פאַראַנען, וויִאַזוי קוקסטו עס צו?! היטלער איז אויך דײַנס א באַשעפעניש, און צווייפיסיקע דײַנע באַשעפענישן וועלן אים באַלד אָנהייבן פאַרגעטערן. עס מאַכן זיך רעגעס, ווען אַלץ איז אַזוי מעטושטעש, צעבויטעט, אַז דו קענסט ניט מאַסיג זײַן, ווו איז די גרענעץ צווישן מעשוגאַס און ריינעם געדאַנק? אַפילע בא זיך אַליין!

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן באַווײַזן פליִיטים. באַטאָג פלעגן זיי זיך אויסבאַהאַלטן, דורך די נעכט פלעגן זיי גיין. דאָס גאַנצע לעבן, דאָס גאַנצע זײַן האָט זיך געהאַלטן אָף א האָר, און די האָר איז שוין אויך באַלד ניטאָ און דאָך האָט מען זיך דערלאַנגט אַהער, אין סאָוועטנפאַרבאַנד. וואַנדאַ און באָמזע, טוראָוו און פּערלע. איך רוף אָן מענטשן פּוילישע און ייִדישע פון אונדזער פאַך. שריפט־שטעלער, זשורנאַליסטן, אַקטיאָרן.

ווי זיי האָבן זיך נאָר אָפּגעכײַעט, זײַנען זיי געוואָרן אונדזערע. איין מישפּאָכע. מיר לייענען זייערע זאַכן. מיר באַקאַנען זיך מיט זיי. זייערע קסאָווים דערזעען אין אונדזערע פאַרלאַגן די ליכ־טיקע שײַן. עס זײַנען דאָ אונטערשיידן אינעם לאָשן, אין דער אינטאָנאַציע, אינעם באַוויזענעם שטייגער. נאָר מע כאַווערט זיך, מע איז באַפרײַנדעט. פּערלע מיט באָמזען מיט נאָך א כאַווער זײַנען אַרײַן צו אונדז.

— אָ, ס'איז גוט, זייער גוט! זיצט, פאַרברענגט א ביסל. איך דאַרף צוגיין אין ייִדישן קלוב אָף אַן אָוונט. דאָס, וואָס איך האָב אָפּגעקליבן צום פאָרלעזן, דאַרף אָפּנעמען א צוואַנציק מינוט. דער גאַנג הין און צוריק — פערציק מינוט. קום איך, ברענגען מיר אַרײַן א פלאַש ווײַן. מירן מאַכן א פרעזשעניצע און מירן זיך לאָזן וווילגיין...

איך זע, פּערלע דרייט זיך אַרום פאַרטראַכט. ער נעמט אַרויס פון פּאָליצע אַ סייפער, צעעפנט עס. פרעג אים, צי האָט ער געכאַפּט, וואָס דאָס איז פאַר אַ בוך, וואָס שרײַבט זיך דאָרט אויף דעם צעעפנטן בלאַט, וועט ער ניט וויסן וואָס דיר צו ענטפערן. זײַנע געדאַנקען זײַנען איצט ווײַט פונדאַנען... זײַן פרוי, אַ זעלטענע שיינהײַט, האָט זיך גענומען דאָס לעבן נאָך ביז היטלערן, ביז אַלע געשעענישן. די סיבע איז ניט איטלעכן באַוווּסט. ס'איז אָבער קלאָר, אַז דער ווייטעק זײַנער איז אײַנגעטונקען אין בושע. ער איז ניט מעכויעוו קיינעם אָפּצוגעבן קיין דין־וועכעזשבן, אָבער ער איז זיכער, אַז אַלע בליקן פרעגן בײַ אים וועגן דעם. זײַן זון איז ערגעץ אַנדערשוווּ מעגולגל געוואָרן. ער איז געווען אין דער פּוילישער אַרמיי. צי לעבט ער כאָטש. און איצט איז פּערלע צווישן פרעמדע מענטשן, דאָס ערשטע מאָל אין לעבן אין אַ שטאָט מיט זייער אַ גוטן באַקאַנטן נאָמען. ווער פון די ייִדישע שריפטשטעלער האָט ניט געהערט קיִעוו?! נאָך אַ זאַך: ס'פּאַרגייט הײַנט פּייסעך. פאַר אַ יונגערמאַן פון אַן אַנדער וועלט איז עס אַ יאָם מיט בענקעניש.

אין אַ שאָ אַרום בין איך שוין אין אײַלעניש געווען אין דער היים. געבראַכט צוויי בוטל ווײַן. מעג דאָס געלט זײַן געליִענס, אָבער אַזעלכע געסט!

איך בין געווען איבערצײַגט, אַז איך וועל טרעפן מײַנע געסט. אין צימער וועט זײַן פון זיי אַ וואַרעמקײַט און אַ זשום... בײַ מיר איז שוין געווען גרייט אויף דער צונג: „איצט וועלן מיר... אַזוי שיין און אַזוי ברייט"...

אָבער ווי גרויס איז געווען מײַן אַנטוישונג, וואָס אַפילע די שײַן אין קאַבינעט, ווו איך האָב איבערגעלאָזן די געסט, איז געווען אויסגעלאָשן. ס'איז געווען שטיל. אַז איך האָב געטראָפן דוווירען אינעם דריטן צימער אויך אין שטילקײַט, האָט זי מיר געענטפערט, אַז זיי האָבן זיך דאָ לאַנג ניט פאַרהאַלטן... זי האָט זיי דאַפקע געבעטן צוואַרטן, נאָר זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי ווילן נאָך ערגעץ פאַרגיין.

אײַזיקל טײַערער, האָט דיר, הייסט עס, ניט אָפּגעגאָלטן. האָסט געהאָפט דערפילן דעם טאַם, וואָס אַווראָם־אָווינו האָט אַמאָל געפילט — אויפנעמען אָרכים בעקאָוועדיקע, געגאַרטע. אַרומטאַנצן אַרום זיי. דו ביסט ניט אַזוי פאַרמעגלעך, ווי אַווראָם איז געווען בעשײַטע. נאָר דאָס קאַפּעלע וואָלט געסטײַעט, די אָרכים זײַנען אָנגעלייגטע. איצט זײַנען זיי אָן אַ היים, און ס'פעלט זיי דאָס ביסעלע וואַרעמקײַט, וואָס דו האָסט פאַר זיי און ווילסט זיי מעקאַרעוו זײַן מיטן גאַנצן האַרצן.

## מײַנע טעפּעכער, מײַן גאָלד און מײַן זילבער

ביכער שלעפּ איך אין שטוב אַרײַן, ווי אַ נאַרעלע. מאַכט זיך אַמאָל אַ נאַרעלע, וואָס איז גוטמוטיק. אויב איך האָב איינעם אַזאַ צווישן מײַנע באַקאַנטע נאָך פון די קינדער־יאָרן, איז ער באַהאַלטן בײַ מיר אין זיקאָרן מיט ליבשאַפט. ווען איך ריר זיך אין אים אָן אַפילע אומבאַמערקט, איז ער מיר ליב און טײַער. אַפילע געשמאַק. אַז איך שטעל זיך צו צו אים פאַר אַ שוטעף אין נאַרישקײַט, ווען איך רוף זיך אַליין אָן מיטן נאָמען „נאַרעלע", הייסט עס, אַז איך טייל זיך צו פאַרגעניגן, פאַרגין אין דער רעגע זיך אַליין מיט דער אייגענער האַנט אַ פעסטע טאָן, אַ גלעט געבן.

דאָס נאַרישע אײַזיקל שלעפּט אַהיים ביכלעך פון אונדזער ליטפאָנדישער קראָם, פון אַנדערע באַקאַנטע קראָמען, און אַמאָל בײַט מען ביכלעך־דובלעטן מיט אַ באַקאַנטן אויף אַנדערע ביכלעך, אַזעלכע, וואָס ווילסט בײַ זיך האָבן. אַז איך רײַס זיך אַרײַן אין שטוב אַ פאַרשמײַעטער מיט מײַן „יאַריד־סכוירע", בין איך בעפּיירעש גרייט אָפּכאַפּן אַ גאָב פון דווירלען. ווי דען? ס'קומט מיר ניט?.. אָבער געזונט זאָל זי זײַן. איך טרעף זי פּונקט בײַם טיש איבערקלײַבן אַרבעס, קערט זי אויס דעם קאָפּ אַ קוק צו טאָן, ווער ס'איז אַרײַן... אַהאַ... ס'איז איך...

— שוין ווײַטער ביכלעך?... זע נאָר סאַראַ סאַך?..

איך דאַנק גאָט, וואָס זי איז אויף מיר קיין קאַפּעלע ניט בייז. נאָר זי לאָזט מיך ניט טראָגן די קראָם צו מיר אין קאַבינעט אַרײַן.

— וווּהין שלעפּסטו? גיב נאָר אַהער. — און זי שאַרט אָפּ די שוין צעשאָטענע אַרבעס, וואָס אין זייער אומאָרדענונג פילט זיך אַ צעקײַקלטע אָרדענונג.

זי לאָזט איבער די אַרבעס. צעבינדט ביידע פּעקלעך ביכער און נעמט זיי איבערקוקן. איינציקווײַז, איינציקווײַז. עפנט אויף דאָס טעוועלע, טוט אַ לייען, טוט אַ מיש: „גוט..." — און לייגט עס אַוועק לעבן זיך, אַמאָל אַפילע אונטערן עלנבויגן, ווי עמעצער וואָלט עס בײַ איר וועלן אַוועקנעמען.

— גוט... אויך גוט... — זי טוט אָפּילע אַ גערנדיקן שמייכל. — און דאָס דאַרפסטו אויף קאַפּאָרעס, אַבי שלעפּן אין שטוב אַרײַן און זיך אונטערײַסן ס'געזונט. וויפל קאָסטן זיי?.. וווהין זשע נעמסטו זיי צו?..

— איך וועל מאַכן פונזייערטווועגן אַן אָרט אין שאַפע.

— פּראָסיע, — רופט זי דערווײַל אין קיך אַרײַן. — די אַרבעס זײַנען שוין איבערגעקליבן...

און איך צעשטעל מיר אַ פּריילעכער, ווי נאָך אַ גוטן יאַריד, מײַנע מעציעלעך, וואָס וווהין ס'געהער. קופּערינגען רוק איך צונויף. ביאַליקן שטעל איך אַוועק פון פּאָרנט, נעענטער צום גלאָז. אָסקאַר ווײַלדן... אָסקאַר ווײַלדן וואָלט איך גערן פאַרביטן אויף אַ בעסערער אויסגאַבע. בערדיטשעווסקי זאָל דאָ שטיין. בלאָקן האָב איך צוויי מאָל, ביאַליקן האָב איך קימאַט דרײַ מאָל. כאָטש ביאַליק לעבט שוין ניט, נאָר זײַנע ווערק זײַנען נאָך בײַ מיר ניט איינגאַנצן צונויפגעזאַמלט. ס'פעלן קלייניקייטן. נאָר ווער וועט זיך דערוועגן זאָגן אויף ביאַליקס קלייניקײַטן, אַז דאָס זײַנען קלייניקײַטן? הזהרו בגחלתן של תלמידי הכמים[1]. אײַ, ביאַליק! ביאַליק! ניט אַלע כאַוויירים אַז זיי טרעפן אים בײַ מיר, פאַרשטייען, ווי צו באַוווּנדערן די רײַכקײַט, וואָס איך פאַרמאָג.

ווײ, ווײ, אַז דו פאָרקעסט זיך לעבן דער שאַפע, וויפל פאַרגעניגנדלעך באַהערשן דיך? דעם ווילט זיך אַ גלעט געבן, צו דעם טוט דיך אינווייניק אַ צי מיט אַ „מיר־זאָל־זײַן"...

וויאַזוי מאַרקירט מען עס אויס, אַז אַלע שאַפעס מיט אַלע פּאָליצעס זאָלן זײַן פון גאָלע אויבנאָן, פון גאָלע מיזרעך־וואַנט. יעדערער איז עס אויף זײַן אויפן ווערט. וואָס מיינט איר, אויב האָפּשטיין און יעסעניק, און לייוויק, און מאַני לייב, און מוישע־לייב און זינגער, און ניסטער, און פּערעץ מאַרקיש, אויב די מערסטע פון זיי זײַנען הײַנטצײַטיקע, וואָס קומען מיט מיר צוזאַמען אין איין און דער זעלבער שאָ אין פאַרלאַג אַרײַן כאַפּן אַ שטיקעלע פּאַרנאָסע, אַן איבערזעצונג, אַן אָפּמאַך, אַן אַוואַנס, וועט איר זיך דערלויבן קלערן, אַז אין שאַפע בײַ מיר וועלן זיי האָבן ווייניק פּלאַץ?.. אוי, מײַנע טײַערע! איר האָט דאָך עס זיכער ניט געקלערט! ס'לויכט מיר און ס'שפּיגלט מיר פון זיי. בײַ יעדן האָב איך וואָס צו לערנען. פון יעדנס פּאָנעם שײַנט צו מיר אַראָפּ די שכינע, און זיי זעטיקן מיך מיט גײַסטיקער נערונג.

מײַנע שאַפעס זײַנען רײַך. און די כאַווירימס ווערק הויזן בײַ מיר צווישן זיך. אויב מײַנע שאַפעס זײַנען רײַך, בין איך רײַך. דווירל ווייסט, ווער ס'איז מיר ליב, כאָטש זי האָט נאָך ניט אויסגעלערנט דאָס לאָשן. בײַלעלע און דער געלינקער הערשעלע (דער פּלעמעניק, וואָס ציט זיך בײַ אונדז אויף) ווייסן, ווער ס'איז מיר טײַער. לייבעלע זעט אויך, וועלכן סייפער איך גלעט מערער און צוליב וועלכן איך טו צו אים אַ לאָף, ער זאָל דאָרט ניט צעבייגן קיין טעוועלע. אַנדערסען איז בײַ אונדז דאָ? ווי דען? דאָ. יעהודע שטיינבערג? אַ ביסעלע איז דאָ. איך וועל אים עפּשער נאָך צונויפשלעפּן... רייזינס לעקסיקאָן איז באַרעכ־האַשעם דאָ, זאָל ער לעבן און זײַן געזונט, דער האָרעפּאַשניק, דער טאַלמיד־כאָכעם, די אידעלע נעשאָמע. ער האָט דאָך מיר אויך אײַנגעטיילט אַ פּאָר אַמודימלעך. די יידישע ענציקלאָפּעדיע (אין רוסיש) איז דאָ. ווען איך בין ניט אַזוי פּאַרנומען, וואָלט איך טאָג־אויס, טאָג־אײַן איבערגעשטעלט די ספאָרים אויף די פּאָליצעס. ווו איז טשערניכאָווסקי? ווער האָט בײַ מיר גענומען טשערניכאָווסקין? איך האָב דאָך אים נאָר איינעם! עפראַיִם קאַהאַנאָווסקיס האָט איר עפּעס? איר מעגט זיך מיט אים באַקאַנען, איר וועט האַנאָע האָבן! און גנעסינען, גאָט באַהיט, איך זאָל אים עמעצן אַוועקגעבן אויף צו לאַנג. גנעסין, איר האָט כאָטש אַ באַגריף אין דער־אָ רײַכער אָנגעלייגטער נעשאָמע. ווו זאָל איך אים אַוועקשטעלן?

דערצו האָב איך נאָך אַ שאַפע מיט אַ ביסעלע מאָלערײַ. מאָנאָגראַפיעס, רעפּראָדוקציעס, געשיכטע פון קונסט. ס'איז נאָך ווײַט פון אַ סיידער, נאָר יעדער קאָלירט ווערק איז אַליין פאַר זיך אַן אויצער.

דווירע נעמט מיך אַראָפּ פון די הימלען. זי רופט מיך עסן מיטיק. זי זאָגט:

— שוין דאָס דריטע מאָל, אַז איך רוף דיך, און קאָן זיך צו דיר ניט דערופן...

ווינטער אינדערפרי איז עס געווען. איך גיי נאָך עפּעס אין שטעטל אַרײַן און באַגעגן אויף דער ליסטווענער גאַס צוויי דאָרפסקינדער, ייִנגעלעך מיט לײַוונטענע רענצלעך איבער די פּלייצעס. דער פּראָסט סקריפּעט אונטער די פיס. זיי גייען אַוואַדע פון טכאָרין צו אונדז אין „שקאָלע"

[1] היזאָהאַרו בעגאַכלאָסאָן שעל טאַלמידיי כאַכאָמים — זײַט פאָרזיכטיק מיט אַ הייסן קויל פון געלערנטע מענטשן.

אריַין. דער פרימאָרגן איז פריש. די בעקלעך זײַנען רויט. מיך דערזען, טוט איינער א וויַז מיטן בליק צום צווייטן און זאָגט:

— אָט דער, וואָס איז אוועק, איז א שרײַבער... „פיסמעניק".

שמועל ניגער האָט וועגן מיר עפּעס געשריבן. דאָוויד בערגעלסאָן און איציק נוסינאָוו האָבן עפּעס געזאָגט. מייער ווינערס ארויסזאָגונג איז פאַר מיר א ליבע טוירע. נאָר ווער וואָלט זיך ריכטן, אז אזעלכע ברעקלעך קינדער, יינגסטע שול־יינגלעך, זאָלן ווייסן, ווי עס רעדט זיך אויס אזא וואָרט — „פיסמעניק", און זיי זאָלן אָנווײַזן אף מיר?!

איך האָב ליב זיך טיילן מיט דער מאַמען וועגן אלץ. אָבער וויאַזוי גיט מען איר אזעלכעס איבער?

איך האָב עס באהאַלטן טיף אין הארצן.

דאָס הארץ האָט געזאָגט צו די דאָרפישע קינדערלעך: „מיר זאָל זײַן!.."

און עס גייט זיכער ניט אין דעם, ווי גרויס ס'איז די ליוב פונעם קינדס מויל. איך זאָג זיך נאָר:

„נעם זיך אָן מיט מוט און פארקריץ בא זיך אין זיקאָרן, אז דער כויוו, וואָס אזעלכע ווערטער לייגן אף דיר ארויף, איז גרעסער, טיפער און בעקאָוועדיקער פון אלע אנדערע!.."

## אינמיטן העלן טאָג

דער זומער 1941 האָט זיך שוין אזוי ווי אָנגעהויבן. מיר האַלטן שוין אין יוני, נאָר אונדזערע פּלענער זײַנען נאָך ניט באטראַכט ענדגילטיק. עפּעס וועט מען קאָנען צוטראַכטן און אויספּלאַנירן. דערווײַל פאָרן מיר זונטיק דעם 22 יוני קיין דארניצע מיט דער גאנצער מישפּאָכע צו בראָכעלען מיט געדאַליען, דאָס מיטלסטע שוועסטערל מיט איר מאַן. מירן זיך אלע זען. מע וועט א ביסל עטעמען מיט פרישער לופט, און, אויב מירן שטארק וועלן, קאָנען מיר דאָרט נאָך ארומגיין איבער די שניטקראָמען. פראָסיע, פאַרשטייט זיך, גייט אויך ארײַן אין כעזשבן. זי האָט אָנגעזאָגט דווירען און ביילקען, מע זאָל זי אין זינען האָבן מיטן „קראַסני טאָוואַר"[1] פאַר איר און פאַר אירע פּלעמעניקעס וועגן אין איר היים־דאָרף פּעטרושי. ווי ענג עס זאָל אונדז ניט זײַן אין געלט, איז דרײַ זאכן צאָלן מיר אין דער ערשטער ריי: פראָסיעס כוידעשלעכן געהאַלט, דירעגעלט און וואָס עס קומט אַמאָל פאַר דעם קינד אין קינדערגאָרטן. אזוי אז פראָסיע באזיצט א שטיקל קאַפּיטאַל. און זי באָרגט אונדז אפילע אַמאָל אויס א פּאָר מעזומענע רובל אף א וואָך צי אף צוויי.

פאַרטאָג האָט ערגעץ געדונערט, אזוי אז אונדזער פינפשטאָקיק הויז האָט זיך געטרייסלט. דווירע מיינט, אז ס'גייען ערגעץ מאַנעווערס פון יענער זײַט דניעפּער. עס האָט געזעצט גאָר ניט אף קאַטאָוועס. ס'איז שוין אפילע ווײַט ניט קיין שפּיל!..

פרישטיק האָבן מיר געגעסן שוין האַלב אויסגעפּוצטע אין וועג ארײַן. די דערוואַקסענע אף זייער אויפן, די קינדער — אף זייערן. דווירע זאָגט, איך זאָל מיטנעמען נאָך א פּאָר הונדערטער, טאָמער וועט זיך עפּעס מאַכן קויפן אין דארניצע, זאָל ניט זײַן קיין מעניִע אין געלט.

בא ליפען[2] האָב איך אלעמאָל קרעדיט. ווען איך דאַרף זיך דורכדרייען מיט עטלעכע רובל, נעם איך אראָפּ דאָס טרײַבל און קלינג צו אים אָן. אין דער צײַט איז ער נאָך אין שטוב. ס'איז זייער איינפאַך. איך דאַרף אים נאָר זאָגן וויפל און אף וויפל. קיינמאָל טראַכט ער ניט קיין איבעריקע רעגע. דערום האָב איך קלאָל ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער דרייט זיך דאָרטן אזוי לאַנג. ער פאַרשטייט מיך ניט, צי ער ווייסט ניט, וואָס איך וויל פון אים?

— וואָס דאַרפסטו איצטער געלט?

— איך ווייס אפילע ניט אף זיכער, צי מיר דאַרפן... מיר פאָרן צו די שוועסטער קיין דארניצע... יאָ... פארברענגען דעם טאָג...

— איר פאָרט קיין דארניצע? פאַרברענגען?..

— יאָ. מיר האָבן זיך אויסגעקליבן אלע. אין פראָסיע בלײַבט אין דער היים, וועט זי אויך ערגעץ גיין.

— איך פאַרשטיי ניט, — שטאַמלט ליפע, — וווהין איר פאָרט... ס'איז דאָך מילכאָמע...

— ???!!!

---

1 שניט־סכוירע.

2 דער דיכטער און ליטעראַטור־פאָרשער ליפע רעזניק.

— יאָ... באַנאַכט בין איך זיך צופעליק פאַרזעסן לעבן דעם ראַדיאָ־אופנעמער, דער טײַוול האָט געשריִען, אַז איך האָב געמיינט דאָס קעסטל וועט צעריסן ווערן אָף שטיקער. נו, און אינדערפרי האָט געזעצט, מינאַסטאַם האָט איר אויך געהערט... קום אַרײַן... אין טעלעפאָן איז עפּשער ניט באַקוועם צו ריידן.

איך האָב אַ בורקע געטאָן, אַז מיר פאָרן, דוכט זיך, ניט. איך וועל באַלד אַרײַנגיין. און איך בין אַריבערגעלאָפן צו ליפען.

ליפע איז בלייך. זײַן שטים איז עפּעס אַזוי ווי פאַרלעגערט. שײַעך צו זאָגן, אַז ער גלייבט זיך אַליין ניט. ס'שוין ניטאָ קיין אַנדער ברייַרע. גיי זײַ אַ בעריע און גלייב ניט. פיר שטעט באָמבירט. איינע פון די פיר שטעט איז קיִעוו. די גרענעצן זײַנען שוין פאַרנומען. ס'זײַנען געפאַלן באָמבעס. צוועלף אַזייגער וועט אונדזער אויסערן־מיניסטער ריידן. ס'איז שוין געמאָלדן.

איך בין געקומען אין שטוב אַרײַן. עפּעס שטויסן זיי זיך שוין אָן אַליין. דאָס איבעריקע דערציילן איך. אַלע פּענעמער זײַנען אויסגעצויגן. אין ליבעלע פאַרשטייט נאָך ניט אינגאַנצן קלאָר, צו וואָס דאַרף מען זיך צוריק איבערטאָן?

און מיר האָבן געמיינט, אַז מירן דעם גאַנצן טאָג אין דער היים ניט זײַן. מירן ערגעץ פאַרברענגען. מיר וועלן אפילע אָנגענעם מיד ווערן פון פאַרברענגען.

מיר היטן און טשאַטעווען דעם ראַדיאָ־אופנעמער. צוועלף אַזייגער וועט מען ריידן. דער סוינע האָט אָן אַ וואָרענונג געבראָכן דאָס וואָרט. אָפּגענאַרט דעם צוטרוי. אָנגעפאַלן אָף שטילע, זיכערע גרענעצן.

די שײַן פונעם טאָג האָט זיך געביטן. אַז איך רעד, דערקען איך ניט מײַן אייגענע שטים. די קינדער זײַנען אומעטיק, נעמען זיך ניט צו קיין שפּיל.

זײַנען מיר שוין ניט קיין מעיוכאָסים אַנטקעגן אַנדערע לענדער אין אייראָפּע? און מיר, סאָוועטישע יידן, זײַנען... וואָס זײַנען מיר?.. ניין! מיר האָבן אין זיך זיכערקײַט. מיט קיין זאַך זײַנען מיר ניט אָפּגעשיידט פון אַנדערע פעלקער אין אונדזער פאַרבאַנד. די ליכט פון טאָג האָט זיך מיטאַמאָל געמינערט, איז עס פאַר איטלעכן אַ קלאָג... עמעס, קאָלזמאַן מיר זײַנען ניט אַרײַנגעפאַלן אין זײַנע דאַלעדאַמעס. דאָרטן שפּילט ער זיך מיטן יידן און אפילע בלויז מיטן נאָמען ייִד, ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. די שפּיל איז מיטן מאַלעך־האַמאָוועס. דערפון אַליין גייט מען אָפּ מיט אַ נויט־שווייס.

יאָ, די ראַדיאָ רעדט שוין. אַלע האָבן זיך אופגעקליבן אינעם קליינעם צימערל הערן. מע איז צוגעפאַלן צום ראַדיאָ־אופנעמער. מע היט זיך ניט דורכלאָזן קיין איין וואָרט.

דווירע איז דערשלאָגן נאָך מער, ווי איך. פראָסיע האָט זיך ניט גענומען קיין אַרויסגאַנגטאָג. זי האָט אָפּגעקאָכט פרישע קאַרטאָפל צום צווייטן פרישטיק.

די קינדער זיצן שוין באַם טיש. פראָסיע האָט ניט קיין ווערטער אין מויל. זי איז ניט דרייסט. נאָר מע דערקענט אין איר שטיין אינמיטן קליינעם צימערל, אַז מיט איר ווארטן רופט זי אונדז, מיר זאָלן גיין. זי האָט זיך מאַטריִעך געווען, זי האָט געקאָכט, זאָל דאָס עסן ניט פאַרקילט, ניט פאַרהילצערט ווערן.

## די אַכרײַעס פאַרן קלאַל

אין אָוונט, אויב מע וויל צינדן שײַן אין שטוב, דאַרף מען שטײַף פאַרהענגען און פאַרשטעלן די פענצטער, אַז קיין איין שפּעלטיקל זאָל זיך ניט דורכלויכטן. ס'איז סאַקאָנעס־נעפּאָשעס. אויב דעם סוינעס פלי־מאַשינעס וועלן עס אפילע ניט דערזען, וועלן דיך די אייגענע שטראָפן. צינד ניט קיין שײַן. ווינק ניט דעם סוינע אפילע מיט איין שטראַלעכל ליכט. געדענק, אַז די אַלגעמיינע געפאַר איז אַ גרעסערע, ווי דײַן אייגענע.

יאָ, ס'שטאַרקט זיך די אַכרײַעס פאַרן קלאַל, פאַרן אַלגעמיינעם. לעבן יעדן הויז און אויך אָף די בוידעמער דאַרפן זײַן קאַסטנס מיט זאַמד. מיט זאַמד איז גוט צו לעשן דעם סוינעס צינדבאָמבעס. זײַ פאָרזיכטיק, זײַ געהיט, נאָר זײַ אויך שרעקלאָז און זײַ געשיקט און עמפינדלעך, ווײַסטו ראַטעווען איטלעכן. אויך דײַן קאָפּ וועט בלײַבן גאַנץ און די סטעליע איבערן הויז וועט ניט אײַנפאַלן.

מאָנטיק אינדערפרי. באָמבעס רײַסן זיך איבער אונדזער שטאָט. דײַן געהער נאַרט דיך. דיר ווײַזט זיך אויס, אַז ס'איז אָט דאָ אינעם שכײנישן הויף, צום סאָף איז עס אין פאָרשטאָט. דער סוינע צילט זיך צו אַ פאַרשטעלטן נייטיקן אָביעקט. מיר האָבן אַ באָמבע־אובעזשישטשע[1]

[1] אַ שוץ־באַהעלטעניש.

אינעם קעלער פֿון דאָוויד האָפּשטיינס און פּאַנטשס[1] הויז. אַלע הויף־אײַנוווינער זײַנען שוין דאָרטן מיט קינדער און זויג־קינדער. אַלטע בלײַכע מענטשן מיט קני, וואָס ברעכן זיך אונטער. זײַנען אויך אַוועק אַהין.

אַלע אונדזערע זײַנען אַהין אַראָפּ, און בלויז איך האָב זיך אײַנגעאַקשנט און בין פֿאַרבליבן אין שטוב אױפֿן פֿערטן שטאָק. ניט נאָר אין אונדזער דירע בין איך אײנער אַלײן, איך בין אײנער אַלײן אין דער גאַנצער סעקציע פֿונעם ערשטן ביזן פֿינפֿטן שטאָק, אַפֿילו מיטן שטויביקן בוידעם און מיט די לעזשאַקעס צוזאַמען. די באָמבעס פֿאַלן ניט אָפּט, נאָר זײ פֿאַלן און רײַסן זיך אויף מיט כורבן און מיט ערדציטערניש. אָט פֿיל איך, ווי מײַן שטאָק וויגט זיך מיט מיר צוזאַמען. ס׳איז גרויליק, נאָר ס׳איז מיר מוירעדיק גוט, וואָס איך האָב לעבן זיך קײנעם ניט. איך האָב קײנעם ניט מיטגעצויגן אין דער סאַקאָנע.

מע קלאַפּט אין טיר. פּראָסיע איז געקומען. זי זשאַלעוועט מיך. עס קאָן זײַן, אַז זי איז געקומען לויט איר אײגענער איניציאַטיוו, נאָר זי שעמט זיך. זאָגט זי, אַז דוווירע האָט זי געשיקט מיך רופֿן. דאָרט אונטן זײַנען אַלע, אַלע. איר בליק איז אי צעשראָקן, אי צעשמײכלט פֿון ליבשאַפֿט צו מײַן געזינד. איך האָב זי אײַנגעבעטן, זי זאָל צוריק אַראָפּגיין. זי האָט מיך פֿאַרשטאַנען. מיר איז דאָ בעסער. ס׳ציט מיך צו מענטשן, נאָר כ׳שעם זיך פֿאַר מענטשן. ניט מיט אונדזער הויז, ניט מיט מיר זעלבסט וועט נאָך דערווײַל קײן בײז ניט געשען. דערווײַל האָט ווײַטער ערגעץ נאָענט זיך א ריס געטאָן א באָמבע...

וואָס איז עס אַזעלכעס א באָמבע? ס׳איז אי א לעבעדיקע זאַך, אי א מוירעדיקער מאַשכיס מיט א גרויסער, גאָר־גאָר הויכער קראַפֿט. וואָס פּאַטויפּעט זיך יאָ און פּאַטויפּעט זיך ניט אין מענטשלעכן געדאַנק. און מײַן פֿערטער שטאָק וויגט זיך ווײַטער...

פּראָסיע איז אַוועק. נאָר איצט האָט שוין ניט לאַנג געדויערט, און אַלע אונדזערע זײַנען געקומען אויפֿגעלעבטע.

דאָס גאַנצע הויז האָט געהודעט. קלײן און גרויס האָט זיך געהויבן צוריק אויף די טרעפּ. דער אָנפֿלי האָט זיך פֿאַרענדיקט!..

איצט קאָן מען אַפֿילו עסן פֿרישטיק.

צי מיר האָבן זיך צו עפּעס צוגעוווינט, צי ס׳איז אָנגענעם הערן, וואָס מײַנע ליבע שטוב־לײַט, וועלכע זײַנען שוין מיט מיר צוזאַמען, דערציילן פֿון דעם אַלגעמײנעם אַליאַרמישן צונויפֿקום. צווישן אַזויפֿיל פֿאַרשײדענע מענטשן באַמערקן זיך אויך אָן א שיר קאָמישע מאָמענטן.

בא וועמען ס׳איז געווען פֿון דערשרעק און אײַלעניש איבערגעדרייט דאָס קאָפּטל מיטן פּאָרנט אויף הינטן. ווער ס׳האָט געהאַלטן די זאָקן אין די הענט, די זאָקן מיט די זאָקנבענדלעך און נאָך א טייל פֿונעם וועש־טואַלעט אין די הענט. אי אָנטאָן ניט באַוויזן, אי ניט געכאַפּט מיטן געדאַנק, אַז מע האָט עס געקאָנט לאָזן דאָרטן, ווו ס׳איז געלעגן, ווײַל דאָס וויכטיקסטע איז דאָך ניט אין דעם...

ס׳איז דינסטיק אינדערפֿרי. איך האָב נאָרוואָס געכאַפּט מײַן געפֿיל דײַטלעך קלאָר און אָפּגעריניקט פֿון יעדן מין צומיש: ניט געקוקט דערויף, צי איך וועל עס דערלעבן (איך און מײַנע נאָענטע), אָבער איך בין איבערצײַגט אין היטלערס מאַפּאָלע.

איך בין שטאָלץ מיט דעם און פֿולקום באַפֿרידיקט.

איך בין נעכטן פֿאַרנאַכט געלעגן אײנער אַלײן אין שטוב. די באָמבעס, ווי דערציילט, רײַסן זיך ערגעץ גאָר נאָענט, און איך בין עפּעס רויִק. עפּשער איז עס א צושטאַנד פֿון ערעוו מעשוגאַס? מיר דערמאָנט זיך, אַז אין סלאָוועשנע, ווען די ווײַספּאָליאַקן זײַנען געווען נאָענט און אונדזערע האָבן זײ אָפּגעטריבן, האָבן זיך געריסן האַרמאַטן־קוילן. די ערד האָט געברענט און געשריִען ניט מיט איר קאָל. מע האָט קײנמאָל ניט געקאָנט באַשטימען, וואָס די שטילקײַט צווישן אײן ריס און דעם צווייטן מיינט. מיר האָבן זיך באַהאַלטן אין א קלײן קעלערל בא אונדז אונטער דער צוגעבויטער סוקע. דער מומעס שטוב־לײַט און אונדזערע. דער פֿעטער מאָרדכע, געדענק איך, איז געווען ניט לאַנג פֿון טיפֿוס. ער האָט געשלעפּט זשוראַווינעס בא אונדז פֿון מולטערל און בעהאדראָגע געלייגט אין מויל אַרײַן. און די מומע לײַע האָט געזאָגט, אַז זי גייט איבערטאָן פֿריש וועש; טאָמער טרעפֿט זי א קויל, זאָל זי זײַן אין ריינעם.

די לעמפּעלעך אין אַלע צימערן האָבן מיר אַרויסגעדרייט, מיר זאָלן אומגערן זײ ניט אָנצינדן, קאָלזמאַן די פֿענצטער זײַנען בא אונדז ניט פֿולשטענדיק פֿאַרהאַנגען.

1 פּעטראָ פּאַנטש — אַן אָנגעזעענער אוקראַיִנישער שרײַבער.

אין ביבליאָטעק צו בלומען בין איך פאַרגאַנגען ניט אַף לאַנג. מיר וואַרפן זיך איבער מיט א וואָרט. זי איז אַן עמעסער גוטערפּרײַנט. איר בליק איז פול מיט וואַרעמער געטרײַשאַפט.

גדאַליע, דער שוואָגער מײַנער, האָט געקלונגען. פרעגן איז ניטאָ וואָס. מע וויל פּאַשעט הערן אײנער דעם צווייטנס שטים. זיך דערקונדיקן, צי מע איז נאָך אַפן זעלבן אָרט.

מײַן ברודער הערשעלע איז שוין א וואָכן זעקס מאָביליזירט, טאַקע לויט זײַן אַרבעט. א שאָ זעקס פאָרעכץ פון דער הײם. ער האָט אויך געקלונגען.

אין אײנעם פון די טעג, מעגלעך, אַז מיטוואָך, איז דווירע זיבן אינדערפרי אַוועק דעזשורען אין הויף אַרײַן. און ס'האָט זיך גלײַך אָנגעהויבן א באָמבערײַ. ווײַזט אויס, שטאַרקער, ווי ביז איצט.

וועקן דאָס קינד? ס'איז עפּשער ניט קעדײַ. אין א מינוט פופצן אַרום האָט לײבעלע אַלײן זיך אופגעכאַפּט מיט א רויגעז, פאַרוואָס וועקט מען אים ניט. די טאָכטער מײַנע בײלקע האָט אים געהאָלפן זיך אָנטאָן, און זײ זײַנען בײדע אַוועק אין אײַנבינדערײַ. א גרויסער, זײער געראָמער קעלער, אָדער אונטערשטוב. דער דיל אונטער מיר האָט א פּאָר מאָל אופגעציטערט. ניט דער דיל אַלײן, נאָר טאַקע די ווענט אויך און די סטעליע אויך.

די אויבנופיקע זאָרגלאָזיקײַט אָדער לײדיקגײערשאַפט איז מיר א ביסל באַקאַנט. איך האָב עס אַמאָל איבערגעלעבט, ווען דאָס לעבן איז געהאַנגען אַף א האָר טאַקע אינעם נאָרוואָס דער־מאָנטן נײַנצעטן יאָר... ס'איז, ווײַזט אויס, בא מיר א נאַטור־זאַך — ווינציקער אויקען און זײַן גרײט פאַר דעם שלונג פון גרויליקן שיקזאַל. האָט ער ניט דיך געדאַרפט, איז אויך נישקאָשע.

פונעם רויך, וואָס איך זע פונדערווײַטנס, כאַפּט אָן באַם האַרצן א גרויסער צאַר: דאָרטן האָט זיך שוין ווער פון אונדזערגלײַכן געזעגנט מיטן לעבן...

דאָס אכרײַעס־געפיל פאַרן קלאַל איז טאַקע פאַראַן.

מײַן שוועסטער בראָכעלע איז אַף דער צײַט מיטן דריטן קינד. צוויי קלײנע כעווערניקעס האַלטן זיך בא דער מאַמעס קלײדל. דערצו איז זי נאָך אַלע יאָרן שוואַך אין געזונט און אין געמיט.

געמײנט הײַנט צופאָרן צו זײ. איצט איז שוין א מוירע. ווער ווײסט, מיט וויפל אָנפליִען איז הײַנטיקער דרויסן שוואַנגער? אין הימל־רוים פליִען אַרום פײגל, ווי ערעווו א שטורעם. אַלײן זײַנען זײ אומרויִק און ווײען אָן א מאָרעשכוירע אויך אַף דער ערד.

...דעם 27־טן בין איך געווען פון דרײַ ביז פינף פאַרטאָג בא אונדז אין הויף. פון פינף ביז צען אין שרײַבער־פאַרײן. ס'איז גראָד געווען לויטער אין דרויסן, שטיל, ליכטיק און עטוואָס אָנגעשטרענגט. נאָר איך אַלײן בין עפּעס פאַרטשאַדעט. ס'איז נודנע אַף דער נעשאָמע. נודנע צום כאַלעשן. פאַרנאַכטלעך האָב איך זיך צוגעלײגט א ביסל. צי איך האָב א דרעמל געטאָן, צי ניט, נאָר פאַרן פאַרמאַכטן בליק פאַר מײַנעם האָב איך דערזען מײַן שוואָגער גדאַליעס פּאָנעם א טויטס. די באַקן זײַנען א ביסל באַקלעפּט מיט דינעם, ליכטיקן זאַמד, נאָר דאָס געזיכט איז אין זײַן פולער גרײס, רײן, באַשײַנט מיט יונגשאַפט, מיט א גלײבן, אַז אַלדאָס גוטע פאַר דער מענטשהײַט און דעריקער פאַר אונדזער לאַנד איז געזיכערט... אײַ, ער האָט עס ניט דערלעבט, מײלע. דאָס איז שוין פאַרפאַלן. ניט אומצוקערן אַף צוריק...

איך נעם עס ניט אָן פאַר קײן צײכן. פאַר קײן אָנצוהערעניש. דאָס באַווײַזט נאָר, אַז די נערוון זײַנען בא מיר היפּש אָנגעצויגן, יאָ... נאָר ווו איז ער איצט, אין איצטיקער רעגע? שוין דער צווייטער טאָג, אַז זײ קלינגען ניט. אויב ער איז אַוועק מיט מוישקען, מיט מײַן צווייטן שוואָגער, אין דער אַרמײ, טאָ וואָס טוען די שוועסטער בראָכעלע, הינדעלע און דאָס קלײנוואַרג?

כאַסקל טאַבאַטשניקאָוו האָט נעכטן געקלונגען, אַז ער גײט גאַנצפרי אַוועק און מירן זיך, קענטיק, אַפילע ניט זעגענען. זײַן שטים איז צוגעטויבט. ער איז געוווינט אָפּהענטיק בא זיך... וואָס הערט זיך בא הירשקע דיאַמאַנט? ער איז דאָך אין סאַמע פײַער! צי איז ער גאַנץ און ניט פאַר־ווונדעט? און צי איז ער ביכלאַל נאָך ערגעץ דאָ אַף דער וועלט?! די אינפאָרמביוראָ גיט איבער וועגן העלדישע מײַסים פון אונדזערע קריגער. וועגן אונדזערע פליִער. ס'ווערט גרינגער אַפן האַרצן, ווען דו הערסט עס.

אָבער ווען דו ווילסט זיך פאָרשטעלן, פון וואָס באַשטײט מילכאָמע, זעסטו פאַר זיך א ריזיקן פײַערדיקן קנויל פון יעסורים, מעהומע און געהאַקטע לײדן. אַלע זאָגן, אַז היטלער וועט זיך דאָ ברעכן דעם קאַרק. נאָר אַלע פילן, אַז קאָסטן וועט עס גוזמעס מיט לעבנס...

נעכטן איז געווען אין אָפּערע א מיטינג פון דער אינטעליגענץ. פינקטלעכער געזאָגט — קינסטלער, אַרטיסטן, מוזיקער, שרײַבער. לעסיק מיקיטענקאָ[1] קלײַבט ביכער פאַר די שפּיטאָלן. עטלעכע טעג מילכאָמע, און די שפּיטאָלן זײַנען שוין פול.

[1] דער זון פון א באַוווסטן אוקראַיִנישן שרײַבער.

# ווען די היים איז
# שוין קיין היים ניט

פון שימען דאַביזן[1] איז נעכטן געווען א פּאָטשט־קאַרטל. אזויפיל מיטפילנ־דיקע פריינטשאַפט, אז עס צעגייט זיך דאָס האַרץ.

ס׳קאָן זיך מאכן, אז בראָכעלע מיט הינדעלעך און זייערע געזינדען זאָלן קאָנען אַרויספּאָרן. ס׳איז בעפּייערעש א טרייסט. נאָר ווען מע פאַרשפּאַרט אינגאַנצן פּאַרן, וואָלט דאָך עס געווען טויזנט מאָל דערפרייענדיקער. אליאַרעמס זײַנען געווען גאַנצפרי און פאַרנאַכט.

נאָכעם באַמזע איז געוואָן בא אונדז אין הויף. ער קאָן שוין אָף זיך בעעמעס זאָגן: אני הגבר ראה עני...[2] א סאַך קילאָמעטער געגאַנגען צופוס. באַטאָג זיך אויסבאַהאַלטן אין דער שטייענדיקער טוווּ און באַנאַכט זיך געגאַנוועט... מיט ניסים אַרויסגעטראָגן דאָס לעבן פון אזא סריפע, וואָס ווייסט ניט, וואָס ראַכמאָנעס הייסט.

בראָכעלעס א כאַווער גאָלדבוים איז געוואָן בא אונדז. ער האָט גערעדט וועגן מײַנע ווערק אי מילד, אי היפּש. ס׳איז אונדזביידן געווען א כידעש, וואָס קיינער צווינגט אונדז ניט, און פּלוצעם נא דיר — אין אזא שאָ ריידן וועגן אזעלכע זאכן? ניין, צוויי מעשוגאָים דאַרף מען אויס־שרײַבן און אונדז ביידן אַרײַנשרײַבן.

סטאַלין האָט גערעדט.

א סאַך מענטשן האָבן זיך געקליבן אַרום די הויכריידערס. יעדערער וויל עפּעס הערן.

ווי, וויפל מענטשן ס׳זײַנען פּריטשמעליעט!.. וויפל לאַסטמאַשינעס מיט ווײַבער, קינדער און געפּעק וועלן זיך רודערן אפן וועג קיין כאַרקאָוו!

ליפּע רעזניק מיט דער פאַמיליע זײַנען נעכטן אויך אוועקגעפּאָרן. ווי גוט וואָלט געווען, ווען מע הייבט אָן טרײַבן דעם דײַטש אָף צוריק!

לייבעלע האָט אינדערפרי דערציילט זײַנעם א כאָלעם.

ער האָט פאַרפירט א הויף מיט אויפעס. אַלץ האָט ער שוין — הינער, הענער, נאָר ס׳פעלן אים קאַטשקעס. דערזעט ער: אָף א געמויזעכץ זיצט אויס קאַטשקעלעך ניט קיין קאַטשקע, נאָר א קאַטשער. ער האָט געמאכט אַן אַרקאָן, פאַרשלעפּט פון אָנפאַנג דעם קאַטשער. דערנאָך אפן זעלבן אויפן איבערגעשלעפּט די אייער, און פון דרײַ האָבן זיך אויסגעפּירט לעבעדיקע קאַטשקעלעך...

לייבעלע טײַערער, דו דערציילסט זייער שיין דײַנע כאַלוימעס. מיר וואָלט זיך וועלן וויסן, דו דערציילסט עס גלאַט אזוי, צי האָסטו עפּעס א מיין דערבײַ?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

טעג זײַנען אוועק גאָר ווינציק, נאָר אויסגעצויגן האָבן זיי זיך זייער לאַנג. דווירע האָט עפּעס געגרייט עסן אפן וועג. זי האָט אָפּגעבראָטן אַן אָף און געהאַלט אָפּבאַקן פון אייער, מעל, פּוטער און צוקער עפּעס א מין קיכל. קלאָר, אז אין אזא צײַט נעמען זיך די הענט צו גאָרניט. האָט זיך דאָס געבעקס צעשאָטן, ווי א האַרט געפּילעכץ פון א העלדזל, קיין איין שטיקעלע קאָן מען ניט נעמען מיט דער האַנט. עס צעשיט זיך גלײַך אָף געזעטיקטער הייסער מעל, אָף זיסן שיטיקן געפּילעכץ. עסן קאָן מען עס מיט א לעפל. ס׳איז זיס און מע קאָן עס האַלטן פאַר גע־שמאַק, אָבער דער קאָפּ איז אינגאַנצן אין דער ערד. עס טוט באַנק. אין ענגע הענט איז עס א העזעק. קיין אַנדער קיכל וועלן מיר שוין ניט באַקן. און דאָס אָפּגעבאַקענע איז שווער צו פירן. סײַדן אין א שיסל אָדער אין א טיפער קאַסטריוליע. און אין וועג וועט עס זײַן באַקוועם צו עסן?

— עסט שוין בעסער דאָ, וויפל ווער ס׳קאָן.

כאָטש אין ענגע הענט, האָט מען, זומער־צײַט, ווי אין א שטוב, ווי עס דאַרף צו זײַן אָנגע־פּרעגלט א ביסל אײַנגעמאַכטס. אין ענגע הענט האָט מען זיך פאַרגרייט א האַלבן פּודל צוקער אין קאָרידאָר אין שאַפּקעלע אָף די אייבערשטע פּאָליצקעס. וווּהין וועט מען עס איצט פירן? אין ערגעץ ניט. מע וועט עס איבערלאָזן אָף העפקער. ווער וועט עס צונעמען? ווער ס׳וועט וועלן. ווער וועט עס עסן? אויב מענטשן מענטשלעכע, זאָל זיי זײַן צו געזונט.

שרײַבער, וואָס האָבן געוווינט ערגעץ אָף אַנדערע גאַסן, האָבן זיך געקליבן צו אונדז אין הויף אַרײַן. צענדליקער פאַמיליעס האָבן געגעכטיקט אין ראָליט[3]. ווער בא באַקאַנטע, און ווער

[1] א קולטור־טוער.

[2] אני האגעווער ראָא אָני בעשייווועט עווראַסוי — איך, דער מענטש, האָב געזען די פּײַן... (א פּאָסעק פון אייכאָ).

[3] אזוי רופט מען דאָס הויז, ווו עס וווינען די קיִעווער שרײַבער.

ס'איז ערשט געוואָרן באַקאַנט. די בלאָשטיינס האָבן געגעצטיקט באַ אונדז. פֿייגעלע דיאַמאַנט מיט ליאַליען מיט זייער אָנגעפּאַרענער פּלעמעניצע האָבן געגעצטיקט באַ אונדז. זאַכן, וואָס מע וואָלט צוריק מיט א כּוידעש טייער געהאַלטן, זיינען איצט העפקער. מיינס איז ניט מיינס, דיינס איז ניט דיינס. וווהין וועסטו עס שלעפּן, ווער וועט דיך אַריינלאָזן מיט גרויסע פּעק? ווער וועט דיר די גרויסע פּעק העלפן טראָגן?..

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שוין. מע פֿאָרט שוין. אַזוי גיך? ס'איז דאָך נאָך זייער פֿרי?..

גיכער!

מע האָט אויסגערופֿן אונדזער פֿאַמיליע — פֿיר מענטשן.

אָט איז זי, די שיף. ס'איז אונדזער שיף. אָט דאָרטן פֿון אויבן זיינען שוין אונדזערע מענטשן.

די שטופּעניש איז ניט געווען נייטיק. די שיף האָט אונדז אופגענומען רויִק און איז אָפּגעשטיגן פֿון ברעג, ווען אַלע זיינען שוין געווען פֿון אויבן.

באַם גאַנצן ניט וועלן אַוועקפֿאָרן פֿון דער היים איז דאָך פֿאָרט געוואָרן גרינגער... היטלער, ימאַך־שמוי, זאָל ער זיך ברעכן רוק־און־לענד און ניט דערלעבן קומען, אָבער ער גייט דאָך מיט זיינע קוילערס אַהער. און די שיף, ווי זי איז נאָר אָפּגעשטיגן, איז עס שוין געווען פֿאַר אונדז אַן אָנזאָג, אַז די מאַשין־רעדער און די וואַסערן טראָגן אונדז אָפּ ווייטער פֿון אים, פֿון דער קלאָלע.

סיי אויף דער שיף, סיי אויף דער אייזנבאַן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דווירע האַלט אונדז אויף די פֿיס. מיר טרינקען פֿון דער פֿלאַש, וואָס זי האָט מיטגענומען. מיר עסן דעם ביסן, וואָס זי האָט צוגעגרייט. מיר לייגן אונטערן קאָפּ דעם קלומעק, וואָס זי האָט פֿאַרפּאַקט. מיין דאַנקבאַרקייט לייענט זי אינעם בליק און ענטפֿערט מיט א פֿאַרשטאַנדיקן שמייכל.

איך באַמי זיך אופקלייבן אַלע קויכעס און אויסזען צווישן מענטשן ניט פֿאַרלאָרן. מיט וואָס בין איך ערגער פֿון ליַיטן? זיי אַלע האָבן דאָך אויך פֿאַרלאָזט די שטאָט! אָט איז יוכים, א יידיש־אוקראַיִנישער שרייבער מיט זיינע עלטערן. אָט איז דער אָנפֿירער פֿונעם ליטפֿאָנד — ווינאָגראַדאָוו מיט זיין פֿרוי. דאָס מיידל, וואָס זיי פֿירן מיט זיך און גיבן זי אָן פֿאַר א פּלעמעניצע, האָט זיך פּאַשעט אונטערגענומען זיי העלפֿן שלעפּן דאָס געפּעק. און פּעק האָבן זיי פֿאַר זיך באַזאָרגט מער פֿון אַלעמען. אָט פֿאָרט דער דראַמאַטורג מיט זיין פֿרוי פֿון דער פֿינפֿטער דירע. פֿון איר האָב איך געהערט אַזעלכע רייד, וואָס איך האָב זיך ניט געקאָנט גלייבן לאַנג־לאַנג.

ס'געפֿעלט איר ניט די שיף. ס'געפֿעלט איר ניט די טיי. זיי וועלן זיך אין דניעפּראָפּעטראָווסק קויפֿן בילעטן און וועלן פֿאָרן, ווי מענטשן...

הערסט א מייסע?!

די שיף האָט אונדז געפֿירט. לעבן מאַשין־אָפּטייל האָט געאָטעמט מיט היץ. ווייטער־צו איז געווען פֿריש. איך האָב זיך צוגעקוקט צו אונדזערע מענטשן, אַנדערע קען איך, פֿון אַנדערע וויס איך נאָר דאָן, ווען מע רופֿט זיי מיר אָן.

איך האָב באַ ביילקען געפֿרעגט א זאַך, וואָס קיין קלאָרער וועט עס ניט פֿרעגן. איך האָב אַלע ביכער איבערגעלאָזט, ניט גענומען מיט זיך קיין קסאַווים. ניט אַריינגעלייגט אין טאַש קיין באַנד ביאַליקס, קיין קליין ביכעלע יעסענינס, און דאָ פֿרעג איך ביילקען, צי טאַבע וועוויאָרקע[1] האָט אומגעקערט ס'ביכל, וואָס ער האָט באַ איר געליִען?.. ביילקע האָט מיך פֿריִער אָנגעקוקט, דערנאָך האָט זי מיר א גלעט געגעבן איבערן אַקסל און געענטפֿערט מיט א טרויעריקן שטילן שמייכל: „יאָ, ער האָט, דוכט זיך, אָפּגעבראַכט...“

אַזוי טרעפֿן זיך אין א גרויסער סרייפֿע באַ מענטשן קינדערשע אומבאַטראַכטע געגנג... אויב איך בין נאָך באַם זינען, וועל איך מיינע קינדער מער אַזעלכע פֿראַגן ניט פֿאַרגעבן. אָבער עפּעס בין איך צו אויסגעליידיקט און צו נישטיק באַ זיך אין די אייגענע אויגן.

צו פֿאַרנאַכט־צו איז געווען אַן אופּלעבונג.

מע האָט אונדז צוגעפֿירט פֿראַכט־וואַגאָנעס. קיין דעכער — ניטאָ. וועט זיין הימל. וועט זיין לופֿט. בלאָטע, שטויב און רעגן. וואָסער? דאָס וועט מען שוין זען גרייטערהייט. מע האָט אויסגערופֿן, ווער אין וועלכן וואַגאָן עס גייט.

אויף די וואַנטלעך איז פֿון דרויסן געווען אָנגעשריבן מיט קרייד — 7, 8, 11, 13. שלאָפֿן וועט מען אויף דער ערד. ווער זיינען מיינע שכיינים? א וויל געפּאַקט רוסיש מיידל מיט איר מאַמען.

[1] דער זון פֿונעם יידישן שרייבער אַווראָם וועוויאָרקע.

אַלגאַ. זי איז אַן אַנגעשטעלטע אין קאַנצעלאַריע פֿון אונדזער פֿאַריין. וווּהין מיר פֿאָרן, ווייסט זי נאָך אויך ניט. דערווײַל האָט אונדז א צופֿעליקער דאַמפּער אָפּגעפֿירט פֿון האַפֿן־וואָקזאַל צום אײַזנבאַן־הויף.

ס'איז שוין שפּעט אין אָוונט. מע האָט ווײַטער ערגעץ זייער נאָענט געשאָסן, און מיר זײַנען געזעסן אונטער די וואַגאָנעס. ס'איבלט, פֿאַרשטייט זיך, ווען דו פֿילסט, וויאַזוי דו שמירסט דאָס אַנטאָן לעבן די פֿעטע רעדער. אָבער ס'איז פֿינצטער. ס'איז ענג. און אייניקע ווײַזן ארויס זייער מוירע ניט אף קיין שיינעם אויפֿן. ווער ס'הוילט, ווי א כײַע, און ווער עס שרײַט אַן: „שטיל זאָל זײַן! שאַט!" דער, וואָס „שרײַט", „שרײַט" אויך שטיל.

דווירע איז שיר ניט דערהארגעט געוואָרן אונטער די רעדער פֿון דער גייענדיקער באַן. די באַן האָט אָנגעהויבן גיין. דאָס לייטערל האָט זיך א גליטש געטאָן פֿון אונטער אירע פֿיס, און זי האָט דערפֿילט, אַז אָט־אָט איז איר עק. בלאָשטיינס פֿרוי איז גאָענט געשטאַנען און מיט אירע שוואַכע קויכעס געהאָלפֿן דווירען ארופֿקלעטערן.

מײַנע האָט שוין, שטייענדיק אפֿן פֿעסטן וואַגאָנען־דיל, געלאַכט און געוויינט. ס'איז דאָפֿקע א שיין שטיקל ארבעט!..



אין ראָסטאָוו הינטער באַטײַסק איז ביילקע פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן. 40 גראַד היץ. סאַכאַקל. דערנאָך האָט זי שאַרף א כאַפּ געטאָן דער מאָגן. ס'איז זייער נאָענט צו דיזענטעריע. אויב מיר וועלן שווײַגן, וועלן די איבעריקע ניט שווײַגן. טאַם־גאַניידן. אין א וואַגאָן אַן א דאַך, אין ענג־שאַפֿט, צווישן מענטשן פֿון פֿאַרשיידענעם שטאַנד און פֿאַרשיידענעם עלטער... אַן אייצע אַהער, אַן אייצע אַהין... מיר זײַנען טאַקע אראָפּ אין באַטײַסק... א גוטער ביסן. אַלע פֿאָרן אוועק ווײַטער, און מיר בלײַבן. נאָר אַן אַנדער ברירע האָבן מיר?

דווירע איז געגאַנגען איינע אַליין אין דער פֿינצטער ערגעץ ווײַט נאָך א קעסעלע געקאָכ־טער וואַסער פֿאַר דער שלאָפֿערס וועגן.

דווירע האָט זיך דערפֿרעגט צו א שפּיטאַל, וווּהין מע האָט ארײַנגעגעבן ביילקען. און מיר אינדרײַען זײַנען אוועק אפֿן אָבסערוואַציאָנעם פּונקט, דעם טײַטש פֿונעם וואָרט ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר, אַז איך בין פֿאַרשוויצטערהייט געגאַנגען צו דער מעלוכע, פֿאַשעטער געזאָגט, אין שטאָט־סאָוועט, און מע האָט אונדז ארײַנגענומען אין א שיינער, ריינער צוזאַמענוווינונג, וואָס איז געעפֿנט געוואָרן פֿאַר דורכפֿאָרנדיקע פּליטים, אַזעלכע ווי מיר זײַנען.

ריינע אײַזערנע בעטלעך. ווײַס וועש. א גוטע מילדע באַדינונג. דרײַ מאָל אין טאָג הייס געקעכטס. פֿריש ברויט אפֿן טיש. עס, וויפֿל דו קענסט. קיינער ציילט דיר ניט. פֿרישע צײַטונגען זײַנען דאָ. דער הויף איז א גערשאַמער. דאָ איז עפּעס פֿאַראַן א ווירטשאַפֿט. מיר האָבן אָנגעפֿרעגט פֿרישע מילך צום נעמען אַלע טאָג. און... ווען ס'איז ניט קיין מילכאָמע, איז עס פֿאַר מענטשן מיט באַשיידענע פֿאָדערונגען א גאַניידן אף דער וועלט!..

דער שפּיטאַל איז אין א שיין אָרט. זעט אויס, ווי א זומער־וווינונג. ביילקע פֿילט זיך בעסער. מיר איז גוט, אַז איך זע זי.

מיר גייען ארויס אַלעמאָל צום וואָקזאַל. עשעלאָנען שטעלן זיך אָפּ. מענטשן פֿאָרן פֿאַרשיי־דענע, מערסטנטייל פּליטים.

ס'איז זומער־לעב. די זון באַקט. מענטשן לויפֿן אראָפּ מיט די קענדלעך נאָך געקאָכטער וואַסער, נאָך א קעסעלע אָקרעפּ. לעבן דער צעמענטירטער ביט אונטערן קראַן האָט זיך איבער־געבויגן א ווײַל מיידעלע פֿון א יאָר זעקס. ס'איז אָנגעלאָפֿן א יונגערמאַן מיט א טונקעלער באָרד, גרויסן שטערן, אַן א רעקל, אין איין זשילעט און אין ווײַסע ארבל. ער האָט זיך געגעבן א יאָג צום קינד און עס גענומען פּאַטשן איבערן הינטנדל. קאָמיש היימיש און מיט אַן אַנגעשריי:

— אָבער מיר האָבן דיר געזאָגט, זאָלסט ניט אוועקגיין פֿון וואַגאָן!

א פֿרעמד ווײַבל האָט אים אָנגענומען בא דער האַנט:

— רעב ייִד! וואָס האָט אײַך מײַן קינד אַזעלכס געטאָן?

דאָס קינד האָט זיך אויסגעקערעוועט צו זיי ביידן. דער יונגערמאַן האָט זיך פֿאַרשעמט און איז געוואָרן רויט. דאָס גאַנצע בלוט איז אים ארײַן אין פּאָנעם. די ווײַסלעכער פֿון די אויגן זײַנען אַזוי ווי פֿאַרשוויצט.

— אַנטשולדיקט, — זאָגט ער, — מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ס'איז מײַן קינד!..

און מע איז זיך צעגאַנגען בעשאָלעם. מעגלעך, אַז זײַן קינד איז שוין בייסמײַסע געוועזן אין וואַגאָן און אָפּגעכאַפּט א פּסאַק פֿון דער מאַמען.

וויפל מאָל האָט זיך געוואָלט מיטפאָרן מיט די דאָזיקע מענטשן! וויפל מאָל האָט זיך געקאָנט אויסווײַזן לויט מײַן האַלטן זיך, אַז איך בין אַ היגער טוישעוו, אַ באַטײַסקער, אָדער פאַרקערט, אַז איך בין אַ שטילער מיטפאָרער פון אַ צווייטן דערנעבנדיקן עשעלאָן.

מיר האָבן דאָ בעטלעך מיט בעט־וועש, באַקאַנטשאַפט און וואָס נאָך? ביילקע האָט זיך אין פיר טעג אַרום אויסגעשריבן. אייגנטלעך, וואָלטן מיר שוין דאַרפן פרײַ לאָזן אונדזערע ערטער אין צוזאַמענוווינונג. נאָר באַם דאָקטער סאָקאָלאָוו האָבן מיר מיט עפּעס נויסע־כיין געוועזן, און ער האָט אונדז געגעבן נאָך פיר טעג. פון זײַן זײַט איז עס אַ גרויסער גמילעס־כעסעד, איידל און גוטהאַרציק. אָבער צי האָבן מיר רעכט נעמען אַזאַ טויווע? גרינגער איז געוואָרן, ווען זיי האָבן זיך צונויפגערעדט מיט דווירען, זי זאָל זיי מאַכן אַף אונדזער שרײַבמאַשין די וואַנטצײַטונג. כאָטש מיט וואָס־ניט־איז אָפּדינען.

אין ראַסטאָוו האָב איך זיך געטראָפן אַף דער גאַס מיט דער לערערן מאַריאַם כמעלניצקע. זי איז דאָ מיט נאָענטע באַקענטע, און זי האָפט, אַז מע וועט עפשער זיך דאָ קאָנען איבערהאַלטן די שווערע צײַט. זי וויל מיך באַקענען מיט אירע גוטעפרײַנט, טאָמער וועלן זיי מיר עפּעס אײַ־צענען וועגן דעם ווײַטערדיקן. מיר האָבן שוין אַפילע געפּרוווט אַרומגיין מיט דווירען איבער דער פאַרשטאָט אָנקוקן דירעס אַף צו דינגען...

מיר פלאָנטערן זיך, ווי די שאָטנס. מיר ווילן עפּעס, און מיר ווייסן אַליין ניט וואָס. ווען די סטעזשקע איז אַן אויסגעטראָטענע, מע ווײַנט זיך אין דער היים, ראַמט דווירע צו אין שטוב. פירט דעם זון אין מוזיק־שול. פאַריכט אַ פּאָר זאָקן. באַראַט זיך מיט פראָסיען, וויאַזוי אויסדרייען הײַנט דעם מיטיק. איך שרײַב עפּעס באַם קליינעם לײַכטן טישל. איך האָב עפּעס־וואָס צו דער־לײַדיקן אין פאַרלאַג. אין אָוונט קומען די באַכערים פאַרברענגען אַ ביסל. און דער בינשטאָק איז אָרגאַניזירט. מיט עפּעס בעסער, מיט עפּעס הינטערשטעליקער פון אַלע אַנדערע. נאָר מע האָט אַ פּאָנעם פון מענטשן...



די מישפּאָכע פון פיר מענטשן ווייסט ניט, אַף וועלכער וועלט זי איז. עשעלאָנען מיט עוואַ־קוירטע פאָרן דורך יעדן טאָג צו דרײַ, צו פיר. מע פאָרט ערגעץ. פאָרט מען דאָך. עפשער זיך אויך אופהייבן און פאָרן?

אָט האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט פּלייטים פון פּוילן. זיי קלײַבן זיך פאָרן קיין מיטל־אַזיע. זיי וועלן קויפן באַן־בילעטן און וועלן פאָרן דורך... זיי האָבן אָנגערופן דעם מאַרשרוט. און איך בין זיי מעקאַנע... פריִער האָב איך גאָר ניט געגלייבט, אַז ערגעץ קאָן נאָך זײַן אַ פרײַער פאַרקער. איך ווייס נאָר, אַז עס פאָרן עשעלאָנען, קיין בילעטן קויפט מען ניט. מאַרשרוטן? יעדער עשעלאָן האָט שוין פון פריִער אַ מאַרשרוט (מערסטנטייל אַף צאָפן). און דאָ זאָגן זיי גאָר: קויפן באַן־בילעטן.

אונדזער מישפּאָכעלע, דעריקער דער אַלטער קאַטשער מיט דער קאַטשקע האָבן פּלוצעם זיך אויך אָנגעקלערט אָפּנעמען דאָס ביסל געפּעק אין דער זאַכן־קאַמער. מירן אַרויס צו דער קאַלייע. און ווו מע וועט אונדז נאָר אַרײַנלאָזן אין אַ וואַגאָן, דאָרט וועלן מיר זיך זעצן.

אין וועג אַרײַן פאַרקאַפט עפּעס ברויט און צום ברויט און... מיר גלייבן זיך אַליין ניט. ליי־בעלע איז שוין אין וואַגאָן, ביילקע אין וואַגאָן. אונדזערע זאַכן אַרופגעשלעפּט. מיר האָבן נאָך אַ האַלבע שאָ דאָ צו זײַן, און מיר פאָרן טאַקע. הערסט? מע האָט אונדז גענומען אָן רייד, און מיר קאָנען פאָרן. ווערסטו גלייבן אַזעלכעס?

דער דאָקטער איז געוועזן פאַרנומען. האָבן מיר אים איבערגעגעבן אַ גרוס מיט אַ דאַנק. מיט דער דינערשאַפט האָבן מיר זיך פרײַנטלעכער געזעגנט.

לויט די קנאַפּע ידיִעס, וואָס מיר האָבן דאָ אופגעקליבן, פאָרן מיר, דוכט זיך, אַף קובאַן. מירן פאָרן דורך סעסטראָרעצק. דורך סעסטראָרעצק איז דער קרוק אַ קלענערער. נאָר סעסטראָ־רעצק איז אַ ביטער ניסל. ס׳איז אַ פאַרצווײַגטער אײַזנבאַן־קנופּ.

מיר געפעלט זייער דער נאָמען סעסטראָרעצק — „שוועסטער־טײַכן". ס׳איז מיר עפּעס אַי ווײַבלעך, אַי באַשײַנט מיט דער נאַטור. באַלעבט און באַליבט. אָבער פאַרוואָס מיינען די מער געניטע פאָרערס, אַז מע דאַרף זיך היטן, אַז ס׳וואָלט עפשער געוועזן גלײַכער אָנלייגן וועג און פאָרן אַרום און אַרום?

באַטײַסק איז אונדז נאָך נאָענט, נאָר מיר זײַנען שוין איינער פונעם צווייטן פרײַ און ס׳איז גוט אַזוי. אַזוי דאַרף עס זײַן. סעסטראָרעצק איז שוין נאָענט. ווען מע קאָן אויספירן אין סעסטראָ־רעצק ניט שטיין קיין סאַך און, אויב זיך פאַרהאַלטן, איז אַ ביסל שטיין ערעוו דער גרויסער קנופּ־סטאַנציע און אַ ביסל שוין דערנאָך, אַרויספאָרנדיק פון דאָרטן.

ביז מע קלערט, ביז מע רעדט, שיסט מען שוין, א דאנק גאָט, און מיר זײַנען שוין דאָ.

עמעצער א דרייסטערער שאפט זיך. עמעצער באפוילט. ווער ס׳לויפט מיט זאכן, ווער־ס׳פארגלייבט זײַן רעשט ביסל פארמעגן דער האזשגאָכע. דווירע טראָגט איר שרײַב־מאשינקע... מיר ווייסן ניט, וווּ ס׳איז בעסער זיך צו באהאלטן. דרײַ מענטשן — פינף אייצעס. אין איין און דער זעלבער מישפּאָכע שלעפּט דער אהער און דער אהין. און... ס׳איז פאר אלעמען קלאָר, אז די שפּיל איז פארן טײַוול.

יעדער זעק, וואָס עס גיט, זײַנען מיר זיכער, אז ס׳איז געצילט אין אונדז, נאָר אין אונדז!! אוף! ווי ס׳דונערט! ניט איינער זעגנט זיך מיט די נאָענטע — אי מיט די, וואָס זײַנען אָט דאָ; לעבן אים, אי מיט די, וואָס זײַנען ערגעץ ווײַט. דווירע האָט זיך אײַנגעקלאמערט אין מײַן ארבל אזוי, אז די פינגער זײַנען איר פארקליאקנעט געוואָרן. און אזוי ווי שאָלעם־אליכעמס ראָוו רעב יוזעפל זאָגט, אז צו אלץ קומט א סאָף, האָט גענומען צום אָנפלי אויך א סאָף. ס׳איז גאָרניט צו גלייבן, אז אלץ, וואָס מיר דארפן נייטיק האָבן, איז קימאַט גאנץ.

מיר האָבן זיך צונויפגעקליבן פון פארשיידענע זײַטן. באלד פאָרן מיר. און... אוי! מע שיסט שוין ווײַטער?.. נו, וואָס זשע וועט איצט זײַן? מיר הערן, ווי די באן אונדזערע קווענקלט זיך: פאָרן? בלײַבן שטיין? יאָ, מיר פאָרן. גלייב יאָ, גלייב ניט — מיר זײַנען ארויסגעפאָרן גאנץ פון דער געפערלעכער זאָנע. יעדערער איז גליקלעך אף זײַן אויפן. פאראן צווישן אונדז זויגקינדער. פאראן צווישן אונדז שוואכינקע, בלייכינקע אלטע לײַט. געבענטשט זאָלן זײַן זייערע קינדער, וואָס בא זיי האָט געסטײַעט מוט, קויעך און גוטער געדאנק, אז וואָס עס וועט זײַן מיט אלעמען, וועט אויך זײַן מיט די עלטערן.

## פארגעדענק, מײַן טײַערער, — ניט סטאנציע, נאָר „סטאניצע“

**א**נאכט מיט א טאָג, און שוין אזוי גיך געקומען צו פאָרן. מע דארף שוין אזוי גיך ארויסקריכן פון די אײַנגעזעסענע וואגאָנעס. פריִער איז געווען שווער אוועקגיין פון דער צוזאמענוווינונג. איצט גלוסט זיך ניט זיך שיידן מיט דער צופעליקער ענגער היים — דעם וואגאָן.

וווּ זײַנען מיר? מענטשן ווייסן שוין, וווּ מיר זײַנען. סטאניצע לאבינסקאיא...

אויב א סטאניצע — וווינען דאָ קאזאקן? וועלן מיר זען לעבעדיקע קאזאקן מיט קאזאטשקעס? אנדערע זאָגן, אז דאָס אָרט, וווּ מיר געפינען זיך איצט, הייסט קאווקאז. צאָפן־קאווקאז. געהערט א ביסל?! קאווקאז!..

מיר זײַנען דורכגעפאָרן ארמאוויר. א־א־א! ארמאוויר? איך בין אמאָל דאָך געפאָרן אהער אין א סאנאטאָריע, האָב איך דאָ געזען א ביסטרע טײַכל, זייער א ביסטרע, און בופלאקסן זײַנען געשטאנען ביז די קני אין וואסער און האָבן עפּעס גאָרנישט ניט געטאָן. וואָס דארפן זיי, אייגנטלעך, טאָן? טרינקען? שווימען? ליגן און קײַען די זשוויקע?

ארמאוויר! יאָ, ס׳איז קאווקאז. מיר זעען א סאך אויסגעליידיקטע וואגאָנעס, וויבאלד די מענטשן מיט זייערע מישפּאָכעס, מיט זייערע קלומקעס האָבן זיך אויסגעשאָטן, זײַנען שוין בעמיילע געבליבן ליידיק די וואגאָנעס. ווילן מיר — זײַנען מיר א דורכויסיקע קופּע מיט מענטשן. און אז מיר ווילן, זײַנען מיר א סאך באזונדערע קעמערלעך אין איין הויפן.

וואָס זשע וואַרטן מיר?

ניט געזאָרגט. ס׳וועט שוין עפּעס זײַן. פון איין זײַט, איז דאָ בא יעדן אראָפּגעפאלנקײַט, וואָס מיר זײַנען באלאסט פאר דער מעלוכע אין אזא געפערלעכער ענגער שאָ. פון דער צווייטער, איז צו באוווּנדערן די מעלוכע, וואָס מיר זײַנען בא איר א נייטיקער, פארפלאנירטער באשטאנד־טייל. ס׳זײַנען דאָ וואגאָנעס פארן כאַיל, פאר די הארמאטן, פארן פּראָוויאנט. ס׳זײַנען דאָ וואגאָנעס פארן נאָרמאלן פארקער. ס׳זײַנען אויך דאָ וואגאָנעס פארפלאנירטע — און א סאך — אף ארויסצופירן פון דער סרייפע אין הינטערלאנד ארײַן צענדליקער און הונדערטער טויזנטער אזעלכע, ווי מיר זײַנען.

דאָ אין לאבינסקאיא רודערט זיך שוין עפּעס. צעטלען — נעמען, ציפערן, ברויט. מע גיט יעדער מישפּאָכע ברויט. א צוואנציק מישפּאָכעס וועט צונעמען צו זיך די סטאניצע וולאדימירסקאיא. ניט ווײַט פונדאנען, צוועלף אָדער פופצן קילאָמעטער. דאָ איז, ווי־ַזט אויס, דער ראיאָן — א מין צענטער. און דאָרטן איז א גרויס דאָרף.

אָט־אָ זיצן מיר שוין אף א לאסטמאשין מיט אונדזער ביסל געפּעק. נאָך עטלעכע מישפּאָכעס פאָרן מיט, אומבאקאנטע מענטשן, יונגע און עלטערע. די ווײַבלעך זאָגן אלע מאָל „פּאָזשאל־

סטע?!״ דאָס זײַנען ניט קיין אונדזעריקע ייִדן. דאָס זײַנען בעסאַראַבישע, וואָס מיר האָבן ניט לאַנג איבערגענומען פון דער רומענישער מאַכט. זיי זײַנען געוויס דאַנקבאַר, וואָס זייער לעבן איז אָפּגעראַטעוועט.

מיר פאָרן צווישן שיינע פעלדער. די טוווּס זײַנען שוין צײַטיק. הײַנט־מאָרגן גייען אַרויס די שניטערס אין פעלד אַרײַן. די פעלדער זײַנען שוין אַ ביסל אויך אונדזערע.

קאַזאַקישע פּויערים — מענער, פרויען און קינדער — באַגעגענען אונדז. ווער ס׳איז ספּע־ציִעל באַשעפטיקט מיט אונדז און ווער ס׳פּאַטערט צײַט פאַר ריינער נײַגעריקײַט־וועגן.

— באַ אײַך איז שוין געווען די מילכאָמע?..

— ניין. נאָך ניט! נאָר די דײַטשן האָבן שוין געדאַרפט באַלד אַרײַן...

איך שעם זיך אַ ביסל. פרעמדע מענטשן. דאָס פאָלק. דאָס אָרט. די האַלבאַשע. דאָס שטיי־גער־לעבן. נאָר מע האָט זיי געזאָגט, אַז מיר זײַנען היימלאָז, פאַריאָסעמט... און... שטעלט זיך פאָר, אין זייערע הערצער האָט זיך אָפּגעזוכט אַ גוטער קער צו אונדז. און די האַנט, וואָס האָט אָרגאַניזירט, טוט זיך ווײַטער אירס. דער קאָלווירט האָט געגעבן פלייש, ברויט און גריַנס, האָט אויסגעטיילט אַ לײדיקע שטוב און מענטשן, און מע האָט אונדז מעכאַבעד געווען מיט אַ שיינעם, פרישן, זאַטן מיטיק. הייס געקעכטס, שיסל, טעלער. די פּויערטעס, וואָס דערלאַנגען, ווײַזן אונדז אַ שיין פּאָנעם: „נאַט, עסט, קאַרגט אײַך ניט. ס׳איז דאָ״.

מיר זײַנען אַרויס מיט די קינדער פון די טישן. אָט־אָט קאָן מען אונדז פאַרגלײַכן צו מעכו־טאָנים, וואָס זײַנען אײַנגעלאָדן אָף אַ מאָלצײַט. דערנאָך האָבן מיר ווײַטער געזען צעטלען און פרישע פּענעמער. מע האָט אויסגערופן, ווער וווּהין ס׳גייט וווינען.

מיר קוקן זיך איבער מיט דוווירען און מיט די קינדער: וווּהין וועלן מיר מעגולגל ווערן?

מיר זײַנען אהער געקומען נאָך אַ רעגן. די לופט איז פריש. אייניקע הײַזער שטייען אונטער בלעכענע דעכער. גרויסע גערטענער קימאַט לעבן יעדן הויז.

אָט זײַנען זיי, אונדזערע באַלעבאַטים, דער באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע, באַ די זעכ־ציק יאָר יעדערער. זי איז פול און ווייך, מיט אַ גוט צעשמייכלט געזיכט. ער וויל, עס זאָל שוין גיכער זײַן אָוונט, ווײַל זיי וועלן אונדז בעטן צום טיש און מע וועט שטעלן בראַנפן. דאָס וועט זײַן דער ערשטער אַזוי ווי אָפּגעשמועסטער באַרעך־האַבע. זיי האָבן קינדער אויסגעגעבענע: איין מישפּאָכע אין דאָרף און איינע אין אַרמאַוויר. זיי האָבן אַ שיינעם הונט אין הויף, אַ גרויסן. ער איז גוט צו אונדז קימאַט פון דער ערשטער שאָ.

מע גיט אונדז אָפּ אַ צימער. אַ טישל, אַ פּאָר שטולן. זיי וועלן אונדז אויך קאָנען געבן אַ הילצערן בעט. ס׳איז שווער אַרײַנצוטראָגן עס. דאָס בעט אַליין איז אַ גאַנץ צימער. עס איז גע־שטאַנען אין שטאַל, נאָר אָט איז דאָס בעט שוין אין שטוב. אונדזערע קלומקעס אייניקע צע־בונדן. די באַלעבאָסטע באַטראַכט אונדז און אונדזער באַלעבאַטישקײַט. שטאַרק ניספּאָעל איז זי ניט. נאָר שטאַרק אַנטוישט — אויך ניט. מיר וויסן — זי האָט אַ קו. פרעגן מיר זי, פון יוניצע וועגן, צי מיר וועלן קאָנען באַ איר קויפן עפּעס מילכיקס. פאַר געצאָלט, פאַרשטייט זיך.

האָלץ, האָט זי געזאָגט, וועלן מיר זיך דאַרפן אַליין באַזאָרגן.

ערשט איצט זע איך אײַן, אַז ביימער זײַנען דאָ אַ זעלטענע דערשײַנונג. אינעם גאַנצן הויף מיטן גרויסן גאָרטן איז עפּשער דאָ איין בוים. דאַרף מען אים שוין „אירצן״.

דאָס קיכעלע שטייט אין הויף. פּאַשעט אַ פּליטע. ניט קיין קיך. מיר אייצענען זיך. אַ פענדל אָקרעפּ וועט מען מעגן אָפּקאָכן דאָן, ווען באַ דער באַלעבאָסטע הייצט זיך און אָף דער פּליטע וועט זײַן אַ פרײַ שטיקל פּלאַץ. עפּשער וועט מען מעגן.

האָלץ... קויפן... וויפל וועט עס קאָסטן?.. צי איז עס גרינג צו קריגן? צי וועלן מיר עס ביכלאַל אָף לאַנג באַדאַרפן?..

מיר זײַנען אי אין אַ שטוב, אי אין אַ באַזונדער צימער. אי ניט באַ זיך.

בייליקע גייט שוין דעם צווייטן טאָג אָף די קאָלווירטישע גערטענער. האָט מען אונדז אַרויס־געגעבן אָף דער וואָג אַלץ צוביסלעך: מעל, ברויט, נאַפט, פלייש, פּאָמידאָרן, קאַרטאָפל.

איך לייען „טיכי דאָן״. גיי אָף פּאָטשט. שרײַב בריוו. אין „טיכי דאָן״ זאָגן די קאַזאַקן „שעש־נאַדצאַט״[1]. אונדזער ווייכע, איך וואָלט זאָגן, גוטמוטיקע באַלעבאָסטע זאָגט אויך „שעשנאַדצאַט״. דווירע איז אויך אַ פּאָר מאָל געגאַנגען אָף די גערטענער און צו פאַרנאַכט־צו געבראַכט אהיים אַ ביסל פרישע, אמאָל פון פּולקײַט צעפּלאַצטע פּאָמידאָרן. זי ווייסט, וואָס עס הייסט לאַנדווירט־

---

[1] זעכצן.

שאפּט, ערדארבעט, גאָרטן, פעלד. נאָר זי האָט זיך שוין באַוויזן אָפּגעווינען. א טאָג א זומערדיקן פון זון־אופגאנג ביז זון־פארגאנג איז איבער אירע קויכעס. זי קומט א מידע, א צעבראָכענע.

איך האָב אָפּגעזוכט דעם וועג אין ביבליאָטעק אריַין. א גרויסלעכע שטוב, ניט קיין הויכע. אמאָל האָבן דאָ געוווינט שטארק פארמעגלעכע קאזאקן. דאָס צימער, וואָס איז מינאסטאם אויך א קלוב, איז גאנץ גרויס און געראם. איך וואָלט קאָנען שפּילן אין שאשקעס און שאָך. מיט וועמען? עפּשער מיטן פארוואלטער אליין?.. איך טו א קוק א בלאַט. איך דערמאָן מיך, אז אין שפּאלט פון טיר דאָרט, אין קיִעוו, ווארפט די בריווטרעגערן טאָג נאָך טאָג צײַטונגען גאנצע פּעק. נו, און די בריוולעך? ניט קיין געעפנטע און ניט קיין געלייענטע. ווער האָט עס ניט ליב קיין בריוולעך? און איך — אוואדע! פון אָפּאטאָשו שוין עפּשער עטלעכע בריוו. דאָרטיקע קאָנווערטן. דאָרטיקע מארקעס. פונעם טאטן זײַנען דאָ בריוו? מינאסטאם דאָ. וואָס קלערן וועגן אונדז אונדזערע פארלאָזטע צימערן? די קיך, די פּליטע, ס'קליין, שמאָל קאָרידאָרל? איך האָב צעשיקט קארטלעך. דעם גרעסטן טייל זיכער אין דער וועלט אריַין. מיר ווייסן דאָך ניט, ווו זײַנען מײַנע שוועסטער מיטן ברודער — בראָכעלע, הינדעלע, הערשעלע, די עלטערע שוועסטער פריידקע מיטן געלינקן.

מע קוקט זיך ניט ארום, און עס גייען שוין די ערשטע טעג אווגוסט. די ערשטע וועלט־מילכאָמע האָט זיך, דוכט מיר, אָנגעהויבן אין אווגוסט. איצט פלאקערט א פײַער א ביסל א גרעסערס... נעכטן פארנאכט האָט מען צעלאָזן דאָ אין סטאניצע א קלאנג, אז דער דײַטש בעט שאָלעם אָדער שטילשטאנד אף פופצן טעג. צי דער קלאנג האָט א גרונט אונטער זיך, צי ניט, נאָר באם אוילעם צעגייט זיך א גרינגשאפט איבערן הארצן, ס'הייבט זיך אָן כאָלעמען די מעגלעכקײַט צו פאָרן אהיים. אך, ווי ס'ווילט זיך ברענגען די מישפּאָכע „אהיימעניו" און אליין דאָרט זײַן און זיך צוריק טרעפן מיט אייגענע און נאָענטע. טרעטן איבער די אייגענע, נאָענטע גאסן!

איבערגעלייענט דיקענסעס א בוך. ער איז א ברייטער, א צעוואקסענער שעפער מיט א סאך ווארעמקײַט פאר זײַנע געשאפענע געשטאלטן. געלייענט אויך גאָרקיס א פאָר זאכן.

דווירע איז גאנצפרי געווען אפן מארק, א פאָר קילאָמעטער גאנג. דאָרטן רעדט א הויכריידער. זי האָט צוגעוואָרט א ביסעלע, טאָמער וועט זי הערן עפּעס גוטס. האָט זי געהערט שלעכטס. מיר האָבן אָפּגעגעבן א גרויסע שטאָט אף אוקראַינע.

— מע דאַרף ניט וויינען, — זאָגט זי צו זיך, — נאָר ס'ווייַנט זיך סײַווי פון זיך אליין. ס'איז א ריס פונעם הארצן. וואָס וועט פון אונדז ווערן?

מיר האָבן שוין אָנגעהויבן באקומען בריוו. יעדער בריוו פון קיִעוו לייענען מיר צו צוויי, צו דרײַ מאָל. אזעלכע בריוו זײַנען א דורכויסיקער זומערדיקער יאָמטעוו. ווען די טרערן זאָלן אים ניט דורכווייקן.

## קיין לאבינסקאיא

מאָרגן גאנצפרי וועלן מיר איבערלאָזן די קינדער און וועלן זיך דורכגיין קיין לאבינסקאיא. צוועלף אָדער עלף קילאָמעטער פונדאנען.

אונדז האָט אָפּגעגאָלטן. א ליכטיקער פרישער גאנצפרי. די יונגע זומערדיקע לופט — טרינק זי, אָטעם! באַ יעדן געמיט־צושטאנד איז זי דיר א געזונט אין אלע איווורים. און מיר מיט דווירען האָבן אזוי אומגעריכטערהייט באַ זיך געפויעלט ארויסגיין אף דער פירגענומענער „רײַזע" אָן קלומקעס, אָן זאכן און אויך די זאָרג מיט זיך ניט שלעפּן. בלויז עטלעכע קאָפּעקעס אין קעשענע און א לײַכט קאָסינקעלע האָט דווירע געהאלטן אין האנט. אז די זון וועט נעמען שטארק באקן, זאָל זײַן מיט וואָס פארדעקן די האָר.

מיר גייען זיך באנאנד. זי — אָן זאָקן, אין גרינגע שיכלעך. איך — וואָכעדיק אָנגעטאָן. נאָר ווער מאָנט אין אן ארבעטס־פרימאָרגן אן אנדער אָנטאָן? באזונדערס, ווען מיר גייען צווישן פעלדער, ווען פארבײַ אונדז פאָרן געפאקטע קאָלווירטישע פורן, א סאך טוועס זײַנען שוין אָפּגעשניטן און אויסגעדראָשן. די פורן, וואָס גייען צו צען, צו צוואנציק אין א גרופּע, זײַנען אָנגעלאָדן מיט שווערע קערנער, וואָס מע וועט באלד צונויפשיטן אין עלעוואטאָר.

ווען ניט די מילכאָמע, וואָלט עס געווען א בראָכע (ווען ניט די מילכאָמע... וואָלטן מיר זיך עפּשער מיט דער שיינקײַט ניט באגעגנט...). די שטויביקײַט פון שליאך איז אונדז אי שווער, אי גרינג.

דער וועג איז א גלײַכער. קיין דערפער באגעגענען מיר ניט. עפּשער זײַנען זיי דאָ ערגעץ באַ די זײַטן. נאָר מיר זעען זיי ניט פונדאנען.

אפן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן א ברונעם מיט אן עמער. ס'איז צוגעגרייט געווען ניט נאָר פונונדזערטוועגן, נאָר איצט האָבן מיר קיינעם ניט געדארפט איבערוואַרטן און קיינער האָט אונדז

ניט געדאַרפט איבערוואַרטן. מיר קוקן זיך איינער דעם צווייטן אין די אויגן. מיר זעען הימל און זון, און שליאַך, און לופט.

אַרום ניין — האַלב צען האָבן מיר שוין פונוויַיטנס דערזען הייַזער. דאָס איז לאַבינקע (סטאַניצע לאַבינסקאַיאַ). צי דערקענען מיר דעם וועג, דורך וועלכן די לאַסטמאַשינעס האָבן אונדז פונדאַנען געפירט קיין וולאַדימיראָווקע? ניין. מע דאַרף זיך בלויז אָנשטויסן. דאָ זייַנען געגאַנגען רעגנס. אויפן שליאַך האַלטן זיך נאָך אין אייניקע ערטער קאַליוזשעס, ניט קיין בלאָטיקע, נאָר וואַסער איז עס. די גאַס איז לאַנג. לענגער פון אויג־מעלעך־האַבאָשאָן, און ערשט איצט ווייסן מיר ניט אַקוראַט, וואָס האָט אונדז אַהער געפירט. צו וועמען גייען מיר? מיר קענען דאָך דאָ קיינעם ניט.

מיר זעצן זיך צו אויף א בענקעלע באַ זייַט גאַס לעבן א הויף. ניט אַזויפיל פאַר מידקייַט, דאָס הייסט לאָזן די פיס אָפּרוען שאַדט אויך ניט. נאָר מירן דערווייַל האָבן צייַט זיך צוהערן און זיך צוקוקן. די מענטשן זייַנען, קענטיק, איצט אויף דער אַרבעט. דאָ איז פאַראַן א בוימל־זאַוואָד, א קאָנסערוון־זאַוואָד, א קאָלווירט, א שפּיטאָל, א פּאָר שולן, א ביסל קראָמען. וואָס נאָך — ווייס איך ניט. די גאַס איז דערווייַל ליידיק. מיר גייען אַרייַן אין א הויף. א דיק מיטליאָריק ווייַבל פּאָרעט זיך לעבן דער פּליטע אין הויף אונטער א זומערדיק דעכל. זי ענטפערט אונדז העפלעך אויף אונדזער אומדרייסטער באַגריסונג.

— זיצט, ביטע, — און זי ווייַזט אונדז אין הויף ניט ווייַט פון דער פּליטע א טישל מיט עטלעכע אַרייַנגעקלאַפּטע בענק אַרום און אַרום.

זי טוט זיך איר אַרבעט, און מיר צערייַדן זיך דערווייַל.

סעראַפימאַ מאַקסייעוונאַ באַהאַנדלט אונדז מיט א גוטער היימישקייַט, ווי מיר וואָלטן געווען שוין אַלטע באַקאַנטע.

זיי זייַנען אויך ניט קיין היגע. זיי וווינען דאָ א יאָר צען. אַליין זייַנען זיי פון מייַקאָפּ. דער מאַן אירער דידענקאָ, א הויפּט־מייַסטער אויפן ווייַן־ און קאָנסערוון־זאַוואָד. ער איז אַן אוקראַי־נער. זיי האָבן געמאַכט אַזוי, ער זאָל זי יונגערהייט אַרויסגאַנווענען קעגן זייַנע עלטערנס און אירע עלטערנס ווילן... זייער איינציקע טאָכטער, וואָס וואָלט שוין איצט אַלט געווען באַ די צוואַנ־ציק, איז געשטאָרבן. אָט־אָ איז איר בילד, — ווייַזט זי אונדז דורכן אָפענעם פענצטער פונעם איינשטאָקיקן הילצערנעם הויז. יאָ, מיר זעען אויפן פאַרגרעסערטן בילד א מיידל מיט צעלאָזענע צעקעמטע האָר (גיי גלייב, אַז אַזאַ יונגנט פּוילט שוין לאַנג אין דער ערד). איצט ציִען זיי אויף איר שוועסטערס א טאָכטער.

— טאָמאָטשקע! קום נאָר אַהער. מיר האָבן געסט.

א פעסט געפּאַקט מיידל איז אַרויסגעקומען אויפן הילצערנעם גאַנעקל. ס׳איז א שילערן פון נייַנטן קלאַס. זי איז אַראָפּ פון די טרעפּלעך און זיך היימיש פאַרנייגט צו אונדז.

— טאָמאָטשקע, טראָג אַרויס גלעזער און גיב צום טיש ברויט. גיב פּוטער...

סעראַפימאַ מאַקסייעוונאַ פּאָרעט זיך לעבן דער פּליטע, און טאָמאָטשקע באַדינט אונדז.

ס׳האָט זיך געעפנט דאָס הויף־טירל. ס׳איז אַרייַנגעקומען א מאָגערלעכער עלטערער מענטש מיט וואָנצעס. עטוואָס געבויגן אין די פּלייצעס. גוטע, קלוגע ניט קיין אויסגעלאָשענע אויגן. ער האָט זיך געגריסט צו אונדז.

— יאָ, — זאָגט סעראַפימאַ מאַקסייעוונאַ, — „סאַם פּרישאָל". דאָס איז דידענקאָ, מייַן „באַלע־באָס", און דאָס זייַנען אונדזערע געסט — עוואַקויִרטע פון קיִעוו.

— איך קום באַלד צום טיש, — האָט ער אויך, ווי צו אַלטע באַקאַנטע, געזאָגט און איז אָפּגעגאַנגען אין א זייַט וואַשן די הענט. טאָמע האָט אים אויפגעגאָסן.

אָט די ווילע מענטשן קענען א סך זאַכן און קענען נאָך עפּעס: זיי קענען העלפן א נויטבאַ־דערפטיקן און קענען זיך האַלטן אַזוי, אַז מיר זאָלן זיך לעבן זיי ניט פילן פאַרשעמט.

מע רעדט מיט אונדז אָפּ, אַז אויף צוריקוועגס זאָלן מיר ווייַטער אַהין פאַרגיין. ניין. ניין. מיר מאַכן זיי ניט שווער מיט קיין זאַך. אַדעראַבע, זיי זייַנען זשעדנע א מענטשן!..

א ווילע זאַך לאַבינסקאַיאַ. מיר האָבן פאַרמאַכט נאָך זיך דאָס הויף־טירל. טאָמע האָט אונדז נאָכגעמאָל געבעטן, מיר זאָלן צוריקוועגס אומבאַדינגט באַ זיי אָפּרוען. זי האָט טאַקע אַזוי געזאָגט:

— דאָ וועט איר זיך באַ אונדז אָפּרוען, זיך אָנעמען מיט קויכעס, און ס׳וועט אייַך זייַן גרינג גיין צו די קינדער אַהיים.

אויף צוריקוועגס זייַנען מיר ווידער אַרייַנגעגאַנגען צו די דידענקאָס.

סעראַפימאַ מאַקסייעוונאַ זאָגט אונדז מיט א שמייכל, אַז איר מאַן איז דאָך א „כאָכאָל", מאַכט זי פאַר אים פּאַמפּושקעס, פאַרפאַראַוועטע מיט קנאָבל. און ווי יעדער שטוב־ווירטן, זאָגט

זי, אַז די אַרבעט זעט זיך ניט אָן און אַרויסקריכן פֿון איר קאָן מען ניט. אַ גאַנצן טאָג, אַז זי טאָפּטשעט זיך.

טאָמע איז צו אונדז צוגעלאָפֿן, ווי אַן אייגענע. זי פֿירט אונדז אין שטוב אַרײַן, מיר זאָלן אַ קוק טאָן, ווו זיי וווינען.

ניט ראַשיק. צוויי צימערן געדונגענע. אין שלאָפֿצימער אויף דער וואַנט הענגט דאָס בילד מיט די צעלאָזענע צעקעמטע האָר — דאָס איז דידענקאָס טאָכטער, פֿון וועלכער מיר האָבן אינדערפֿרי געהערט. זי איז באַערדיקט אין מײַקאָפּ, פֿונוואַנען זיי האָבן זיך אַהער אַריבער־געצויגן. טאָמע פֿרעגט זיך פֿאַנאַנדער בײַ אונדז אויף אונדזערע קינדער. איך פֿרעג זיך אויס בײַ טאָמען, וואָס זי לייענט און וואָס זי האָט ליב צו לייענען. אַזוי האָבן זיי אונדז מיט גוואַלד, ווי מע זאָגט, פֿאַרהאַלטן, ביז זיי האָבן אַרויסגענומען דאָס פֿריש אָפּגעבאַקענע ברויט, עס שמעקט זייער שיין. און זיי זײַנען באַשטאַנען, מיר זאָלן נעמען אַהיים אַ הייס לעבעלע ברויט.

— ניט פֿאַר אײַערטוועגן. פֿאַר די קינדערסוועגן!..

מיר האָבן ניט אין וואָס צו נעמען. דאָס ברויטל איז הייס. ס'בריט אין האַנט.

האָבן זיי אונדז געגעבן אַ לײַוונטענעם האַנטעך.

— קומענדיקן מאָל וועט איר אים ברענגען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אונדז האָט ווײַטער אָפּגעהאַלטן. אַ פֿור, וואָס איז געפֿאָרן ליידיק, האָט אונדז אַ שטיק וועג אונטערגעפֿירט. לעבן יענעם ברונעם האָט מען די פֿערד אָנגעטרונקען. אַראָפּגעלאָזט האָט מען אונדז קימאַט לעבן סאַמע דאָרף. דאָרט האָט די פֿור געדאַרפֿט אָפּקערעווען עפּעס אויף אַ כוטאָר.

■

פֿאַמעלעכן איז שוין אויגוסט אין דרויסן.

עפּעס בין איך קראַנק, צו אַלדי רוכעס. איך ווייס אַפֿילע ניט אַקוראַט, וואָס דאָס איז.

באַנאַכט שלעכט געשלאָפֿן. עפּשער אינגאַנצן ניט געשלאָפֿן. איך האָב זיך ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן, אַז ס'ברעכט מיר דער רוקן. עפּעס אַזוי ווי אַ סאַך רוקנס וואָלטן מיר געבראָכן. דאָס שטרויענע געלעגער אויף דער ערד איז עפּעס אַנדערש, ווי קעסיידער. עפּעס אַ סאַך פּיס סטאַרטשען פֿון מײַן קערפּער לענגערע און קירצערע. ס'איז אָבער שוין פֿאָרט גרויסער טאָג אין דרויסן. לאַנג האָט געדאַרפֿט אָפּנעמען, ביז איך האָב פֿאַר זיך אויסגעקלאָרט, אַז אויף דעם שטרוי־זאַק שלאָפֿט אַרום און אַרום בלויז אייניינציקער מענטש — דאָס בין איך. מײַנע צוויי פּיס, מײַנע צוויי הענט — דאָס בין איך אַליין. בײַלקע איז אוועק אויף די קאָלווירטישע גערטענער. לייבעלע שלאָפֿט אויף בענקלעך. דווירע איז אין קאָלווירט ניט געגאַנגען. זי איז גאַנצפֿרי אוועק אויפֿן מאַרק עפּעס אײַנקויפֿן. דאָרט האָט זי זיך פֿאַרזאַמט, ביז מע וועט איבערגעבן די לעצטע נײַס, טאָמער וועט זײַן עפּעס אַן אָנצוהערעניש וועגן דער היים. אָבער דאָס האַרץ האָט איר פֿאַרקלעמט נאָך שטאַרקער. מע רעדט שוין פֿון אַ בעלאַצערקאָווער ריכטונג. פֿון בעלאַצערקאָוו קיין קיִעוו — דרײַ שאָ מיט דער אײַזנבאַן. דאָס האָט מיך געמאַכט נאָך שלאַפֿער...

נעכטן געשריבן ווײַטער קאַרטלעך קיין קיִעוו. אויב זיי וועלן אַפֿילע פֿאַרפֿאָרן, איז ווער וועט זיי באַקומען?.. איך וויל ניט און קאָן ניט גלייבן, אַז קיִעוו זאָל אַרײַנפֿאַלן צום סוינע אין די הענט!.. ס'איז עפּעס אַזאַ ווייטעק פֿאַר די ערטער אויף אוקראַיִנע און ווײַסרוסלאַנד, וואָס שמאַכטן שוין אונטערן סוינעס יאָך. איך מײַד אויס צו טראַכטן וועגן דעם...

■

גיין קיין לאַבינסקאַיאַ און צוריק איז שוין בײַ אונדז אַ געוויינלעכע זאַך.

אין לאַבינסקאַיאַ זײַנען מיר אַרומגעגאַנגען מיט דווירען זיך פֿרעגן אויף אַ דירע, דינגען אַוועלכן־ניט־איז אַלקער.

די דידענקאָס נעמען אונדז אויף מיט דער פֿון אָנהייב אָן געשאַפֿענער געוווינשאַפֿט, ווי קרוי־ווים אָדער ווי לאַנדסלײַט. מיר האָבן נאָך קיין איין טרוקן וואָרט פֿון זיי ניט געהערט, קיין איין שלעכטע מינע ניט געזען. מע לערנט אונדז ניט קיין סייכל. שטענדיק בעט מען אונדז צום טיש. סעראַפֿימאַ מאַקסימאָוונאַ האָט אַפֿילע אָפּגערעדט מיטן מאַן, אַז בעיין־ברײַרע וועט ער באַזאָרגן, אַז מאַטריאָנאַ סטעפּאַנאָוונאַ און וואַסיל דעניסאָוויטש זאָלן אונדז אַרײַנלאָזן צו זיך. ס'איז זײַנער, מיכאַיִל פּיאָדאָראָוויטשעס, אַ כעזשבנפֿירער אויפֿן זאַוואָד. די דידענקאָס האָבן בײַ זיי אַ וואָרט. און צוליב די דידענקאָס וועלן זיי עס טאָן אַפֿילע אָן איבעריקע קווענקלענישן.

דאָרטן זײַנען ענגע צוויי צימערלעך. קיין קינדער זײַנען ניטאָ. מאַטריאָנאַ סטעפּאַנאָוונאַ האַלט די שטוב ריין. קאָכן קאָכט מען דערווײַל אין הויף. אַ שמאָל לענגלעך הייפל, נאָר אַ ריינס. אונטער אַ דעכעלע שטייט ניט קיין גרויסע פּליטע. קורץ — ס'איז שוין אַלץ אָפּגערעדט. וואַסיל דעניסאָוויטש (זיי זײַנען ביידע אין די פּופּציקער) איז אַ שטילער מענטש. מע הערט פון אים ביכלאַל קיין וואָרט ניט. די גאַנצע דייע־זאָגערן איז זי. נאָר אויך זי האָט אונדז באַרויִקט: וויבאַלד סעראַפימאַ מאַקסימעוונאַ האָט איר געזאָגט, ווער מיר זײַנען, איז שוין אַלץ אָפּגערעדט.

אַף צוריקוועגס האָבן מיר ווײַטער געהאַט אַ ראַכוועסדיקע ליבע ערד אונטער די פיס, אַ באַטאַמטן הימל איבערן קאָפּ. ס'איז גאָר שווער זיך מעשײַער צו זײַן, אַז עס קאָן געבן שלעכטס אַף דער ערד. און דאָך פּאַסן זיך אַזוי גרינג אײַן די ווערטער: „ווײַן,קאַלע־לעבן, ווײַן, הײַנט איז דײַן צײַט צו וויינען"...

## מײַנע אנשטאַלטן

געפעלט אײַך לאַבינסקאַיאַ?

ס'קאָן געפעלן, ס'איז ניט ווײַט פון קראַסנאָדאַר. ס'איז נאָענט צו סאָטשי, אָט־אָ איז אַרמאַוויר.

באַ דיר אין די אויגן קומט אויס, אַז ס'איז נאַריש זיך אײַנריידן, אַז דאָס איז קאַווקאַז. דאָס אָרט, ווו דו געפינסט זיך, זאָל שוין הייסן קאַווקאַז?

ברייטע גאַסן אין לאַבינסקאַיאַ. זיי וואָלט געפּאַסט אײַנשטיין אין אַ גרויסער שטאָט.

די מאַנצבלען גייען מערסנטס אין שקאַרפּעטקעס איבער די הויזן און אין זומער־שיכלעך. די הויזן זײַנען פּאַרוקט אין די שקאַרפּעטקעס, און ס'באַקומט זיך עפּעס אַ מין פּרײַ־טאַליע.

איך האָב דאָ אַנשטאַלטן, ווו איך וואָלט געטאָגט און גענעכטיקט. כאָטש קיין טועכץ האָב איך דאָרטן ניט. די פּאַטשט־געבײַדע — אַ ווײַסע, אַ גראַמע, אַ הילצערן גאַנעקל מיט פיר טרעפּלעך. ס'האָט אַ דעכל איבער זיך און אַפילע צוויי בענק באַ ביידע זײַטן, און דו שפּאַרסט זיך אָן אין די ברעטער, וואָס פּאַרענדיקן די אונטערשטע האַלב־וועגנטלעך און האָבן אַף זיך ניט קיין פּענצטער, קיין שאַליוקעס, פּאַשעט ליכטיקער דרויסן. ס'הייסט, אי אינוויינין, אי אין דרויסן. שטייסט לעבן מענטשן, זיצסט לעבן מענטשן. אַלע — ניט קיין באַקאַנטע. עפּשער זײַנען זיי אויך אָנגעפּאַרענע, אַזעלכע, ווי דו ביסט.

אין די כאַדאָרים גופא איז דיר גוט, וואָס דו קאָנסט פּרײַ אַרײַן און אַרויס. קאָנסט צוגיין צום פּענצטערל, אײַנקויפן קאַרטלעך, פּאַטשט־פּאַפּיר. קאָנווערטן — מיט מאַרקעס און אָן מאַרקעס.

און נאָך האָב איך געהאַט אַן אַנשטאַלט — די ביבליאָטעק. ניט קיין ענג הויז. שטייט אַליין אין אַ הויף, וואָס איז ענלעך אַף אַ סאַד. ווען איך האָב נאָר איין ביסעלע שטאַרקײַט באַ זיך, איז עס אינגאַנצן מײַנס. אין אַזעלכע אַנשטאַלטן בין איך קעסיידער אַ גאַנצער באַלעבאָס. איך שאַף זיך ניט און זאָג ניט קיין דייעס, ווײַל מע דאַרף עס פּאַשעט ניט. איך קאָן זיך זייער גוט באַגיין אָן דעם. דאָס מיידל צי דאָס ווײַבל וואָלט איך וועלן זאָל זײַן מער מילד, מער אופגעלייגט, מער צוגעלאָזט. עפּעס בין איך דאָך ניט אַבי־ווער. איך בין דאָך דאָ קולע פּרײַנט. אָבער איך גיב זיך גלײַך צו פאַרשטיין: גוילעם איינער, אַ ביבליאָטעקערן איז דאָך אויך נאָר אַ מענטש. וואָס איז, די מילכאָמע איז דען גלאַט אין דער וועלט און ניט באַ איר? זי האָט ניט קיין מאַן, קיין ברור־דער, קיין שוואָגער? קיין קראַנקע מוטער? די שטוב אַף ווינטער דאַרף זי ניט צוגרייטן? און... וואָס איך בעט, קריג איך באַ איר. וואָס איך קער איר אום, נעמט זי צו. ווען זי איז צו מיר נאָך איין ביסעלע אופגעלייגט, ווען זי טוט, ווי ס'פּאַסט באַ אַזאַ אַרבעט, עטוואָס אַ שמייכל, וואָלט דאָך מיר מײַן היגער „דאָברע מאַזל" שוין געווען אָן דעם מינדסטן שטשערב.



אַפּן מאַרק גייען מיר ניט אָפּט. די מישפּאָכע, ווי קליין זי איז, האַלטן מיר זי פאַר נאָך קלענער, דאָס הייסט מע דאַרף ווינציקער קאָכן. מע דאַרף וואָס ווינציקער עסן. עס איז ניט קיין צײַט פון איבערפלוס. די מעלוכע שפּאָרט אויך, און די באַפעלקערונג — אויך. דער מאַנצבל איז אַוועק אַף דער מילכאָמע. די פּראָדוקטן גייען בילכער צו דער אַרמיי און צום פראָנט. פאַר די שפּיטאָלן גיבן אַלע מיטן גאַנצן האַרצן. אַפילע דאָס לעצטע. פאַר די קינדערהײַזער דאַרף מען אויך. דאָס מערקל איז דאָ אויך ניט אַזוי גרויס, נאָר אַז איך גיי אַרויס עפּעס אײַנקויפן, אַמאָל אַליין, אַמאָל מיט דווירען צוזאַמען, זע איך, אַז דאָ איז אַ קאַנט פון זעט.

— זע, סאָראַ שײנע װײַנטרױבן. דאָס װאַקסן זײ דאָך דאָ?!

אי מיר װײסן, אי מיר כידעשן זיך, װאָס ניט מיט אונדזער װילן װױנען מיר אױף אַן ערד, װאָס גיט אַ סאַך װײץ און װײַנטרױבן.

■

װאַסיל דעניסאָװיטש לאָזט זיך רײדן, װען מע װענדט זיך צו אים. אינמיטן װאָך זעט מען אים װײניציק. ער איז גאַנצע טעג אױף דער אַרבעט. דערנאָך איז אָדער ער לײגט זיך צו, אָדער ער לײענט. איך האָב ניט ליב, אַז מע שרײַבט אױף די בלעטלעך פון אַ בוך, נאָר בײַ אים איז עס אַ מין גאָטעס־דינסט. װוּ ער האָט געענדיקט לײענען, שרײַבט ער אָן מיט אַ דינעם בלײַ־שטיפט ДСП, דאָס שטריכל־װאָרט פון „דאָ סיך פאַר“[1]. גאַנצפרי, װען ער קערט צו דעם הױף, קאַעסט ער זיך און טרײַבט די הינער אינעם אונטערשטן הײפל. דעם יונגן, װאָקסיקן און נאַרישן הונט זײַנעם „דוניײַען“ זאָגט ער אַלעמאָל צו, אַז ער װעט אים נעמען אױף געיעג, אַז ער װעט אים לערנען זאַכן, װאָס זײַן מאַמע (דוניײַס מאַמע) האָט גוט געקענט. אין אַלגעמײן איז װאַסיל דעניסאָװיטש ניט קײן שלעכטער פּערסאָנאַזש, גענומען פון גאַגאָלן מיט טשעכאָװן אינײנעם.

■

אין מעשעך פונעם טאָג זײַנען געװען האַלבע שאָען און שאָען, װען איך האָב ניט געדענקט אין דער מלכאָמע. און דאָס איז אַ כידעש, װאָרעם די מילכאָמע איז אַזאַ מין צײַנװײטעק, אַזאַ ציִעניש פאַרן האַרצן, אַז עס פאַרגעסט זיך ניט אױף קײן רעגע, אַפילע װען דו כאַפּסט זיך פלוצעם אױף פון שלאָף.

איך בין געקומען פון ביבליאָטעק, רופט מיך דװױרע, איך זאָל גיכער הערן ראַדיאָ. ס'טרעטן אַרױס אױף אַ מיטינג ייִדן — אָנגעזעענע קולטור־טוער: אַרטיסטן, ליטעראַטן, קינסטלער און געלערנטע. דעם מיטינג האָט געעפנט מיכאָעלס. ס'האָבן גערעדט מאַרקיש, בערגעלסאָן, דער אַקאַדעמיקער קאַפּיצאַ, אײזענשטײן, שאַכנע עפּשטײן, סאַמויל מאַרשאַק און איליאַ ערענבורג.

דעם אופרוף צו ייִדן פון דער גאַנצער װעלט האָט מען געלײענט אין ייִדיש, רוסיש און ענגליש.

איך בין שיר ניט אַרײַנגעקראָכן אינװײניק אין דעם ראַדיאָ־אופנעמער. איך װײס ניט, אױף װאָסער װעלט איך בין. מיכאָעלס, בערגעלסאָן און מאַרקיש — שיר װאָס איך שרײַ ניט אױס צו זײ: „טוט אַ קוק! אָט־אָ בין איך. איך שטײ דאָך אָט דאָ“... און פאַקטיש בין איך אָפּגעריסן פון דער גאַנצער װעלט און אױך פון זײ, פון די נאָענטסטע.

אַ װײַלע טוט מיר אַ קלעם באַם האַרצן. איצט איז מיר דען שלעכט, איצט בין איך דען לײדיק און נאַקעט, װײַל איך בין אַ ייִד? איצט קומען מײַנע לײדן און מײַן פּײַן פון דעם, װאָס דאָס לאַנד, װוּ איך בין אױסגעװאַקסן, װוּ איך האָב געקראָגן די מעגלעכקײַט זיך אױסלעבן װי אַ שרײַבער, װוּ איך האָב דורכגעפירט דעם גרעסערן און בעסערן טײל פון מײַן לעבן, דאָס דאָזיקע לאַנד קאָרטשעט זיך איצט אין מילכאָמע־קראַמפן.

יאָ, ס'דאַרף ניט און ס'טאָר ניט טרעפן, אַז איך זאָל אַרױסלאָזן פון קאָפּ דעם ספּרוט היטלער, װאָס פּרעסט צונױף מיט זײַנע אײַזערנע קלאַמערן אַ גרױסע שטיק װעלט.

טײַכן בלוט גיסט זיך פון מײַן ייִדיש פאָלק. מאַצבלען און פרױען, קינדער און זױג־קינדער און אַזױלכע, װאָס זײַנען נאָך ניט אַרױס פון דער מוטערס טראַכט, קאָרטשען זיך אין די גאַז־קאַמערן, סמאַליען זיך אין די קרעמאַטאָריעס. מע ציט אױס די גלידער אונטערן דײַטשס גראָבן און שװערן שטיװל...

אָט אַזױ האָב איך זיך געקאָנט אױף אַ רעגע פאַרגעסן. איך האָב זיך באַנוגנט מיט דעם, װאָס איך בין אַ ייִדישער שרײַבער אין אַ גרױס לאַנד, װוּ איך בין אין קײן זאַך ניט געמינערט פון זײַנע הױפּט־טײלן. און איצט בין איך אַ באַנומענער, װײַל דאָס לאַנד איז אין אַ קלעם.

פּונקט װי ס'װילט זיך אַמאָל װיסן, װאָס עס טוט זיך פון יענער זײַט טױט (בײַ אַכמאַטאָװען איז פאַראַן אַזאַ שורע, װוּ זי װענדט זיך צום באָכער, װאָס האָט זיך גענומען דאָס לעבן: («Скажи, что было потом»)[2], אַזױ טוט אַ צי זיך דערװיסן, װאָס ס'קומט פאָר דאָרט, װוּ דער פאַשיסט טאָפּטשעט אונדזער ערד.

---

[1] ביז אַהער.

[2] זאָג, װאָס איז נאָכדעם געװען.

אין ביבליאָטעק האָב איך איבערגעקוקט עטלעכע נומערן פון „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ“. געזען דאָרטן באַקאַנטע נעמען, זיך אַנגעררירט, ווי אין עפּעס נאָענטס. אין אַזאַ רעגע דערפילסטו אויך אין דייַנע אייגענע אייוורים אַ לעבעדיקן דויפעק.

אין „פּראַוודאַ“ — אַ גענויער באַריכט וועגן יידישן מיטינג.

מיכאָעלסעס ווערטער גייען, ווי אַלעמאָל, גוט אַף דער וואָג.

---

## נאָר ניט באַם רויציייעך אין די נעגל

האָט זיך דען געריכט די מוטער סאָרע (ווען ס'איז איר געגאַנגען דאָס נייַנציקסטע יאָר), אַז זי וועט פאַרגיין אין טראָגן, געבוירן, זויגן און האָלטן אַ קינד אַף איר שויס? אַזוי האָבן מיר זיך געקאָנט ריכטן קריגן בריוו — און נאָך פון וואַנען... פון קיִעוו!!! צוויי בריוו מיטאַמאָל, און דערצו איז נאָך דאָקעס בריוו אַ גרויסער, אַן אינהאַלטסרייַכער. פּונקט ווי מיר וואָלטן מיט איר גערעדט. דער צווייטער בריוו איז פון פּאָלינאַ איוואַנאָווניאַ, הערשלס שוועגערן, אויך אַ רייַכער בריוו. זייער אַ רייַכער: איינס — פריידקעס אַדרעס. צוויי — דער גרויסער הערשל איז לעבן כאַרקאָוו. דרייַ — געדאַליע, בראָכעלעס מאַן, פּלעגט צו זיי אַרייַנגיין.

נאָר צוויי בריוו, זאָגט איר? נו, און אַ קאַרטל איז באַ אייַך קיין בריוו ניט? אַ קאַרטל פון שימען דאָבין. אַזוי, אַז נעכטן איז באַ אונדז געווען אַ רייַכער טאָג!..

באַנאַכט האָט זיך מיר געכאָלעמט דאָס דאַרניצער קליינוואַרג: די פּלעמעניטשקע מיט די פּלעמעניקלעך. דאָס איז גראָד גרינג צו דערקלערן. איך האָב נעכטן געשריבן קיין רוזיִעווקע. איך האָב דאָך שוין זייער אַדרעס... ס'האָט זיך מיר אויך געכאָלעמט, אַז איך ווייס שוין פון פריִער, אַז מייַן יונגער כאַווער, דער דיכטער הירשקע דיאַמאַנט, לעבט און איז געזונט. אַפילע אין כאָלעם האָב איך געהאַט פאַרדראָס אַף זיך אַליין, ווי קומט עס, איך זאָל זיך דערלויבן זייַן אַזוי לייַכטזיניק, וויבאַלד איך ווייס שוין אַלץ אַזוי פעסט. צו וואָס איז דאָס נאָכפרעגן זיך אין די בריוו מיט אַזויפיל אומרויקייַט?

ס'זייַנען ווייַטער דאָ פון קיִעוו יעדיעס. פון אַ סאָוועטישן קיִעוו מיט סאָוועטישע אייַנוווינער. ס'ווערט עפּעס אַזוי גוט אַפן האַרצן פון דעם. און אַ גוטע בענקעניש כאַפּט דיך אַרום. אין דער היגער אויסגעווייַסטער פּאָטשט גיי איך שוין ניט אומזיסט. איך טראָג אַהער בריוו. בריוו קיין סיביר. בריוו קיין מאָסקווע. בריוו קיין רוזייַעווקע און בריוו קיין קיִעוו. איך בעט אין אַ קאַרטל באַ דאָקיען זי זאָל זיך דערלאַנגען צו אונדז אין דער דירע און מאַכן עטלעכע פּעקלעך פון מייַנע אַף העפקער איבערגעלאָזענע קסאָווים, אויך פון די פּאָטאָ־אַלבאָמען, און עס אָפּשיקן צו דווורעס ברודער קיין סיביר.

מאָרגן ווערט צוויי כאַדאָשים (ניט קיין אייביקייַט און ניט קיין האַלבע אייביקייַט, בלויז צוויי כאַדאָשים), זינט מיר האָבן פאַרלאָזט אונדזער שיינע שטאָט, אונדזער היים, וואָס איז אונדז נאָענט, ווי דאָס אייגענע העמד אַפן לייַב.

אַ געוויינלעך אָנגעשריבן פּאָטשט־קאַרטל לאָז איך אַראָפּ אין אַ געוויינלעכן (פאַר מיר זייער ליבן) פּאָטשט־קעסטל. אָבער צי שטעל איך זיך יעדעס מאָל פאַר, וויפל טויט־געפאַרן ס'שטייען אויס די, וואָס פירן אַף דאָס דאָזיקע קאַרטל מייַנס און שטעלן עס צו דעם אַדרעסאַט?..

---

אַפן טאַטן ריכט איך זיך ניט. ער האָט פעסט געפויעלט באַ זיך ניט אַוועק פון דער היים. ער האָט לאָגיש געדרונגען, אַז באַם דייַטש וועט טאַקע זייַן שלעכט, אָבער דאָס לעבן איז געזיכערט. וואָס וועט דער דייַטש עפּעס גיין זיך טשעפּען מיט אַלטע מענטשן אָדער קליינע קינדער? זיי פירן דאָך קעגן אים ניט קיין מילכאָמע?

יאָ, לאָגיש איז עס אַזוי. נאָר דער פאַשיסט באַגייט זיך אָן לאָגיק. ווו אין וועלכע צייַטן איז עס געהערט געוואָרן, מע זאָל אויסקוילען אין יעדן יִשעוו, אין יעדער שטאָט קינד־און־קייט?

■

טעג רוקן זיך. ס'לויפן דורך גאנצע וואָכן.

איך לייען שאָלאָכאָווס דריט בוך. ער באמערקט אויך א קינדערשע טנוע, זוכט אָפּ בא זײַנע העלדן דערינערונגען פון זייער קינדהייט. פיל מאָל ווער איך ניספּאָעל פון זײַן שרײַבן. ער איז דאָך נאָך פּאָרט א יונגער מענטש, א יאָר עטלעכע און דרײַסיק איינגאנצן... דאָס ערשטע בוך האָט ער געקערט אָנהייבן אין 23־יאָריקן עלטער. איך בין אים מעקאנע אָף זײַן ארבעטזאמקייט, אָף זײַן אקשאָנעס און ווילנסקראפט, און ער יאָכלט — געזונט אן אײַזן. ער איבערצײַגט דיך דערין אָף יעדן שריט. געדיכטע שיכטן פון א קאזאקישן קאנט ווערן באוויזן אי שטייגעריש, אי געשיכטלעך.

ארטיקלען און נאָטיצן וועגן קיִוו באגעגנט מען אָפט אין דער פּרעסע. האלעווײַ זאָל עס גיין צום בעסערן און ניט צו קיין פארערגערונג.

אן אומגעזעענער מעשוגענער הונט זויגט א גאנצן פרימאָרגן דאָס הארץ מיט זײַן פּארצויגענעם הוילן. וואָס דארף ער?..

די טעג האָבן מיר אָפּגעגעבן טשערניגאָוו און איצט קרעמענטשוק...

## די קלייניגקע
## שוואנגערע בראָכעלע

מאזלטאָוו! בראָכעלע לעבט, און זי האָט געבוירן א לעבעדיק קינד. א מיידעלע. א נאָמען — ליבע. נאָך דער מאַמען אונדזערער.

א קליינינקס, שרײַבן זיי. א ליבינקס. א שיינס. אין עלנט, ווײַט פון א היים. בראָכעלען איז דאָך געווען אזוי סטראשנע. פאָרן א שוואנגערע. מע ווייסט ניט וווהין. מיט צוויי קליינע קינדער. א יינגעלע מיט א מיידעלע.

זי האָט ניט איין מאָל געזאָגט אין וועג שטיל צו די שוועסטער:

— וווהין וועל איך פאָרן? נאָך וואָס וועל איך פאָרן אין אזא צושטאנד? איך וועל דאָ ערגעץ אראָפּקריכן אָף א פארוואָרפענער קליינער סטאנציע... וועל אוועקגיין אין פעלד... איך וועל זיך אנידערלייגן צווישן די זאנגען און אויסגיין אין דער שטיל... און איר פאָרט זיך ווײַטער. היט אָפּ די קינדער — ביילקען מיט מאריקן.

זי זאָגט עס אָרנטלעך. שטיל. מיטן גאנצן גלויבן אינעם אונטערגעבן זיך דעם שיקזאַל. ס'גלוסט זיך וויינען אפילע א זײַטיקן, אז מע דערהערט אזא מין כעזשבן. נאָר די שוועסטער האָבן אָפּגעטריבן די טרערן. די שוועסטער האָבן מיט ווי ווײַט מעגלעך רויִקע ווערטער איר געזאָגט:

— נארעלע, אָף דיר איינער איז שוין געפאלן די גאנצע וועלט? פאראן נאָך מענטשן אין שווערערע לאגעס פון דײַנער, און זיי גיבן זיך אויך ניט אונטער. ווען דו ביסט כאָלילע איינע אליין, וואָלטן אויך ניט געטויגט אזעלכע געדאנקען. ביפראט, אז מיר זײַנען אלע צוזאמען. אי אין וואגאָן, אי אין דרויסן, אי דאָרט, וווהין מיר וועלן קומען. נישקאָשע, מירן זיך נאָך פרייען אָף דײַנע קינדערס כאסענעס.

די קלייניגקע טראָגעדיקע בראָכעלע האָט אין דער ענגער טעפּלושקע, נאָר צווישן אייגענע, אָפּגעווישט די טרערן און געענטפערט:

— זאָל זײַן אזוי, ווי איר זאָגט. עפשער וועלן מיר עס נאָך אמאָל דערציילן אין פריידן...

■

הערשעלע דער געלינקער, הערשעלע שאפּירא, פרײדקעס איינציקער זון, יאָרט זיך דעם 16 סענטיאבער.

נעכטן איז אים געוואָרן אכצן. כײַ — צום לעבן.

דעם 20־טן ווערט ביילקען אונדזערער צוואנציק יאָר. סארא גרויסע טאָכטער. קיין אײַנהאָרע, איך פארמאָג שוין!

אפילע אין די גוטע יאָרן ווייסט ניט דער מענטש, וואָס עס שטייט אים פאָר אין דער צוקונפט. ביפראט איצט! א בלינדע צעטומלטע וועלט, פארכמארעטע הימלען... מײַן פאסיוקייט

און אַפּהענטיקײַט מאַכן מיך שטענדיק ערגער, ווי איך וואָלט געקאָנט און געמעגט זײַן. די ריינ־וועלך — די ציגוירעס[1] פונעם קאַפּעלע רועך־האַקוידעש זײַנען ניט דורכגערייניקט, פאַר־שטאָפּט און פאַרדומפּן.



דאָס בוך „טיכי דאָן", דריטער טייל. דאָרט זײַנען אײַנגעוועבט זייער פיל אַכזאָריעסן, און דאָס מאַכט מיר גרינגער אופּצונעמען גאַנצע שטיקער פון אונדזער צײַט.

גריגאָרי איז קראַנק געוואָרן מיט פּאַראַטיף. די יונגע נאַטאַליע לעבט שוין ניט. ניט גרינג האָט זי זיך געשיידט מיטן לעבן, נאָר זי האָט עס דאָך געפּויעלט בא זיך און אַקשאָנעסדיק דער־גרייכט. פּאַנטעליי לעבט שוין ניט. דאַריא — דערטרונקען. פּעטראָ — דערהאַרגעט. ניט אַזוי גיך טוט זיך עס, ווי ס'רעדט זיך, נאָר אין דער אונטערשטער שורע האָסטו ניט קיין פרייעלעכן כעזשבן, כאָטש צוויי אייניקלעך, נאַטאַליעס קינדער פּאָליע און מישוטקע, וואַקסן און זויגן אין זיך אײַן די זאַפטן פון זייער אייגענער ערד און פון זייער אייגענער שטוב.



די ראַדיאָ גיט איבער, אַז דער סוינע האָט מיט פאַרשטאַרקטע קויכעס זיך דורכגעריסן צו די פאָרשטעט פון קיִעוו. די שוץ־ליניע איז דורכגעבראָכן.

אַזעלכע ידיִעס ווערן איבערגעגעבן מיט קנאַפּע, אײַנגעהאַלטענע אויסדרוק־מיטלען, אין דער ווירקלעכקײַט זעט עס אויס אַ „ביסינקעלע" האַרבער. ס'גויסעסט אַ שטאָט. אַ פרישער מעס ליגט שוין פאַר די אויגן. און נאָך אַזאַ אייגענער, אַזאַ נאָענטער.

איך וויל ניט, אַז די באַלעבאַטים, אונדזערע הויזווירטן, זאָלן דערפון וויסן, פונקט ווי פון דעם קאָן זיך עפּעס איבעראַנדערשן.



הײַנט איז ביילקעס געבורטסטאָג. מײַן טײַערע טאָכטער מיטן געלן, גאָלדענעם געדיכט געקרויזטן קאָפּ האָר. מײַן טײַערע טאָכטער! קיין טאַכלייסים האָב איך פונדײַנטוועגן ניט באַ־זאָרגט, זאָל דיר כאָטש דײַן אייגן מאַזל לײַכטן.



די קינדער האָבן צוגעשיקט פייגעלעס אַדרעס. מיר האָבן זי ליב, פייגעלען, זי איז צאַרט, ווי אַ קינד, איידל, ווי אַ מאַלעכל, קלוג און באַדאַכט, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ פאָלנעם מענטשן, און אַליין איז זי אַ לערערן פון געאָגראַפיע. אַ מענטש מיט העכערער בילדונג. אַלץ, וואָס זי פאַר־מאָגט, האָט זי אַליין אויסגעהאָרעוועט. אויסגעטראָגן אויף אירע איידעלע פּלייצעס. איך טוליע זי צו מײַן הארצן און פיל איר איידעלע ווארעמקײַט און נאָענטקײַט. אַז פייגעלע קאָן זיך מיט מיר טיילן, ווי מיט אירס אַ גלײַכן, איז עס בא מיר אַ גאַנצער אויצער. אַזאַ מין אָנערקענונג איז פאַר מיר קעסיידער אַן אומגעריכטע אשירעס.

די ראַדיאָ גיט איבער — האַרטנעקיקע שלאַכטן אַרום קיִעוו. עפּשער איז נאָך ניט אַלץ פאַרפאַלן?

## א ריס פונעם הארצן

דרײַ כאַדאָשים קריג בא אונדז אין לאַנד. העכער צוויי יאָר — אויף דער גרויסער וועלט.

די זון מעג אַפילע שײַנען, אָבער דער טאָג איז פינצטער. הײַנטיקע ראַדיאָ האָט אָפיציעל איבערגעגעבן, אַז קיִעוו איז פאַרבײַ.

בא וויפל מענטשן האָט זיך אָפּגעריסן אין הארצן פון דער דאָזיקער אָפּגעהאַקטער ידיִע!..
מיר אײַנפּירען האָבן עס אויך געהערט. לייבעלע מיט זײַן גאַנצן קינדערשן גלויבן, אַז ס'טאָר

[1] ציגוירעס — דאָ געמיינט: די קוואַלן פון שעפערישן געדאַנק.

ניט זײַן שלעכט, ס׳וועט מוזן זײַן גוט, האָט א פארצווייפלטן אויקע געטאָן. מיר האָבן אלע ניט געקאָנט קוקן איינער דעם צווייטן אין די אויגן. מיר האָבן לייבעלען ניט געלאָזט וויינען. מיר האָבן אים געגעבן צו פארשטיין, אז א סאך זאכן קאָנען נאָך פאריכט ווערן. ער אליין האָט צו־געגעבן: „און ווי, אויב מע וועט נאָך פארנאכט איבערגעבן, אז מע האָט זיי ארויסגעטריבן אָף צוריק?!..״

דאָס הארץ זעגנט זיך אין דער שטיל מיט זייער א נאָענטן וועזן... קיִעוו איז גענוג גרויס, נאָר ווײַל די שטאָט איז דיר ליב, זעסטו זי אין מיניִאטור. עפּעס א מאָדנע פאריאָסעמטקײַט כאַפּט דיך ארום.

הײַנט אָדער נעכטן האָט געדארפט זײַן א ליקע־כאמע, נאָר אזויווי איך קלײַב זיך אין דעם ניט שטארק פאנאנדער, האָב איך עס דורכגעלאָזט אָן דער מינדסטער אויפמערקזאמקײַט. כאָטש קינדער און ווײַבלעך בא די הויפן זײַנען געשטאנען מיט פארייכערטע שטיקלעך גלאָז, צוגע־שטעלט צו די אויגן, און זיך אײַנגעקוקט.

איך ריכט זיך נאָך אָף בריוו פון קיִעוו, וואָס זײַנען ארויסגעגאנגען, איידער די צאָרנ־דיקע שאָ איז געקומען...

## צום הינטערלאנד
## דארף מען נאָך פאָרן

א קארטל פון א באקאנטן, וואָס כ׳האָב אים ניט איבעריקס ליב. דאָרט זײַנען דאָ גענויע יעדיִעס, ווו ווער עס געפינט זיך. גערשענזאָן, האָפּ־שטיין, ספּיוואק, אָרלאנד, רעזניק זײַנען אין אופא. ראָכל קאָרן, דוכט זיך, אויך. נויעך לוריע און שעכטמאן — אין קוסטאנײַ, גוטיאנסקי — אין כארקאָוו. קאהאנאָווסקי, פּינטשעווסקי, אראָנסקי, בלאָשטיין — אין סאראטאָוו. נו, און סלוצקי, וועלעדניצקי, מארשאק זײַנען אין וואָראָ־שילאָווסק. טאבאטשניקאָוו — אויך. אָף פּעפּערן ריכט מען זיך אין אופא. הירשקע דיִאמאנט קער שוין אָף דער וועלט ניט זײַן. אָט האָסטו דיר א היפּשע רעשימע פון קיִעווער יִדישע שרײַ־בער און פון אייניקע פּויליש־יִדישע. דאָרט, ווו קאהאנאָווסקי איז, ארבעטן די כאוויירים צו־ביסלעך. אין א געוויסער מאָס איז עס די ווירקונג פונעם קאָלעקטיוו. קנאת סופרים תרבה חכמה[1].

■

איך האָב געהאט צעשיקט קארטלעך בעכאָל טפוצעס יִסראָעל[2], אז מיר פאָרן קיין קויבי־שעוו. אומגעריכט ווערט בא אונדז באשלאָסן זיך באזעצן דאָ בישכיינעס, די צווייטע צי די דריטע סטאנציע פונדאנען, אין ארמאוויר. צום סאָף רעגנט, און מיר פאָרן דערווײַל אין ערגעץ ניט.

די סוואָדקע איז געווען עטוואָס מינטערער. און עפּשער ווײַזט זיך אויס אזוי...

נעכטן געהערט שטיקער פון די ארויסטרעטונגען פונעם אנטיפאשיסטישן יוגנט־קאָמיטעט. אינעם טעמפּ, אינעם אָטעם פילט זיך, אז יוגנט איז א קויעך. איינער האָט געזאָגט, אז לויט די יאָרן איז ער יִנגער פון דער רעוואָליוציע. און דו כידעשסט זיך אליין — טאקע, זע נאָר, אזוי יונג, און עס איז א מענטש, אן אָנגעזעענער נאָוואטאָר, און זײַן נאָמען איז באקאנט דעם גרויסן לאנד אונדזערן.

■

ניט ווײַט פון ביבליִאָטעק האָט מען פארנומען א קולטור־געבײַדע פאר א שפּיטאָל. ער איז שוין אויסגעשטאט. צוריק מיט א טאָג אכט האָט מען אהער געבראכט א פּארטיע פארוווּנדעטע רויטארמייער, וואָס זייער געזונט פארבעסערט זיך. ווער ס׳וועט זיך אומקערן אין א כוידעש, אין זעקס וואָכן ארום אפן פראָנט, און ווער ס׳קאָן שוין קיין געווער ניט טראָגן, ער וועט גיין

[1] קינאַס סאָפרים טארבע כאָכמאָ — (שעפערישער) פארמעסט פון שרײַבער פארמערט די כאָכמע.
[2] דאָ געמיינט: אומעטום, ווו אונדזערע יִדישע שרײַבער געפינען זיך.

מיט מיליצעס אָדער מיט א פּראָטעז. אָבער אויך ער וועט פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל. דאָס האַרץ טוט ווי אײנצווייען. פון איין זײַט, איז שווער צוצוקוקן, וויאַזוי די מילכאָמע האָט שוין צעבראָקט אַף לאָקשן יונגע און קרעפּטיקע מענטשן, וואָס האָבן זיך ערשט געגרייט גיין אין לעבן אַרײַן. פון דער צווייטער זײַט, שעמסטו זיך, ווי א גאַנעוו, זיי קוקן אין די אויגן, דו זעסט באַשײַמפּערלעך, סאַראַ גרויסן כיילעק פון זייער לײַב־און־לעבן זיי האָבן אָפּגעגעבן דעם פאָטערלאַנד, און דו?..

מע הייבט שוין אויך אָן ארויספירן די פאַרוווּנדעטע פונדאַנען צוריק צום וואָקזאַל. מיט דער באַן וועט מען זיי פירן ווײַטער אין הינטערלאַנד.

גרויס און דערהויבן איז די זאָרג פון דער מעלוכע פאַרן געזונט ווערנדיקן פאַרוווּנדעטן. אין דער זעלבער צײַט איז עס אויך א קלאָרער סימען, אז דאָ קלערן מיר זיך לאַנג ניט פאַרהאַלטן. פאַראַן א האַנט, וואָס אָרגאַניזירט. פאַראַן אַן אויג, וואָס זעט אַלץ קלאָר, מע היט זיך באַר ניט אָנצוואַרפן קיין שרעק אַף דער באַפעלקערונג.



די פאָטשט טראָגט מען דורך ארום צוועלף. נאָך אַן עמער וואַסער לויף איך צום קראַן ארום זיבן. טו איך א גנייוויישן קוק צום קעסטעלע און באַשווער עס אין גערדאַנק, ווי א געצנדינער זײַנעם א הייליקן כייפעץ, עס זאָל מיר ארום צען־עלף ווערן טראַגעדיק מיט בריוו.

אָפט ציטער איך פאַר דער „סוואָדקע״, ווי פאַר א זעלבשטענדיקער ווירקנדיקער קראַפט. און טאָמער דוכט זיך מיר, אז זי האָט בעדייע מיר אָפּזאָגן נאָך אין א שטאָט, א בלוטיק־נאָענטער, בעט איך זי אין האַרצן טאַכנונים און באַשווער זי אין דער שטיל, זי זאָל זײַן גנעדיק צו אונדז.



מיט עמעסער בענקשאַפט ציט מיך צו מײַן קסאַוויאַד „אונטערוועגנס״, וואָס איז נאָך אין ערגעץ ניט געדרוקט און שטייט איצט אין סאַקאָנע, ווײַל צוזאַמען מיט די שטוב־זאַכן קאָן עס פאַרפאַלן גיין. ווען מע שטעלט פאַר מיר דעם אויסוואַל: איך זאָל בלײַבן לעבן אָדער דער קסאַוויאַד זאָל בלײַבן גאַנץ, וואָלט איך געבעטן, דער קסאַוויאַד זאָל בלײַבן גאַנץ. וועט מען דאָך מיר זאָגן: ס'טײַטש, אויב דו וועסט זײַן באַם לעבן, וועסטו אָנשרײַבן אַנדערע און אפילע בעסערע... וועל איך ענטפערן: דאָס איז אַלץ גערעדט אויב. און אָט דאָס ווערק איז שוין באַ מיר אָנגעשריבן, און איך וועל עס דערווײַל אַף קיין זאַך ניט פאַרבײַטן.



גלײַך נאָכן שיינעם פרימאָרגן האָט זיך פאַרצויגן א רעגן אַפן גאַנצן טאָג. צו פאַרנאַכטצו בין איך ארויס אין הויף און דערפילט, אז ס'איז מיר אראָפּ א שווערקײַט פון האַרצן.

פון בראָכעלען און פון כאַנציען זײַנען דאָ בריוו. בראָכעלע שרײַבט, ווי א שטיל טײַבעלע. נאָר דערווײַל ווייס איך, אז די לעצטע טעלעגראַמע פון גאָדאַליען האָט זי געהאַט דעם 3 אָקטיאַבער. דעם בריוו שרײַבט זי דעם 30־טן. און זי קלערט איבער (ווי קאָן דען אַנדערש זײַן?). מע האָט דאָך אים איבערגעלאָזט אין דאַרניצע אַף צוויי זאַוואָדן... פון אירע פאַשעטעווערטער איז צו זען, ווי זי בענקט נאָך איר יונגער און געטרײַער פּאָר, זי און די דרײַ קליינע אייפעלעך (פון שלאַכטפעלד, אויב דער מאַן לעבט, קאָן מען זיך ריכטן אַף בריוו, אָבער פון די אָקופּירטע ערטער, ווו ער געפינט זיך, איז דאָך אַף קיין בריוו ניט שײַעך צו ארויסקוקן, אַזוי אז אפילע די בלויזע האָפענונג האָט זיך אויך ניט אַף וואָס צו האַלטן.)

איך האָב דערציילט ביילקען וועגן א קאַנווע פון א דערציילונג, וואָס איך וויל שרײַבן: פייגע האָפּשטיין איז דאָרט אונטער אַן אַנדער נאָמען א הויפּט־געשטאַלט. ביילקע האָט מיך געהערט אופמערקזאַם.

ס'גייט ווײַטער א מאָביליזאַציע. פון א סאַך הײַזער הערן זיך געוויינען. דאָ דאַרף מען ארויסבאַגלייטן א זון, דאָ — א מאַן, א פאָטער, א ברודער. פון אַנדערע הײַזער גייען אפילע צוויי מיטאַמאָל.

מיך רופט מען נאָך ניט. איך בין אַלט 45, לויט די פאַרגרײַזטע פּאַפּירן — 47... דערצו האָב איך אַ בלויען בילעט. בין ניט געווען פּאַסיק פאַר דער ארמיי נאָך אַפילו אין דעם ערשטן קריג.

■

אין די איצטיקע נאָיאַבער־טעג דאַרף ווערן 24 יאָר סאָוועטנמאַכט. פון אָן אַ שיר לענדער פלעגט מען זיך ציִען אַף אָט די טעג קיין מאָסקווע. איצט ציט זיך די שפּין פון האַקנקרייץ, און זיי טרומייטערן מיט פרעכער אַזעס און באַרימערײַ, אַז מיטן פּאַראַד אין די נאָיאַבער־טעג וועלן זיי שוין אָנפירן! ס'וועט נאָך צו דעם ניט דערגיין. ס'איז שוין אָבער געווג, אַז פון מאָסקווע עוואַקויִרן זיך פיל אַנשטאַלטן און פיל מישפּאָכעס. ס'איז שוין גענוג די אָנגע־שטרענגטקייַט און די אָנגעצויגנקייַט.

דורך ראַדיִאָ האָט מען איבערגעגעבן, אַז דאָס מיליטער פון אָדעס האָט זיך לויטן באַפעל פון דער אויבערקאָמאַנדשאַפט עוואַקויִרט און איז בעשאָלעם געקומען אַף די ערטער, וואָס מע האָט דעם אָנגעוויזן.

איך ווער שוין אײַנגעדרעמלט, נאָר די ראַדיִאָ קאָכט זיך נאָך. לעבעדיקע מאַרשן. ס'זינגען כאָרן פון לעבעדיקע מענטשן. און דאַפקע פון מאָסקווע. עפּשער איז ניט אַלץ אַזוי שאַפל, ווי דו מאַכסט עס בא זיך אָפּ?

■

פּיסאַרעווסקי, דער יונגער סעקרעטאַר פון היגן אויספּירקאָם, האָט אונדז געריִרט מיט זײַן אויפמערקזאַמקייַט: נאָרוואָס האָט מען געבראַכט פון אים אַ צעטעלע, אַז מע וועט אונדז עפּשער אײַנאָרדענען, מיר זאָלן קאָנען אַרויספאָרן צוזאַמען מיט די דניעפּראָפּעטראָווסקער אײַזנבאַנער. אין אַ שאָ אַרום זאָל איך צו אים קומען אין ראַיויספּירקאָם...

פּיסאַרעווסקי האָט מיך באַקאַנט מיט אַ קלײנוווּקסיקער פרוי, העכער פון מיטעלע יאָרן. זאַקלאָפּענקאָ איז איר פאַמיליע. זי איז נאָר אײנצוויייען מיט אַ ייִנגל פון אַ יאָר פופצן, גרעסער פון איר אין וווּקס. זי איז דער נאַטשאַלניק פונעם עשעלאָן. ער האָט איר געזאָגט נאָכאַמאָל פאַר מיר אין די אויגן:

— דאָס איז אַ שרײַבערישע מישפּאָכע. אין וועג איז די טאָכטער שלאָף געוואָרן, זײַנען זיי אָפּגעשטאַנען פונעם שרײַבער־פאַריין... זיי זײַנען אינגאַנצן פיר מענטשן: דאָס איז אונד־זער כויוו...

זי האָט געענטפערט קורץ, נאָר זאַכלעך, זיך ווענדנדיק צו מיר, אַז מיר זאָלן זײַן גרייט.

איך בין געגאַנגען מיט בײַלקען די פּאָר קילאָמעטער צו דער סטאַנציע. 5—6 פאַרנאַכט איז נאָך קיין עשעלאָן ניט געווען.

די אײַזנבאַנער־מישפּאָכעס זײַנען שוין אויך מיט אײן פוס אַפן דרויסן. זיי וווינען אין פאַרשיידענע סטאַנציעס אַרום לאָבינסק. מע איז, קענטיק, צונויפגעבונדן דורכן טעלעפאָן. פון און מאַשינעס וועלן די דאַרפסאָוועטן געבן, און פאַר אָנדערהאַלבן־צוויי שאָ וועלן די מישפּאָ־כעס מיטן געפעק זײַן אַפן לאָבינסקער וואָקזאַל.

■

ווי די מײַסע זאָל ניט זײַן, זעגענען מיר זיך מיט לאָבינסקאַיאַ אַף שטענדיק. אַזוי אַז איך מעג זיך צוקוקן צום ברייטן ווײַסן שליאַך. איך מעג אַרופנעמען אַפן געדאַנק די גוטע מינוטן, וואָס עפּעס און עמעצער האָבן מיר דאָ פאַרשאַפן.

פּיסאַרעווסקי איז אַ יונגער מענטש. איך גלייב, אַז יעדערער, ווער עס טרעפט זיך מיט אים, באַוווּנדערט זײַן ווייכע, אויפמערקזאַמע, געדולדיקע באַציִונג צו מענטשן. מיט וועמען און אַף וואָס בלײַבט ער דאָ? וואָס וואַרט אַף אים אין די נאָענטסטע וואָכן?.. זיך שוינט ער ניט. ער אַרבעט און אַרבעט. ער אַרבעט פאַרן קלאַל און געדענקט אויך דעם פּראַט.

## אין סאראטאָוו

אכט טעג האָבן מיר אָפּגעווינט אינעם קאַלווירטלער־הויז. ס'איז אַ פֿײַנער אַנשטאַלט. עפּשער ווײַנען דאָ קאַלווירטלער אַמווינציקסטן, אָבער פּוסטעווען קומט דעם הויז ניט אויס. דווירען מיט די קינדער האָב איך אײַנגעאָרדנט אין אַ צימער מיט בעטלעך. זײַנען זיי שוין באַ מיר קייסאָרים. איך בין געבליבן אינעם אַלגעמיינעם זאַל, ווו באַ די הונדערט מאַן און איך צווישן זיי זײַנען געשלאָפן אפֿן דיל. שכיינים האָב איך אַלע טאָג פֿאַרשיידענע. ווען שיקערלעכע, ווען ניכטערע. ווען שטילע, ווען אומדערטרעגלעכע.

דער דירעקטאָר פֿון אונדזער אײַנפֿאַר־הויז איז אַ יונגער, גרויסער, ברייטפּלייציקער באָכער. ווען איך, שוין אַ באַיאָרטער מענטש, וואָס קען דערצו נאָך קיין ביקס אין האַנט ניט האַלטן, שעם זיך, בעשאַס איך שטיי נאָך ברויט צווישן אַ סאַך פּרויען, — איך שעם זיך, וואָס איך בין ניט אַף דער מילכאָמע, ווען איך זע, ווי מע לאָדט אויס פֿון אַ סאַניטאַר־צוג די פֿאַרווונדעטע, מיין איך, אַז איך בין שולדיק יעדן איינעם כאָטש אַ טייל האַנט, כאָטש אַ פֿינגער פֿון אַ פֿוס, מיט וועלכע ער האָט זיך שוין געזעגנט אַף אייביק, — און דאָ, אַז עס גייט אַרום אַזאַ באָכערעץ אין זײַן וואַרעמער פֿוטערנער קורטקע מיט שוואַרצן רײַכן פֿוטער אָפּדרויסן, אַ זאַט פּאָנעם, געזונטע צוויי הענט, גוטע וואַליקעס אַף די פֿיס, בין איך זיכער, אַז עס שטעכט אים יעדער בליק: וואָס טוסטו, שיינער באָכער איינער, דאָ?.. און אויב אפֿילע ניט אפֿן פֿראָנט, קאָנסטו ניט אַרבעטן אַף אַ גרויסער פֿראַכטשיף? אין אַ זאַוואָד פֿאַר לאַנדשוץ? קיין גרינגערע שטעלע, ווי די, האָסטו זיך ניט געקאָנט צוזוכן? אַזוי האָט זיך מיר אַלנפֿאַלס געדאַכט. דווירל האָט עס ניט איין מאָל איבערגערעדט. אפֿילע לייבעלע מיט זײַן קינדערשן פֿאַרשטאַנד האָט אַ זאָג געטאָן: אַ געזונטער אַרטילעריסט.

ווען איך דערצייל די היגע שרײַבער וועגן דער לאַגע פֿון מײַן פֿאַמיליע, זאָגן זיי מיר:

— ווענדט זיך עפּשער צו באַזשאַנען[1]. אוקראַיִנע האָט דאָ אַ ווערט. זײַן פֿרוי ווױנט אין סאַראַטאָוו. און ער דאַרף דאָ אויך זײַן די נאָענטע טעג.

און אָט זײַנען מיר שוין באַ באַזשאַנען אין פּאָדערשטוב. ס'רעדט זיך אַזוי באַ באַזשאַנען אין פּאָדערשטוב... באַזשאַן, אַן אָנגעזעענער מענטש אַף אוקראַיִנע, ווױנט דאָ אויך אין אײנײנציקן צימער מיטן ווײַב און עפּשער נאָך מיט אַ קרויווע. אָבער אַנטקעגן אונדז איז עס אַ ליכטיקע שטוב מיט אַ טיש, מיט אַ געוועקסלטן דיל, מיט פֿאַרהאַנגען אַף די פֿענצטער, מיט אַ טישטעך אפֿן טיש. און איר זאָלט ניט זאָגן, אַז באַזשאַן האַלט אונדז אין פּאָדערצימער אײַבער זײַן פּריצישער נאַטור. ס'וואָלט געווען אַ טאָעס און אַן אומרעכט. ס'איז נאָך פּאָשעט פּרי. ער איז ערשט פֿון געלעגער. אָט האָט ער זיך אָנגעטאָן, זיך אָפּגיך אײַנגעוואַשן, און ביידע, אי ער, אי זײַן יונגע שטאַלטנע פֿרוי, בעטן אונדז אין צימער אַרײַן, בעטן אונדז זיצן, עפּשער וועלן מיר מיט זיי אויסטרינקען אַ גלעזל וואַרעמס.

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט באַ אַ זײַט, און מיר האָבן דערציילט, אַז ביילקעלע איז פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן אין באַטייַסק, זײַנען מיר אָפּגעשטאַנען פֿון אונדזערע...

באַזשאַן האָט אַ פּאָר מאָל אַ זאָג געטאָן:

— יאַ־אַ־אָ?! — און ער האָט פֿאַרקײַלעכיקט אונדזער שמועס מיט פֿאַלגנדעס: — לאָמיר האָפֿן, כאַווירים, אַז ס'וועט נאָך זײַן גוט. איצט וועל איך אײַך געבן אין ליטפֿאָנד צו מאַמיקאָניאַנצן אַ צעטעלע, מע זאָל אײַך אַרויסגעבן טויזנט רובל. צווייטנס, זאָלט איר זײַן אין געגנטקאָם באַ ווינאָגראַדאָוון. איר וועט זאָגן, אַז איך האָב אײַך געשיקט. איר וועט זאָגן, אַז איר זײַט פֿון קיִעוו פֿון שרײַבער־פֿאַרבאַנד. איך פֿאַרהאָף, אַז ער וועט אײַך עפּעס אונטערזאָגן וועגן אַ דירע.

מיר האָבן געזען, אַז ער רעדט מיטן גאַנצן האַרצן. אַז טאָן וועט ער פֿאַרוּנדזערטוועגן אַלץ, וואָס מעגלעך. אויך די פֿרוי זײַנע האָט אַף אונדז גוט געקוקט און ניט געוואַרט אַף דער מינוט, ווען מירן זיך אופֿהייבן אַף אַוועקצוגיין.

מאַמיקאָניאַנץ געפֿינט זיך אין אופֿאַ. מאַקסים רילסקי[2] און די וויכטיקסטע אוקראַיִנישע שרײַבער — אויך דאָרט. נאָר איצט דאַרף פֿאָרקומען אין סאַראַטאָוו אַ צוזאַמענפֿאָר פֿון אוקראַיִנישער אינטעליגענץ און אויך, דוכט זיך, אַזאַ ראַדיאָ־מיטינג, ווי דער ייִדישער.

איך האָב געקראָגן אַהין אַן אײַנלאַדונג. ס'גלוסט זיך זען דעם היימישן אוילעם. ניט אַלעמאָל מאַכט זיך אַזאַ געלעגנהײַט.

---

[1] אַ באַוווסטער אוקראַיִנישער דיכטער.

[2] אַ באַוווסטער אוקראַיִנישער דיכטער.

און איך האָב זיך טאַקע דערוואַרט. איך האָב געזען די באַרימטע זינגערן וואָלגעמוט[1], אַלעקסאַנדער דאָווזשענקאָ[2]. איך האָב געטראָפן דעם ייִדישן קאָמפּאָזיטאָר שײַנינען א מיליטעריש געקליידטן. ער האָט זיך מיט מיר צעקושט. ער האָט מיר דערציילט קימאַט מיט טרערן אין די אויגן, אַז סאָניע, די פרוי זײַנע, מיט איר מוטער האָבן זיך פון מיטן וועג אומגעקערט צוריק קיין קיִעוו. ער ווייסט אַליין ניט, אף וואָס זי האָט געהאָפט. עפשער דערוף, אַז זי האָט ניט קיין ייִדישן אויסזען. א קורץ, כּיינעוודיק פּאַריסן נעזל. נו, זי איז אוועק מיט אַלעמען...

איך האָב מיט אים געהאַט געאַרבעט אף א שאָלעם־אַליכעמישער בופאָנאַדע „באַם קיניג אַכאַשווייִרעש“. סאָניע פלעגט מיר דערלאַנגען א גלאָז טיי. זי פלעגט אַקאָמפּאַנירן דעם כאָר. ער האָט זי ליב געהאַט, נאָר קיין גוט לעבן האָט ער פאַר איר ניט געהאַט. זי איז געווען ייִנגער און, בא זײַן גאַנצער טאַלענטירטקײַט, האָט זי אים, ווײַזט אויס, אין סאַמע וויכטיקסטן געטאָן אף קאַפּויר. איך בין געווען היימיש מיט איר, גוטפרײַנטלעך — מיט אים. זיי האָבן געהאַט געראַמע פיר צימערן אף פראָזאָראָווסקע אין א נײַ הויז.

ווער באַלעבאַטעוועט איצט אין זייערע פיר צימערן? ווער בראָמקעט אף זײַן טײַערן ראָיאַל? וויִאַזוי, לעבן וועלכע שכיינים איז זי אָפּגעגאַנגען מיט בלוט און זיך צעזעגנט מיטן לעבן, סאָניע? סאָניע און נאָך וויפל לעבנס שוועסטערשע, קינדערשע, מיידלשע און פרײַנטישע!

זײַנע אויסדריקלעכע אויגן זײַנען פול מיט צאַר. ער פירט אָן מיט אן אוקראַיִנישן דיוויזיע־כאָר. ער איז אין קאָוועד. נאָר וואָס קומט אַרויס? עפּעס גאָר וויכטיקס אין זײַן לעבן איז שוין געפּאַטערט.

ווינאָגראַדאָוו האָט אָנגעקלונגען צו א דעפּוטאַט, א פרוי. ניקיפאָראָווא הייסט זי. מיר האָבן זי געדאַרפט טרעפן אין שטאָטסאָוועט.

א ליבער מענטש, א פּאָשעטע פרוי פון א יאָר פערציק. ניט קיין גרויסע, ניט קיין אויסגעפּוצטע. באַשיידן. ריין. עמעס מענטשלעך. און מיר האָבן דערפילט, אַז מיר האַלטן זיך שוין פאַר א קליאַמקע, וואָס איז צוגעפּעסטיקט צו א מאַמאָשעסדיקער טיר.

ניקיפאָראָווא האָט בא מיר גענומען מײַן דערציילונג „ניט באַשערט“ אין דער רוסישער איבערזעצונג. זי האָט גענומען מײַן קינדער־זאַמלונג „דער שיפער“ אויך אין דער רוסישער איבערזעצונג. זי האָט צוגעזאָגט עס מיר אומקערן צו דער צײַט. זי ווייסט, אַז דאָס זײַנען בא מיר די איינציקע שטיקער באַלעבאַטישקײַט.

פאַר מיר אין די אויגן האָט זי געקלונגען און געפרעגט פאַר ביילקעס וועגן אַרבעט. איך בין איר ניט צו לאַסט. זי פרעגט, צי וועלן מיר קאָנען גיין די ערשטע צײַט אין א קליין צימערל פון עלף מעטער?

— אויב די שכיינים זײַנען שטילע מענטשן...

— דאָרט זײַנען ניטאָ קיין סאַך שכיינים. די יודינס, די ליפּאַטאָווס און מיר. אן איינשטאָקיק הויז. א קליין הייפל. בא דער ליפּאַטאָווע איז דער מאַן אף דער מילכאָמע. דאָס עלטערע ייִנגל אף דער מילכאָמע. דאָס קלענערע ייִנגל איז מיט איר. זי וועט בלײַבן באַם גרויסן צימער, און אײַך, וועל איך בא איר פּויעלן, זאָל זי אָפּטרעטן דאָס קליינע צימערל. איך גלייב, אַז איר וועט מיט זיי קענען הויזן.

ניקיפאָראָווא האָט אײַנגעאָרדנט ביילקען אף אַרבעט. ניט ווײַט פון אונדז. א צוויי־דרײַ קוואַרטאַלן. ס'איז א פאַבריק פון מוזיקאַלע אינסטרומענטן... מײַן טײַערע טאָכטער. זי וואָלט דאַרפן איצט לערנען באַגלײַך מיט מיליאָנען יוגנטלעכע אינעם גאַנצן לאַנד. די אוניווערסיטעטן מיט די אינסטיטוטן האָבן זיך ניט פאַרמאַכט. פון דער אָקופּירטער זאָנע זײַנען זיי אַרויסגעפאָרן אין הינטערלאַנד. אויך אַהער, קיין סאַראַטאָוו, איז געקומען דער לענינגראַדער אוניווערסיטעט.

פון דער אַרבעט איז ביילקע דעם ערשטן טאָג געקומען זייער א צוגעשטילטע. אן אומעטיקע. נאָר... שאַ... צו וועמען קאָן מען דען האָבן טײַנעס? די אַרבעט איז ניט קיין געווינטע, די מענטשן — דערווײַל אַלע פרעמדע...

עס זײַנען זיך צונויפגעפאָרן פיל אוקראַיִנישע ליטעראַטן, קינסטלער, מוזיקער, זינגער און אַרטיסטן. גיכער האָט עס געטראָגן א כאַראַקטער פון א מיטינג. ס'איז געווען ליכטיק אין זאַל. געהויבענע פײַערלעכקײַט. קימאַט אַלע נעמען פון די, וואָס זיצן אין פרעזידיִום, זײַנען מיר באַקאַנט.

דער גרעסטער טייל פון זיי וווינט איצט אין אופאַ. א טייל זײַנען אָפּגערופן פון די

---

[1] אן אוקראַיִנישע אָפּערע־זינגערן.

[2] קינאָ־רעזשיסער.

פראַנטן. אפילע קאַרנייטשוק[1] גייט אין א מיליטערישן פעלץ, א קורצער ביז די קני, מיט א ווייַסער מעזדרע. ער איז דורכגעגאַנגען מיט א גרינגן גאנג. מיר איז געפעלן, ווי ער זעט אויס באשעפטיקט. דאָווזשענקאָ איז מיר שטארק צום הארצן, און ניט נאָר מיר. ער גייט אויך אין א מיליטעריש פעלצל, ארומגעגארטלט מיט א געלן לעדערנעם ברייטן פאס. דאָס אוקראַיִנישע פאָטערלאנד, דאָס היימלאנד איז איינגאנצן אָקופּירט פונעם סוינע. אפילע די ערד די אוקראַיִנישע ווארגט זיך אונטערן רויצייעכס שטיוול, ניט נאָר די מענטשן. און דאָך איז גוט, וואָס זיי האָבן זיך אָף וועמען אָנצושפארן. גיי מאָל עס אויס... אָט זייַנען זיי דאָ אין דער רוסישער רעפּובליק בעקאָוועדיקע געסט, וועלכע פילן זיך ניט ווי קיין אָנגעוואָרפענע.

אויך איך האָב געפילט א היימישע, א נאָענטע אטמאָספער. נאָך איין רעגע, און איך בין ניט אין קיין סאראטאָווער זאל, נאָר אין א היימישן... באלד וועט זיך ענדיקן די קינסטלערישע טייל, וועלן מיר ארויסגיין פון די ברייטע צעעפנטע טירן, און עס וועלן אונדז אופנעמען היימישע קיִעווער גאסן. וואָלגעמוט וועט אויך פאָרן צו זיך אהיים. באזשאן, רילסקי, דאָווזשענקאָ, קאָרנייטשוק — יעדערער צו זיך, און איך אויך צו זיך...

איך האָב ארייַנגעזאפט אין זיך די ליכטיקייַט און די פייַערלעכקייַט, וואָס האָט געהערשט אין פּרעזידיום און אין זאל. מיר איז געפעלן, וואָס דער אוילעם איז געקליידט גרויסשטאָטיש. איך האָב זיך אייַנגעקוקט אין די באקאנטע, מיר נאָענטע פּנעמער. איך בין אזוי געווען פארטאָן מיטן אייַנזאפן אין בליק דאָס געזעענע, אז אייניקע רעדעס זייַנען דורכגעשווומען פארבייַ מייַן געהער. עמעס, ווען דאָווזשענקאָ איז ארויף אָף דער בינע, בין איך געוואָרן וואך און זיך באמיט ניט דורכצולאָזן קיין איין וואָרט... יעדעס וואָרט זייַנס האָט א וואָג און איז גייַסטיק דערהויבן, גייַסטיק פארטיפט. ער איז אן עכטער זון פון זייַן פאָלק!.. אזויווי ער איז א קינד פון א דאָרפישער מוטער, איז אים דאָס דאָרף אייגן. ער איז אין דער זעלבער צייַט א פרייַנט פון יעדן אונטערדריקטן פאָלק. די אוולעס, וואָס ווערן קעגן עמעצן באגאנגען, פילט ער, ווי זיי וואָלטן באגאנגען געוואָרן קעגן אים זעלבסט. אין דעם באשטייט, ווייַזט אויס, זייַן צויבער...



איר ווייסט, ווער ס'געפינט זיך דאָ? דער מאָסקווער קינסטלערישער טעאטער (דער מכאט). דער גרעסטער טייל ארטיסטן וווינט אינעם היגן האָטעל (ניט ווי א גאסט, וואָס קומט אָף א וואָך צי אָף א כוידעש), און זיי שפּילן אין א היגן טעאטער. איך האָב געזען גרויסע רייען צו דער קאסע.

וואָס טוט ניט א נאר, ווען ס'פאלט אים אייַן א קלוגער געדאנק? פונוואנען האָט זיך צו מיר גאָר גענומען די כוצפּע?

אין אָוונט, א צוואנציק מינוט פארן אָנהייב, בין איך צוגעגאנגען צום אדמיניסטראטאָרס פענצטערל. איך זאָג אים, ווער איך בין, „אויך אן אָנגעפאָרענער", „א קיִעווער שריפטשטעלער", און דער מאן פון יענער זייַט פענצטערל האָט מיט מיר ניט געמאכט קיין סאך רייד און אויסגעשריבן א פּלאץ.

יונגע מיידלעך זייַנען געזעסן מיט יונגע מיליטערלייַט: לייטענאנטן, קאפּיטאנען... געוויינלעכע מיטליאָריקע שטאָטלייַט זייַנען געווען אָנגעטאָן, ווי ס'פּירט זיך, יאָמטעוודיק, ווי עס פּאסט פאר א טעאטער.

מיר איז גוט, ווען עס גייט די שפּיל. ליכטיק איז אָף דער בינע, און אין זאל איז פינצטער. ס'גייט טשעכאָווס א זאך — „די דרייַ שוועסטער". עס איז ווייַט פון אונדזער צייַט, פון אונדזער שטימונג, אָבער ס'רירט דיך.



מאָרגן איז דער פינפטער פּעווראל. שוין ניטאָ דאָס 41־טע יאָר. לעבן דעם 4 שטייט שוין א 2 — דאָס 42־טע. ווי ווערט מען וואָס גיכער פּאָטער פון די שווערע צייַטן?.. פארשווינדט!.. ווערט אנטרונען!.. זאָל שוין אָנהייבן שארייַען אָף טאָג. זאָלן זיך שוין ווייַזן ווארעמע טעג. דאָס הארץ און דער געדאנק זאָלן קומען צו זיך.

מאָרגן, דעם 5 פּעווראל, ווערט לייבעלען נייַן יאָר.

א מענטש. ער איז עפּשער דער שענסטער מענטש אין אונדזער קליינער פּירפּערזאָניקער מעלוכע. אין אונדזער שמאָל סאראטאָווער הייַפעלע. לייבעלע איז א שיינער, א זויבערער. זייַן געזיכט לויכט זיך. זייַנע אויגן קוקן ליכטיק. זייַן מויעך דענקט שוין!..

---

[1] בארימטער אוקראַיִנישער דראמאטורג.

איך ווייס, אז אויב ריידן ניכטער, איז לייבעלע נאָך א קינד. ער האָט נאָך פאָרויס עטלעכע קינדהייט־יאָרן. נאָר וויאַזוי זאָל איך עס איבערגעבן? איך האָב פאר אים טיפן אָפשיי. איך האָב פאר אים דערעכערעץ, וועלכן איך דאַרף אויסבאַהאַלטן, ווייל פאר אים קאָן עס זיין אומגעזונט, ווען איך וועל עס ארויסווייזן צו אָפן. אָבער אין אונדזערע שמועסן לאָז איך אים, ער זאָל זיך פילן פריי. אין שטוב זאָלן מיר זיין ווי ווייט מעגלעך אלע גלייך. דאָס שאַט אים ניט. און בא זיך ווייס איך, אז איך האָב בא אים, בא לייבעלען, פיל וואָס צו לערנען, אפילע אין עמעסדיקייט. אין שיינער מענטשלעכער אָנשטענדיקייט... איך וויל נאָר, אז אויסער די קענטעניש, וואָס ער קריגט אין שול, זאָלן נאָך די הענט זיינע קענען טאָן אַן ארבעט. ס'איז ניטאָ אים בא וואָס צוצולערנען. דאָס איינציקע, וואָס ער העלפט מיר, איז אָנזעגן א ביסל האָלץ. בא אים הייסט עס, אז ער העלפט אין שטוב, און בא מיר וויל איך — זיינע הענט זאָלן זיין געוווינט אפילע צו גראָב געצייג.

דווירע האָט היינט באַקומען אין קראָם צוקערקעס לויט די שפייז־קאַרטלעך. וועט מען מאכן א שיינעם טיי לעקאָוועד לייבעלעס געבורטסטאָג. עפשער וועט ביילקע ברענגען א פאָר פאַנטשיקעס פון דער ארבעט. ס'ווילט זיך באשיינען לייבעלען דעם יאָמטעוו.

■

איינער א ייִד, וואָס אים איז קיין בוך ניט פרעמד, האָט מיר אָנגעוויזן אף נאָך א ביבליאָטעק. טאקע דאָ בא אים אין הויף. דער ארייַנגאַנג אפן ערשטן שטאָק איז א שמאָלער און א זייטיקער, אויך פינצטערלעך, ביז מע געוווינט זיך צו. ערשט איצט האָב איך געכאַפט באַם טויער, פונדרויסן, ניט קיין גרויס שילדל.

האַלעווייַ וואָלט איך אזוי וועלן און קענען לייענען, ווי איך וועל דאָ זיין באַזאָרגט מיט געוונג גייסטיקער שפייז. מאכט זיך אַמאָל א קליין בעהיימעלע, וואָס עס איז, דוכט זיך, ניטאָ אף וואָס א קוק צו טאָן, און עס מעלקט זיך.

איך האָב דאָ געטראָפן א קלייניקן פאָנד ייִדישע ביכער. ווי אין א טונקעלן, ניט אויסגעפוצטן שפיגל, האָב איך דאָרטן שטיל און אָן ראַש דערזען זיך אַליין, מיין אייגן געזיכט: „דערציילונגען י. קיפניס, כאַרקאָוו, 1930...“ שאַ, מיין טייערינקער, שאַ. זאָג דיין אָרעם הערצעלע, עס זאָל ניט שפרינגען, עס זאָל ניט צאַפלען. עס שפרינגט סייווי ניט? עס האָט זיך שוין אָפגעוווינט פון אַזעלכע שטיק? נו, איז דאָך אוואַדע גוט.

אָט דאָס ביכעלע דערציילונגען איז דאָ פאַראַן דריי מאָל? איך וועל א בעט געבן, וועל איך איינס קאָנען צונעמען, עס זאָל ווערן מיין אייגנס. אזוי האָב איך געפונען אף די טונקעלע הילצערנע פאָליצקעס נאָך איין ווערק פון א. קיפניסן און נאָך איין ווערק. נו, זייער שיין. נאָר אָן ראַש און אָן קעלבערנער היספיילעס...

איך האָב דאָרט געפונען נאָמבערגן און ווייסענבערגן. עטוואָס אַש און זינגער. שאָלעם־אַליינכעמס צעוואָרפענע ביכלעך. איך האָב געפונען רייזינס לעקסיקאָן. דאָס איז פאר מיר אַליין א נייס. בערגעלסאָן — אַזאַ יונגער, אזוי ווינציק באַוווסט, און דאָס פאָטאָ־בילדל זיינס.

די עלטערע מיטארבעטערן זעט אויס אריבער פופציק. געוונג געקנייטשט, געקליידט קוים־קוים אף דאָס לייַב צוצודעקן. טוט די באָטיקעס ניט אויס. די שטים איז הייזעריקלעך, נאָר זי נעמט מיך צו מיט א פאַרגעניגנדיקן שמייכל. איך בין איר ניט צו שווער מיט מיין אַרומקריכן צווישן די פאָליצעס, מיט מיין נעמען צו פיר, צו פינף ביכלעך. ס'באַקומט זיך, ווי זי וואָלט געזאָגט: „כ'וועל עס נעמען אין קייוועך אריין?..“ אָדער: „ניצט עס געזונטערהייט, אויב איר האָט נאָר צו דעם א גוסט...“

א געווינס איבער א סאַך געווינסן! און כוץ אַלע זאַכן, איז מיר נאָענט דאָס גיין אַהער. די ביבליאָטעק געפינט זיך אפן וועג צו דער גאָרקיך, וואָס אַנטקעגן דער קאָנסערוואַטאָריע, ניט ווייַט פון דעם שטאָטישן סקווער. דאָס לעבן האָט נאָך אין זיך שטיקעלעך גליק און דאַפקע פונדייַנטוועגן. האָסטו נאָר א פרייַע שאָ און ס'טוט דיך א מאָן, טאָ גיי צו און נעם.

■

היינט האָבן מיר זיך פון פריידקעס א בריוו דערוווסט איין קלייניקייט: פייגעלע (דיאַמאַנטס שוועסטער) איז נאָך אין אווגוסט כוידעש דערטרונקען געוואָרן טאקע אין דעם זעלבן דאָרף, ווו זי האָט מיט איר קלענער שוועסטערל ליאַליע געוווינט און זיי האָבן דאָרט ביידע געלערערט. זייער א שווערע און ביטערע יעדיע! אָט דאָס איידעלע און באַגאַבטע קינד, שטיל געטראָגן נויט און יעסוימעשאַפט, אין דער פרעמד און אין עלנט געלערנט און זיך אויסגעלערנט, זיך ענדלעך געשטעלט ארבעטן מיט קאָוועד און מיט א ווערט בא מענטשן. און אז ס'איז געקומען צום

לעבן, ווּ האָבן זיך אהינגעטאָן די יאָרן?! פון דער מוטער, אין אָמסק, ווּ זי געפינט זיך איצט, באַהאַלט מען עס דערווײַל אויס. מע פאַרעדט איר דעם מויעך מיט ליגונים ניט געשטויגן, ניט געפלויגן.

ווי באַ אַן ערדציטערניש, ווי באַ די גרעסטע אומגליקן, וואָס די מילכאָמע האָט געבראַכט אונדזער לאַנד, שטייסטו מיט צענומענע הענט אומבאַהאָלפן. אויב דו קאָנסט, טאָ ווער צעריסן פאַר ווייטעק. סיַיווי וועט זיך דאָ גאָרנישט ניט ענדערן. דאָס, וואָס עס איז פאַרלאָפן, איז שוין אָף אייביק!..

זי, פייגעלע, האָט, דוכט זיך, פאַרלאָזט לאַנגע האָר. אָך, סאַראַ שיינע נעשאָמע דאָס איז געווען! מיט אַזעלכע מענטשן איינעם איז גאָר גרינגער צו לעבן אָף דער וועלט. ווּ געפינט זיך איצטער, פייגעלע, דײַן פאַרשוווּמען געוואָרן געביין? דער טויט לאָקערט איצט פון אַלע ווינקעלעך.

איך האָב ניט געוויינט. טרערן האָבן געשפילט ערגעץ אין האַלדז...

ביילקע איז געקומען פון דער אַרבעט, אָפּגעגעסן מיטיק, אויסגעהערט די נײַעס פון טאָג, און דערנאָך ערשט האָבן מיר איר געגעבן פריידקעס בריוו.

דווירע האָט זי געוואָרנט אין דער שטיל:

— שרײַ ניט, ווײַל מיר האָבן נאָך לייבעלען וועגן דעם ניט געזאָגט.

באַ ביילקען האָט זיך דאָס פּאָנעם אָנגעגאָסן מיט רויטקײַט.

— איך שטויס זיך אָן, — זאָגט זי און מיינט, אַז דאָרטן איז דאָ עפּעס וועגן גדאַליען.

— ניין, — זאָג איך צו איר, — אָנשטויסן איז זיך דאָ קלאָר ניט מעגלעך...

זי לייענט גיך. לאָזט דורך שטיקער. ווײַל כאַפּן דעם טאָך. איך גיב אַכטונג פון דער זײַט. זי וועט זיך צעוויינען צי ניט? ניין. זי איז נאָר שטאַרק דערשראָקן. זי וואָלט וועלן וויסן, וויאַזוי איז עס אַלץ געשען? ווייסן מיר אויך ניט מער פון איר... דער אָוונט איז זיך צעגאַנגען אַזוי ווי געווײנלעך. ערשט אַרום נײַן האָט זי זיך צעוויינט געשמאַק, פאַרצויגן און לאַנג ניט געקאָנט זיך אָפּשטעלן.

מיר ווייסן ניט, צי האָט מען געבראַכט די קליינינקע פייגעלע צו קווורע (פאַר מיר לעבט זי אויך טויטערהייט), און אויב ס׳איז דאָ אַ קליין בערגעלע ערד מיט אַ צייכן, צי וועלן מיר עס ווען־עס־איז קאָנען באַזוכן?



איך האָב זיך ביגנייווע אַרײַנגעכאַפּט אָף אַ באַטאָגיקן ספּעקטאַקל אין מכאַט. ס׳איז געגאַנגען „אַנאַ קאַרענינאַ“. נײַ און אינטערעסאַנט איז פאַר מיר געווען קעדראָוו (קאַרענין). אַ סאַך צושויער וויינען. אייניקע גלוסט זיך וויינען. נאָר דאָס איז שוין אומפאַרמײַדלעך: ווען קאַרענינאַ באַזוכט דאָס יינגעלע אירס אין זײַן געבורטסטאָג, — דאָ שלאָגן אַרויס טרערן באַ איטלעכן פון די אויגן.

אין זאַל זעט מען אַ סאַך יוגנט.



וואָס הערט זיך אָף די פראָנטן? ווען ס׳איז דאָ אַ גאָט אָף דער וועלט, וואָלט ער דען געקאָנט צוקוקן, וויאַזוי ס׳ווערן אויסגעשאָכטן אַזויפיל לעבנס? אַפילע פאַר די אויסגעריסענע שטיקער ערד בלוטיקט דאָס האַרץ, וויאַזוי זשע איז פאַר די אופגעריסענע בײַכער? פאַר די אָפּגעריסענע הענט און פיס?

דער יאָרטאָג פון דער רויטער אַרמיי. פּאָנען הענגען איבער די גאַסן. מיר וואַרטן אַלע, אַז די ראַדיאָ זאָל איבערגעבן גוטע נײַעס.

נעכטן אָפּגענומען בריוו פון די קינדער. פאַרן 7־טן, 8־טן, 9־טן און 12־טן. בראָכעלע שרײַבט, אַז זי האָט זיך שוין צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז גדאַליע איז אָף דער וועלט ניטאָ. ווען ניט, וואָלט זיך דורכגעריסן אַ בריוו פון אים. „האַלעווײַ, — שרײַבט זי, — זאָל זי ליגן זאָגן. איך וויין און וויין, און וויין ווײַטער“...

איך שטעל זיך פאַר די קליינינקע, אין זאָרגן פאַרקלאָפּאָטעטע בראָכעלע, וויאַזוי די אויגן טריקענען זיך באַ איר ניט אויס, באַוויינענדיק איר פרײַנט און כאַווער, דעם טאַטן פון אירע דרײַ קליינע קינדער.

פון ליאָליען, — שרײַבן זיי, — איז געווען אַ מער געניויער בריוו. זיי האָבן יענעם טאָג שטיל געזונגען, זײַנען פון עפּעס געוואָרן אופגעלייגט. זיי זײַנען אַרויס צום קובאַן נאָך וואַסער. און דערנאָך זיך אַוועקגעזעצט אָפּן ברעג וואַשן די פיס. ליאָליע איז די ערשטע אופגעשטאַנען

און אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט. דערהערט פייגעלעס אַן אויסגעשריי, קערעוועט זי זיך אויס מיטן פּאָנעם צום טײַך און דערזעט פייגעלעס הענט, וואָס האָבן אַ רעגע אַרויסגעשטעקט פונעם וואַסער... שווימען האָבן זיי ביידע ניט געקענט.

אויך פון דעם בריוו גייט מען אַרויס, ניט וויסנדיק, צי האָט מען זי אָפּגעזוכט. ס'איז אַ סוואָרע, אַז ניט. ווײַל ס'וואָלטן געווען נאָך יעדיעס.

■

איך ענדיק לייענען שאָלאָכאָווס פּערטן בוך. איך בין אים מעקאַנע. ס'מאַכט ניט אויס, וואָס מישקע קאָשעוואָי האָט זיך באַקומען בלײַיך. דאָרטן, ווו די מוטער גריגאָריס בענקט מיט די לעצטע קויכעס נאָכן זון, איז שטאַרקער...

אין אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק געגומען די זאַמלונג וועגן אָשער שוואַרצמאַנען, וועלכע איז ניט לאַנג צוריק אַרויס אין „עמעס"־פאַרלאַג.

פון פרימאָרגן געאַרבעט אַ ביסל. אָנגעקאָרפּעט אַ קליינע דערציילונג, אָבער ניט פון דעם מין, וואָס איך האָב ליב.

דווירע איז גערן, ווען איך טו עפּעס, און דאָס איז מיר זייער ליב. די טעג האָט זי מיר אַפילע אַ זאָג געטאָן (און איך הער עס פון איר ניט דאָס ערשטע מאָל):

— היט אָפּ דעם פונק, וואָס דו פאַרמאָגסט. אַרבעט. ס'וועט ניט פאַרפאַלן גיין.

אָט די־אָ ווערטער אירע נעם איך אויף ווי אַ צערטלעכן גלעט.

■

הײַנט איז דער אַכטער מאַרט. פאַראיאָרן האָב איך געקויפט פאַרן ווײַב, פאַר דער טאָכטער, פאַר די שוועסטער, פאַר דער אַרבעטערן, פאַר בלומען — וועמען אַ נאַשערײַ, וועמען פּאַרפומען אָדער אַ בילעט אין טעאַטער. איצט קאָנסטו נאָר וועלן.

אָנגעשריבן די לעצטע טעג אַ קליינע דערציילונג „שכנים". עפּעס איז עפּשער אין דעם דאָ...

געקראָגן די אַדרעסן — כאַנע לעווינס, אַלבערטאָנס, בער סלוצקיס. צו כאַנע לעווין האָב איך אָפּ מײַן לעבן ניט געשריבן, צו אַלבערטאָנען אויך זעלטן. איצט וועל איך שרײַבן. דורך דער פרעמד ווערט מען דערנעענטערט.

■

אין ביכער־קראָם געטראָפן אַ רויטאַרמייער. ער האָט געקויפט פאַר דער ביבליאָטעק פון זײַן טייל צוויי בענדער פּערעצעס אין יידיש.

איך פרעג, צי עס זײַנען באַ אים דאָ יידישע לייענער.

— יאָ, — האָט ער געענטפערט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

■

איבערגעלייענט שאָלעם־אַליכעמס צווייט בוך „פונעם יאַריד". דער דאָזיקער ייד איז מיר זייער צום האַרצן: אַזאַ שעפע פון אומגעריכטע סיטואַציעס. לעבן אים איז דיר קיינמאָל ניט אומעטיק! אַ מאַזל פון אַ מענטשן!..

אַז איך האָב זיך אין אָוונט געלייגט שלאָפן, איז מיר פאַר די אויגן געשטאַנען דער פּלאַץ און דער טראַטואַר פון אונדזער הויז אָף לענין־גאַס 68. אויך די געפלאַסטערטע ברוק־שטיינער, וואָס ציען זיך פון אַלע פיר ראָגן. מיט זייער אויסגעפּורעמטקײַט דערמאָנען זיי די ווינקלען און קערפּער־טיילן פון אַ לעבעדיקער באַשעפעניש. גיי שטעל זיך פאָר, אַז דאָס וועט פאַר דיר זײַן ניט דערגרייכבאַר. אויב דו ביסט גרייט באַצאָלן מיטן לעבן, קאָנסטו זיך פאַרגינען טרעטן אָף דער אייגענער ערד. וועלוועלער — גייט עס ניט.

באַקומען פון בוזי מילערן 200 רובל, וואָס האָבן לאַנג געבלאָנדזשעט איבער דער וועלט. איך האָב אים געשריבן, אַז פון זײַן ערשטן (און דערווײַל איינציקן) בריוו צוריק מיט וואָכן בין

איך מער קאַנטעט. און איך וואָלט זייער וועלן, אַז דאָס געלט זאָל זײַן פון רעדאַקציע אָדער פון שרײַבער־פאַרבאַנד, נאָר ניט פון זײַן קעשענע. איך צי זיך צו אים. סיבעס זײַנען דערבײַ פּאַ־ראַן פּאַרשיידענע. עטלעכע מאָל האָט ער זיך וואָרעם אָפּגערופן וועגן מיר אין דער פּרעסע. פּערזענלעך זײַנען מיר קימאַט ווי ניט באַקאַנט. ער האָט מיך געדרוקט אין זײַן בירעבידזשאַנער זשורנאַל. ער איז הירשקע דיאַמאַנטס אַ נאָענטער כאַווער.

געווען אין קינאָ. געזען „די דײַטשן קריגן אַ קלאַפּ הינטער מאָסקווע". דעם שווערסטן אײַנדרוק מאַכן די פאַרפרוירענע קערפּערס פון אונדזערע פּאַרטיזאַנקעס, צעמאַרדעוועטע מע־נער, פרויען, אַלטע לײַט און קינדער. אַ פאַרהויבענע, פאַרגליווערטע פויסט פון אַן אַלטן מאַן. אַ קעפּל פון אַ פאַרפּײַניקט ייִנגעלע. שטאַרע פאַרקאַליעטע פיס בײַ אַ פרוי אין איינע טריקאָ... העסלעכע אומווירדיקע דײַטשן. ס'וועט זיי זײַן אָפּגעצאָלט מידע קענעגעד מידעי. אין דער געשיכטע גייט גאָרנישט ניט געשענקט.

אַ גאַנצן פרימאָרגן, אַז איך האָב פאַר די אויגן שטיקער קיִעוו. איך מיין אַפילע, אַז איך לייען און שרײַב אין קיִעוו.



ערענבורגס אַרטיקל אין „פּראַוודאַ" — „די באַדײַטונג פון איינעם אַ פּאַראַט", וועגן קנוט האַמסונען. ס'טוט אַ צופּ באַם האַרצן. אַגעוו, האָט מען שוין פריִער געהערט וועגן דעם. ס'איז אַ כידעש און אַ פאַרדראָס: געבן פאַרערונג דעם באַטריבער פון זײַן אייגענעם פאָטערלאַנד? דער, וואָס קוילעט אַלטע לײַט, פרויען און קינדער, איז בײַ אים געוואָרן אַ פּראַגראַם און אַ פּאַן. ס'גראַמט זיך עפּעס זייער שלעכט, נאָר ס'איז אַ פאַקט.



מיר האַלטן אַלע אין איין ריידן, אַז מיר ווילן אַהיים. בײַ אונדז איז די היים — קיִעוו. בײַ אַ צווייטן — באַסלעוו, בײַ אַ דריטן — אַריאָל, מאָסקווע, זשיטאָמיר, טשערניגאָוו. און סלאָ־ווענעע איז דען גאָרניט? סלאָוועשנע איז אויך אַ היים. די היים שפּילט אין דער פאָרשטעלונג מיט אַלערליי ליטערע און דורכזיכטיקע קאָלירן.

פון פייגע האַפּשטיין צוויי בריוו. ענדלעך זײַנען דאָ ניסטערס, קוויטקאָס, באָריס מאַרשאַקס און סלוצקיס אַדרעסן.

נעכטן האָט די צײַטונג געלאָזט וויסן וועגן די מעלוכע־פּרעמיעס: שאָסטאַקאָוויטש, ערענ־בורג, טיכאָנאָוו, די קוקריניקסן און נאָך כאַווירים. אייניקע יונגע שרײַבער האָבן באַקומען אָרדענס אָפן פראָנט. ניט פאַר דער ביקס, פאַר דער פען: אַלטאַוזען, אוטקין, גאָרבאַטאָוו. פאַר דעם קריִג פלעג איך קוקן אַנדערש אָף באַלוינונגען, וואָס שרײַבער באַקומען. מיר פלעגט זיך דוכטן, אַז דער גרעסטער לוין איז די מעגלעכקײַט זיך דרוקן, די מעגלעכקײַט, וואָס דײַנע ווערק ווערן אונטערגעטראָגן דעם ברייטן לייענער.

שרײַבער אָפן פראָנט — דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש! ניט ווייניק זײַנען געפאַלן שרײַבער אָף די שלאַכטפעלדער. אַזעלכע נעמען זײַנען פאַרן לאַנד אַ קאָוועד, און דאָס פאָלק וועט וויסן, וויאַזוי צו שאַנעווען זייער אָנדענק.



פון שאַכנע עפּשטיינען אַ טעלעגראַפישע יעדיע פון קויבישעוו. עס ווערט אַרויסגעגעבן אַ צײַטונג פונעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט.

וועגן מיקעלאַנדזשעלאָ נעכטן געלייענט: ייִנגלווײַז האָט ער עפּעס אָנגעמאָלט בעסער פון זײַנע כאַווירים און זיך צו אָפן באַרימט מיט דעם. איינס פון די ייִנגלעך האָט ניט אויסגעהאַלטן און דערלאַנגט אים מיטן פויסט אין פּאָנעם אַרײַן און אים איבערגעבראָכן דאָס נאָז־ביינדל. די דאָזיקע „כסימע" האָט זיך שוין ניט אָפּגעמעקט אַלע יאָרן.

---

[1] געמיינט: ווי זיי האָבן פאַרדינט.

מיקעלאַנדזשעלאָ האָט געשריבן, געמאָלט, געקלעפּט, געהאַקט אין שטיין, געבויט און אויך געמאַכט מיליטערישע (בוי־אינזשעניערישע) דערפינדונגען. געווען גאונים אַזעלכע, וואָס האָבן פאַר איין מענטשלעך לעבן אויפגעטאָן אַזויפיל, וואָס אַנדערע פונעם זעלבן פאַך וועלן עס ניט אויפטאָן פאַר צען לעבנס.

עס שרײַבט מיר כאַנע לעווינע: „איך האָב באַקומען אַ בריוו פון ניסטערן. ער גיט איבער די דערשיטערנדיקע נײַעס: ווינער, גורשטיין, גאָדינער, ראָסין זײַנען געפאַלן אפן פראָנט. יודל יאָפע איז געשטאָרבן אין סאַמאַרקאַנד".



י.־ל. פּרעץ האָט געזאָגט אף דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, אַז זי האָט איין פאַרדינסט: צו־ליב דער גרויזאַמקײַט און די לעבנס־פאַרלוסטן וועלן שוין מענטשן מער קיין מילכאָמע ניט פּראָוון. אַנאַטאָל פראַנס איז אויך געווען בא דער זעלבער מיינונג. האָבן זיי ניט געטראָפן... ווען זיי לעבן און טוען אַ קוק אף דער איצטיקער סרייפע!!!

נעכטן געגעסן צוזאַמען מיט די לעבעדינסקיס[1] מיטיק. לעבעדינסקי גיט אָפּ גרוסן פון אַרקע קושניראָוון. דער פּראָפעסאָר, אונדזער לאַנדסמאַן, האָט מיר דערציילט, אַז אין ראַדיאָ האָט ער געהערט, ווי עליע ספּיוואַק האָט דערמאָנט מײַן נאָמען צווישן די ייִדישע שרײַבער.

די בלאַט אין קויבישעוו, צי זי גייט שוין אַרויס, צי ניט, נאָר הייסן וועט זי „אייניקײַט" (געווען וועגן דעם געמאָלדן אין „פּראַוודאַ"). ס'לייענט זיך גרינג. נאָר עס רעדט זיך אַרויס ניט געוווינט.

נעכטן געווען אף גינזבורגס קאָנצערט. אַ פּיאַניסט.

ווי געוויינלעך, גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען. איבער מײַן ניט קענען קיין מוזיק ציט זיך אַזוי לאַנג אַזאַ קאָנצערט. איך קוק נאָר, וויאַזוי די צושויער רעאַגירן. ניט האָבן קיין אַנונג אין קאָמפּליצירטער מוזיק און אין מאָלערײַ־קונסט איז אָן סאָפּעק אַ גרויסער בלויז פאַר אַ מענטשן הײַנטיקע יאָרן. דערצו איז מען נאָך אַ שריפטשטעלער בא ייִדן. ער האָט געשפּילט ווערק פון ראַמאָ, בעטהאָווען, גריג און ליסט. שאָפּענען האָט ער געשפּילט, ווען מע האָט אים אַרויסגערופן אף ביס.

נעכטן געווען פון מוישע דיאַמאַנט אַ פּאָטשט־קאַרטל. אַ קאַרטל מיט פּאָשעטע געוויינלעכע ווערטער פון אַ פרײַנט צו אַ פרײַנט, נאָר אין דער דאָזיקער פּאָשעטקײַט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַזעלכס, וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען. עס האָט עפּעס גענומען זינגען בא מיר אינ־ווייניק אַ געזאַנג. אָט דער דריבנער אין וווקס, איידלער, פון קאָפּ ביז די פּיס אינטעליגענטער מוישעלע איז שוין אפן פראָנט, און איינס פון די ביידע: קוילען אָדער געקוילעט ווערן, האַרגע־נען אָדער געהאַרגעט ווערן, מאַזיקן אָדער גענעזיקט ווערן. דײַנער אַן אייגענער שטייט דאָרט אין דער בלוטבאָד ביזן האַלדז...

אַ בריוול פון קוויטקאָן (פון קויבישעוו). געשמאַק, באַטאַמט. ס'איז אַ מענטש, וואָס פילט, אַז זײַן ברודער איז אין אַ צאָרע. אויב ער האָט פונזײַנעטוועגן אַן אופריכטיק וואַרעם וואָרט, שיקט ער עס גלײַך. ער זאָגט, אַז „שכיינים" וועט גלײַך ווערן אָפּגעדרוקט. ער בעט, איך זאָל שיקן אויך קינדער־זאַכן. ס'וועט זיך אָפּזוכן פאַרזייערטוועגן אַ פּלאַץ.



ס'איז סאָף אווגוסט. מע שלאָגט זיך אין סטאַלינגראַד. דאָס האַרץ איז אומרויִק און פאַר־קלעמט. נאָר וויבאַלד מיר גרײַפן אָן אף אייניקע פּלעצער, איז שוין אַ האַרעלע גרינגער.

מײַן טאָכטער גייט מיט אונדזער צושטימונג אוועק דעם 25־טן אַרבעטן אין אַן אַרמייִשער צײַטונג, ווו אונדזער קיִעווער שאָכן יעכיעל פאַליקמאַן אַרבעט איצט. זיי פאָרן אוועק אין אַ פּאָר טעג אַרום נעענטער צום פראָנט. טאַקע צו סטאַלינגראַד. פאַר ביילקען איז עס זייער אַן ערנ־סטער שריט. און ניט נאָר פאַר איר.

---

[1] יורי לעבעדינסקי — באַוווּסטער רוסישער שרײַבער.

אייערנעכטן באקומען פון דעם געלינקן הערשעלע א בריוו. ער איז דורכגעפאָרן סאראטאָוו. עפּעס א קליינינקייט, ווי דאָס הארץ האָט אים געצויגן, אז ערגעץ אונטער א דאך שלאָפן אין דער דאַזיקער שטאָט זיינע נאָענטע, אייגענע... גיי גלייב, אז דער צארטער הערשעלע שאַפּיראָ איז שוין א קריגער, א פּארטיידיקער פון אונדזער היימלאנד. פון מיר, פון דיר און פון אונדז איטלעכן?!

וועגן ביילקעס אוועקפאָר. ווען עמען איך זאָל ניט דערציילן, דערשרעקט מען זיך. גענוג אָבער צוגעבן, אז ס'איז לויט איר אייגענער איניציאַטיוו, ווי די פּענעמער ווערן ליכטיקער, און סיי יינגערע, סיי עלטערע גיבן גלייך צו:

— איר ווייסט? ס'איז עפּשער בעסער?!..



א שיינער טאָג אין דרויסן. אין די צייטונגען איז אָפּגעדרוקט ערענבורגס אן ארטיקל וועגן דער וואָלגע-שטאָט. ס'זיינען דאָ א סאך אָנצוהערענישן, אז דער דייטש וועט דאָ ברעכן דעם קאָפּ. ערגעץ מוז דאך עס קומען...

פון דער „אייניקייט" א טעלעגראמע, געכאַסמעט פון שאכנע עפּשטיין און איציק פעפער. זיי בעטן, איך זאָל פאר זיי עפּעס אָנשרייבן.

פון ביילקען ניטאָ נאָך קיין בריוו. און מיר קוקן ארויס...

אָנגעקומען „אייניקייט", נומער 10. וווּ זשע איז דער נומער 9?



זיך גענומען שרייבן א קינדער-דערציילונג, גייט עס דערוויל בלייך און אָן טאַם. צוריק מיט א יאָר אָנדערהאַלבן האָב איך ענדלעך אויסגעטראָגן דעם ראָמאַן „אונטערוועגנס". האָב איך די טעג אָפּגעשיקט צו מישען (דווירלס ברודער) קיין סיביר. דאָרטן וועט ער עפּשער זיין מער פאַרהיט.



באנאכט איז היינט געווען א פאַרצויגענער לופט-אַליאַרעם.

פון ביילקען צוויי בריוו. זי איז בא זיך פעסטער און מונטערער. זי זאָגט, אז די וואָלגע-שטאָט וועלן מיר ניט אָפּגעבן.

כייקע גאָלדפארב האָט זיך מיט אונדז עמעס דערפרייט. זי האָט געאַרבעט אין קיעוו אין יידישן קינדער-טעאַטער. זי קען גוט מוישקע דיאַמאַנטן. פון אונדז האָט זי דאָרט גוט געוווּסט, איז עס מעכעטייסע. אָבער דאָ איז זי צו אונדז צוגעזאָטן געוואָרן, ווי אן אייגענע, א נאָענטע... זי פאַרמאָגט אייגענעם פּרויען-כיין. קומט ארויס פון אָן אָרעמער שטוב. „טעוויעס טעכטער, ניט געדאַכט זאָלט איר ווערן" דאָס האָט זי גוט איינגעכאַזערט, און זי זאָגט עס אף איר פאָטער און אף אירע שוועסטער. בא זיי איז געווען א שטוב מיט מיידלעך.

פונעם טאַטן האַלט זי. זי גופע האָט זיך שוין אַזוי ווי ארופגעשלאָגן אף א וועג. אָבער דאָס געזונט האָט זי פאַרלאָרן, האָט א פּארטיקן לונגען-פעלער. עמעס, זי לאַכט פון דער וועלט... אַזאַ נאַטור... זי אַרבעט. ווייזט ארויס צו מענטשן שיינע פּריינטשאַפט, איז א פּארטייערן. בא איר איז א גוט הארץ.

זי האָט דאָ א מאַן. אויך א קיעווער. ער אַרבעט ערגעץ אין א קאַסע. טראָגט זיך ארום מיט גאַנצע טשעמאָדאַנעס קאַזיאָנע געלטער. מע זאָל אים כאַטש ניט באַנעמען. מילכאָמע-צייט שפּילט מען פאַר אַזעלכע זאַכן מיטן לעבן.

מאַטעריעל לעבט זיך איר אויך ניט גרינג. נאָר זי האָט פאַר אונדזערטוועגן קלייניקייטן. זי פאַרשטייט דאָך, אז בא אונדז איז א געזינד. אונדז קאָן אַלץ צוניץ קומען. זי האָט אונדז איידל און שטיל געפרעגט, צי מירן זיך ניט באַליידיקן. זי האָט עטלעכע קילאָגראַם פּאָמידאָרן, ניט קיין צייטיקע, גרינע. נאָר מע קאָן נאָך פון זיי עפּעס האָבן. מיר האָבן זיך ניט באַליידיקט. מיר האָבן איר געדאַנקט. זי האָט אונדז אַליין געבראַכט די „מעציע" און אונדז געלערנט וואָס צו טאָן מיט דעם: אויסשיטן אין א ווינקעלע אף דער ערד, צודעקן מיט א זאַק, און זיי וועלן אין דער פינצטער רייף ווערן. מיר זיינען געגאַנגען אין א ווינקעלע צום זאַק. ווי צו א קאַמער. מיר

דעקן אַף ניט אַף קיין סאַך, נעמען זיך צוקוקן. דאָ רויטלט זיך א בעקעלע, דאָ איז שוין א פאַ־מידאָרל ווייך און רויט קימאַט אינגאַנצן. מיר וואַשן אים אָפּ און בעטן אים צום טיש. באַ איר איז עס פונעם פּאַיאָק. און זי פריידט זיך מיט דעם, וואָס זי קאָן אונדז באַהילפיק זײַן כאָטש מיט א קלייניקײַט.



פון ביילקען האָבן מיר בריוו רעגולער.

באַנאַכט איז ווידער געווען א פאַרצויגענע באָמבירונג. מיר טוליען זיך אינעם שמאָלן הייפל און זעען ניט אויס טשודנע איינער באַם צווייטן אין די אויגן.

אין הייפל געפינט מען באַטאָג שפּליטערן פון זעניט־קוילן. יעדערער קלערט מיט שרעק: ווי וואָלט ער אויסגעזען, ווען דער שפּליטער פאַרקלײַבט זיך צו אים אין לײַב אַרײַן. די לופט ווערט אופגעלויכטן באַ יעדן שאָס. מע האָט זיך שוין א ביסל צוגעוווינט, און מע ציט זיך צו די געלעגערס, וואָס האָבן זיך נאָך ניט אויסגעקילט.

אין דער וואָלגע־שטאָט שלאָגט מען זיך שוין אַף די גאַסן. מע פאַרנעמט א מויער און מע שיסט פון דאָרטן.

דער וועטער איז גראָד זייער א שיינער. עמעס, דאָס זײַנען געציילטע און געשענקטע טעג.

פון רוזיײַעוויקע א בריוו, וואָס איז געווען אין וועג עטלעכע און דרײַסיק טעג. פון פייגע האָפּשטיין א בריוו — קנאַפּע דרײַ וואָכן. דאַוויד, זאָל געזונט זײַן, שרײַבט אויך אַמאָל צו א גרוס אין זײַן אײַליקער צעשטרייטקייט, אַזוי שרײַבט ער טאַקע: „יאָ. יאָ. איך גריס אײַך אויך. וואָס טוט איר דאָרט עפּעס?"

פייגע איז אדהײַעם אַרײַנגעטאָן אין יעדער שורע, וואָס ער שרײַבט אָן. זי ווייסט אַף אויס־ווייניק, ווו, וועלכע שורע איז באַ אים אָפּגעדרוקט. אַף וועלכער זיצונג מע דאַרף זען ניט פאַר־שפּעטיקן, דערמאָנט זי אים. זי איז גוט און געטרײַ צו אים, צו די קינדער. זי געדענקט, מיט וואָס מע דאַרף באַהילפיק זײַן זײַנע שוועסטער. אומעטום גייט אירס איבער, וויפל ס'לאָזט זיך נאָר.

ביילקע איז לעבן סאַמע פײַער. זי שלאָפט זיך קיינמאָל ניט אויס. אַמאָל פאָרט מען באַ־נאַכט אַף ניט קיין באַלויכטענער מאַשין. מע פעקלט זיך איבער איבער א טײַכל אַף א דין, שמאָל ברעטערדיק בריקל. א האָר אין דער זײַט, און דו קערסט זיך איבער מיט האַק־און־פּאַק אין דער נאַסער, קאַלטער, פינצטערער טיף אַרײַן. דער מענטש איז ווירקלעך שוואַכער פון א פליג און שטאַרקער פון אײַזן...

בלומע, די ביבליאָטעקערן, וואָס וווינט אין אָמסק, האָט מיר צוגעשיקט דעם 9־טן נומער „אייניקײַט". דאָרט איז אויסגערעכנט א גאַנצע רעשימע ייִדישע יונגעלײַט, וואָס האָבן מיט זייער העלדישקײַט באַשײַנט דעם נאָמען פון זייער לאַנד און פון זייער פאָלק.

כאַים דיסקין, לייוויק ריסין, ראַפּאָפּאָרט, ראַוויטש, כאַים־ייִצכאָק טאַכלער און נאָך. איי־ניקע זײַנען קוים אכצן יאָר אַלט. פּליִער, אַרטילעריסטן, שיפסלײַט.

בערגעלסאָנען איז לויט דעם דאַזיקן בלאַט געוואָרן 60 יאָר... קאָן עס דען זײַן? ער זעט אויס ייִנגער.

די טעג געהערט שאָסטאַקאָוויטשעס 7־טע סימפאָניע. איינציקע שטעלן אין דעם ערשטן טייל האָבן מיך גערירט ביז טרערן. די נערוון זײַנען דאָך אָן דעם אויך גוט פאַנאַנדערגעשרויפט.

אָנגעקומען „אייניקײַט" נומ. 15. אָפּגעדרוקט „שכיינים". זייער געקירצט. מיילע. גוט איז דאָס! סאַלוואַדאָר באַרזשעס האָט מיר צוגעשיקט א קאָפּיע פון „א ייִנגעלע מיט א מיידעלע". דאָרט, אין ביראָבידזשאַן, האָבן זיי עס איבערגעגעבן דורך ראַדיאָ.

אין „אייניקײַט" נומ. 15 גרויליקע ידיִעס וועגן ייִדן באַם דײַטש אין די הענט. ל. קוויטקאָ דערציילט אין נאָמען פון א פישער וועגן דער קערטשער גרוב, וואָס ריִעט זיך און גייט אויף, ווי א ראָשטשינע. סאַראַ מוירעדיקע כײַע דער מענטש איז.



אין זאַל פון דער קאָנסערוואַטאָריע — ראָזע פּלאָטקינעס א קאָנצערט פון דער ייִדישער פאָלקסליד. איך דאַנק דער וווּנדערלעכער זינגערן פון טיפן האַרצן.

די סוואָדקעס פון די לעצטע טעג זײַנען זייער דערפרייענדיקע.

אונדזערע פֿאַרבינדעטע, דעריקער די ענגלענדער, זאָלן זיך כאָטש ניט דערשרעקן פֿאַר אַזויפֿיל גוטע נײַעס. דערװײַל װילן מיר גלייבן, אַז די מאַפּאָלע דעם דײַטשס קאָן זיך אָנהייבן פֿון סטאַלינגראַד. אַ קאָװעד און אַ הילף, אַ ליכט אין די אויגן. די שטאָט װעט מען אויסבויען צוריק און נאָך מיט מער פּראַכט.



דער לעצטער טאָג אין יאָר. גיי גלייב, אַז הײַנט איז נאָך 1942, מאָרגן איז שוין 1943. װיפֿל לעבנס אומגעבראַכט, מישפּאָכעס צעריסענע, װיפֿל קאַליקעס, אַלמאָנעס, יעסוימים. און כורבוינעס פֿאַר אַ צוגאָב! צי דען זײַנען מילכאָמעס אַ מוז?

שוין באַלד האַלב יאַנוואַר. דער טאָג װערט קענטלעך גרעסער. דאָס גיט מיר קעסיידער ליכטיקע מונטערקײַט. דער װינטער איז נאָך פֿאָרויס, אָבער דאָס, װאָס די טעג האַלטן אין איין גרעסער װערן, פֿאַרזיכערט מיך, אַז װי װײַט ס׳זאָל נאָך ניט האַלטן, װעט פֿאָרט מיט די ליכטיקע טעג צוזאַמען זיך דערנעענטערן אויך דער פֿרילינג.

שוין פֿיר כאָדאָשים, אַז ביילקע איז ניט מיט אונדז.

פֿריידקע שרײַבט, אַז פֿון הערשעלען האָט זי אַ בריװ פֿון 30־טן סענטיאַבער. ער שרײַבט, אַז ער שלאָפֿט גוט. אַ מינע האָט זיך גאָר נאָענט אופֿגעריסן, און ער האָט ניט געהערט. ס׳איז אי קינדעריש, אי טראַגיש, אי פֿריידיק.

בלומע האָט צוגעשיקט אַ פּאָר אַלטע „איניקײַטן”, דאָרטן זײַנען דאָ אַלבערטאָן, מאַרקיש, האַלקין, בערגעלסאָן, פֿעפֿער... דער העלד שלוימע גאָרעליק איז טאַקע אומגעקומען. דאָרט איז דאָ אַ בריװ פֿון כאַיִם ביסקין. אַ רעשימע פֿון די באַלױנטע העלדן.

אַ שאַרפֿער, נאָגנדיקער װייטעק אין האַרצן! הײַנט איז דאָ אין בלאַט און אין דער סװאָדקע פֿון אינפֿאָרמביוראָ, אַז אין דעקאַבער כוידעש 1942 האָבן די דײַטשן פֿאַרברענט אין זשיטאָמירער געגנט אַזעלכע דערפֿער און שטעטלעך, װי סלאָװעשנע, כאָטשען, טכאָרין, בעהון, האָראָדעץ, סיר־ניצע, יאַראָװאַ, לוטשינקעס... דאָס זײַנען אַלץ אונדזערע ערטער.

אַלע היימישע האָבן זיך לעבעדיק אַ שטעל געטאָן פֿאַר די אויגן, צװישן זיי אויך די לײַבלעך־נאָענטע, װאָס זײַנען שוין אַװעק אין דער אייביקײַט. מײַן היימשטאָט האָט ניט איין מאָל געברענט, נאָר איצט איז זי שוין אינגאַנצן אָפּגעמעקט פֿון דער ערד.

די טעג האָט עמעצער געזאָגט: די דײַטשן האָבן אָפּיציעל געמאָלדן, אַז קאַרגע צװיי מיליאָן ייִדן זײַנען אויסגערונען פֿון פּוילן אין אַן אומבאַװוסטער ריכטונג. ריכטיקער געזאָגט, װעט עס הייסן, אַז קנאַפּע צװיי מיליאָן לעבנס זײַנען מיט דערנידעריקונגען, אומענטשלעכע װייטעקן און שװערסטע פּײַניקונגען אָפּגעשיקט געװאָרן צום „אייביקן לעבן”.

דעם 12 פֿעװראַל געקראָגן אַ טעלעגראַמע פֿון זלאַטאָוסט, אַז די דיכטערן אַניוטע (אַנאַ איזראַיִלעװנאַ) פּיאַטיגאָרסקאַיאַ איז געשטאָרבן דעם 3 פֿעװראַל 1943 יאָר. אַן איבערגעגעבענער כאַװער און זיך אָנגעליטן אין לעבן מער, װי ס׳נעמט זיך אָן פֿאַר איין מענטשן.

מיט אַ געװיסער פֿאַרשפּעטיקונג באַקומען די „איניקײַט” נומער 3. ס׳לייענט זיך ניט שלעכט אָרלאַנדס מײַסע מיטן לעניך־דענקמאָל, פּלאַטנערס פֿאַרצייכענונג „אונטער קלענאָװע בלעטער” װעגן אַ יונגער ייִדישער מוטער, װאָס איז געלאָפֿן פֿון מינסק פֿון די דײַטשן מיט אַן אויפֿעלע אָף די הענט. דאָס קינד איז פֿאָרט אומגעקומען, האָט זי עס צוגעדעקט מיט בלעטער, און דער ערשטער שניי האָט זיי באַשאָטן און באַדעקט מיט װײַסן. זי האָט זיך דערלאַנגט צו אַ רויטאַרמייִשן טייל. זי איז דאָרט צוגעשטעלט צו אַן אַרבעט, און קיינער דערקענט אָף איר ניט, אַז דאָס איז אַ יונגע לײַדנדע מוטער.

אַזאַ פֿרייד, אַז ס׳גלוסט זיך אַזש טאַנצן. אונדזערע האָבן באַפֿרײַט װאָראָשילאָװגראַד און ראָסטאָװ! אַ מעהומע און אַ מאַפּאָלע אָפֿן פֿאַשיסט! ער האָט זיך גענוג אָנגעזויגן מיט אונד־זער בלוט!

אין דרויסן איז א סאך ווארעמער. דאָס פענצטער איז אָפּגעגאַנגען. די טעג זײַנען גרעסער, און די ידיעות דורך ראַדיאָ — בעסער.

אין מאַקסים רילסקיס אַרטיקל („איזוועסטיאַ") זייער טרעפלעך און פּאָעטיש די שטעל, וויאַזוי די פייגל קערן זיך אום אַהיים. זיי זײַנען גיוואויר אַלע שטערונגען, בלויז דער טויט קאָן זיי פאַרהאַלטן. אַ נייטיקער איבערצײַגעוודיקער בילדערישער פאַרגלײַך — זיך אומקערן צום ביטער־זיסן רויך פון די אייגענע היימען. רילסקי פאַרמאָגט אין זיך ליכטיקײַט און האָט מיט וואָס צו זײַן אונדז נאָענט. זײַן געמיט איז נאָענט פאַרן ברייטן לייענער.

ראַדיאָ: פּאַוולאָגראַד, קראַסנאָדאַר זײַנען ווידער אונדזערע. מיר זײַנען שוין לעבן פּאָלטאַווע און דניעפּראָפּעטראָווסק.

הײַנט האָבן מיר דעם 22־טן טאָג אין פעוורואַל. דאָס רעדעלע האָט זיך שוין אַ דריי געטאָן צום בעסערן. דערוויַיל גרייפן מיר שוין אָן. זיי קוקן זיך אום. זיי ווילן מיינען, אַז עס איז עפּעס אַ צײַטווײַליקע מיספאַרשטייעניש, נאָר — נאָך אַ וואָך און נאָך אַ וואָך, וועלן זיי זיך שוין אופהערן אומקוקן אויך.

ידיעות אין ראַדיאָ — גוטע. נעכטן — רזשעוו, לגאָוו. הײַנט — טשערטאָווינאַ, אַלעגין. אַף אוקראַיִנע און צאָפן־קאַווקאַז פאַרהאַלט זיך נאָך אַ ביסל די געוואַלע. גרינג גייט זיך עס ניט. עס קאָסט נאָך געגוג בלוט.

עס גאַנוונען זיך אַרײַן מינוטן, ווען ס'איז מיר אַזוי ווי עמעסדיק גוט. איך טרײַב עס ניט פון זיך. אַ לעקעלע יאָמטעוודיקײַט אַמאָל אין אַ יויוול!

אָנגעקומען „איניקײַט" נומ. 5—6. מער פון אַלץ פאַרגעדענקט זיך פינינבערגס אַ מין אַרײַנפיר צו אַ פּאָעמע: „מײַן באַריכט". ער איז געווען אַפן פראָנט. ער רעכנט אויס כאַווירים. יעדערער איז אַ ריס פונעם הארצן: אַלעווסקי, ראָסין, גורשטיין, ווינער, זעלדין, גאָדינער. שווער, זייער שווער אָנצוווערן אַזויפיל פרײַנט שרײַבער. אַלעווסקי און זעלדין — אַ פרישער פאַרלוסט...

אין גאַס הער איך, ווי אַ יונג מיידל זאָגט צו איר פאַרטנער:
— און איך האָב פונדעסטוועגן בעדייע זיך לאָזן קיין אוקראַיִנע...
ס'איז נאָך ניט אַזוי גרינג, נאָר מיר איז עס שטאַרק ליב צו הערן. אָן אײַנשטעלער קאָן עס שוין אָפּטאָן...
נעכטן געווען אין צײַטונג, אַז צווישן דניעפּער און דאָן האָבן די דײַטשישע כאַיאָלעס פאַר אַ קורצער צײַט אָנגעווירן צוויי און פופציק טויזנט נעפאַשעס... קאָן דען זײַן אַ מער זוניקע פרייד, ווי זען מיט די אייגענע אויגן די מאַפּאָלע פון דעם פאַרביטערטסטן, געפערלעכסטן פײַנט?..

ס'איז אַלץ ריכטיק. צוויי און פופציק טויזנט פון די, וואָס האָבן זיך פאַריסן, וואָס מאָרד און גזילע איז פאַר זיי געוואָרן אַ טוגנד, פוילן שוין אין דער ערד. זיי פוילן שוין אַף אונדזערע ראַכוועסן. זאָגסטו, אַז דאָס זײַנען אויך געווען לעבנס? זיי זײַנען אויך פון בלוט און לײַב? זיי פאַרמאָגן אויך היימען מיט לײַבלעך נאָענטע, וואָס וועלן קלאָגן און פאַרגיסן טרערן נאָך זיי? איך פאַרשטיי עס אַלץ, נאָר מײַן סייכל קאָן עס ניט פאַרדייען ווי עס באַדאַרף צו זײַן. זאָלן זיי דערווײַל אַלע ווערן די קאַפּאָרע, און דערנאָך וועל איך זיך שוין איבערלייגן אין געדאַנק, צי ס'איז גלײַך אָדער ניט גלײַך...

■

אין אַ יאָמטעוו־טאָג פלעגן מיר פאָרן אַלע אינפּירען צו די יינגערע שוועסטערלעך קיין דאַרניצע. קיִעוו, פּעטשערסק. צוויי סלאָבאָדקעס. צוויי בריקן איבערן לײַבלעך נאָענטן דניעפּער. „שאַלקסטרוי", „שערסטסטרוי" — גרויסע קאָמבינאַטן פון זײַדנס און וואָלנס, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין בויען. אַספּאַלטירטע וועגן. טאַנען־וואַלד. ציגן און ציגעלעך. טיפע זאַמדן. היגער, גאַנעקעס. קינדער בא די גאַנעקעס. קאָאָפּעראַטיוון. יונגע מוטערס. שטוב־באַלעבאָסטעס. אַרבעטער־באַפעלקערונג. אָט דאָס איז דאַרניצע. אַהין פלעגן מיר פאָרן פון מאָל צו מאָל צו אונדזערע קינדער צוגאַסט. צי וועט נאָך אַמאָל אָט די צײַט זיך אומקערן? צי וועלן אַלע דערלעבן

די שאָ, ווען זי וועט שלאָגן? פֿייגעלע איז שוין ניטאָ. אָף הירשקען, אָף גדאַליען איז ניטאָ זיך וואָס צו ריכטן. דער טאַטע איז שוין נאָר א כאָלעם. די מאַמע איז אוועק פֿון אונדז מיט איר נאַטירלעכן טויט...

אין „עמעס"־פֿאַרלאַג איז נאָך אין 41־טן יאָר דערשינען א ביכעלע אין א ווייכן אײַנבונד, ווו געליטענע דערציילן וועגן די פֿאַשיסטישע אכזאָריעס אינעם אָקופּירטן פּוילן.

איך קוק אָפּן ביכעלע. ווײ צו די אויערן, וואָס הערן עס. ווינד צו די אויגן, וואָס האָבן עס געזען. ווײ און ווינד צו די לעבנס, וואָס האָבן אַזעלכעס איבערגעטראָגן.

הינדעלע האָט געקריגן א בריוו פֿון וואָראָניעזשער געגנט פֿון אַן אומבאַקאַנטן אַגראָנאָם. בא אים האָט זיך מוישקע (הינדעלעס מאַן) אופֿגעהאַלטן פֿון יול ביז יאַנוואַר כוידעש. נעמען נאָר אָפּן געדאַנק: וויפֿל שוועריקײַטן, אומגעהײַערע סאַקאָנעס! דער זעלבער באַלעבאָס מוישקעס האָט אויך ניט געוואָלט אַרבעטן באַם דײַטש, האָט ער זיך ניט אָנגעגעבן פֿאַר קיין אַגראָנאָם. ער האָט צוזאַמען מיט זײַן „געהילף" מוישקען געמאַכט אויוונס, געאַרבעט אין קוזניע, צוגעבויט א הײַזל. מוישקע האָט אים ניט דערציילט וועגן זײַן יִדישער אָפּשטאַמונג. אָבער יענער, כאָטש ער איז געווען זיכער אין דעם, האָט זיך אָף דעם ניט נאָכגעפֿרעגט. אין דער דײַטשישער אָקופּאַציע איז פֿאַר ביידן געזינטער, אויב מע וויל אַפֿילע ניט קלערן...

איצט פֿילן מיר, אַז די פֿרײַנטשאַפֿט, וואָס האָט זיך אָנגעבונדן, איז א פֿעסטע און א לאַנגדויערנדיקע. דער מענטש איז שוין צוריק אַן אַגראָנאָם אָף זײַן באַפֿרײַטער ערד. און מוישקע וועט בלײַבן א גוטער לערער.

אין „פּראַוודאַ" שרײַבט איינע סערגייעווא: „פּוילן — דאָס איז די היים פֿון טויט". מאַסן־מאָרד, גאַז־קאַמערן. מע פֿירט גאַנצע פּאַרטיעס אויסגעטאָנענערהייט, קלוימערשט נעמען א באָד. אָף מאָרגן שאַרט מען זיי אַרויס טויטע, דערשטיקטע און מע באַערדיקט זיי כאַפּנדיקערהייט. ווײַל באַלד וועט קומען א טראַנספּאָרט לאַסטמאַשינעס מיט לעבעדיקע מענטשן: אַלטע לײַט, פֿרויען און קינדער. סערגייעווא רעדט וועגן יִדן און ניט־יִדן.

אַכטירקע, לאָזט זיך אויס, איז ווײַטער געווען באַם מעכאַבל אין די הענט. איצט האָבן מיר עס צוריק אָפּגעשלאָגן. איצט פֿאָרן עשעלאָנען בויען די כאָרעווע, נאָר באַפֿרײַטע אוקראַיִנע. אַמאָל זײַנען אויך געפֿאָרן עשעלאָנען (וואָס האָבן געראַטעוועט מענטשן פֿונעם סוינע) אין דער פֿרעמד אַרײַן. איצט פֿאָרן עשעלאָנען צו די צעבראָכענע שטעט, אָבער די היים איז א באַפֿרײַטע.

יעדיִעס אין ראַדיאָ גלענצנדיקע. הונדערטער נײַע יִשוּווים אָפּגענומען אָף צוריק. עס ווערט פֿרײַער צו עטעמען.



ביילקעס בריוו. איך האָב אים נאָרוואָס נאָכאַמאָל איבערגעלייענט. איצט איז ביילקע אינגאַנצן פֿאַרשלונגען מיט דעם, וואָס קיִעוו איז שוין ניט „זא גאָראַמי". גאָר־גאָר אינגיכן וועט שוין קיִעוו אויך זײַן בא אונדז.

אָט־אָ איז זי שוין א זעלבשטענדיקער מענטש. זי ווייסט, וואָס זי וויל. זי ווייסט, צו וואָס זי דאַרף שטרעבן.

אַגעוו, איז זי באַלוינט מיט א מעדאַל פֿאַר פֿאַרטיידיקן די גרויסע וואָלגע־שטאָט.
מײַן קינד!..

ענדע אָקטיאַבער. שאַבעס. נעכטן געווען פֿון פּראָסיען, פֿון אונדזער פּראָסיען א בריוו מיט א קאַרטל. פֿאַר מיר און פֿאַר אונדז אַלעמען איז עס א גרויסע, א הייליקע איבעראַשונג. זי האָט געמיינט, אַז מיר זײַנען שוין לאַנג ניטאָ אָף דער וועלט. זי האָט זיך אויך גוואַלדיק דערפֿרייט מיט דער יעדיִע, וואָס זי האָט פֿון אונדז געקריגן. דאָס איז געווען דוווירעס אײַנפֿאַל: פּראָסיעס ערטער זײַנען שוין באַפֿרײַט. לאָמיר אָנשרײַבן צו פּראָסיען „סעלאָ פּעטרושי, פּראָסיע פּיאַדאָראָוניע מאַסליוק". ס'איז גאָר ניט קיין מוז האָבן א סאַך גאָלדענע מאַטבייעס, מע זאָל זיך דערפֿילן רײַך. א בריוו פֿון דער דאָרפֿישער 45־יאָריקער פּראָסיען, וואָס קען ניט לייענען און שרײַבן, וואָס א טלאָ פֿון א פֿערד האָט איר פֿאַרהאַקט דאָס מויל אָף אייביק און די מעדיצין האָט

איר אויסגעקלאפט א פאר ציין בא א זייט, זי זאל קאנען פארשטופן דורך דארטן ס'עסן. נאר זי איז א מענטש! האט וואס צו דערציילן פון איר דארפיש לעבן. א פאר דערציילונגען מיינע, שוין אפגעדרוקטע, זיינען געבוירן געווארן אפן סמאך פון אירע ווינטער־אפדערנאכטיקע קלוי־מערשטע פלאפלערייען. זי איז געווינט ריידן הויך, נאר אונדז איז אנגענעם איר שטים.

מיר האבן נאך ניט קיין פארשטעלונג וועגן דעם, וויאזוי איז איר אפגעגאנגען די אקו־פאציע. זי האט אויסגערעכנט דאס ערגסטע וועגן אונדזער עוואקוירונג. און... פריינט האבן איינס דאס אנדערע אפגעזוכט. פראסיע! מיר שטעלן זיך לעבעדיק פאר איר שטים און איר לאכנדיק אויסזען. איר לאכן איז אפט ווי בא א קליין קינד א נאטירלעכער העמשעך פון נאַרוואסיקן וויינען. איצט איז שוין טאקע בעעמעס די היים מיט דער האנט צו דערלאנגען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פייגע האפשטיין האט מיר די טעג צוגעשיקט מיינע זאכן: „די שטוב“, „פון די יונגע יארן“, „א לאנד, וואס שיינט“ און „קליינע דערציילונגען“. די ביכעלעך זיינען בא מיר זייער אנגעלייגטע געסט. ווו האט זי זיי גאר געפאקט? וויאזוי געדענקט זי אין איר פארנומענקייט, מיט וואס מע קאן מיך דערפרייען?!

■

6 נאיאבער. קיעוו!

אינדערפרי האט מען געמאלדן וועגן בעליטש, סוויאטאשינע, בארשטשאהאוקע, און איצט, דאס הייסט פארנאכטלעך, טראגט מען אריין אין דער פערטער סטאלאווקע די נייס!.. אי טרערן שטעלן זיך אין גארגל, אי עס הייבט דיך פון ארט. אומעגלעכס איז געווארן מעגלעך, אומעג־לעכס איז געווארן א ווירקלעכקייט. כאטשבי זען אין בלאט א פאטא פון די גליקלעכע קריגס־לייט, וואס האבן זיך די ערשטע אריינגעריסן קיין קיעוו.

■

17 טעג אין כוידעש נאיאבער.

א באפעל וועגן האמליע. זאל זיין מיט מאזל. דער אייגענער לעוויטאן, די זעלבע פייערלעכ־קייט אין זיין שטים. און עס גייט נאכאמאל אין הארצן אריין. מע קוקט ארויס מיט סימפאטיע אפן צייטונגס־טרעגער. מע ווארט אויך אפן דיקטארס ברייטער שטים. מע ווייסט, אז איצט טראגט זי בלויז גוטע בסורעס.

■

אין „איינקייט“ א שווארץ רעמל ארום דעם נאמען מוישע כאשטשעוואצקי. ער איז געפאלן אין שלאכט. ווען? ווו? ניט לאנג איז דאך געווען געמאלדן, אז ער פארט אריבער קיין כארקאוו צוזאמען מיט די כארקאווער אוקראינישע שרייבער...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

■

פון פראסיען האבן מיר בריוו. צו ווען שרייבן קיין קיעוו האבן מיר נאך ניט א קלער געטאן. אנגעשריבן האבן מיר קיין סלאוושנע אין אויספירקאם, זאלן זיי זיין אזוי גוט און אונדז ענטפערן, טאמער ווייסן זיי עפעס וועגן מיין פאטער.

אנגעשריבן און פארגעסן.

אבער פיל גיכער, ווי מע האט זיך געקאנט פארשטעלן, איז אנגעקומען פון סלאוושנע א דינער פאקעט. עס איז געווען א מוירע אים צו עפענען. און אז מיר האבן אים געעפנט, האט עס דערלאנגט, ווי מיט א טעמפער שווערער זאך איבערן סאמע מויעך.

איידעלער מענטשלעכער מיטגעפיל איז געווען אין די פינף־זעקס שורעס. מעגלעך, אז דער יונגערמאן, וואס האט געשריבן, קען מיך אפילע. נאר, מיינע טייערע, ס'איז א טרונק פונעם קאס,

וואָס היטלער יִמאַך־שמוי האָט דערלאנגט צו די סאמע ליפּן אויך מיר. א טרונק, פון וועלכן דאָס הארץ ווערט פארלאָפן מיט בלוט און דער מויעך ווערט פריטשמעליעט. דער טאטע מיט נאָך קאַרבאָנעס, מערסטנס עלטערע יִדן — מענער און פרויען — זײַנען אין הארבסט 1941 געטריבן געוואָרן צו דער גרוב אָף שיניצע, איידער עס הייבן זיך אָן די פעלדער. ערעוו די מילכאָמע־יאָרן האָט מען דאָרט געהאקט שטיינער.

איצט ווייס איך ניט, צי איך זאָל שרײַבן צו די שוועסטער און צו הערשעלען, צי איך זאָל וואַרטן, ביז זיי וועלן מיר שרײַבן. די אויגן זײַנען ניט נאס און ניט טרוקן. די צונג דארף עפּעס זאָגן, נאָר באוועגט זיך שווער. זיך אנידערלייגן אפן בעטל, אײַנגראָבן דעם קאָפּ אין קישן. דווירל קען גראָד מײַנע עלטערן. זי האָט זיי עטלעכע מאָל געזען יעדן באזונדער, און זי שאַצט זיי זייער וויל, פיל בעסער, ווי זי האָט זיך גערעכנט אָף דעם. זי האָט א פּאָר מאָל א וויש געטאָן די אויגן, נאָר א דאנק איר: זי טשעפּעט מיך ניט מיט קיין רייד.



געקומען ביילקעלע. א פארשעמטע, אן אָפּהענטיקע. עס האָט זי באליגט דאָס גאנצע לײַב מיט בלאָטערלעך. אין דער ווײַט צווישן פרעמדע מענטשן קאָן זי זיך מיט דעם קיין אייצע ניט געבן, האָט זי זיך צערעכנט אין דער ארמיי און איז געקומען. נאָך גוט, וואָס מיר זעען זי מיט גאנצע אייוורים. דאָס, וואָס זי האָט אָף זיך, וועט אים־יִרצע־האשעם איבערגיין.

זי גלייבט, אז זי וועט זיך אופהייבן די ערשטע און אוועקפאָרן קיין קיִעוו. און דערנאָך, פרילינג־צײַט, וועלן מיר אינדרײַען שוין קומען אפן גרייטן.

איז עס דען ניט קיין געדאנק? ס'איז א געדאנק! צו זעלבשטענדיקן לעבן האָט זי זיך שוין א ביסל צוגעוווינט אין דער ארמיי. איר שטעטל וועט זי ווי־עס־איז באשטיין.

אלע בריוועלעך זײַנען מונטערע. ארום איז אזוי, ווי די נאטור און מיר אלע מיט איר צוזאמען וואָלטן זיך אָנגעהויבן אויסטאָן פון די קלעמען, אין וועלכע דער ווינטער האָט אונדז געהאלטן. דער אָטעם פון פרילינג פילט זיך שוין. אָט־אָט קומט ער. בלומע וועט פאָרן מיט די שוועסטער קיין מאָסקווע. ליפּע פינסקי מיט שיפרען, מיט ביידע מיידלעך (ער און די פרוי זײַנען פּעדאגאָגן) לאָזן זיך אָף אוקראַיִנע. דער גרעסטער טייל שרײַבער, ריכטיקער געזאָגט די אָנגעזעענסטע אוקראַיִנישע שרײַבער, וואָס האָבן זיך געפונען אין אופא, טאשקענט און אלמא־אטא, זײַנען שוין לאנג אין מאָסקווע. האָפּשטיין איז אויך צווישן זיי. זיי וווינען דאָרט שוין כאָדאָשים, און דער וועג אהיים איז פאר זיי אויך אָפן.

וויִאזוי וועלן זיך מײַנע שוועסטערלעך דערקלײַבן אהיים מיט פיצלעך קינדער? דער טראנספּאָרט אין לאנד איז דאָך נאָך אזוי געענגט. גדאליע לעבט ניט. מוישקע איז דאָ. ביידע הערשעלעך זײַנען דאָ.

דערווײַל האָב איך זיך דערוווּסט, אז צו פרילינג־צו וועט דער אוקראַיִנישער ראַדיִאָ־קאָמיטעט פאָרן אהיים אָרגאניזירט. א פּאָר מענטשן האָבן געייצעט, אז איצט איז אמוויכטיקסטן פאָרן אָרגאניזירט. דערום זאָל איך זיך ווענדן צו רילסקין קיין מאָסקווע. רילסקי וועט צושיקן אן אָפיציעל פּאַפּירל אין ראַדיִאָ־קאָמיטעט, אז דער שרײַבער־פארבאנד בעט בא זיי, מע זאָל דעם שרײַבער קיפּניס מיט דער מישפּאָכע נעמען מיט זיך.

רילסקיס ענטפער האָט זיך ניט געלאָזט וואַרטן. א בריוו אין ראַדיִאָ. א קאָפּיע צו מיר. רילסקי פארגעסט ניט אין קיין מענטשן.

ניט אזוי גיך טוט זיך עס, ווי עס רעדט זיך. און סאָף פּעווראל האָבן מיר שוין אויך געהאט די אזויגערופענע פּראָפּוסקן (ארײַנפאָר־שײַנען) און טאָמער ווילט איר מער, איז פון שרײַבער־פארבאנד אָנגעקומען עטלעכע רובל, מיר זאָלן האָבן מיט וואָס זיך לאָזן אין וועג ארײַן.

מײַנע לײַט האָבן שוין גאָר אן אנדער פּאָנעם. מיר אליין איז אפן הארצן אויך א סאך גרינגער. נאָר זינט איך קען זיך, האָב איך ניט ליב צו זאָגן, אז איך פאָר, ביז איך זיץ ניט אין וואגאָן.

דער קליינינקער הערשעלע. ער איז גאָרניט קליין אין וווּקס, ער איז א הויכינקער, אן איידעלינקער, מיט ליבע קלײַענדלעך אפן פּאָנעם. א באלויכטנס מיט אזא טײַערן ליבן שמייכל, אזא אָרנטלעכער בליק. הערשעלע שאפּירא, זײַנע בריוו גייען נאָך צו אונדז, נאָר ער איז שוין פרײַ פון לעבן מיט זײַנע אלערליי שוועריקײַטן. ער איז געפאלן אין שלאכט דעם 23 דעקאבער 1943 לעבן קליין־ראטשע, ניט ווײַט פון ראדאָמישל. כאווירים האָבן אָנגעשריבן צו מײַנע שוועסטער (זײַן מוטער און זײַנע מומעס). דער מיליטער־טייל האָט אכוץ אָנגעשריבן. פריידקע איז געגאנגען א טויטע פון וואָיענקאָמאט, א שטומע, א צוגעשלאָגענע און ווי מיט אָפּגענומענע

איוורים. און געשען איז עס, ווען אוקראַינע האָט זיך שוין אַנגעהויבן באַפרייַען. ער איז מיט זייַן טייל שוין דורכגעגאַנגען אַפילע דורכן באַפרייַטן קיִעוו, אַרייַנגעלאָפן א קוק טאָן צו דעם צימער, ווו זיי האָבן געוווינט... געזען די שכיינים...

פאַרנאַכט האָבן מיר באַקומען די יעדיִע פון רוזייַעווקע. מיר זייַנען געווען אַלע פיר אין שטוב. מיר האָבן ניט אָנגעצונדן קיין שייַן.

לייבעלע פלעגט הערשעלען זייער ליב האָבן, אַרומקריכן בא אים אַף די פּליִיצעס, זיך קאַ־ראבקען צו אים אַף די הענט. ער האָט איצט אויסגעשריִען קורץ:

— אוי! וויאַזוי זשע קאָן עס זייַן?!

בא דזווירלען האָבן זיך געגאָסן טרערן פון די אויגן. ביילקע האָט שווער געשוויגן, נאָר דערנאָך לאַנג־לאַנג געהאַלטן דאָס נאָזטיכל לעבן פּאָנעם. איך האָב אויך געשוויגן, געקלערט, וואָס שרייַבט מען צו פריידקען, און זיך געוואָלט לעבעדיק פאָרשטעלן, וויאַזוי איז אָט דאָס יונג צווייַגעלע אייַנגעבראָכן געוואָרן, די ווייטעקן, די נאַסע וווּנד, און וויאַזוי עס איז אים געוואָרן פינצטער אין קאָפּ, אין די אויגן, ווען די טויטקייַט איז צוגעטראָטן צו אַלע יונגע איוורים... אָפּגעהאַקט געוואָרן א יונג, צאַרט לעבן מיט אַלע, אַלע פּלענער און האָפענונגען, וואָס דער מאָרגן און די ווייַטערדיקע מאָרגנס וואָלטן דאַרפן ברענגען.

איך האָב לאַנג ניט געקאָנט אייַנשלאָפן.

הערשעלע אַזוי, הערשוניעלע אַנדערש... געלינקער אונדזערער!.. מע קאָן צעריסן ווערן, אויסגיין פאַר צאַר, און עס וועט שוין גאָרניט העלפן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער איז שוין געווען א גרויסינקער, א לאַנגלעכער, ווי א פּישעלע, א געלינקער, אַן איידעלער...

ווען ער איז יונג אַנגעקומען אין אוניווערסיטעט, איז ער פאַרשלאָפט געוואָרן מיטן האַרצן און געדאַרפט ליגן א פּאָר כאַדאָשים. מיר האָבן אים אָפּגעגעבן מייַן צימערל מיט די ביכער און מיטן שרייַבטיש, דאָקטוירים זייַנען געגאַנגען. וויפל ער האָט געמעגט לייענען, האָט ער גע־לייענט. וויפל געמעגט ריידן — גערעדט מיט אונדז... (אַז דער פאָטער איז יונג געשטאָרבן און אויך פון א האַרץ־קרענק, דאָס האָט מען אויסגעמיטן אין די רייד). און ס'איז געווען א צאַר צו קוקן, וויאַזוי דאָס באָכערל איז געבונדן אָן שטריק, וויפל פאַרשטאַנד אין זייַן יונגן בליק, וויפל כיין אַף זייַן אײדל געזיכט, אָן עמעסער „מיר־זאָל־זייַן".

דערפאַר האָט זיך מיר ניט געגלייבט, ווען די רוזייַעווקער האָבן מיר געשריבן, אַז מע האָט אים גענומען אין דער אַרמיי. אָבער זייַנע באַטאַמטע בריוו זייַנען דאָך געווען פון די שוצגראָבנס. דאָס שלאַכטפעלד איז געווען זייַן היים. איז דאָך עס שוין ניט קיין אויסגעטראַכטע זאַך...

געלינקער, טייַערער. ווען ער איז געלעגן אין מייַן קליין צימערל, פלעגן אים באַזוכן יונגע באָכערים, יונגע מיידלעך. מיר האָבן זיי ניט געקענט, ווייל פריִער פלעגן זיי אהער ניט גיין... איז אויב מיר זייַנען ניט זויכע געווען אים צו האָבן א לעבעדיקן, א געזונטן, א גאַנצן אַף לאַנג, האָט ער אויך געקאָנט אויסגיין א יונגע צווייַג אַפן יוגנן קראַנקן־בעט. און צום סאָף איז ער גאָר אומגעקומען, ווי אַן אָנערקענטער, באַלויכטער זעלנער צווישן פאַרשיידענע יונגע כאַוויירים פון פאַרשיידענע פעלקער פון אונדזער גרויס לאַנד. גראָד א געקרעפּטיקטן האָט אים אַרויסגעריסן די פייַנטלעכע קויל... טאָ וואָס איז בעסער?

איך האָב הערשעלען געלייענט אָן אָנהייב פון א גרעסערער אַרבעט וועגן דער יונגער באַ־קיינטער אַלטע, וואָס האָט זיך צעבליט אין אַן אָרעמער שטוב בא ריווע־ליפען און יאַנקלען דעם קעסלער, וועלכע האָבן געלעבט בא אונדז אין שטעטל אַפן מאָזשאַריער שליאַך. אַז איך שרייַב עפּעס, קוק איך מייַנע לייענער אין די אויגן... הערשעלע האָט מיר דאַן געזאָגט, אַז ס'געפעלט אים. איך מעג אַרבעטן. ס'וועט זיך באַקומען א גוטע זאַך.

דער קסאַוויאַד איז שוין אויך ניטאָ. ער איז פאַרפאַלן געוואָרן בייס דער מילכאָמע. עפּשער וועל איך אים ווען־עס־איז באַנייַען לויטן זיקאָרן. אָבער הערשעלען אופשטעלן קאָן מען ניט... נאָר — זיך פאָרשטעלן... איז אָט שטעל איך זיך טאַקע פאָר.

זיי זייַנען נאָך געווען וואַרעמע ליבע הרודקעלעך, קליינע געגנדזעלעך. ביילקעלען — זעקס יאָר, הערשעלען — פיר. זומער. פריידקע און מאָניע וועלן נעמען אורלויב ערשט אין זעקס וואָכן אַרום, האָב איך פאַרנומען ביידע קינדער און זיי געפירט קיין סלאָוועשנע. דאָרטן האָבן אַרויסגעקוקט אַף זיי זיידע און באָבע (ווי נאַטירלעך, דעריקער — די באָבע). דאָרט האָט גע־וואַרט אַף זיי פרישע לופט: א גראַאַמער הויף, א גראַאַמער ליכטיקער דרויסן. שיינע גרינע גער־טענער. די אויפּעס. דאָס קיִעלע, די קאַץ, אין די שכיינישע הויפן — כאַזיירימלעך. סלאָ־וועשנע איז ניט קיִעוו. ס'איז א באַזונדער מעלוכע פאַר דערוואַקסענע און פאַר קינדער, א מער

געגאַרטע. אינײנעם מיט סלאָוועשנער הינטערן־שטאָט ווערט דאָ דער זומער מער באַליבט און מער באַצײַנט. נאָר דאָס פֿאָרן אַהין איז אַ טירכע. הונדערט זעכציק ווערסט מיט דער באַן. דערנאָך אין אַ שטעטלדיקער אַכסאַניע נעכטיקן. דערנאָך פֿאָרן דרײַסיק ווערסט מיט דער אַקס. אָבער ס׳איז זומער און מע ווייסט, וווּהין מע פֿאָרט.

פֿון קראַסנע איז דער וועטער געווען שיין. די פֿעלדער פֿון בײדע זײַטן גרינען, געלבן זיך, בליִען, שמעקן. אין אַ דאָרף שטעלן מיר זיך אָפּ פֿאַשען די פֿערד. דערנאָך ווײַטער אויפֿן וואָגן. די פֿערד גייען. די רעדער דרייען זיך. די צײַט רוקט זיך זייער פּאַמעלעכן.

דערווײַל האָט זיך דער דרויסן לײַכט פֿאַרכמאַרעט, און ס׳טריפֿן זעלטענע, ליכטיקע טראָפּעלעך. האָב איך בײדע קינדער באַזעצט באַ זיך אויף דער רעכטער און אויף דער לינקער קני. טוליען זיי זיך צו מיר, איז איטלעכן וואַרעם. דער פֿורמאַן האָט געגעבן אַ רעדנע, האָבן מיר זיך ווי־עס־איז אײַנגעדעקט. מיר פֿאָרן און פֿאָרן... נאָך אַ דאָרף און נאָך אַ דאָרף, און אָט־אָ זעט זיך שוין אָן סלאָוועשנער קלויסטער, סלאָוועשנער דעכער...

און מיינט איר, דער רעגן איז געווען אַזוי אָנגערויגעזט? ניין. אַ ביסעלע טריפֿט ער, אַ ביסעלע כײַנדלט ער זיך אין די זוניקע שטראַלן. די רעדנע איז נאַס, נאָר ניט אויף דורך און דורך. די האָר אויפֿן קאָפּ זײַנען מיר נאַס, נאָר קיין פּאַטיאָקעס רינען ניט. און אַז מיר זײַנען געקומען צו אונדז אין הויף, האָט מען אויפֿגעכאַפּט בײדע „גענדזלעך״ און צוגענומען אין שטוב אַרײַן. האָט ערשט הערשעלע זיך דערמאָנט פֿרעגן:

— און דער רעגן?

— געבליבן אין דרויסן, — האָבן מיר אָן קלערן געענטפֿערט.

און מיר האָבן אין האַרצן אַליין אָנגעקוועלט פֿון אַזאַ נאַטירלעכער גוטער דערשײַנונג: מיר זײַנען אין שטוב. מע פֿרייט זיך מיט אונדז, מע דערלאַנגט אונדז וואַסער צום וואַשן זיך, אַ גלאָז פֿרישע מילך צום אָפּפֿרישן זיך (דאָס איז ערשט אַן אָנהייב). און דאָס לײַכטע זומערדיקע גוטע רעגנדל? אים איז גוט אין דרויסן. אויפֿן הויף. אויף די גאַרטענער, אויף די דעכער און אַפֿילע אַהינצו ווײַטער — אויפֿן שיניצע און אויף די פֿעלדער.

טײַערער הערשעלע (בײלקע ליבע, ס׳זאָל דיר זײַן צום לעבן), וויִאַזוי איז מיר געווען וואַרעם און ליב, ווען איך האָב אײַך אין וואָגן, צווישן מענטשן זיצנדיק, געטוליעט צו זיך און געהאַלטן אויפֿן שויס.

אינעם זעלביקן עלטער און נאָך עפּעס ייִנגער פֿלעגט ער אויפֿקלײַבן פֿלעשער און פֿלעשעלעך פֿון אַלע קיך־ווינקלען, זיי אויסשטעלן אין אַ לאַנגער גלײַכער ריי — גרעסערע, קלענערע, קליינע, גאָר קליינע ביז די סאַמע קלענסטע — און פֿלעגט לאַנג און שטאַרק פֿאַרטיפֿט מיט זיי פֿירן מיליטערישע איבונגען.

געלינקער טײַערער! איך געדענק עס אַזוי קלאָר און שטעל זיך עס פֿאָר פֿאַר די אויגן, ווי אָט ערשט וואָלט זיך עס געטאָן. יאָ, הערשעלע, ס׳איז אַזוי געווען... אַמאָל איז געווען. די דערמאָנונגען ווירקן באַרויִקנדיק, און פֿון דער ווירקלעכקײַט שפּאַלט זיך דער מויעך.

## אהיים

**א**ין ראַדיִאָ־קאָמיטעט קום איך זייער אָפּט אַרײַן.

דאָרטן דרייען זיך אַרום מענטשן. דריי איך זיך אויך אַרום עטלעכע מינוט. אָנפֿרעגן זיך פֿאַרשפּאָר איך. מע זעט און מע הערט אַזוי אויך, צי עס רעדט זיך שוין עפּעס וועגן פֿאָרן, צי ס׳איז נאָך ווײַט, דורכוואַנען ווערט מען פֿאָרן, וויִאַזוי גרייטן זיך מענטשן אין וועג אַרײַן.

שומסקי איז זייער אַן אָנגעזעענער אַקטיאָר אין גרויסן אוקראַיִנישן מאַסשטאַב. און דאָ איז ער וואָכעדיק און היימיש. אַ „דיאַדקע״, אַ געוויינלעכער כײַ־וועקײַעם. אינטערעסירט זיך מיט אַ פּאָר פּאַנטשיקעס אין בופֿעט. זאָגט אַ ווערטל, וואָס כויזעקט גרינג אי פֿון זיך, אי פֿון זײַנס אַ גלײַכן. איך פּויעל באַ זיך: אָט אַזוי איז עס. ניט אַלע צײַטן זײַנען אײן צײַט. אָט האָט שומסקי אויך אַ וואָכעדיק אויסזען. און באַנוגנט זיך מיט אַ שפּאַס, מיט אַ וויץ:

— Коли б не потишився, то б повисівся[1] זאָגט דאָס אוקראַיִנישע גלײַכוואָרט.

---

[1] ווען אַ מענטש וואָלט זיך ניט לוסטיק געמאַכט, וואָלט ער זיך אויפֿגעהאַנגען.

■

איצטער דארף מען פאַרן קיין קיִעוו. אַפּזוכן די פּאַרלאַזונע נעסט. אין נאָרמאַלע צײַטן איז גענוג קויפן א באַן־בילעט און זײַן א פּאָר טעג אין וועג. איצט איז עס א ביניען, וואָס אים איז ניט אזוי גרינג אויסצובויען. אין ראַדיאָ־קאַמיטעט זײַנען מיר שוין דאָ אין די צעטלען.

דו קוקסט אַף די ווײַזערס און אַפן ציפערבלאַט און פאַרשטייסט, ווו עס האַלט דער זייגער. וועגן דעם מעכאַניזם, וואָס באַוועגט דעם גרויסן ווײַזער באַזונדער און דעם קלענערן ווײַזער אַנדערש, — אין אים פאַרגעסטו, וועגן אים טוסטו א קלער, ווען דער זייגער ווערט קאַליע. דער מעכאַניזם פון אַוועקפאָרן אַרבעט שוין פון לאַנג אין ראַדיאָ־קאַמיטעט. די אָנפירער, די אַוטאָרן, די אַרטיסטן, די דיקטאָרס, ווער ס'האָט מיט זיך שווער־און־שוויגער, ווער אַן אַלטע מוטער, נאָך וועמען עס שלעפּן זיך נאָך אונטערוואַקסנדיקע קינדער. פאַר דעם דאַזיקן ביסל קלאַפּער־געצײַג דאַרף מען באַזאָרגן וואַגאָנעס, א באַן, א גראַפיק און א ביסל פּראָדוקטן אַפן וועג. נאָר דערווײַל קאָכט זיך אויס נאָך א פּלאַן, א זײַטיקער: די זאַכן — א בעט, א קאַסטן, געפּעס און אַפילע א פּאָר טשעמאָדאַנעס — וועלן פאָרן באַזונדער אין א פראַכט־וואַגאָן, עפּשער אין צוויי וואַגאָנעס. מיטן באַגאַזש וועלן פאָרן צוויי־דרײַ מענטשן אונדזערע. און ביילקע האָט זיך אַרויסגערופן, אַז זי איז גרייט פאָרן מיט די זאַכן. מעגלעך, אַז זי געדענקט נאָך גוט דעם מענטשן־טומל אַהער פאַרנדיק, און אַז עס מאַכט זיך איר אזא געלעגנהײַט פאָרן אַהיים אַנדערש, אַפילע אַן באַקוועמ־לעכקײַטן, איז זי גערן. דער האַרבסט איז געווען א וואַרעמער. דער פרילינג איז א פריִער.

מיר האָבן געדונגען א לאַסטפורל, און מיר האָבן אויך אופגעלייגט א ביסל „גוטס". איך וואָלט אויך געהאַט א ביסל פּראַכט, האָב איך אָבער באַצײַטנס ניט געוווּסט פון קיין פראַכט־וואַגאָן און האָב מײַנע אָנגעזאַמלטע ביכער אָפּגעטראָגן צו די בלאַנקמאַנס. די שוועסטער זייערע האָט מיר צוגעזאָגט פעסט, אַז זי וועט מיר אין פּעקלעך און אין באַנדעראָלן אין מעשעך פון א פינף־זעקס וואָכן איבערשיקן אַלץ דורך דער פּאָטשט.

ענדלעך האָבן מיר איבערגעפּעקלט ביילקען מיט א ביסל זאַכן צום באַן אַף דער פּראַכט־סטאַנציע.

אויך איצט גייען נאָך די באַנען פאַמעלעכן און צעקראַכן, נאָר ס'ײַווי ווערן מיר מיט יעדן קילאָמעטער נעענטער צו דער היים. זאָל עס אַפּנעמען טעג, זאָל עס אַפילע אַפּנעמען מער פון א וואָך.

די ערשטע נאַכט זײַנען מיר שוין איבערגעשלאָפן אין אַן „אייגענעם" וואַגאָן. דער עשעלאָן איז, ווײַזט אויס, גענוג גרויס, נאָר מיר האָבן נאָך וועגן אים ניט קיין אָנונג. ווײַטער פון אונד־זערע דאַלעד־אַמעס האָבן מיר זיך נאָך ניט אומגעקוקט.

אין אונדזער וואַגאָן איז פאַראַן א באַכער פון א יאָר עטלעכע און דרײַסיק. דער איז ווערט, מע זאָל זיך צו אים צוקוקן. דאָס פּאַריסענע נעזל איז רויטלעך און גיט ניט צו קיין כיין דעם געזיכט זײַנעם. די אויגן זײַנען וואַסערדיק. אָנגעטאָן איז ער זייער וואָכעדיק. נאָר אַלע אַרומיקע ווייסן, אַז דער דאָזיקער יונגערמאַן איז אָנגעלאָדן מיט ווײסן, ווי א מילגרוים מיט קערנער...

ער האָט ניט קיין מישפּאָכע. ער האָט ערגעץ א שוועסטער, א מוטער. טרינקען טרינקט ער ניט. עפּשער ברענגט ער זיך אויס אף א בוך אָדער ער שיקט אָפּ דער מוטער. אַליין, ווי מיר האָבן זיך דערוווּסט, איז ער דערווײַל אָן א קאָפּעקע געלט. איך שפּאַציר אַמאָל מיט אים איבער דער פּלאַטפאָרמע לענגאויס אונדזער באַן, ווען מיר שטייען ערגעץ א האַלבע שאָ צי א שאָ.

ענדלעך איז ער אײַנגעגאַנגען נעמען בא אונדז א גמילעס־כעסעד. עפּשער וועל איך אין קיִעוו טרעפן א מענטשן, וואָס קען אים נעענטער, זאָל ער מיר זאָגן, וואָס איז עס פאַר א פּיירע.

אַף די סטאַנציעס און אַפילע אין וועג, דורך די וואַגאָן־פענצטער, זעט מען, וויפל לעכער אין דער צעגראָבענער ערד, וויפל כאָרעווע, פאַרברענטע, צעריסענע דערפער, וויפל בערג מיט צעבויגענע, צעבראָכענע מאַשינעס ס'וואַלגערן זיך אָנגעהויפנט, ווו דו טוסט נאָר א קוק. הײַנט וויפל ביינער מענטשישע, וויפל קוואָרים פאַרזייטע באַגלייטן דעם דאָזיקן פּייזאַזש!..

■

מע האָט באַשטימט, אַז מיר זאָלן אָפּרוען אין כאַרקאָוו א צוויי־דרײַ שאָ. מיר גייען דורך א פּאַרק. דאָרט שטייט שעווטשענקאָס א דענקמאָל. מיר שטעלן זיך אָפּ לעבן דעם דענקמאָל. מיר גייען אים אַרום און אַרום. מיר זײַנען איצט אין דער גרויסער, אַף דרײַ פערטל כאָרעווער שטאָט, מיר זײַנען אינעם באַפרײַטן כאַרקאָוו. בייס מיר קוקן אַף די צעבראָכענע הײַזער און צעמאַזיקטע גאַסן, קאָן מען זאָגן, אַז אַף יעדן גאַנץ געבליבענעם הויז זײַנען דאָ צוויי

צעבראַכענע. אַף יעדער קימאַט גאַנצער גאַס זײַנען דאָ צװײ כאַרעװע. נאָר די כורװעס זײַנען אונדז אויך טײַער. ס'איז שוין אונדזערס.

כאַנע לעװינע איז שוין אין כאַרקאָװ. זי און זאַבילאַ[1] זײַנען געקומען געװוירע װערן אײנע אַ קינדער־שרײַבערן פֿון אונדזער קאָלעקטיװ, װאָס איך װאָלט אים אָנגערופֿן — אונדזער „רײַזנדער אינדזל". הײַנט אין אָװנט פֿאָרן מיר שוין. ס'זײַנען שוין דאָ פּאָר אָלעמען באַן־בילעטן. ס'איז שוין אָװנט. מיר זײַנען אַפֿן װאָקזאַל. לעבן אונדזער װאַגאָן איז אַ שטופּעניש, אַ שפּאַרעניש, אַן ערדציטערניש. אָט האָבן מיר בילעטן, אָט זײַנען אונדזערע בילעטן, אויך אַנדערע נײַטיקע פּאַפּירן.

די, װאָס האָבן אינגאַנצן ניט קײן בילעטן, זײַנען אָבער זשװאַװער, זײ פֿאַרלאָזן זיך אַף זײערע שטאַרקע עלנבויגנס. מירן שוין, דוכט זיך, ניט פֿאָרן. מירן שוין מוזן פֿאַרבלײַבן. נאָר נײן, קײן דרײַ מינוט זײַנען ניט אַװעק, װי די כװאַליע האָט אונדז אַרײַנגעשלײַדערט אין װאַגאָן אַרײַן.

אינדערפֿרי האָב איך שפּאַצירט מיט מײַן נאָך גענוג יונגן לאַמעדװאַװניק אין פּאָלטאַװע לעבן דעם ליכטיקן, נאָר אַף האַלב צעבראָכענעם װאָקזאַל. דער פֿרימאָרגן איז אַ פֿרײלעכער, אַ גוטער. מיר האָבן געטראָפֿן װאָס צו קױפֿן צום איבערבײַסן, איז װײַטער גוט.

## איר מעגט עס הערן

הערט, מײַנע טײַערע, איר מעגט עס הערן.

מיר זײַנען שוין אין קיִעװ! דאַרניצע איז דאָך שוין קיִעװ. נאָר דער צוג װעט, קענטיק, פֿאָרן קײן קיִעװ ערשט מיטן פֿרימאָרגן. אַזױ זאָגט דער אױלעם, און... אָט בעט מען אונדז אין אַ קאָמפּאַניע. אַ לאַסטמאַשין. קײן סך זאַכן האָבן מיר ניט, און מיר לאָדן זיך אױס פֿון װאַגאָן. מיר זיצן שוין פֿון אױבן אַף דער לאַסטמאַשין. אין קיִעװ איז הײַנט געװען זײער אַ פֿײַערלעכע לעװױע. מע האָט באַהאַלטן װאַטוטינען[2]. ער איז אונדז איטלעכן נאָענט.

קײן דאַרניצע פֿלעגן מיר פֿאָרן צו בראָכעלען, צו הינדעלען. גאַדאַליע האָט זיך דאָ אַמאָל געבױט.

די מאַשין פֿאַרמאָגט אין זיך אַזעלכס, צו װאָס קײן פֿערד און קײן אָקסן און אַפֿילע אַ הײַנטיקער באַן קאָנען זיך ניט דערלאַנגען — זי שלינגט די װײַט. מיר זײַנען שוין ניט נאָר אין קיִעװ. טכילעס אָװנט זײַנען מיר שוין אַפֿילע אין הױף בײַ אונדז. זען זעען מיר עס אַלץ, דאָס איז אַלץ ריכטיק, נאָר אין קאָפּ פֿאַטױפּעט זיך עס נאָך ניט. און גלײבן?.. דו קאָנסט עס דען גלײבן? אונדזער הױז, אַז מע װיל, האָט עס אַ נאָמען. „ראָליט" — ראַביטניטשאַ ליטעראַטורא.

הײמישע מענטשן באַגעגענען אונדז. זײ זײַנען פֿאַרנומען מיט גאַנץ װאָכעדיקע קלײניקײַטן.

איך לײַ בײַ אַ שאָכן אַ קלײן העקעלע און װיל זיך װאַרפֿן אַף דער טיר. אָבער דװוירל האַלט מיך אָפּ. אײנער פֿון אונדז גײט און זוכט אָפּ דעם אַלטן שלאָסער מיט די בלעכענע ברילן, דער זעלבער שלאָסער, װאָס געװען. ער זאָגט, אַז ער װײסט קלױמערשט ניט, צי ער האָט רעכט גײן אונדז עפֿענען די טיר. דער ליטפֿאָנד האָט דאָ צו שאַפֿן, נאָר ער שטעלט זיך ניט אָפּ אַף קײן רעגע. זאָגן האָט ער טאַקע אַזױ געזאָגט, נאָר גײן גײט ער. און עפֿענען עפֿנט ער. און אַ טרונק בראַנפֿן נעמט ער. און מיר זײַנען בײַ זיך אין שטוב.

אינדערפֿרי האָט אונדז דער ליטפֿאָנד אַרױסגעגעבן אַ פּאַפּירל אַף אונדזער דירע. איר װײסט כאַטש, װיפֿל גליק עס שטעקט אין אַ פּראָסט, בלײַך פּירעקיק און ניט קײן גרױס שטיקעלע פּאַפּיר? עפּשער יאָ, נאָר גיכער — ניט...

מיט די האָפּשטײנס האָבן מיר זיך שוין געזען. זײ זײַנען בײַ זיך. אין הױף האָקן מענטשן האָלץ פֿאַר דער פֿליטע. אַנדערע האָבן אַן אײװעלע אין אײנעם פֿון די צימערן.

אינעם קלײנעם צימערל בײַ אונדז, װו מײַן בעטל, מײַן שרײַבטיש און מײַנע ביכער זײַנען אַמאָל געװען, אינעם קלײנעם צימערל זײַנען אױסגעזעצט עטלעכע שױבן. ס'איז קאַלט. אינעם שלאָפֿצימער אַף דער קאַנאַפּע זײַנען מיר געשלאָפֿן אַלע אינדרײַען — דװוירל, לײבל און איך. מיר האָבן זיך צוגעדעקט מיט דװוירלס װינטערדיקן מאַנטל, מיט מײַן האַרבסטיקן מאַנטל און מיט אַ דינער סאָלדאַטסקער קאָלדרע, און מיר זײַנען געװען רײַך — װאָס הײסט רײַך? — אַנו, פּרוּװט אָפּזוכן אין דער גאַנצער װעלט אַ גלײַכן צו אונדז! איר װעט ניט געפֿינען! דער ניסטער זאָגט: „די גװורע פֿון דעם שװאַכן". װאָס זאָלן מיר שוין זאָגן װעגן דער אומגעריכטער פֿרײד?!

---

[1] אַן אוקראַיִנישע קינדער־שרײַבערן.

[2] דער גענעראַל װאַטוטין איז אומגעקומען אין די שלאַכטן פֿאַר באַפֿרײַען קיִעװ.

און וועאַל־קולאַם — דער וווּנדער איבער וווּנדער: קאָן איך, הייסט עס, גיין איבער אַ קיִע־װער גאַס, און איבער נאָך אַ גאַס, און איבער אַלע גאַסן פראַנק־און־פריַי. און איך דאַרף זיך פון קיינעם ניט אויסבאַהאַלטן, און קיינער דאַרף קיינעם ניט לויפן אויסזאָגן, ווי אַזאַ ייִדישע מישפּאָכע האַלט זיך אויף... ס׳זיַינען דאָ, קיין איַינהאָרע, אַ סאַך ייִדישע מישפּאָכעס, און מע איז באַלעבאַטים באַ זיך.

נו? און איך האָב דאָך נאָך עפּעס אַ „נאַכלע", אַ בלוטיק־אייגענע, וואָס היטלערס לײַט האָבן פאַר אונדז איבערגעלאָזט. היטלערס מענטשן האָבן זיך דאָ פאַרגינט אָנפילן איינס אַ ווינקל פון קיִעווער פאַרשטאָט מיט וואָרעמען פלייש און בלוט פון מײַנע ברידער! אַהין וואָלט דאַרפן זײַן מײַן ערשטער גאַנג.

איבער דער נאָענטסטער שכײנישער גאַס גיי איך דורך פאַרבײַ ליכטיקע שויפענצטער פון קיִעווער גרויסע צײַטונגען.

אויך די צײַטונגען האָבן פריַי אַן אָטעם געטאָן. מע דאַרף זיך ניט טוליען אין קיין ווײַטע שטעט, ניט קיין אוקראַיִנישע, שטעט סאָוועטישע, וואָס זײַנען געוועזן גאַסטפרײַנטלעך צו אונדז. פאַרברענגען צוגאַסט איז גוט, נאָר היימישע לופט איז פיל בעסער.

אונדזער ברודער, דער עלטערער לייטענאַנט, איז דורכגעפאָרן קיִעוו אָף אַ לאַסטמאַשין. ער איז פאַרגאַנגען צו אונדז. מאָגער. ניט אויסגעשלאָפן. אַ ביסל דערפרוירן, נאָר די אויגן בלישטשען. ער איז פריילעך, וואָס ער זעט אונדז. ער איז אויך געווען, באַ דער געלעגנהײַט פון איינער אַ שליכעס־רײַזע, אין סלאָוועשנע, אין אונדזער געבוירן־אָרט סלאָוועשנע.

פאַרברענט. פוסט. אַראָפּגעטראָגן פון דער ערד. אומעטום הויכער בוריאַן. ווו איז דאָ ניט לאַנג צוריק געווען אַ גאַס? ווו איז דאָ ניט לאַנג צוריק געווען אַ לעבן? מירן זיך נאָך זען, וועט ער שוין דערציילן גענויער. דעם טאַטן דערמאָנט. דעם טאַטע הערשעלען דעם געלינקן. דערמאָנט גערדאַליען, הירשקען, פייגעלען, נאָר אַלץ אַפּגיך און אין אײַלעניש. ער פאָרט באַלד ווײַטער.

✱

און אָט איז געקומען אונדזער טאָכטער. עפּעס זייער פאַרשוואַרצט.

— צי דען זײַט איר אַזוי די גאַנצע צײַט געפאָרן?

— ניין, געפאָרן ניט גוט, ניט שלעכט, נאָר שוין לעבן קיִעוו — אין דאַרניצע האָט מען אונדז הײַנט באַנאַכט שרעקלעך באַמבירט...

— נו, יאָ! מיר זײַנען דאָך די נאַכט דאָ אויך ניט געשלאָפן!

— נו, האָט מען זיך באַהאַלטן פריִער אין אַ לאָך, וואָס אַ באָמבע האָט שוין לאַנג אויסגע־זעצט. דערנאָך אין אַ פאַרלאָזענעם שוצגראָבן. באַ יעדן זעץ שיט זיך די ערד אַפּן קאָפּ. אַ צײַט איז מען געלעגן אונטערן לאָקאָמאָטיוו. בײַלקע אַליין האָט געהאַט איין אַנגסטלעכן געדאַנק: „ניט פאַרבלײַבן קיין קאַליקע!" אויב געהאַרגעט ווערן, איז מיטאַמאָל, גלײַך אַפּן אָרט. באַנען האָבן געברענט. איין וואַגאַנדל אונדזערס איז אויך פאַרברענט געוואָרן.

שיין איז אָבער געווען דאָס ווײַטערדיקע. בײַלקעלע האָט זיך אײַנגעוואַשן, געכאַפּט אַ דרימל, זיך אָנגעטאָן ריין. מיר זײַנען אַוועקגעפאָרן צו דער פראַכט־סטאַנציע און אָפּגענומען די רעשטן, וואָס האָבן זיך פאַרהיט אינעם גאַנץ געבליבענעם וואַגאַנדל. געקומען אַהיים, האָבן מיר געטראָפן געדעקט דעם טיש און דווירל מיט לײבעלען האָבן שוין אָף אונדז געוואַרט.

אַפן טיש איז געווען אַ מיטיק, אַ פרישקײַט, אַ ריינקײַט, דער לויטערער בוליאָן אין די טעלער, אַזאַ שטעלט מען נאָר אין גוטע צײַטן, און נאָר פאַר קימפעטאָרנס. און ס׳איז אונדז געווען ליכטיק אין די אויגן פון דער יאָמטעוודיקײַט. מיר זײַנען אַלע אינפירען צוריק אין דער היים. איך וועל עס לאַנג געדענקען.

## שפּריצמאַשינעס
## שווענקען דעם אַספאַלט

**א**יבער קיִעווער גאַסן האָט מען דורכגעפירט זיבעציק טויזנט געפאַנגענע דײַטשן. זייער אַ סאַך יונגע צווישן זיי. זיי האָבן געהאַט אַ קלאָגעדיקן אויסזען. קיִעוו האָט דאָך געזען די זעלבע דײַטשן אין אַ סאַך אַ קלענערער צאָל, נאָר באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פיס. זייער וואָלפישער קוק, זייער כײַישער רייעך האָט אָנגעוואָרפן אַ מוירע, אַז דער מאַמעס מילך פלעגט אין דיר אַנטפאַלן ווערן. איצט האָבן די זעלבע צוויפיסיקע גאָר

אָן אנדער אויסזען. מע האָט זיי ארויסגעפירט פון שטאָט. ווּ ווערט מען זיי באַזעצן, ווייס איך ניט, נאָר באַלד נאָך זייער אוועקגיין זײַנען געפאָרן איבער די גאַסן שפּריצמאַשינעס און געוואַשן די אַספאַלטירטע ערד. די אומריינקײַט, וואָס זייערע קויטיקע געשוואָלענע טריט האָבן איבער־געלאָזן, — זאָל זי דאָ ניט אוּוערן.

## טרוקענע געפּאַרבטע ברעטער פאַר די ביכערשרענק



הערשעלע האָט מיט איבערמענטשלעכער מי איבערגעפירט פון רוזשײַעווקע די שוועסטער מיטן קינדווארג אַהער. געצייַלטע מעסלעסן האָבן זיי זיך אופגעהאַלטן בא אונדז. געלעגערס ריינע האָבן מיר געשפּרייט אַף דער ערד פאַר אַלעמען. אין טעג ארום זײַנען זיי איבערגעגאַנגען וווינען אַף שוליאַווקע. א ריינע, לופטיקע פאַרשטאָט. די גאַס זייערע הייסט פּערטע דאַטשנע. ווען זיי האָבן געוווינט בא אונדז, בין איך געגאַנגען מיט די פּלעמעניקלעך און פּלעמעניטשקעס צופוס, זיי ווײַזן קרעשטשאַטיק. ווען מע קאָן דאָ געבן א פּאַטאָ פונעם קליינוואַרג: נעזעלעך, בלישטשענדיקע אויגן, בא איינעם אפילע — זייער גרויסע. מע טאַפּטשעט מיט קליינע פיס אין גרויסלעכע שיך. איך בעט, זיי זאָלן זיך האַלטן לעבן מיר. מירן קומען אַהיים, וועלן די מאַמעס, די מומעס געבן עפּעס צום פּיקן. שפּאַצירט, טײַערינקע, קוקט זיך אָן, וויפל דאָס האַרץ גלוסט!

צו זיי אַף שוליאַווקע בין איך אויך געגאַנגען. געהאָלפן אָנזעגן האָלץ. געבראַכט אַהין וואָס מעגלעך. דערציילט, געהערט. פון גערדאַליען און פון הערשעלען דעם געלינקן ריידן מיר ווי ווײַט מעגלעך ווינציק.

מוישקע איז שוין אין דער היים. ער ארבעט אין א מיליטערישן סקלאַד.

און ס׳איז געווען אַזוי: אין קיִעוו איז געגאַנגען עטלעכע טעג דער געריכט איבער דײַטשישע מילכאָמע־פאַרברעכער. אַף קאַלינין־פּלאַץ האָט מען אויסגעבויט א נייטיקע צאָל טליִעס. קיִעווער באַפעלקערונג איז אין גרויסע מאַסן געפלאָסן אַהערצו זען מיט די אייגענע אויגן, ווי מע ווערט ברענגען אַף מאַשינעס די געהויבענע בלישטשענדיקע דײַטשן, קעדיי עס זאָל זיי געטאָן ווערן דאָס, וואָס זיי האָבן פאַרדינט...

איך בין ניט געגאַנגען, נאָר פונקט אין דעם צײַט־אָפּשניט, וואָס דאָרט האָט זיך עפּעס גע־טאָן, בין איך געגאַנגען צופוס פון שוליאַווקע. מוישקע האָט מיר געגעבן א ביסל דינע, שטאַרקע, אייניקע אפילע געפּאַרבטע, ברעטלעך. פון זיי וועל איך אופשטעלן אין דער נישע פונעם קליינעם צימערל פּאָליצעס פאַר מײַן ביבליאָטעק.

מײַן מאַסע האָב איך געטראָגן אַפן אַקסל. איך האָב געפילט, וואָס אָן ערעך עס קומט פאַר אַפן קאַלינין־פּלאַץ, פינף־זעקס קילאָמעטער פון מיר. און אין מיר האָט געזונגען. איך טראָג א שווער פּעקל גוטע, געשמאַקע ברעטלעך אַפן אַקסל. פון מאָל צו מאָל שטעל איך זיך אָפּ און לייג זיי פאַמעלעך איבער אַפן צווייטן אַקסל, און אין מיר זינגט, ס׳טאַנצט אונטער מיר. איך וועל אַליין צונויפקלאַפּן איינפאַכע פּאָליצעס, וועל אויסשפּרייטן ריין פּאַפּיר און אויסשטעלן די ביכער. מײַן בליק שטעלט זיך אָפּ אַף דורכגייענדיקע פּרויען. אייניקע שענקען מיר אויך א בליק. זיי דערקענען מײַן פרייד.

דאָרט, אַף קאַלינין־פּלאַץ, קומט עפּעס פאָר היסטאָרישעס אפילע. נאָר איך טרעט איבער דער געפּלאַסטערטער ערד. יעדע אָנקומענדיקע גאַס מאַכט מיך נעענטער צו מײַן שטוב, און ס׳האַלט אין מיר אין זינגען און אין איין אונטערטאַנצן:

— רעב ייִצכאָק־אײַזיק, דער זון פון נאָכעם־אַריע־לייב, גיי גיב אָפּ קאָוועד דײַנע ביכער.

ביכער זײַנען ליכט... אַף די פּאָליצעס, וואָס איך טראָג פאַר זיי, וועלן מײַנע ביכער זיך אויסשטעלן אין א שיינער אָרדענונג. ס׳איז שוין געווען, נאָר אומענטשן האָבן עס צעבראָכן און צעשטאָכן. איצט ביסטו צוריק אין דער היים מיט דײַן קליינינקער מעלוכע און בויסט פונסנײַ אַלץ, טאָ וויש אויס די טרער, געפין פאַר זיך טרייסט און האַלט ערלעך דאָס לעבן. מע דאַרף אַזוי...

## אהרן ווערגעליס

# פּאָעמע פון אַלע פּאָעמעס

פּאָעמע פון אַלע פּאָעמעס:
דער עמעס.
דער עמעס.
דער עמעס.
די ליד פון אַלע לידער:
דער עמעס
ווידער
און ווידער.
דער הימן פון אַלע הימנען:
דער עמעס —
פון דר'ערד
ביז די הימלען.
ס'געזאַנג פון אַלע געזאַנגען:
דער עמעס,
וואָס גייט
אין געראַנגל.
סימפאָניע פון אַלע סימפאָניעס:
דער עמעס
אַף אונדזערע פאַנען!

# אין אייגן פעלד

ווי קום איך אַף דעם פעלד?
צי איז דאָס פעלד פאַר מיר שוין לאַנג א היים געוואָרן?

— אינײנעם מיטן קאָרן,
וואָס גייט דאָ אויף און גרינט און ווערט פארגעלט,
אינײנעם מיט די ווערעמלעך און מיט די בלומען
בין איך אין פעלד — ניין, ניט געקומען! —
אין פעלד אין שטעכיקן איך בין געבאָרן.

און כ'ווייס ניט, צי פון דעם איז אויסגעשפּילט מײַן בלוט,
און גרויסהאַלטן איך וויל זיך ניט מיט דעם פאַר קיינעם.
איך וואַקס אין אייגן פעלד.
און שווער איז מיר. און גוט.
און שווער איז מיר און גוט מיט זאַנג און גראָז אינײנעם.

וואָס נעם איך בא דעם פעלד?
צי איז פאַר מיר דאָס פעלד א ליַיבלעכע, א גוטע מאַמע?

— מיט אַלעמען צוזאַמען
איך האָב דאָ סײַ מײַן נעסט, סײַ אויך א גרויסע וועלט,
איך טרינק פון קוואַל און ברענג אים ניט קיין שאָדן,
איך בין דאָ אַף דער זון און בין דאָ אין איר שאָטן.

און כ׳ווייס ניט, צי פון דעם איז אויסגעשפּילט מײַן בלוט,
און גרויסהאַלטן איך וויל זיך ניט מיט דעם פאַר קיינעם.
איך וואַקס אין אייגן פעלד.
און שווער איז מיר. און גוט.
און שווער איז מיר און גוט מיט זאַנג און גראָז איניינעם.

וואָס ברענג איך אָף דעם פעלד?
צי גייט דאָ אוף, אין פעלד, מײַן שאַפנדיקער קויעך?

— באַם אופהייבן די רויערד
געפונען שפּורן כ׳האָב פון אַ געצעלט,
וואָס איז פון אוראַלט אַ פאַרטרויטער איידעס,
און דאָרט האָבן געמיט זיך מײַנע זיידעס.

איך ווייס ניט, צי פון דעם איז אויסגעשפּילט מײַן בלוט,
און גרויסהאַלטן איך וויל זיך ניט מיט דעם פאַר קיינעם.
איך וואַקס אין אייגן פעלד.
און שווער איז מיר. און גוט.
און שווער איז מיר און גוט מיט זאַנג און גראָז איניינעם.

# נאָך אַ שטורעם

אויסגעריסן מיט די וואָרצלען, ליגן ביימער, פונקט ווי רעטעכער,
נאָר די קרוינען (זע, זיי לעבן!) מיט די בלעטער נעמען בלעטערן,
און עס הייבן אָן צו רוישן די פאַרקניפּטע פולע צווײַגן:
— מירן שטײַגן... מירן שטײַגן...

פליִען אָן פון ערגעץ ראָבן, זעצן צו זיך לעם די סאָוועס:
— ניין, די שטאַמען באַ די סאָסנעס
וועלן אײַנגעשפּאַרט ניט שטיין מער,
ווײַל די ביימער,
די, וואָס ליגן,
זײַנען מער שוין ניט קיין ביימער... —
אָט אַזוי די ראָבן קאַרקען, שיטן אַש אָף גרינע שעטעכן.
— ס׳איז אַ סאָסנע דען?
— ס׳אַ צעדער?
— גייט שוין, גייט! ס׳איז פוילע רעטעכער!..

קום איך אָן און שווײַג, און קוק נאָר, און איך שטיי, און שווײַג און טרויער:
ווי איז מיר! דער בייזער שטורעם האָט אַ נאַכט, ניט מער, געדויערט, —
קאָן ניט זײַן, עס קאָן ניט זײַן, און ניט איך גלייב און כ׳וויל ניט הערן,
אַז דער שטורעם זאָל דעם וואַלד, ווי מיט אַ בעזעם, לײַכט פאַרקערן!

— נעמט זיך אָן מיט קויכעס, ביימער!
ס׳איז דאָס גראָז אײַך ביז די אַקסל,
נאָר ס׳איז דאָ אָף וואָרצלען ערד נאָך — וועט איר וואַקסן, וועט איר וואַקסן!

■ ■ ■

דער הויכער באַרג פון דעם האַרצן —
אַרופגיין אָף אים איז שווער.
אַרופגיין אָף אים איז געפערלעך, אַרופגיין אָף אים איז אַ גליק.
גייסטו אַרוף אָף דעם האַרצן — זוך ניט קיין טאָל שוין מער,
שווימסטו אַריבער דאָס בלוט זײַנס — קוק שוין ניט מער אָף צוריק.

ווען דאָרטן, ווו לוסטיק און ראַשיק איז,
דעם שווערלעכן קאָפּ איך פאַרליר, —
פאַרגייען אין האַרצן זאַשפּערעס,
די נעשאָמע מײַנע פאַרפרירט.
און גוט איז דערנאָך צו וויסן, אַז כ׳האָב באַם געפערלעכן אָרט
אַ וואָרף זיך געטאָן צום געוויסן
און פליִען אין אָפּגרונט פאַרשפּאַרט.

דער הויכער באַרג פון דעם האַרצן —
אַרופגיין אַף אים איז ניט לײַכט.
אַרופגיין אַף אים איז אַ כּיעס, אַראָפּגיין פון אים איז אַ זינד —
ווײַל דאָרט, אַף דער הייך פון דעם האַרצן, איך בין מיט דעם אָדלער גלײַך,
ווײַל נידעריקער פון דעם האַרצן
מיט אָפענע אויגן כ׳בין בלינד...

# אַ פאַרגעסן וואָרט

גרילצט אין אויער:
„אוירעך״... „אוירעך״...
„עסן טעג״...
וואָס איז עס, וואָס?
איך פאַרשטיי ניט אָט די טוירע, —
מאַרעשכוירע
און פאַרדראָס.
עפּשער בין איך גאָר אַ פוילער?

עפּשער ביסטו רײַך, ווי קוירעך?
דו — דער פּניי?
און איך — דער אוירעך?
זאָג — פאַרוואָס? פאַרוואָס?

כ׳האָב אַף אייביק שוין געשווירן,
אַז דאָס וואָרט אָט דאָס פאַרלירן
און פאַרגעסן האָב איך פּראָסט.
ס׳גרילצט אין אויער:
„אוירעך״... „אוירעך״...
„עסן טעג״...
וואָס איז עס, וואָס?



דער גרויסער גלאָק האָט ניט געקלונגען,
די קליינע גלעקעלעך — גלינגלאָן! גלינגלאָן! —
גערופן אומרויִק,
געוועקט, געמונטערט
דעם שווערן שווײַגער: הייב שוין אָן!

דער גרויסער גלאָק האָט אַלץ געשוויגן,
גלײַך ניט געהערט, אַז אים מע רופט.
די גלעקלעך — מיד פון לאַנג זיך וויגן...

נאָר ס׳האָט זיך שוין צעוויגט די לופט:
דער גרויסער גלאָק האָט זיך צעקלונגען!

די קליינע גלעקעלעך — געוואָרן שטיל.
און נאָר געשעפּטשעט, אַז עס איז געלונגען,
אַז ס׳איז — גלינגלאָן! גלינגלאָן! — שוין נאָ׳נט דער ציל...

# אונדזער מאַטושקאַ־ראַסייאַ

טיף־ראַסייאַ
איז אין מיר —
ניט מיט אויסגעברענטע סטעפּעס,
ניט מיט טרינקען רויען ספּירט,
ניט מיט זײַן אַזעלכעס עפּעס,
וואָס מע ווייסט אַליין ניט וואָס,
וואָס עס האָט קיין וואָג, קיין מאָס.

טיף־ראַסייאַ
איז אין מיר,
און אין דעם, וואָס מיך פאַרייניקט
מיטן רוס פון טיף סיביר,
מיך —
מיט סטענקאַ ראַזינס אייניק.
מיך — דעם ייִדן,
אים — דעם רוס,
מיך און אים און אַלע פעלקער,
ווײַל מיר גייען פוס אין פוס,
טיילן גלײַך אַף גלײַך די פעלדער,
גלײַך אַף גלײַך די מי, די זעט,
און די לײדן,
און די ווייען,
און אין אונדזער פרײַנטשאַפט
רעדט
אונדזער מאַטושקאַ־ראַסייאַ.

■ ■ ■

א מאָדנער האַרבסט געווען —
דער דעמב האָט אויסגעטאָן זיך פריִער נאָך פאַר דער בערעזע,
א כוצפּעדיקער ווינט
האָט פאַר דער צײַט אַרײַנגעבראַכט דעם וואַלד אין העזעק.

דער האַרבסט — א בלאָז געטאָן און ניט געוואָרן אומגעריכט:
דער בושל — ניט באַוויזן אָפּפליִען מיט זײַן געזינדל, קיין אײַנהאָרע,
און ביזן בויך אין שניי
דער בער אַרײַן איז — ניט באַוויזן אויסבעטן די נאָרע.

אָך, אויב עס וועט זיך בײַטן אַזוי גיך דאָס יאָר —
איך קאָן נאָך שטאַרבן איידער ס'וועלן גרוי ווערן די האָר...

■ ■ ■

אפילע ווען איך זיץ
און טיף אין זיך איך בין פאַריגלט, —
אפילע דעמלט זיץ איך אַף א דונער מיט א בליץ,
און אויסגעשפּרייט בא מיר זײַנען די פליגל.

אפילע ווען איך פלי
און ווינט און בלוט — אַרום און אין די שלייפן, —
אפילע דעמלט בין איך שטיל, ווי אינדערפרי
אָן אייפעלע.

■ ■ ■

איך רו ניט באַטאָג און איך רו ניט באַנאַכט,
די ליד איז מײַן לייטער — דעם הימל דערלאַנגען.
איך בין, מײַנע פרײַנט, ניט פאַר אײַך געדאַכט,
א פויגל — געשטראָפט און געבענטשט מיט געזאַנגען.

איך האָב מיר מײַן אייגענע ערדישע נעסט,
און טיף איז דער וואַלד, און די ליד איז דאָרט הילכיק,
און אָפּט — מיט אַ שטרוי צווישן ליפּן פאַרפרעסט —
פלי איך אַוועק אַזש אַהין, צו דעם מילכוועג...

ווען דאָרטן איך בין, ווען איך בין אין דעם רוים,
ציט מיך צוריק, און די ליד איז אַ לייטער.
איך גיב זיך אַ ניידער ניט וואַרפן דעם בוים,
ניט פליִען צום מילכוועג איך גיב זיך אַ ניידער.

נאָר ווידער איך רו ניט באַטאָג און באַנאַכט,
און נאָכאַמאָל וויל איך דעם הימל דערלאַנגען.
איך בין, מײַנע פרײַנט, ניט פאַר אײַך געדאַכט,
אַ פויגל — געשטראָפט און געבענטשט מיט געזאַנגען.



פון אַלעף ביז טאָף,
פון אָנהייב ביז סאָף,
פון זען דײַנע אויגן ביז זען זיי אין שלאָף —
אַ וועג אַזאַ ווײַטער, אַ שווערער מעהאַלעך:
דער סאָף ווערט אַן אָנהייב, דער טאָף ווערט אַן אַלעף...

דו טראַכסט דען פון קאַוועד, דו טראַכסט דען אַ שעם זיך,
ווען גייסט אום צו כאַלעם, מײַן ליבע, מײַן מוזע?
דער סאָף איז קיין סאָף ניט. דער סאָף ווערט אַ העמשעך.
און קורץ דער מעהאַלעך — פון וועלן ביז מוזן.

איז גיי צו די הערצער! איז קום אָף די ליפּן!
איז גיי אום צו כאַלעם, מײַן מוזע, מײַן ליבע...
זאָלסט גאָרניט פאַרבײַגיין,
זאָלסט גאָרניט פאַרשווײַגן —
זאָלסט זאָגן דעם עמעס
פון אָנהייב ביז סאָף,
פון אַלעף ביז טאָף.

## טריבונע פון לעבן

## זלאטע נעמיק

# א ביסל פון מײַן לעבן

מיר דרוקן די פּשוטע, ניט געקינצלטע לעבנס־באַשרײַבונג פון אונדזער לייענערן זלאַטע נעמיק...

דאָס, וואָס זלאַטע נעמיק דערציילט, נעמט באַם האַרצן מיט דער טמימעס און מענטשלעכער ווירדע, וואָס קלינגט אין יעדן וואָרט.

מיר האָפן, אַז אַט די באַשרײַבונג, וואָס איז אויסגעזונגען געוואָרן ווי אַ פֿאָלקסליד, וועט אויסנעמען באַ אונדזערע לייענער.

יך בין איינע פון די קאָלווירטניצעס, וועלכע זײַנען געבוירן געוואָרן און האָבן געלעבט אין די אַלטע יידישע קאָלאָניעס. אין בירגערקריג איז מײַן טאַטע פאַרווונדעט געוואָרן, אינגיכן איז ער געשטאָרבן. מיר זײַנען געבליבן פיר יעסוימים און קנאַפּ־וואָס געקאָנט העלפן דער מאַמען. מיר האָבן געלעבט שטאַרק שווער.

אין די צוואַנציקער יאָרן זײַנען אין אונדזער קאָלאָניע געקומען אַ סאַך יידישע איבערוואַנדערער. מע האָט זיי געגעבן ערד, זיי האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, אַז לעבן אונדזער גאָרטן האָט זיך באַזעצט דער קאָוואַל. ער האָט געהאַט אַ גרויסע מישפּאָכע, ייִנגלעך און מיידלעך. אַלע קינדער זײַנען באַם קאָוואַל געווען געזונטע און שיינע. די ייִנגלעך האָבן פון קליינווײַז געקלאַפּט מיטן האַמער.

דער עלטערער זון דעם קאָוואַלס, אַלטער, איז געווען פון מיטעלן וווּקס, ברייטפּלייציק, זײַנע הענט זײַנען געווען ווי פון שטריק געפלאָכטן. ער האָט זייער אַ סאַך געאַרבעט אין פעלד און אין קוזניע. נאָך דער אַרבעט פלעגט ער שטענדיק אַרײַנגיין צו אונדז. מײַן מאַמע האָט אים שטאַרק ליב געהאַט, זי פלעגט זאָגן: „אַלטער איז אַ שטילער, אַ גוטער, אַ שיינער. אַ ווײַב וועט לעבן מיט אים גליקלעך“.

אַלטער האָט זיך גאָר ווייניק געלערנט אין שול. איך האָב זיך גראָד יאָ געלערנט. איך בין געווען אַ קאָמיר־גיסטקע, אַלטער אַ קאָמיוגיסט. שטענדיק פלעגן מיר זײַן צוזאַמען. אַלטער פלעגט אָן מיר ניט גיין אין קינאָ אָדער אַף קאָמיוגישע פאַרזאַמלונגען. אין יענע צײַטן האָבן די קאָמיוגיסטן געהאַט זייער אַ סאַך אַרבעט, מיר האָבן אָנגעהויבן בויען די נײַע וועלט. אַלטער פלעגט זיך זייער שיין באַגיין מיט מיר. איך האָב זיך געוואָלט לערנען, און אַלטער האָט געזאָגט: „מיך אַרט ניט, פאָר זיך לערנען, נאָר גיב מיר אַ האַנט, זלאַטקע, אַז דו ביסט מײַנע“.

מיר האָבן זיך זייער ליב געהאַט, די מאַמע האָט מיך שטאַרק צוגערעדט, אַז איך זאָל כאַסענע האָבן מיט אַלטערן, כאָטש מיר זײַנען געווען יונג (איך בין אַלט געווען קאַרגע אַכצן יאָר, אַלטער — צוואַנציק).

קיין כאַסענע האָבן מיר ניט געמאַכט. נאָך דעם, ווי מע האָט אַראָפּגענומען די גערעטעניש, האָבן מיר זיך פאַרשריבן. יענער האַרבסט איז אַף שטענדיק פאַרבליבן אין מײַן זיקאָרן. איך מיט אַלטערן זײַנען דאָך געווען געטרײַע קאָמיוגיסטן, האָבן מיר גענומען אַ הייסן אָנטייל אין דער גרינדונג פון דעם ערשטן קאָלווירט. מײַן מאַמע איז געווען די ערשטע. זי האָט אַוועקגעגעבן די ערד, דעם אינווענטאַר און איז געוואָרן אַ קאָלווירטניצע. כאָטש מײַן ברודער איז אַלט געווען פערצן יאָר, האָט ער גלײַך אָנגעהויבן אַרבעטן אין קאָלווירט. דער קאָוואַל האָט אויך אַוועקגעגעבן זײַן ערד, זײַנע פערד, די קוזניע און האָט איצט אײַנײַנעם מיט אַלטערן געאַרבעט אין דער קאָלווירטישער קוזניע. אַלטער איז דורכגעגאַנגען קורצטערמיניקע קורסן, ער איז אינגיכן געוואָרן בריגאַדיר פון אַ טראַקטאָר־בריגאַדע.

דעם קאָלווירט האָט געבויט נאָר דער אָרעמער קלאַס און אַ טייל פון די מיטעלע באַלעבאַטים. די פּאָדקו־לאַקעס די האַווקונעס זײַנען זיך צעלאָפן פון דאָרף. די, וואָס זײַנען אין עטלעכע יאָר אַרום צוריק געקומען, האָבן אונדזער דאָרף ניט דערקענט. און ווער האָט אַלץ אויפגעטאָן? אַזוינע ווי מײַן ברודער, ווי דעם קאָוואַלס זין. אונדזער קאָלווירט איז געווען רײַך מיט ווײַנגערטנער, מיט סעדער, מילך־פערמעס. מיר האָבן געהאַט אייגענע אַגראָנאָמען, דאָקטוירים, טראַקטאָריסטן, קאָמבײַניאָרן. אַלץ איז געווען עלעקטריפיצירט... גליקלעך האָבן מיר געלעבט אין אונדזער קאָלווירט, וועלכן מיר האָבן געבויט מיט די אייגענע הענט.

אַז עס איז באַ אונדז געבוירן געוואָרן דער ערשטער זון, האָבן מיר אים אַ נאָמען געגעבן וולאַדימיר. נאָך לענינען. מיר האָבן געמאַכט אַ רויטן ברית. דער קלוב איז געווען געפּאַקט, די מוזיק האָט געשפּילט, איך מיט

אַלטערן, מיטן קינד אַף די הענט, זײַנען געזעסן אין פּרעזידיום, אַלע קאָמוניסטן האָבן געשענקט מאַטאָנעס. דער יאָמטעוו האָט געמאַכט אַזאַ שטאַרקן אײַנדרוק, אַז מע האָט נאָכדעם אופגעהערט בא אונדז מאַכן בריסן אַפן רעליגיעזן אויפן. אַז איך פלעג גיין מיטן קינד אַף די הענט דורכן דאָרף, פלעגט מען מיך אָפּשטעלן: „ווײַזט אַ קוק טאָן, ווי זעט ער אויס? ער הייסט דאָך נאָך לענינען!" אָבער אַלץ גוט קאָן ניט זײַן!

שלעכט איז געווען דאָס, וואָס אַלטער האָט ניט ליב געהאַט זײַן קינד. דאָס קינד איז בא אים געווען אַן איבעריקע זאַך. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָט עס שטאַרק ווי געטאָן, איך האָב גאָר ניט געוווּסט, אַז אַזאַ זאַך טרעפט אַמאָל. וואָלאָדיע איז מערסטנס געוואַקסן בא מײַן מאַמען. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב צוגעדעקט מײַן גרויסן ווייטעק פון דער מאַמען, איך האָב דאָך אַזוי ליב געהאַט אַלטערן, האָב איך געמאַכט, אַז בא דער מאַמען אין די אויגן זאָלן זײַנע גוטע זײַטן איבערוועגן.

איך מיט אַלטערן האָבן גוט פאַרדינט. די שטוב און אין שטוב איז געווען ווי בא אַלע באַלעבאַטים. נאָר דער זון איז בא אונדז געווען איינער. מײַן מאַן האָט מיר געמאָלדן, אַז קיין קינדער וויל ער מער ניט. ווי איך פאַרשטיי הײַנט, האָב איך דעמלט גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען... „טו, וואָס דו ווילסט!" — האָט ער געזאָגט. האָב איך געטאָן און בין שיר פון דער וועלט ניט אַוועק. מײַן מאַן האָט זיך געמוזט אונטערגעבן...

אין איין־און־פערציקסטן יאָר האָט מען געוואַרט אַף אַ גוטער גערעטעניש. ווינטער איז געווען אַ סאַך שניי, פרילינג — אַ סאַך רעגנס. סײַ אַלטער, סײַ מײַן ברודער האָבן דורכגעפירט דעם פאַרזיי גיך און גוט. ביז זיי האָבן ניט געענדיקט זייען, האָבן זיי געטאָגט און גענעכטיקט אַפן פעלד.

אַפן ערשטן מײַ האָט געדאַרפט קומען מײַן קלענערער ברודער אין אורלויב פון אַרמיי. ער איז געווען אַ לערער אין דאָרף. ער האָט ניט אויסגעניצט די להאָטע, וואָס דאָרפישע לערערס האָבן געהאַט, און איז פרײַוויליק אַוועק אין אַרמיי. ער איז געוואָרן אַ ראַדיסט אַף אַן אַעראָפּלאַן. דעם אורלויב האָט ער געקראָגן פאַר אויס־געצייכנט שיסן.

אַזויאַרום האָט מײַן מאַמע אין יענעם מײַ דאָס לעצטע מאָל געהאַט אין שטוב בא איר טיש אַלע אירע קינדער...

נאָך מײַ זײַנען אַוועק אַזוינע רעגנס, אַז אַלע דייזשקעס זײַנען פול געווען מיט וואַסער אַף וואַשן גרעט. אַפן האַרצן איז געווען מעכײַע גוט. זיצנדיק מיט די קינדער לעבן דער טיר, האָב איך געוואַרט אַף אַלטערן. איך האָב געטראַכט: „ווו וועלן מיר אָפּשיטן דאָס ברויט, וואָס מיר וועלן באַקומען פאַר אונדזערע אַרבעטס־טעג?" די קינדער האָבן דערזען אַלטערן, גענומען שרײַען: „דער טאַטע גייט". זיי האָבן שטאַרק ליב געהאַט דעם טאַטן. ער זיי ניט. קיינמאָל האָט ער ניט גענומען אַ קינד אַף די הענט...

אַלטער האָט זיך געוואַשן און אָפּגעגעסן. מיר זיצן און ריידן. זאָגט ער: „מיר וועלן איבערלאָזן וויפל ווייץ מיר דאַרפן, דאָס איבעריקע וועלן מיר פאַרקויפן אין קאָאָפּעראַציע".

אַ גאַנצע נאַכט האָט ווידער גערעגנט. באַגינען האָב איך אויסגעמאָלקן די בעהיימע, זי אַרויסגעלאָזט אין סטאַדע, איבערגעסעפּאַרירט די מילך. צוגעגרייט איבערבײַסן, זאָג איך צו אַלטערן: „שטיי אויף, עס רעגנט שוין ניט". טוט ער זיך אַ כאַפּ: „אַוואַדע, איך דאַרף דאָך גיין רעמאָנטירן דעם אינווענטאַר".

ער האָט אָפּגעגעסן, איז אַוועק אין בריגאַדע. איך האָב נאָך וואַרעמעס געלייגט די קינדער שלאָפן. איך הער, מע קלאַפּט. „ווו איז אַלטער?" — פרעגט דאָס יאַטל, וואָס איז געקומען אים רופן. „וואָס אַזוי עקסטרע? ער איז אין בריגאַדע". אין אַ ווײַלע אַרום זע איך, ווי אַלטער לויפט צום דאָרפסאָוועט, לויף איך אויך. ביז איך בין אַהין געקומען, גייט מיר שוין אַלטער אַנטקעגן, שטאַרק צעטראָגן. פרעג איך: „וואָס האָט מען דיך געדאַרפט אַזוי עקסטרע?" זאָגט ער: „היטלער האָט געבאָמבירט קיִעוו, איך פאָר אַף אַ מיטינג, עס איז מילכאָמע!" ביז וואָס־ווען, האָט מען שוין געקלונגען, אַז אַלטער זאָל זיך אומקערן, ער זאָל אַרויספאָרן מיט די טראַקטאָרן אין עמטעעס. טאַקע גלײַך, די זעלבע נאַכט, איז אַלטער אַוועקגעפאָרן אַפן פראָנט. איך בין געבליבן מיט דרײַ קינדער.

איך בין געווען זיכער, אַז אָן אַלטערן וועל איך קיין איין טאָג ניט קאָנען לעבן. די ערשטע קינדערשע, די איינציקע ליבע, קעסיידער אינײַנעם... אַלטער האָט מיר געזאָגט: „היט דײַן געזונט, היט די קינדער. אַפן לעבן ביסטו באַזאָרגט. ווי נאָר איך וועל האָבן אַ מעגלעכקײַט, וועל איך אָנשרײַבן".

דער נײַנטער אַווגוסט. מיר זיצן אַף די טשעמאָדאַנעס. מיר זײַנען צעטומלט. דורך ראַדיאָ גיט מען איבער אַ ווענדונג צום אוקראַיִנישן פאָלק, אַז מע זאָל אַרויספירן אַלץ, וואָס מע האָט פאַרהאָרעוועט מיט די אייגענע הענט. אויב מע וועט עפּעס ניט קאָנען ראַטעווען, זאָל מען עס פאַרניכטן אַפן אָרט... מע האָט שוין פון אונדזער קאָלווירט אַרויסגעטריבן די בעהיימעס, די כאַזיירים. דער פאַשיסט האָט שטאַרק באָמבירט די סטאַנציעס, די וועגן. בלויז אַ טייל פון די, וועלכע האָבן ריזיקירט און זײַנען אַרויסגעפאָרן, זײַנען לעבן געבליבן. ווען דער פאַשיסטישער דעסאַנט האָט געפּאַקט, האָט ער אומגעקערט צוריק. אָבער אַרויספאָרן האָט ווינציק־ווער באַוויזן.

מיר זײַנען אַרויסגעפאָרן דעם 13 אַווגוסט. אַ גאַנצן וועג האָבן די היטלעריסטן געשאָטן באָמבעס. הימל, ערד, מענטשן, פערד — אַלץ האָט זיך אויסגעמישט. באַם דניעפּער האָט מען געמוזט וואַרפן די פורן, און איך בין אַוועק צופוס מיט דער קראַנקער מאַמען און מיט די קינדער. דאָס קלענסטע אַף די הענט, די גרעסערע בא דער זײַט. די מאַמע האָט באַוויזן אַראָפּצוכאַפּן אַ קאָלדרע פונעם וואָגן, איז כאָטש געווען מיט וואָס צוצודעקן די קינדער. אַ מיליטערישע מאַשין האָט אונדז צוגעפירט ביז אַ סטאַנציע. דער קאָמאַנדיר, וואָס האָט אונדז גע־בראַכט האָט געהייסן זיך זעצן אַף אָפענע פלאַטפאָרמעס, וועלכע זײַנען געווען אָנגעלאָדן מיט אײַזנברוך. מיר האָבן אים געפאָלגט.

אַף וואָס פאַר אַ סטאַנציע מיר זײַנען ניט געקומען, האָט מען אונדז געהאָלפן מיט עסן, און מיר זײַנען געפאָרן ווײַטער. דער רעגן האָט אַף אונדז געגאָסן. די קינדער זײַנען געווען צוגעדעקט מיט דער איינציקער קאָלדרע. טאָמער פלעגט זיך די באַן ניט אָפּשטעלן און עס איז ניט געווען וואָס צו געבן די קינדער, האָבן זיי קיין עסן ניט געבעטן.

אָס אזוי זײַנען מיר אָנגעקומען צו דער וואָלגע. עס האָט געברענט עלעקטרע. מענטשן זײַנען ניט געלאָפן, מע איז געזעסן אפן עוואקאָפּונקט, ביז מע האָט באקומען אַן אָנווײַזונג וווּהין צו פאָרן.

א סאך מענטשן פון אונדזער ראיאָן זײַנען געבליבן בא דער וואָלגע, ביז די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט. איך האָב געארבעט אין קאָלווירט, געמאָלקן בעהיימעס. מײַן עלטערער זון איז שוין אלט געווען עלף יאָר, ער האָט מיר צוגעהאָלפן. כוץ דעם, האָבן מיר נאָך געפיטערט א טשערעדקע ביקלעך, קעדיי צו פארדינען מער ארבעטסטעג.

א גאנץ יאָר האָט אלטער ניט געוווסט, צי מיר האָבן זיך באוויזן צו ראַטעווען. ערשט ווען ער איז געקו־מען קיין סטאלינגראד, האָט ער אונדז דורכן עוואקאָפּונקט געפונען.

אין איין שיינעם טאָג קומט אָן א בריוו. טאקע פון אלטערן. ער שרײַבט: „איך האָב אײַך קוים געפונען. אויב דו קאָנסט, קום צו פאָרן".

אזוי־ווי איך בין געווען א מיטגליד פון קאָלווירט־פארוואלטונג, האָט מען מיך געשיקט עפעס אײַנקויפן צום שניט. בין איך שוין איינצײַטיק געווען צוגאסט בא אלטערן.

בייס דער שלאכט פאר סטאלינגראד האָט אונדז אלטער ווידער פארלאָרן. דערנאָך האָט ער געשריבן אין דאָרפסאָוועט, און מיר האָבן זיך ווידער פארבונדן. אָבער ניט לאנג האָט זיך מײַן מאן אינטערעסירט מיט זײַן מישפאָכע. ער האָט זיך פארדרייט מיט א מיידל. מיר האָבן אופגעהערט צו קריגן בריוו. אונדזערע בריוו פלעגט דאָס מיידל איבערכאפּן. איך האָב געשריבן צום קאָמאנדיר פון אלטערס טייל און געבעטן איבערגעבן מײַנע בריוו דעם מאן.

די מילכאָמע מיטן פאשיסט האָט געבראכט א יאם מיט צאָרעס, אָבער מיר האָבן זיך פון אָרט מער ניט גערירט. מיר האָבן געזייט און אראָפּגענומען די גערעטעניש, געארבעט באטאָג און באנאכט.

ווען אין אונדזער דאָרף פלעגן אָנקומען פארוווּנדעטע פון שלאכט, פלעגן מיר, פרויען, טראָגן די אומ־גליקלעכע פון שיף. וואָס מיר האָבן נאָר געקאָנט, האָבן מיר געטאָן פאר זיי. עס האָט געטראָפן, אז צווישן די פארוווּנדעטע האָבן אונדזערע עוואקויִרטע געפונען זייערע ברידער, מענער...

אזוי האָבן מיר געלעבט און זיך דערוואַרט, ביז אונדזער היים איז באפרײַט געוואָרן. א מוירעדיקער קויעך האָט גערופן אהיים. יעדערער האָט געזאָגט: „אף די שטיינער — אבי אהיים".

אז מיר זײַנען געקומען אהיים, האָבן מיר ניט געפונען ניט קיין וועגן, ניט קיין גאסן, ניט קיין הײַזער. ווו־ניט־ווו איז געשטאנען א צעוואלגערטע כאטקע... דערפאר האָבן מיר געפונען א סאך צעקלאפּטע פאשיסטישע טאנקען. אומעטום איז געווען אָנגעשריבן: „פאַרזיכטיק, מינעס!" מיר האָבן געטראָפן גרויסע קוואָרים פון קרוי־וים, פון גוטעפרײַנט. עס זײַנען געקומען צוויי ייִדישע פרויען, וועלכע האָבן זיך אויסבאהאלטן בא אוקראַיִנער. עס איז אויך געווען א מוסטער־געריכט אף צוויי אײַנוווינער פון אונדזער דאָרף, וועלכע האָבן אויסגעהאַרגעט א סאך אלטע לײַט און קליינע קינדער. די מערדער האָבן געלעבט מיט אונדז אין איין דאָרף...

פון מײַן שטוב זײַנען געבליבן נאָר די ווענט, פון דער מאמעס שטוב איז געשטאנען איין וואנט. מײַן ברודערס שטוב האָט געהאט אלע פיר ווענט, דעם דאך, אפילע א טיר. אָט דאָ, אין ברודערס שטוב, האָבן מיר זיך באזעצט.

איך האָב צונויפגעטראָגן א פּאָר בעטן, געפונען שטיקלעך גלאָז, ארײַנגעשטוקעוועט שײַבלעך אין די פענצ־טער. צוזאמען מיטן עלטערן זון האָב איך גענומען ארבעטן אין קאָלווירט. דער קאָלווירט איז געווען פוסט און לער. א צוויי טראקטאָרן האָבן זיך יאָ אָפּגעזוכט. איז ניט געווען, ווער עס זאָל זיך זעצן אף זיי ארבעטן. האָבן מיר מיט קאָסעס געשניטן דאָס ברויט, דערנאָך צונויפגעסקירדעוועט ניט קיין געדראָשנס, געוואַרט, ביז עס וועט קומען א דרעש־מאשין. דערוואַרט האָבן מיר זיך ערשט ווינטער. האָבן מיר פארוויקלט די פיס אין שמאטעס און אזוי געטיאָפּעט איבערן שניי — געדראָשן דאָס ברויט...

מײַנע קינדער זײַנען א גאנצן ווינטער געווען קראנק. די מאמע האָט זיך קוים געהאלטן אף די פיס, אזוי אָפּגעשוואכט איז איר דאָס הארץ געוואָרן. א גליק, וואָס מע פלעגט אָנהייצן דעם אויוון, האָבן די קראנקע קינדער זיך כאָטש געקאָנט אָנוואַרעמען. אָבער אונדז איז געווען גוט — מיר זײַנען געקומען אהיים... מיר האָבן געלעבט מיט איין האָפענונג, אז די מילכאָמע וועט זיך אינגיכן ענדיקן.

אין איינעם א קאלטן טאָג קום איך אין שטוב פון דער ארבעט, אָן אָנגעפרוירענע, א הונגעריקע. גוט, וואָס עס איז געווען א הייסע קוקורוזע־קאשע אָפּצועסן. די מאמע זאָגט צו מיר: „א בריוו פון דײַן מאן". דערפריי איך זיך, ווײַל מײַן איינציקע פארטײַעטע האָפענונג איז דאָך געווען אפן מאן... איך עפן דאָס בריוול, איך דערזע מײַן מאן מיט צוויי מיידלעך. די מיידלעך האלטן אים פון בייטע זײַטן אונטער די הענט, און מע לאַכינקעט...

איך האָב זיך אזוי געערגערט, אז איך בין געבליבן אָן לאָשן[1]! אזא בלוטיקע מילכאָמע, אזא ביטערע צײַט, די קינדער זײַנען אָן א טאטן, אים ליגט אין זינען זיך פאָרטרעטלען, און מיט וועמען?.. האָב איך אים טאקע אָנגעשריבן א רעכטן בריוו.

האָט ער מיר געענטפערט: „וויפל ווײַבער איך זאָל דא ניט האָבן, נאָר דו וועסט בא מיר בלײַבן איינע", דאָס איז שוין געווען אקוראט דאָן, ווען מיר האָבן געיעט די קערלעך. מיר האָבן געפילט, אז אָט־אָט וועט זיך די מילכאָמע ענדיקן. געציילטע ווײַבער האָבן געהאט אף וועמען צו וואַרטן, די איבעריקע זײַנען געווען אלמאָנעס מיט יעסוימים. מײַן מאמע האָט שוין אויך ניט געהאט אף וועמען צו וואַרטן, אירע ביידע זין האָבן געלייגט די קעפּ פארן היימלאנד...

מיר האָבן געלעבט אָן ראַדיאָ, אָן א טעלעפאָן, נאָר עמעצער איז געקומען פון ראיאָן און האָט דערציילט, אז באנאכט וועט מען איבערגעבן זייער וויכטיקע נײַס. פארשטייט זיך, אז מע האָט וואָס גיכער געוואָלט וויסן די נײַס. האָבן די פרויען מיך אויסגעטיילט, אז איך זאָל גיין אין ראיאָן הערן, וואָס אזוינס עס וועט איבערגעגעבן ווערן. איך האָב געזאָגט — אויב דאָס איז די פּאָבעדע[2], וועל איך לויפן אהיים און וועל אופהענגען א פאָן אף

[1] דער זיג.

מײַן דאַך. די שטוב, וווּ איך האָב געוווינט, איז געשטאַנען אױף א הויכן אָרט, אַזוי אַז אַלע וואָלטן די פאָן גלײַך דערזען. פון ראַיאָן לויף איך מיט דער פאָבעדע, אָבער קיין פאָן האָב איך ניט... טו איך אויס מײַן רויטן פאַרטעך, בינד אים צו צו א שטעקן, שטעל אוועק אויפן דאַך. באַלד זײַנען זיך צונויפגעלאָפן מענטשן, עס איז געקומען א פאַרשטייער פון ראַיאָן, מע האָט געמאַכט א מיטינג. די הארוגים אין די קוואָרים זײַנען נאָך ווארעם געווען. און דאָך זײַנען מיר געווען שיכּור פון פרייד, וואָס די מילכאָמע איז געענדיקט.

איך בין געווען איינע פון די ווינציקע, וואָס האָבן געהאָפט און געוואַרט... איך האָב דאָך געוווּסט, אַז דער טאַטע פון מײַנע קינדער לעבט, אַז ער וועט זיך איינגיכן דעמאָביליזירן און ער וועט קומען צו זײַן ווײַב און קינדער. די אַלמאָנעס זײַנען מיר מעקאַנע געווען...

נאָך דער פאָבעדע האָט מען דעמאָביליזירט פון דער ארמיי די פרויען. מע האָט דעמאָביליזירט אויך די, וועלכע האָט דרײַ יאָר געלעבט מיט מײַן אַלטערן און האָט געהאַט א גרויסן כיילעק אין מײַן אומגליק. אַז זי איז אַוועקגעפאָרן פון אים, האָט ער מיר אָנגעשריבן: „אויב דו קאָנסט, קום צו פאָרן, איך וועל דיר א ביסל העלפן און איך וויל זיך זען מיט דיר". א גוטע שכיינע האָט מיר געגעבן א קליידל, עפּעס אָנצוטאָן אויף די פיס און האָט צו מיר געזאָגט: „פאָר". איך בין געקומען צו אַלטערן. ער האָט אויסגעזען שלעכט, אָבער ער איז געווען געזונט, און מײַנע צאָרעס האָבן זיך אויף קיין איין מינוט ניט געשטילט. איך האָב גלײַך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט מיך אַרויסגערופן, קעדיי צו פאַרגלײַכן מיט זײַן ליובעניו. „ווי דו ביסט אַלט געוואָרן", — זאָגט ער צו מיר. איך בין געווען אַזוי צעמישט, אַזוי פאַרלאָרן, אַז איך האָב אים ניט געזאָגט: „אַלטער, איך בין דאָך נאָך קיין פינף און דרײַסיק יאָר ניט אַלט..."

אַלטער איז געווען א סטאַרשינא, האָט ער געוווינט מיטן קאַפּיטאַן אין א זעמליאַנקע. מיך האָט ער אײַנגעקוואַרטירט לעבן זייער טייל, בא מאַריא אַלעקסייעוונא. זי האָט מיר דערציילט א סאַך „גוטס" וועגן מײַן מאַן...

ניין, ניט קיין סאַך מענער און טאַטעס האָבן אַזוינס זיך דערלויבט אין יענע שווערע יאָרן...

עס איז מיר פּריקרע געווען צו נעמען דאָס, וואָס ער האָט מיר געגעבן. פונדעסטוועגן האָב איך יאָ גענומען... פאַרן אַוועקפאָרן פרעג איך אים: „וואָס פאַר א גרוס גיסטו איבער די קינדער?" ענטפערט ער: „דערווײַל גאָרנישט". זאָג איך אים: „וואָס פאַר אַן אינוואַליד דו וואָלסט ניט געווען, וואָלט איך זיך פון דיר ניט אָפּגעזאָגט, איך האָב אויף דיר ערלעך געוואַרט..." טוט ער א זאָג: „ערלעך איז די פרוי, וועלכע קיינער דאַרף ניט". א סאַך גלײַכער וואָלט געווען, ווען איך זע אים ניט...

געקומען אַהיים, זאָג איך צו דער מאַמען: „איך האָב ניט אויף וועמען צו האָפן". מײַן האַרץ האָב איך געקאָנט אויסריידן נאָר פאַר מײַן אומגליקלעכער מאַמען. פאַרשטייט זיך, אַז איצט שרײַבן איז א סאַך גרינגער, ווי דעמאָלט אַלץ איבערצולעבן. איך האָב דאָך אים ליב געהאַט.

איך פלעג אָפט באַקומען בריוו פון אַלטערס טאַטע־מאַמע, פון זײַנע שוועסטער. צוויי זין זײַנען באַם קאָוואַל אומגעקומען אין שלאַכט, בעט ער, איך זאָל ברענגען אַהיים דעם לעבן־געבליבענעם.

א יאָר צײַט האָט געדויערט, דער קאָוואַל האָט מיך אײַנגעבעטן — איך פאָר ווידער... איך בין ווידער בא מאַריא אַלעקסייעוונא. זי האָט מיר געזאָגט, וווּ דער קאַפּיטאַן געפינט זיך. געקומען צום קאַפּיטאַן, האָב איך זיך דערוווּסט, וווּ אַלטער וווינט. זײַנע באַלעבאַטים, אַן אַלט פאָרפאָלק, האָב איך געזאָגט: „איך בין אײַער קוואַרטיראַנטס ווײַב". די אַלטע האָבן זיך געכאַפּט באַם קאָפּ: „ער האָט אונדז דאָך געזאָגט, אַז זײַן מישפּאָכע האָט געהאַרגעט דער פאַשיסט!" זיץ איך אַזוי באַם פענצטער און וואַרט. אויף וואָס וואַרט איך?.. נאָר אָט הערן זיך טריט. איך זאָג צו דער באַלעבאָסטע: „דאַכט זיך, ער." יאָ. מיך דערזען, כאָכמעט ער זיך: „ניט אומזיסט האָט זיך מיר הײַנט געכאָלעמט, אַז א באָמבע איז אַרײַנגעפלויגן דורך דער טיר". „וואָס הערט זיך?" — פרעג איך. ער האָט אײַנגעטוליעט זײַן פּאָנעם אין די הענט, איז אַזוי געזעסן. איך האָב פאַרגעסן אין אַלץ, דאָס האַרץ האָט מיר פאַרקלעמט, איך רעד צו אים: „איצט, אַז דו זעסט אויס אַזוי שלעכט, אַז דו האָסט ניט קיין העמד אויפן לײַב, דאַרף דיך קיינער ניט, אָבער איך דאַרף דיך... אין אַזאַ שווערער צײַט, מע זוכט אַזוינע ספּעציאַליסטן, ווי דו, מיט ליכט, פּאָסטעפּאַסעוועסטו. פאָלג מיך, פאָר אַהיים, די קינדער זײַנען שוין אונטערגעוואַקסן, וואָלאָדיע איז שוין א גאַנצער אַרבעטער". קוקט ער מיך אָן און מאַכט צו מיר: „אַז דער יאַם וועט זיך אָנצינדן — דענסטמאָל וועל איך מיט דיר פאָרן". אַזוי בין איך אַליין מיט די צאָרעס מײַנע געקומען צוריק.

אָבער דאָס איז נאָך געווען קנאַפּ! נאָך אַלע אומגליקן האָבן מיר געהאַט די עמעסע פאַרבײַסעכץ...

אין זעקס־און־פערציקסטן יאָר איז אויף דער אוקראַיִנע געווען אַזאַ טריקעניש, אַזאַ בראַנד, אַז דאָס גאַנצע ברויט אויף די פעלדער איז פאַרברענט געוואָרן. איך בין אַוועקגעפאָרן מיט דער מאַמען און מיט די קינדער פון דער היים. געוואָלט האָב איך זיך אַוועקציִען קיין בירָאָבידזשאַן, נאָר אָן א פּראָפּוסק האָט מען אַהין דאַן ניט געלאָזט, בין איך געבליבן אין דזשאַמבולער געגנט. דאָ איז געוואָרן מײַן צווייטע היים, דאָ האָב איך געטראָפן מײַן גליק. דעריבער וועל איך זיך שוין קיינמאָל מיט מײַן נײַער היים ניט שיידן.

אָבער ביז איך האָב דערלעבט דאָס גליק, האָב איך נאָך געהאַט גענוג אויסצושטיין. די מאַמע איז געשטאָרבן, איר האַרץ האָט מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן די צאָרעס. איצט, אַז די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט, האָבן זיך ערשט בא אַלעמען געעפנט די וווּנדן. אָבער ניט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקײַטן, האָב איך מער ניט געוואָלט הערן, וואָס עס טוט זיך מיט אַלטערן. איך האָב אפילע ניט געוואָלט, אַז ער זאָל וויסן, וווּ מיר זײַנען...

איינמאָל גיי איך אַרײַן אין דער קאָלווירטישער קאָנטאָר, איך זע, עס זיצט אַן אומבאַקאַנטער מענטש. דער סעקרעטאַר פרעגט בא מיר, צי וועט דער מענטש קאָנען איבערנעכטיקן אויף דער פערמע, וווּ איך אַרבעט, צי וועט זיך פאַר אים ניט געפינען עפּעס אַן אַרבעט?

איך האָב דעם מענטשן אַוועקגעפירט אין צוזאַמענוווינונג און געבעטן, מע זאָל אים אַוועקלייגן אויפן לעזשאַניק, ווײַל ער האָט דאָך ניט געהאַט וואָס אונטערצובעטן, מיט וואָס זיך צוצודעקן. אַזויווי איך בין געווען די

עלטערע מעלקערן, האָב איך זיך דורכגערעדט מיטן פאַרוואַלטער, און אַף מאָרגן איז דער אומבאַקאַנטער געוואָרן וועכטער אַף דער פערמע.

אָט דער אומבאַקאַנטער מענטש האָט געהייסן כאַנע. ער איז אײַנגיכן געוואָרן אַ טאַטע פאַר מײַנע קינדער.

כאַנע פלעגט קוים איבערלעבן די נאַכט, ער פלעגט זיך קוים דערוואַרטן, אַז איך זאָל שוין קומען צו דער אַרבעט, כאָטש די נאַכט איז געווען ניט אַזוי לאַנג, וואָרעם פינף אַזייגער האָב איך שוין געהייצט, גערייניקט אין פּראָפילאַקטאָריע בא די נײַגעבאָרענע קעלבלעך. כוץ דעם, האָב איך געמאָלקן בא צוואַנציק נאָרוואָס אָפּגעקעלבסע בעהיימעס, ווײַל מיט דער יונגמילך האָב איך געהאָדעוועט די קעלבעלעך. כאַנע פלעגט ניט גיין שלאָפן נאָך דער נאַכט. אַ גאַנצן טאָג פלעגט ער מיר נאָכגיין פּוסטריט. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז אָפּגעזעסן אָפּן ווײַטן צאָפן אין לאַגער צען יאָר, אַז זײַן שוועסטער מיטן שוואָגער זײַנען געווען קאָמוניסטן אין אונטערערד פון בורזשואַזן פּוילן. דאָרטן איז דער שוואָגער אַרײַנגעפאַלן אין טורמע. די שוועסטער האָט עמיגרירט קיין סאָוועטנפאַרבאַנד. נאָכדעם ווי דער שוואָגער איז אָפּגעזעסן פינף יאָר, איז ער אויך געקומען קיין סאָוועטנפאַרבאַנד און כאַנע איז אויך געקומען צו זיי. אין זיבן־און־דרײַסיקסטן האָט מען אַרײַנגעזעצט די שוועסטער מיטן שוואָגער. אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט מען כאַנען אויך אַרײַנגעזעצט. מע האָט אים באַשולדיקט, אַז ער איז אַ פּוילישער שפּיאָן. כאַנע האָט קיין זאַך פון מיר ניט פאַרבאָרגן. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט כאַסענע געהאַט, אַז קיין קינדער האָט ער ניט, אַז קיין בריוו פון זײַן ווײַב האָט ער אין לאַגער ניט געקראָגן...

איך האָב אים אויך אויסדערציילט מײַן ביטער האַרץ, ער איז געווען מוירעדיק אופגעבראַכט, וואָס אַלטער איז זיך אַזוי באַגאַנגען מיט מיר און מיט די קינדער. מײַנע קינדער זײַנען געווען שיינע, געזונטע, גוטע ייִנגלעך, כאַנע איז צו זיי צוגעזאָטן געוואָרן. איינמאָל זאָגט ער צו מיר: „די גאַנצע צײַט, וואָס איך בין געזעסן אין לאַגער, האָב איך געטראַכט, אַז אויב איך וועל אַרויס אַ לעבעדיקער, וועל איך זוכן אַ פרוי מיט קינדער, וואָרעם איך האָב זייער ליב קינדער. אײַערע קינדער, זלאַטע, זײַנען צוגעפּאַסט פאַר מיר, איך בין שוין פופציק יאָר אַלט, עס איז צײַט צו ווערן אַ טאַטע...“

איך האָב אים אַף דעם געזאָגט, אַז מיר זײַנען צוויי מייסים, אַז ער קאָן נעמען אַ פרוי אָן אַזאַ „נאַדן“, אָבער ער האָט אַפילע ניט געוואָלט הערן. ער האָט אַזוי געזאָגט: „זלאַטע, איר און אונדזערע קינדער וועלן פון מיר זען נאָר גוטס, אײַערע הענט איז דער בעסטער נאַדן. די צײַט וועט זיך פאַרבעסערן, איך וועל געפינען אַרבעט, מיר וועלן ברענגען די קינדער צו אַ טאָלק“. דאַן האָב איך געפרעגט בא מײַן עלטערן זון, וואָלאָדיען: „וואָס זאָגסטו, זון מײַנער, אַף דעם, וואָס דער מענטש וויל ווערן אײַער טאַטע?“ ענטפערט מיר וואָלאָדיע: „מאַמע, איך וועל אָפּאַרבעטן דעם סעזאָן. די אַרבעטס־טעג וועל איך דיר איבערלאָזן, און איך וועל אוועקפאָרן קיין קאַראַגאַנדאַ זיך לערנען. אויב ער וועט זײַן גוט צו מײַנע ברידערלעך, אַרט מיך ניט — זאָל ער זײַן אונדזער טאַטע“. אַזוי האָט ער געזאָגט, אָבער אַ בריוו צום טאַטן אַף מאַריאַ אַלעקסייעוונאַס אַדרעס האָט ער דאָפקע יאָ אָנגעשריבן:

„טײַערער טאַטע! איך און מײַנע ברידערלעך האָבן אַזוי לאַנג געוואַרט אַף דיר. ווען מענס טאַטע עס איז געבליבן לעבן, איז ער געקומען צו זײַן קינד. פאַרוואָס פאָרסטו ניט אַהיים? דער מאַמען איז זייער שווער מיט אונדז. די מאַמע אַרבעט שטאַרק שווער, נאָר זי איז ניט בעקויעך אונדז געבן עסן צו זאַט. קום צו פאָרן, טאַטינקע, מיר בענקען נאָך דיר. צי דען ווילסטו אונדז ניט זען? ווען דו קומסט צו אונדז, וואָלסטו געוויס פון אונדז מער ניט געוואָלט אוועקפאָרן! ווען דער פעטער מייער מיטן פעטער יעכיִעל וואָלטן זיך אומגעקערט פון פראָנט, וואָלטן זיי זיך קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט פון אונדז... מיר קושן דיך. קום, טאַטע. אַלע דרײַ זין וואַרטן אַף דיר!“

און כאָטש מע האָט דעם בריוו איבערגעגעבן אַלטערן, איז עס געווען ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט.

אײַנגיכן האָב איך זיך מיט כאַנען פאַרשריבן אין זאַגס. מיר האָבן אוועקגעוואַנדערט מיט דער מילך־פערמע אין די בערג אַף אַ גאַנצן זומער. דער עלטערער זון האָט געפירט די מילך אין זאַוואָד, איך האָב געמאָלקן, דער מאַן איז געווען וועכטער, די קלענערע ייִנגלעך אונדזערע האָבן געפיטערט די קעלבעלעך. יענעם זומער האָבן מיר פאַרדינט אַ סאַך אַרבעטס־טעג, פאַר אונדזער האָרעוואַניע האָבן מיר געקראָגן הונדערט פופציק פוד ווייץ. מע האָט מיר אויך געגעבן אַ פּרעמיע אַ טעלעצע, ווײַל קיין איין קעלבעלע איז בא מיר ניט געפאַלן.

פריִער, בייס איך בין געווען אַליין, פלעגן מײַנע קינדער גיין אין שול בלויז דאַן, ווען איך פלעג אַראָפּפאָרן מיט דער פערמע פון די בערג. דעריבער זײַנען זיי אָפּגעשטאַנען אין לערנען. איצט, אַז דער האַרבסט איז געקומען, איז כאַנע מיט די קינדער אוועקגעפאָרן אין דאָרף, ער האָט געדונגען אַ דירע, ער האָט די קינדער געוואַשן, געקאָכט און געבאַקן פאַר זיי ווייצענע פלעצלעך, ער האָט אַכטונג געגעבן אַף זיי ניט ווי אַ טאַטע, — ווי אַ מאַמע. אַלע האָבן זיך געוווּנדערט אַף דער געטרײַקײַט פון מײַן מאַן צו אונדז.

אין יענעם האַרבסט איז מײַן עלטערער זון אוועקגעפאָרן קיין דזשעזקאַזגאַן זיך לערנען. און ווי נאָר ער האָט געענדיקט די קורסן און איז געוואָרן אַ מאַשיניסט אַף אַ פּאַראָוואָזי[1], האָט ער אונדז צוגעשיקט זײַן ערשטן געהאַלט, אַז דער טאַטע זאָל זיך קויפן, וואָס עס פעלט אים.

קיינמאָל האָבן מיר ניט געפילט, אַז כאַנע איז אַ שטיפטאַטע... די קינדער האָבן אים שטאַרק ליב. דאָס זעלבע ער — די קינדער. אַלע דרײַ זין האָבן שוין אָפּגעדינט אין אַרמיי, אַלע דרײַ האָבן שוין כאַסענע געהאַט, אַלע דרײַ שניר זײַנען בא אונדז מיט העכערע בילדונג. וואָס די זין האָבן ניט באַוויזן אין די קינדער־יאָרן, יאָגן זיי איצט אָן — מע אַרבעט און מע לערנט זיך.

איצט זײַנען מיר שוין אַ באָבע און אַ זיידע... די קינדער קומען צו אונדז צוגאַסט, מיר פאָרן צו זיי. מיר האָבן נאַכעס פון אונדזערע קינדער. און אָט אַזוי איז דער געוואָרענער טאַטע — אַ געבוירענער זיידע...

נאָר הערט אַ מײַסע! איצט האָט זיך אופגעזוכט אַלטער. איצט, אַז דער קאָפּ איז אים ווײַס געוואָרן, וויל ער זײַן אַ זיידע!.. אָבער, אַז מע פאַרלירט דעם נאָמען טאַטע, קאָן מען ניט געפינען דעם נאָמען זיידע.

---

[1] לאָקאָמאָטיוו.

# וועגן דעם עמעסן און דעם פאַלשן באָריס ציבולסקי

## (לויט די שפּורן פון פובליקירטע מאַטעריאַלן)

אין נומ. 2 „סאָוועטיש היימלאַנד“ פארן 1964 איז געווען געדרוקט מישע לעווס דאָקומענטאלע דערציילונג „קימאַט א לעגענדע“ וועגן די לעבן־געבליבענע העלדן פונעם אופשטאַנד אין סאָביבורער טויט־לאַגער אלעקסאַנדער פּעטשערסקי, ארקאַדי ווײַספּאַפּיר, סעמיאָן ראָזנפעלד.

ווי עס שרײַבט מ. לעוו, איז איינער פון די אַקטיווסטע אַנטיילנעמער פון אָט דעם אופשטאַנד באָריס ציבולסקי געשטאָרבן נאָכן אַנטלויפן פונעם לאַגער.

מיר דרוקן דאָ א בריוו אין רעדאַקציע פונעם אָנפירער פון סאָביבורער אופשטאַנד אלעקסאַנדער פּעטשערסקי וועגן איינער א געשיכטע, וואָס איז פאָרגעקומען נאָכן פאַרעפנטלעכן די דאָקומענטאַלע דערציילונג „קימאַט א לעגענדע“.

אָנהייב אווגוסט 1964 האָט די ראַדיאָ איבערגעגעבן און א סאַך צײַטונגען האָבן אָפּגעדרוקט א ביז גאָר רירנדיקע געשיכטע וועגן דעם, וויאַזוי איינער פון די אַקטיווסטע אַנטיילנעמער פונעם אופשטאַנד אין דעם פאַשיסטישן טויט־לאַגער סאָביבור באָריס ציבולסקי האָט אין דרײַ און צוואַנציק יאָר ארום געפונען זײַן זון, וועלכער האָט געהאַלטן, אַז דער טאַטע איז אומגעקומען אין די יאָרן פון מילכאָמע.

„...מיר בלעטערן די פאַרגעלטע פון אַלטקײַט צײַטונגען און זשורנאַלן פאַרן 1945 יאָר, — שרײַבט וו. מאָלטשאַנאָוו אין זײַן אַרטיקל „די באַגעגעניש מיטן זון“ אין „פּראַוודאַ“ פאַרן 8 אווגוסט 1964. — זיי דערמאָנען וועגן דער העלדישקײַט פון סאָוועטישע און פּוילישע סאָלדאַטן און אָפיצערן, פאַרשפּאַרטע אין דעם פאַשיסטישן לאַגער סאָביבור. דעם 14 אָקטיאַבער 1943 איז הינטער די דראָט־פאַרצאַמונגען אויסגעבראָכן אַן אופשטאַנד פון פאַרורטיילטע צום טויט מענטשן. אין מיטן העלן טאָג האָט די אונטערערדישע גרופּע אויסגעהאַרגעט די סאַדיסטן — די פאַשיסטישע הענקער. די אויסערגעוויינלעכע געוואַגטקײַט, מאַמעש אַזעס פון די זעקס הונדערט געפאַנגענע, וועלכע זײַנען אַנטלאָפן פון לאַגער, האָט געשטאַרקט די הערצער פון טויזנטער אײַנוווינער פונעם אָקופּירטן פּוילן, דעם גלויבן אינעם זיג איבער דער פאַשיסטישער כײַע־ראָע.

איינער פון די אַקטיווע אַנטיילנעמער פונעם אופשטאַנד אין סאָביבור איז געווען ב. יע. ציבולסקי“.

באָריס ציבולסקי! שוין זשע לעבט ער?..

ווי א לעבעדיקער שטייט ער מיר פאַר די אויגן — א הויכער, אַן אויסגעדאַרטער, נאָר דאָך א קרעפטיקער, מיט גרויסע שוואַרצע אויגן. איך הער זײַן זינגעוודיק אוקראַיִניש לאָשן.

דאָס איז געווען אין אווגוסט 1942 אין מינסקער וואַלד־לאַגער. אונדז, עטלעכע הונדערט קריגסגעפאַנגענע, האָט מען אַרויסגעטריבן פון די באַראַקעס, אויסגעשטעלט אין צוויי רייען — פאַרן אוועקשיקן קיין דײַטשלאַנד האָט א מעדיצינישע עקספּערטיזע געזאָלט פעסטשטעלן, ווער פון אונדז איז א ייִד.

נײַן זײַנען מיר געווען. מע האָט אונדז אַרײַנגעוואָרפן אין א קעלער. „פונדאַנען, — האָט אונדז געזאָגט דער פּאָליצײַ, — איז פאַראַן נאָר איין וועג — אויף יענער וועלט“.

אין אונדזער גרופּע איז געווען אויך באָריס ציבולסקי.

אַזוינס לאָזט זיך דען פאַרגעסן?

מע האָט אונדז קימאַט ניט געגעבן עסן. איין מאָל אין טאָג פלעגט מען ברענגען א ביסל באַלאַנדע. איינער דעם צווייטן האָבן מיר ניט געזען. אין קעלער איז געווען שטאָק־פינצטער. מיר זײַנען געלעגן אויף דער הוילער ערד. און נאָר לויט די שטימען האָבן מיר דערקענט, ווער ווו עס ליגט. א שאָטן פלעגט פאַרבײַשווימען, האָבן מיר געוווּסט: ס'איז דורכגעגאַנגען א מענטש. מיר האָבן ניט געפירט דעם כעזשבן פון טעג. ווען מע האָט געבראַכט די באַלאַנדע — הייסט עס, נאָך א מעסלעס איז אוועק. אין דרויסן האָט געמאַכט קוילעס די ראַדיאָ — הייסט עס, ס'איז טאָג און ניט נאַכט.

דערנאָך האָט אונדז אָפּגעגליקט. מע האָט אונדז ניט צעשאָסן, נאָר אוועקגעשיקט אין מינסקער עסעס־„אַרבײַטסלאַגער“ אויף דער שיראָקע־גאַס.

איך האָב זיך צוגעקוקט צו באָריסן — א פּאָשעטער, אַפילע א גראָבלעכער באָכער, א געוועזענער קאַצעוו און א באַלעגאָלע אין דאָנבאַס. נאָר אין זײַן גראָבקײַט איז געווען א סאַך וואַרעמקײַט. ער האָט געהאָלפן די אָפּגעשוואַכטע מענטשן אַרויסגיין פון קעלער, ער האָט זיי צוגעהאַלטן. סאָראַ בײַגעוודיקײַט און פלינקײַט עס האָט זיך געפילט אין יעדער באַוועגונג זײַנער!

פאַרוואָס האָב איך געמיינט, אַז ער איז א מענטש א גראָבלעכער? יאָ, דערמאָנט זיך. ער האָט בעקיוון גראָב געהאָלפן די אויסגעשעפּטע מענטשן זיך אופהייבן פון דער ערד. זאָל יענעם כאָלילע ניט אײַנפאַלן, אַז מע העלפט אים אויס ראַכמאָנעס.

אין קעלער האָבן מיר געזען ווי ווײַט מעגלעך ניט לאָזן די מענטשן אַראָפּפאַלן בא זיך, פאַרלירן דעם מוט. באַזונדערס באָריס מיט זײַנע ווערטלעך און כאָכמעס.

אַזוינס לאָזט זיך דען פאַרגעסן?

דערנאָך — דער מינסקער לאַגער. איינמאָל איז ער געקומען פון דער אַרבעט (ער האָט געאַרבעט אין שפּיטאָל) שטאַרק א צעדודערטער. פון זײַן גרופּע זײַנען צוויי אַנטלאָפן. אַלע איבעריקע האָט מען אויסגעשטעלט אין א שערענגע און יעדן פינפטן געשאָסן. ער איז גע־

ווען דער פערטער. דעם שאָכן, וועלכער איז געשטאַנען לינקס פון אים, האָט מען געשאָסן. א גאַנצע נאַכט איז באָריס ניט געשלאָפן. ס'איז אים געשטאַנען פאַר די אויגן דער שאָכן פון לינקס. זיי האָבן זיך אַליין אויסגעגראָבן א קייווער. מע האָט זיי צוגעפירט צו דעם גרוב און דערשאָסן.

— פאַרשטייסט, איך בין געווען דער פערטער און האָב אַלץ געזען. כ'וואָלט איך שוין בעסער געווען דער פינפטער.

אזוינס קאָן מען דען פאַרגעסן?

נאָך דעם, ווי מע האָט צעשאָסן פופציק מענטשן פון דער קאָמאַנדע „גענעראַל־גובערנאַטאָרשאַפט" פאַר א פּרווו צו אַנטלויפן, האָט מען באָריס ציבולסקין און אַרקאַדי ווייַספּאַפּירן געשיקט אַרבעטן אין דער דאָזיקער קאָמאַנדע.

דערנאָך סעפּטעמבער 1943. סאָביבור. טויט־לאַגער.

איך האָב געאַרבעט אין פערטן לאַגער, ווען עס איז אָנגעקומען אַן אָרדנטלעכער עשעלאָן. מיר — שובייַעוו, לייטמאַן, באָריס ציבולסקי און איך — האָבן זיך אַוועקגעשטעלט הינטערן ראָג פון באַראַק. פון דאָרט האָט מען געזען דעם דריטן לאַגער, וווּ עס האָבן זיך געפונען די „באָד", די גאַז־קאַמערן. אין דער זעלבער רגע האָבן מיר דערהערט מאַמעש א דערשיטערנדיקן געשריי פון א קינד: „מאַמע!.."

מיר האָבן ניט געקאָנט קוקן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן. מיר האָבן זיך געשעמט, וואָס מיר זייַנען אַזוי הילפלאָז און קאָנען קיין זאַך ניט טאָן. אייַנגעקלאַמערט די הענט אין די לאָפּעטעס, זייַנען מיר געשטאַנען מיט צונויפגעשטשימעטע ציין.

אין דעם מאָמענט איז בא אַלעמען געווען איין געדאַנק, איין פאַרלאַנג — ניט נאָר לויפן, קעדיי צו ראַטעווען דאָס אייגענע לעבן, נאָר אויך קעדיי פאַרניכטן די דאָזיקע אויסוואָרפן, די פאַשיסטישע שלענג.

אזוינס קאָן מען דען פאַרגעסן?

באַנאַכט האָבן מיר, — איך און לייטמאַן, — לאַנג געטראַכט: ווועמען שיקט מען אין צווייטן לאַגער? איך האָב זיך דערמאָנט אין באָריס ציבולסקיס פּאָנעם לעבן באַראַק, ווען מע האָט דערהערט דאָס קינדערשע געשריי... און באַשלאָסן: נאָר אים, באָריס ציבולסקין, קאָן מען אַהין שיקן. בא אים וועט די האַנט ניט קיין ציטער טאָן.

אויף מאָרגן, צוויי שאָ פאַר דעם, ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אויפשטאַנד, האָב איך אים אַרויסגערופן און געזאָגט:

„— באָריס, די צייַט איז געקומען. אויף סאַמע געפערלעכן אָרט שיק איך דיך. דערפאַר וואָס דיך קען איך בעסער ווי עמעצן אַנדערש. מיר זייַנען צוזאַמען געזעסן אין קעלער. מיט דיר וועלן גיין מיכל און בעניע. איר וועט נעמען צוויי העק. עס וועט אַרייַנקומען בזשעצקי און וועט אייַך אַוועקפירן אין צווייטן לאַגער. פאַרגעדענק עס, באָריס, דו הייבסט אָן דער ערשטער. דייַן קלאַפּ וועט באַגייַסטערן אַלעמען. אויב עמעצער פון די כעווריע, וואָס גייען מיט דיר, האָט מוירע, נעם אָן אַנדערן. צווינגען דערצו טאָר מען קיינעם ניט.

— מעגסט זייַן רויִק, סאַשע. אַלע וואַרטן נאָר אויף א סיגנאַל".

דערנאָך זייַנען מיר אַנטלאָפן. דאָס איז געווען דעם 14 אָקטיאַבער 1943.

א גאַנצן טאָג זייַנען מיר, א גרופּע פון א מאַן פופציק, אָפּגעלעגן אין די קוסטעס. מע האָט אָן אויפהער געשאָסן. ביז נאַכט האָבן געזשומעט אעראָפּלאַנען. נידעריק, סאַמע איבער אונדזערע קוסטעס זייַנען זיי דורכגעפלויגן א צוואַנציק—דרייַסיק מאָל, געניש־טערט, צי באַהאַלט זיך דאָרט עמעצער ניט אויס. נאָר מיר האָבן זיך גוט פאַרמאַסקירט. דער טאָג איז דורך בעשאָלעם.

אויף מאָרגן האָט זיך אונדזער גרופּע צעטיילט אויף עטלעכע קלענערע. מיר, זיבן מענטשן, זייַנען אַוועק צו דער סאָוועטישער גרענעץ, צו די סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער. מיט אונדז איז געווען באָריס ציבולסקי.

אין פיר טעג אַרום זייַנען מיר אַריבער דעם בוג. דאָ, אויף דער אָקופּירטער סאָוועטישער טעריטאָריע, האָט זיך צו אונדז פאַראייניקט א פרוי, וועלכע איז אַנטלאָפן פון געטאָ. אויף מאָרגן איז באָריס ציבולסקי שטאַרק קראַנק געוואָרן. מיט גרויס מי האָבן מיר אים דערטראָגן ביז א יישעוו. דאָס איז שוין געווען די פּאַרטיזאַנישע זאָנע. דאָרטן האָבן מיר אים, לויט זייַן אייגענער ביטע, איבערגעלאָזן. די פרוי איז געבליבן מיט אים, און מיר זייַנען אַוועק ווייַטער זוכן די פּאַרטיזאַנער. אינגיכן האָבן מיר זיי טאַקע באַגעגנט און גלייַך באַקומען אַן אויפגאַבע צוזאַמען מיט נאָך א גרופּע אַריבערפּעקלען א פּאַרטיע פּאַרוווּנדעטע איבער דער אייַזנבאַן און איבערן שאָסיי צום פּאַרטיזאַנישן אַעראָדראָם אין דאָרף סוואַרין, בריסקער געגנט.

מיר זייַנען אַוועק אַזוי ווייַט, אַז אומקערן זיך נאָך ציבולסקין האָבן מיר שוין ניט געקאָנט. נאָר אין אָטריאַד האָט מען אונדז פאַרזיכערט, אַז מיר מעגן זייַן רויִק, ער איז געבליבן אין דער פּאַרטיזאַנישער זאָנע.

אין אַפּרעל 1944 האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז באָריס ציבולסקי איז געשטאָרבן פון א לונגען־אָנצינדונג.

אזוינס קאָן מען דען פאַרגעסן?

דעם 14 אָקטיאַבער 1963 זייַנען צו מיר אין ראָסטאָוו געקומען צו פאָרן עטלעכע לעבן־געבליבענע אויפשטענדלער פון סאָביבור, קעדיי אָפּמערקן דעם 20־טן יאָרטאָג פונעם אויפשטאַנד. צוואַנציק יאָר... געווען וואָס צו דערמאָנען, וועגן וואָס צו שמועסן. קיינער פון אונדז האָט אָבער ניט פאַרגעסן באָריס ציבולסקין, אַזוי איז ער אונדז געווען אייַנגעבאַקן אין האַרצן.

אין באַגעגט־צעך, ניט ווייַט פון מייַן אַרבעטס־אָרט, איז געשטאַנען א רעפּראָדוקטאָר, און איך האָב אַלעמאָל געהערט די טראַנסליאַציִעס. אָבער גראָד דעם טאָג, דעם 18 יול 1964, 8 אזייגער אינדערפרי האָט מען מיך אַרויסגערופן אויף א באַראַטונג צום דירעקטאָר. אין א האַלב שאָ אַרום, ווען איך האָב זיך אומגעקערט, האָט מען מיר געזאָגט, אַז אָקאָרשט ערשט האָט מען איבערגעגעבן דורך ראַדיאָ די לעצטע נייַעס. א נאָוואָסיבירסקער קאָרעספּאָנדענט האָט דערציילט, אַז דער העלד פון סאָביבור באָריס ציבולסקי האָט אין דרייַ און צוואַנציק יאָר אַרום געפונען זייַן זון.

שווער איבערצוגעבן מיט ווערטער מייַן צושטאַנד.

שוין זשע, שוין זשע לעבט ער?

הייסט עס, אַז די קלאַנגען וועגן דעם, אַז ער איז געשטאָרבן, זייַנען געווען פאַלשע. סאַרא גליק, וואָס ער לעבט, סאַרא גליק, וואָס ער האָט געפונען דעם זון. דאָס איז א פרייד ניט נאָר פאַר אים, דאָס איז א פרייד פאַר אַלע ערלעכע מענטשן, באַזונדערס פאַר די, וואָס האָבן איבערגעלעבט די גרוילן פון דער מילכאָמע. און וויבאַלד די אַלפאַרבאַנדישע ראַדיאָ טיילט מיט וועגן דער דאָזיקער פרייד, פרייט זיך איצט אונדזער פאָלק פון גאַנצן האַרצן אייניינעם מיט ציבולסקין.

א גאנצן טאָג האָט מען מיך ניט געלאָזט ארבעטן. יעדער רעגע א טעלעפאָנישער קלונג — צי האָב איך געהערט וועגן באָריס ציבולסקין. איך האָב דאָך וועגן אים אלעמאָל דערמאָנט אין מײַנע ארויסטרעטונגען. אין אָוונט האָט מען מיר אָנגעקלונגען פון מאָסקווע, פון דער רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד“ וועגן דער זעלבער פּראגע. מע האָט מיר מיטגעטיילט, אז ס'איז שוין געווען א טעלעפאָנישער געשפּרעך מיטן נאָוואָסיבירסקער קאָ־רעספּאָנדענט פון מאָסקווער ראדיאָ, און יענער האָט גע־געבן ציבולסקיס אדרעס. איך האָב דעם אדרעס טייקעף פארשריבן.

פון אלע עקן לאנד האָב איך באקומען בריוו, צי האָב איך געהערט די מיטיילונג פון דער אלפארבאנדישער ראדיאָ.

דעם זעלבן טאָג האָב איך אָנגעשריבן באָריס ציבול־סקין א גרויסן בריוו, אים באגריסט אין מײַן נאָמען און אין נאָמען פון אלע לעבן־געבליבענע אופשטענדלער פון סאָביבור מיט דער גרויסער שׂימחה, וואָס איז ניט נאָר זײַן שׂימחה, נאָר אונדזער אלעמענס. יעדן טאָג, ווי נאָר איך פלעג ארײַנקומען פון דער ארבעט אהיים, פלעג איך זיך גלײַך אָנפרעגן, צי איז ניטאָ קיין בריוו פון באָריס ציבולסקין. נאָר ניין, קיין בריוו איז ניט געווען.

דעם 2 אווגוסט גיט מען מיר צו וויסן, אז מיך רופט ארויס צום טעלעפאָן כארקאָוו. מיט מיר צוזאמען איז אף דער טעלעפאָן־סטאנציע אוועק מײַן פרוי.

הײַנט שטעלט זיך פאָר, ווי גרויס ס'איז געווען מײַן פרייד, ווען איך האָב דערהערט:

— סאשע, דאָס בין איך, באָריס ציבולסקי.

— ווי קומסטו אין כארקאָוו?

— דאָ וווינט מײַן מאמע, איך בין געקומען מיטן זון צו איר צוגאסט. פון נאָוואָסיבירסק האָט מיר אָנגעקלונ־גען די שוועסטער, אז ס'איז פאראן פון דיר א בריוו. האָב איך דיר טייקעף אָנגעקלונגען.

— באָריע, קום שוין צו פאָרן צו מיר. אינגאנצן נײַן שאָ פאָרן.

— איך קאָן ניט. אין א האלב שאָ ארום פלי איך ארויס צום ברודער קיין לענינגראד.

— באָריע, פארקויף דעם בילעט, קום צו פאָרן כאָטש אף א פּאָר שאָ. איך וועל דיך אוועקשיקן קיין לענינגראד, קויפן א בילעט, אבי קום צו פאָרן.

— איך קאָן ניט. איך מוז פליִען צו אים.

מײַן פרוי רײַסט בא מיר ארויס דאָס טרײַבל:

— באָריע, וואָס הייסט, איר וועט ניט קומען? צוואנ־ציק יאָר זיך ניט געזען. איינינעם דעם טויט אין די אויגן געקוקט. ער רײַסט זיך צו אײַך אין אזא ווײַטע־ניש, און איר זײַט דאָ־אָ און קאָנט ניט קומען. פארקויפט דעם בילעט. ווײַטער וועלן מיר שוין אליין אלץ באזאָרגן. איר וועט זײַן א טײַערער גאסט.

איין ענטפער: „איך קאָן ניט“.

א שאָטן פון צווייפל, אָבער טאקע ניט מער ווי א שאָטן, האָט זיך פארגאנווועט צו מיר אין הארצן: און עפּשער איז עס גאָר ניט ער?

איך נעם דאָס טרײַבל.

— באָריס, עס איז ארויס א בוך וועגן סאָביבור. עס גרייט זיך א צווייטע אופלאגע. די אווטאָרן דארפן האָבן אייניקע יעדיִעס, און איך האָב פארגעסן. דערמאָן מיר, איך בעט דיך, ווען האָבן מיר זיך מיט דיר באגעגנט ס'ערשטע מאָל און וואָס איז מיט דיר געווען דערנאָך, נאָך דעם, ווי מיר זײַנען אנטלאָפן?

— איך געדענק ניט, ווי מיר האָבן זיך באגעגנט, איך בין געווען אין א סאך לאגערן, און ס'איז שווער אלץ צו געדענקען. נאָך דער מילכאָמע בין איך דאָך געווען פסיכיש קראנק. ווען מיר זײַנען אנטלאָפן, האָבן מיר, זאלבעפינפט זײַנען מיר געווען, זיך אויסבאהאלטן בא איינער אן אלטיטשקער. און דערנאָך האָט אונדז באפרײַט די סאָוועטישע ארמיי. ווי נאָר איך קום קיין לענינגראד, שרײַב איך דיר אָן א גענויעם בריוו. זײַ געזונט. אינגיכן וועלן מיר זיך זען.

מיר זײַנען ארויס פון דער קאבינע. איך בין געווען פיטש־נאס, ניין, ניט כאָלילע פון דער היץ, נאָר פון זײַנע ווערטער „מיר האָבן זיך אויסבאהאלטן בא איינער אן אלטיטשקער“.

— אַליע, דאָס איז ניט ער. דאָס איז ניט דער באָריס, וועלכער איז געווען אין לאגער.

— ביסט מעשוגע. וואָס הייסט, ניט ער? ווי קאָן עס זײַן? בא דיר איז א שלעכטער זיקאָרן. דו האָסט אלץ צעפלאָנטערט. איר האָט ניט ציבולסקין איבערגעלאָזט א קראנקן אין דאָרף, נאָר עמעצן אנדערש. ער איז מיט אײַך ניט געווען.

— מיר ווײַזט זיך אויס, אז ער האָט מוירע מיט מיר זיך צו באגעגענען. דעריבער האָט ער זיך אָפּגעזאָגט קומען צו פאָרן.

איך האָב טייקעף אָנגעשריבן א בריוו צו ארקאדי ווײַספּאפּירן, ער זאָל מיר דרינגענדיק ענטפערן, וואָס געדענקט ער וועגן באָריס ציבולסקין. אין דרײַ טעג ארום באקום איך אן ענטפער.

„...וואָס קאָן איך דערציילן וועגן ציבולסקין? — שרײַבט ווײַספּאפּיר, — איך ווייס ניט, וואָס פאר א קרענק איז בא אים געווען, נאָר איך געדענק, אז אף די פיס האָט ער זיך שוין ניט געהאלטן. ווען ס'איז אים גאָר שווער געוואָרן צו גיין, האָבן מיר, יעדערער לויט דער ריי, אים געהאָלפן. דערנאָך האָט ער שוין אזוי קיין קויעך ניט געהאט, אז ער האָט אָנגעהויבן זיך בעטן, מע זאָל אים איבערלאָזן ערגעץ אין א יישעוו. די פרוי, וואָס האָט זיך צו אונדז פארייניקט, האָט געזאָגט, אז זי וועט בלײַבן מיט אים.

וועגן באָריסן: ער איז געווען א הויכער, מיט בוילעטע געניכט־שטריכן. האָט גערעדט אף אוקראיִניש. אין לאַ־גער האָט מען אים טאקע אזוי גערופן: דער אוקראיִנער“.

דעם 8 אווגוסט באקום איך א בריוו פון באָריס ציַ־בולסקין פון מישקאָוויטש (מאָליעווער געגנט). דעם 10 אווגוסט — א צווייטע, שוין פון באָברויסק. אין ביידע איז ניטאָ קיין איין וואָרט וועגן סאָביבור, קיין איין ענטפער אף קיין איינע פון מײַנע פראגעס. ער שרײַבט נאָר וועגן דעם, אז ער פאָרט ארום איבער די ערטער, ווו דער זון איז געווען און ווו אים, באָריסן, איז אויס־געקומען צו זײַן בייס דער מילכאָמע. אזוי, צום בײַשפּיל, קלײַבט ער זיך קיין מינסק.

„מאָרגן פאָר איך אין מינסק. כ'וויל באזוכן דאָס אָרט, ווו איך בין אמאָל געווען (מינסקער געטאָ)“.

וואָסער געטאָ? צוליב וואָס? קריגסגעפאנגענע פלעגט מען דאָך קיינמאָל אין געטאָ ניט שיקן. ווײַטער א שאָטן פון פארדאכט, אז ער איז ניט דער, פאר וועמען ער גיט זיך אויס. און ווידעראמאָל פּרוּווט מיך דאָס ווײַב אײַנ־שמועסן, אז ער האָט געהאט אין זינען דעם לאגער אף שיראָקע.

אלע רײַדן מיך אײַן, איך זאָל זיך ניט אײַלן מאכן אויספירן. ס'זײַנען דאָך אריבער אזויפיל יאָרן. ער האָט

געקאָנט פאַרגעסן, דערצו נאָך האָט ער דאָך געזאָגט, אַז ער איז געווען פסיכיש קראַנק. איך האָב געטײַנעט אײנס: פאַראַן זאַכן, וועלכע מע קאָן ניט פאַרגעסן. אונדזער ערשטע באַגעגעניש אין קעלער — לאָזט זיך דען אַזוינס פאַרגעסן? דאָס אַנטלויפן פון לאַגער — לאָזט זיך דען אַזוינס פאַרגעסן?

פונדעסטוועגן גיב איך נאָך, מאַלע וואָס עס מאַכט זיך. איך האָב דאָך אַזוי געוואָלט, אַז דאָס זאָל זײַן אונדזער באָריס ציבולסקי.

איך לייען אופמערקזאַם נאָך און נאָכאַמאָל יע. וואָל־קאָווס אַרטיקל אין דער צײַטונג פון סיבירער מיליטער־קרײַז „סאָוועטסקי וואָין"[1] פון 29 מאַרט 1964, ווו עס ווערט דערציילט וועגן דעם נאָוואָסיבירסקער באָריס ציבולסקי, אַ מענטש מיט אַן אומגעוויינלעכן און שווערן לעבנס־וועג.

איך וועל זיך ניט אָפּשטעלן אויף זאַכן, וועגן וועלכע מע האָט שוין אַ סך געשריבן. מיך אינטערעסירן נאָר אײניקע שטעלן פונעם אַרטיקל. ווי איך פאַרשטיי, זײַנען זיי אינספּירירט פון ציבולסקין. די דאָזיקע שטעלן באַשטעטיקן אַן איבעריק מאָל, אַז איך האָב דאָ צו טאָן ניט מיט באָריס ציבולסקין, וועלכער איז געווען אין סאָביבור.

איך וועל דאָ ברענגען אײניקע אויסצוגן פון דער צײַטונג און דערציילן, ווי אַלץ האָט אויסגעזען אין דער ווירקלעכקײַט.

„...מע האָט זיי אויסגעשטעלט אויף אַ געראַמען הויף, וואָס איז געווען אַרומגעצאַמט מיט שטעך־דראָט... אַ הויכער געסטאַפּאָוועץ אין אַ גלאַנציקן פלאַשטש איז געגאַנגען לענגאויס דער קאָלאָנע. אָט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט סאַמע אין אָנהייב און דערנאָך, באַווײַזנדיק מיטן פינגער אויף די געפאַנגענע, גענומען ציילן:

— אײנס, צוויי, דרײַ...

דערגאַנגען ביזן פופציקסטן, האָט ער אים געהייסן זיך זעצן אויף דער ערד. ציבולסקי איז געווען דער הונדערטסטער. אים האָט מען אויך באַפוילן זיך אַנידערזעצן. דאָס האַרץ האָט געפּרעסט, אין מויל איז געווען טרוקן און ביטער. דער אָפיצער האָט שוין געציילט ווײַטער. ווען ער האָט געענדיקט, זײַנען אַכצן מענטשן געזעסן אויף דער ערד: יעדער פופציקסטער. דער געסטאַפּאָוועץ האָט ניט געאײַלט אַרויסגענומען דעם פּאַפּיראָסן־טאַבאַק, געעפנט מיט אַ קלאַפּ דאָס דעקל. הונדערטער פּאָר אויגן האָבן אָנגעשטרענגט נאָכגעשפּירט נאָך יעטווידער באַוועגונג זײַנער. ער האָט אַ דריי געטאָן אין די פינגער די סיגאַרעטע, אַ שנעל געטאָן איבער דער צינד־מאַשינקע, אָפּגעציאָגט מיט דער הענטשקע דעם רויך און לאַנגזאַם, אָבער זייער דײַטלעך געזאָגט:

— אַלע, וואָס שטייען, דאַרפן זיך איצט אויסטאָן מוטער־נאַקעט. די זאַכן לאָזט איבער דאָ. איר וועט גיין אין פאַבריקמאַכערסקע, דערנאָך אין באָד. נאָכן וואַשן זיך וועט איר באַקומען ריין גרעט און אָנטאָן. פאַרשטאַנען?

אין עטלעכע מינוט אַרום זײַנען די פּעקלעך מיט די שמאַטעס פון די קריגסגעפאַנגענע געלעגן אויף דער ערד. און די קאָלאָנע נאַקעטע מענטשן האָט זיך געלאָזט צו די באַראַקן, ווו עס האָט זיך געפונען די פאַבריקמאַכערסקע.

אַכציק מאַן, דערונטער אויך באָריס, האָבן נאָך געוואַרט אויף זייער גורל. זיי האָבן ניט געוווּסט, אַז עס האָט זיי פּאַשעט אָפּגעגליקט".

[1] „סאָוועטישער שלאַכטמאַן".

ווי קאָן מען זיך עס גאָר פאָרשטעלן? קעדיי אויסצוטיילן יעדן פופציקסטן, האָט דאָך דער עסעסאָוועץ געדאַרפט איבערציילן פיר טויזנט מענטשן!

אין דער ווירקלעכקײַט איז פאָרגעקומען אָט וואָס. ווען אין סאָביבור איז אָנגעקומען אונדזער עשעלאָן און מע האָט אויסגעלאָדן די ערשטע צען וואַגאָנעס, אַן ערך אַ מענטשן זיבן הונדערט, האָט מען אונדז אַלעמען אויסגעשטעלט אין אַ ריי און געהייסן אַרויסטרעטן פאָרויס די סטאָליערס און טעסלערס. עס זײַנען אַרויס באַ אַכציק מענטשן. אונדז האָט מען גלײַך אַוועקגעשיקט אין לאַגער נומ. 1. ערשט אין אָוונט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די איבעריקע האָט מען דערשטיקט אין די גאַז־קאַמערס.

אין אַרטיקל ווערט געזאָגט:

„...צווישן די געפאַנגענע האָט זיך מיט עפּעס אויסגעטיילט ניט קיין הויכער יונגערמאַן מיט אַ נאָך פאַרבלײַבענעם מיליטערישן שטאַלט. אין אַ שטיקל צײַט אַרום האָט זיך באָריס באַקאַנט מיט אים. יענער האָט אָנגערופן זײַן נאָמען און פאַמיליע — אַלעקסאַנדער פּעטשערסקי, געזאָגט, אַז ער איז געווען אַ לייטענאַנט. אין געפאַנגענשאַפט איז ער שוין צוויי יאָר. געפּרוּווט אַנטלויפן, נאָר מע האָט אים געכאַפּט. באָריס האָט קורץ, אָן באַזונדערע איינצלהײַטן, דערציילט וועגן זיך".

אין דער ווירקלעכקײַט איז באָריס געקומען מיט מיר אין איין עשעלאָן פון מינסק, און באַקאַנט האָב איך זיך מיט אים אין קעלער.

ווײַטער שטייט אינעם אַרטיקל געשריבן:

„...ענדלעך, איז די געגאַרטע שאָ געקומען. צײַט אָנהייבן!

באָריס איז אַרויס פון סקלאַד און זיך געלאָזט צו אַ קליין אָפּדעכל. דאָרט האָבן געשפּילט אין שאָך צוויי געסטאַפּאָווצעס — די ברידער וואָלף, וואָס האָבן געשעמט מיט זייער קראַפט און אַכזאָריעס. אָפּגעשטעלט זיך גאַנץ ווײַט פון זיי, האָט זיך ציבולסקי אַ שטרעק אויס געטאָן און געמאָלדן די הערן אָפיצערן, אַז אין סקלאַד איז פאַר זיי פאַרגרייט אַ סורפּריז.

— זאַכן ליוקס, די לעצטע מאָדע. אויב די הערן אָפיצערן פאַרלאַנגען, קאָנען זיי גלײַך גיין אָנפּאַסן.

די געזעצטע, ענלעכע צו רייניראַסיקע בולדאָגן, ברידער האָבן זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן".

אין דער ווירקלעכקײַט האָט צו די עסעסאָווצעס געקאָנט צוגיין נאָר אַ קאַפּאָ אָדער דער עלטסטער פון דער גרופּע אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט אין צווייטן לאַגער. אַזוי איז עס טאַקע געווען. די עסעסאָווצעס האָט אײַנגעלאָדן דער מיטגליד פון דער אונטערערדישער גרופּע לייב פּערענבערג.

פאַרשטייט זיך, אַז דער נאָוואָסיבירסקער באָריס ציבולסקי האָט ניט געקאָנט באַשרײַבן די געשעענישן אַזוי, ווי דאָס איז געווען אין דער ווירקלעכקײַט, ווײַל איינצלהײַטן האָט געקאָנט וויסן נאָר דער, וועלכער איז אַליין געווען אין דעם דאָזיקן לאַגער.

הייסט עס, ס'איז ניט דער באָריס ציבולסקי. און דאָך, אַ פונק האָפענונג איז געבליבן — עפּשער בין איך זיך פונדעסטוועגן טויע.

אויף מאָרגן באַקום איך דעם לאַנג דערוואַרטן בריוו פון נאָוואָסיבירסק, אַ בריוו אויף צוועלף זײַטן, און דערנאָך אַן אַרויסרוף אויף דער טעלעפאָן־סטאַנציע — נאָוואָסיבירסק וויל מיט מיר ריידן.

איך לייען דעם בריוו, און איך איבערצײַג זיך אַלץ

מער און מער — ס׳איז ניט ער. איך וועל זיך דאָ גענוי אָף דעם בריוו ניט אָפּשטעלן, נאָר אייניקע מאָמענטן האָבן מיך פּאַשעט איבעראַשט — אזא שטוסעריי.

ער שרייבט, אשטייגער, אז ווען מע האָט זיי, א גרופּע פון דריי הונדערט קריגסגעפאנגענע, אין 1941 יאָר געפירט שיסן, האָט זיך פינף מענטשן, דערונטער אים, איינגעגעבן אומפאַלן די ערשטע, גלייך נאָכן זאַלפּ, און זיי האָבן זיך געראַטעוועט (נו, מיילע, אזעלכע פאַלן זיינען געווען, דאָס קען מען גלייבן). דערנאָך האָבן זיי, דאָס הייסט די דאָזיקע פינף, געוואַנדערט איבער אזעלכע לאַגערן, ווי אָסווענצים, מיידאַנעק, בעלזשיץ און סאָביבור, און פון אומעטום זיינען זיי בעשאָלעם אנטלאָפן. ווירקלעך א נעס, נאָר ווי זאָגט מען עס, איין מאָל אין לעבן קאָן אויך א נעס געשען. נאָך דעם, ווי זיי האָט באפרייט די סאָוועטישע ארמיי, זיינען אלע געשטאָרבן, פון אלע פינף איז געבליבן לעבן איין ציבולסקי.

ווייטער שרייבט ער, אז אין סאָביבור איז ער געקומען אין מיי, און ניט אין סענטיאַבער, ווי איך געדענק. בא זיי איז געווען אַן אונטערערדישע גרופּע, אין וועלכער איך בין שפּעטער אריין. אין סאָוועטנפאַרבאַנד, שרייבט ציבולסקי, לעבן נאָך סאָביבורער, וועלכע איך, דער אָנפירער פונעם אופשטאַנד, האָב אין ערגעץ ניט דערמאָנט.

דאָס איז קורץ וועגן זיין בריוו.

אין אָוונט, ווען מיר זיינען געגאַנגען אָף דער טעלעפאָן־סטאַנציע, האָט מיין פרוי נאָך אַלץ געוואָלט בא מיר פויעלן, איך זאָל אים וועגן מיינע כשאָדים ניט דערציילן.

איך האָב גענומען דאָס טרייבל. באשטעלט האָט ער א געשפּרעך אָף צען מינוט.

די ערשטע פינף מינוט האָט ער גערעדט וועגן זיין באגעגעניש מיטן זון. דערנאָך האָט ער אין מעשעך פון צוויי מינוט דערציילט וועגן דעם, אז אין 1962 האָט ער באזוכט ראָסטאָוו, געווען רעפערי אפן מאַטש „ספּאַרטאַק—צעעסקא“, פונקט ווי מיר וואָלטן מער ניט געהאַט וועגן וואָס צו שמועסן! דעמאָלט האָב איך ענדגילטיק פארשטאַנען, אז ער וויל מיט מיר ניט ריידן וועגן סאָביבור און ציט די צייט. איך האָב אים איבערגעשלאָגן:

— הער נאָר, באָריס, דו שרייבסט, אז ווען איר זייט געקומען קיין סאָביבור, האָט מען אייך אָפּגעקליבן און אוועקגעשיקט אין צווייטן לאַגער. דאָרטן האָט איר טאַקע געלעבט?

— יאָ, דאָרט זיינען געווען באַראַקן.

— ווער איז געווען אין אייער אונטערערדישער גרופּע?

ער הייבט אָן אָנרופן די מיטגלידער פון זיין „פינפטל“.

— ווער פון די געוועזענע סאָביבורער, וועגן וועלכע איך האָב קיין זאַך ניט געשריבן, לעבט אין סאָוועטנפאַרבאַנד? גיב מיר זייערע אדרעסן.

עפּעס באַלעבעטשעט ער דאָרט, און איך דערהער: „כ׳וועל דערנאָך ארויסשיקן“.

— דו האָסט די צייטונגען און זשורנאַלן פאַרן 1945 יאָר, ווו עס ווערן באשריבן די געשעענישן אין סאָביבור?

— יאָ, איך האָב זיי.

מיך האָט געוואָרפן, ווי אין קאַדאַכעס, פון אופרעגונג. זאָג איך אים:

— באָריס, איצט הער, וואָס איך וועל דיר זאָגן. איך גלייב, אז דו ביסט באָריס ציבולסקי. איך גלייב אין אלע דיינע פאַרדינסטן אלס אויסשפירער, נאָר דו ביסט ניט דער באָריס ציבולסקי, וועגן וועלכן איך רייד און שרייב אין מיינע דערינערונגען וועגן דעם טויט־לאַגער אין סאָביבור. איך וועל דיר זאָגן נאָך מער, דו ביסט אינגאַנצן ניט געווען אין סאָביבור. דו האָסט עס אויסגעלייענט אין די צייטונגען און זשורנאַלן.

ער האָט מיר קיין זאַך ניט געענטפערט. אין דער מינוט האָט מען איבערגעריסן אונדזער געשפּרעך.

אין עטלעכע טעג ארום האָב איך באקומען א בריוו, אין וועלכן ער האָט זיך מודע געווען, אז ער איז קיינמאָל אין סאָביבור ניט געווען.

דאָס איז דער סאָף פון דער געשיכטע וועגן דעם עמעסן און דעם פאַלשן באָריס ציבולסקי.

און אָנגעשריבן אין רעדאַקציע האָב איך דערפאַר, ווייל מיר און מיינע פריינט פון טויט־לאַגער סאָביבור איז זייער טייער דער אָנדענק פון אונדזער אומגעקומענעם כאַווער באָריס ציבולסקי, אדאַנק וועלכן אזויפיל מענטשן האָבן זיך ארויסגעריסן פון דעם פאַשיסטישן גענעם.

אלעקסאַנדער פעטשערסקי



יעשוע ליובאָמירסקי

# זיכרוינעס

# פאַרבליבן אין זיקאָרן...

## אין באַיאַרקע

שאָלעם־אַלייכעמען האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, אין יאָר 1900. דאָס איז געווען די בלי־צײַט פון מײַן יוגנט: זעכצן־זיבעצן יאָר. איך בין געווען דעמלט א לערער אין דער באַיאַרקער וועלטלעכער שול.

אין באַיאַרקע[1] (צוואַנציק מינוט רײַזע מיטן צוג פון קיִעוו (יעהופּעץ) האָט דעמלט געוווינט אף דאַטשע שאָלעם־אַלייכעם. ניט איין מאָל האָב איך שאָלעם־אַלייכעמען געזען גייענדיק אף פּאָטשט מיט זײַן פּרוי נאָך קאָרעספּאָנדענץ.

איינמאָל האָב איך אים געטראָפן זיצן אפן וואָקזאַלכל פון באַיאַרקער באַן־סטאַנציע. ער איז געווען אָנגעטאָן אין א ברייטער טונקל־גרויער פּעלערינע, דעם קאָפּ האָט ער געהאַלטן אראָפּגעלאָזן ווי פאַרזונקען אין טיפע מאַכשאָווים, די הענט אָנגעשפּאַרט אף א גראָבן שטעקן. צו אים איז געשווינד צוגעגאַנגען א הויכער פאַרשוין אין א קאַטיעלאָק און א זאָג געטאָן:

— פאַניע ראַבינאָוויטש, פאַניע ראַבינאָוויטש, זײַט אַזוי גוט, קומט אַהער אף א ווײַלע!

שאָלעם־אַלייכעם האָט שנעל זיך א הייב געטאָן פון אָרט. דאַן האָב איך דערזען זײַן פּענסנע אין גאָלדענע רעמלעך און די פּאַטלע בלאָנדע, קימאַט גאָלדענע האָר, וואָס האָבן זיך אראָפּגעלאָזן אפן האַלדז, און אף זיי — א קליין ברוין קאַפּעליושל.

אין יענעם יאָר האָט שאָלעם־אַלייכעם אָפּט געדרוקט פעליעטאָנען אינעם זשורנאַל „דער יוד". אין עטלעכע פון זיי זײַנען באַשריבן געוואָרן אייניקע לעבעדיקע פּערסאָנאַזשן, וועלכע שאָלעם־אַלייכעם האָט באַמערקט אין דעם זעלבן בויבעריק. איינעם פון זיי האָב איך גוט געקענט.

דאָס איז געווען לייבל דעם שויכעטס (א באַיאַרקער טוישעוו), א באָכער פון א יאָר 28. א גענאָרע־קאָפּ, א לאַמדן. ער איז אויך געווען באַהאַוונט אין דער העברעישער, ייִדישער און רוסישער ליטעראַטור. זייער א פּייַקער מענטש. א כאָכעם. נאָר אויסערלעך האָט ער אויסגעזען, ווי א פּרומאַק. געקרײַזלטע לאַנגע פּייעס. א גרויסער טאַלעסקאָטן, א לאַנגע קאַפּאָטע. פון אונטערן גרינעם זשילעט האָבן פרײַ זיך געבאָמבלט די קאָפּלשמוינעדיקע ציצעס פונעם טאַלעסקאָטן.

לייבל דעם שויכעטס איז געווען דער אַפּעטראָפּעס (איצט רופט מען עס שעף) פון דער באַיאַרקער וועלטלעכער שול. דאָס איז געווען, קאָן מען זאָגן, זײַן לײַדנשאַפט.

אים איז אויסגעקומען האָבן א שמועס מיט שאָלעם־אַלייכעמען. עס האָט זיך געהאַנדלט מיקויעך דעם, אַז שאָלעם־אַלייכעם זאָל אף אָן אָוונט פאָרלייענען אייניקע פון זײַנע דערציילונגען. די האַכנאָסע (די בילעטן אפן אָוונט האָבן געזאָלט זײַן געצאָלטע) האָט באַדאַרפט דעקן דעם דעפיציט פון דער שול.

שאָלעם־אַלייכעם האָט אויסגענוצט אָט די באַגעגעניש אַלס טעמע פאַר א פעליעטאָן, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אינעם זשורנאַל אונטערן קעפּל — „דער יונגערמאַן מיטן גרינעם זשילעט".

## א שמועס מיט בערגעלסאָנען

28 מאַרט 1945. איך בין געווען בא בערגעלסאָנען. אף מײַן פראַגע, צי וועט ער פאָרזעצן זײַן ראָמאַן „באַם דניעפּער" — האָט ער געענטפערט: „ניין".

— איך האָב אָנגעשריבן אַכצן בענדער, — האָט ער דערקלערט, — א שרײַבער שעפּט זיך סאָפּקאָלסאָף אויס. פאַראַן א סאַך געשטאַלטן, פּייזאַזשן, וואָס ווילנדיק־ניט־ווילנדיק מוז מען זיי איבערכאַזערן. איך קלײַב זיך איצט שרײַבן א ראָמאַן פון דער עפּאָכע, וואָס באַלאַנגט צום אופשטאַנד אונטער דער אָנפירונג פון באַר־קאָכבאַ, און וועגן דער ראָליע, וואָס ראַבי אקיווע האָט געשפּילט אין אָט די געשעענישן...

ווען בערגעלסאָן האָט דערציילט, ווו ער האַלט מיטן דערלערנען דעם לעבנשטייגער פונעם אוראַלטן ייִדנטום, וואָס ווערט געשילדערט אין דער ביבל, האָט ער פּלוצעם א זאָג געטאָן:

— ווען מע האָט מיט מיר אין כיידער געלערנט די פאַרשע „מישפּאָטים", האָט מיך זייער פאַרינטערעסירט דער גוירל פונעם קנעכט, וועלכער וויל בלײַבן נאָך זײַן יויוול־שקלאַפערײַ באַם פריִערדיקן באַלעבאָס און וועלכן מע בויערט דערפאַר דעם אויער. איך, — א קליינער יאַט, — האָב זיך טיף פאַרטראַכט וועגן דעם גוירל פון אָט דעם קנעכט. אינמיטנדערינען, בייס איך בין אַזוי געזעסן פאַרזונקען אין מײַנע געדאַנקען, האָט מײַן רעבע א פּאַטש געטאָן אין כומעש: „ווו האַלט מען!?" און איך האָב טאַקע ניט געוווּסט, ווו מע האַלט, ווײַל מײַן געדאַנק איז נאַטירלעך געווען דאָרט, לעבן דעם קנעכט. מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי ער גאַנוועט זיך דורך הינטערגעסלעך, קעדיי אויסמײַדן א כאָפּטע ייִנגלעך, וואָס לויפן אים נאָך און ליאַרעמען: „אַהאַ, אָט גייט ער טאַקע — מיטן געבויערטן אויער!"

בייס אָט דער באַגעגעניש האָט בערגעלסאָן באַדויערט, וואָס די ייִדישע סאָוועטישע פּאָעזיע האָט שוין א צײַט מיט יאָרן די אויבערהאַנט איבער דער פּראָזע.

דאָס איז געווען א גערעכטע טײַנע...

## מיכאָעלס און די צאָל 13

אין מײַנע טאָגביכער געפין איך אייניקע טשיקאַווע פאַרנאָטירונגען וועגן שלוימע מיכאָעלסן.

דער אַרטיסט פונעם מאָסקווער גאָסעט שעכטער האָט מיר דערציילט: דעם דרײַצעטן טאָג אין כוידעש האָט מיכאָעלס געוויינלעך קיין שום וויכטיקע איניאָנים ניט דערלײַדיקט (קיין פּרעמיערעס אין אַזאַ טאָג ניט בא־

[1] באַיאַרקע — בא שאָלעם־אַלייכעמען בויבעריק (ווי באַוווּסט, האָט ניט ווײַט פון באַיאַרקע געוווינט דער פּראָטאָטיפּ פון „טעוויע דער מילכיקער").

שטימט אַרויסצולאָזן, קיין באַראַטונגען מיט דעם קאָלעקטיוו ניט דערלאָזן אאַז״וו.). שעכטערן און נאָך אייניקע מיטגלידער פונעם טעאַטער־קאָלעקטיוו האָט עס ביז גאָר מאָדנע אויסגעזען.

בייס די גאַסטראָלן אין כאַרקאָוו איז אויסגעקומען אַזוי, אַז מיכאָעלס האָט אין האָטעל געוווינט אפן צווייטן שטאָק, און שעכטער מיט דער אַקטריסע שמאַיאָנאַק (זיין פרוי) — אפן דריטן. איינמאָל, אַרום צוויי אַזייגער באַנאַכט, שטעקט מיכאָעלס אַרויס דעם קאָפּ פונעם פענצטער און טוט שעכטערן אַ רוף: „איר שלאָפט שוין?״ ענטפערט שעכטער: „ניין״. דאַן רופט מיכאָעלס שעכטערן מיט זיין פרוי צו זיך אפן באַלקאָן און נעמט זיך זיי דערציילן אייניקע פון זיינע לעבנס־פּאַסירונגען. דאָ האָט ער זיי ביידן מעגאַלע־סאָד געווען, פונוואַנען עס נעמט זיך זיין באַזונדערע באַציונג צו דער צאָל 13. די מייסע איז אַזאַ. בעשאַס ער איז געווען אַ סטודענט, האָט ער זיך פאַרליבט אין אַ מיידל. איינמאָל קומט ער מיט אָט דעם מיידל צו איר מוטער און מעלדעט איר, אַז ער וויל כאַטעשע האָבן מיט איר טאָכטער. די מוטער האָט געוווּסט, אַז מיכאָעלס איז אַ קאַפּצן, האָט זי געזאָגט: „איך וויל ניט, אַז צוויי מייסים זאָלן גיין טאַנצן, — מיין טאָכטער איז אויך אַן אָרעמע״. דאָס איז געווען דעם דרייצעטן. מיכאָעלס איז אַרויס פונעם הויז פון זיין געליבטער מיט אַזאַ שטימונג, אָט פונקט ווי מע וואָלט אים אָפּגעגאָסן מיט אַן עמער אייז־קאַלטן וואַסער. און ער האָט זיך געלאָזט שפּאַנען איבערן ברעג פון טייך. אַלעמאָל האָט ער פאַריסן דעם קאָפּ צום הימל און באַאָבאַכטעט די וואָלקנדלעך, וואָס זיינען דאָרט אויבן געשוועמען. און אים האָט זיך געדוכט, אַז אייניקע וואָלקנדלעך בילדן אויס די צאָל 13.

פון דעמאָלט אָן האָט ער ניט געקאָנט זיך באַפרייען פונעם געדאַנק, אַז די צאָל 13 איז פאַר אים אַ שלעכטער סימן.

## מיכאָעלס ענדערט דעם קאָמפּאָזיטאָרס פּאַרטיטור

מיכאָעלס פלעגט צייטנווייז זייער דיפּלאָמאַטיש זיך נויהעג זיין אין זיין האַלטונג מיט אַווטאָרן פון פּיעסן, מיט קאָמפּאָזיטאָרן, מיט מאָלער, וועלכע האָבן געגרייט דעקאָראַציעס פאַר די ספּעקטאַקלען.

אָט אַזאַ מאַניר, לעמאָשל: אויסגעהערט די מוזיק, וואָס ער האָט באַדאַרפט אויסניצן אין אַ נייעם ספּעקטאַקל, טוט מיכאָעלס אַ זאָג צום קאָמפּאָזיטאָר: „די מוזיק איז באַ אייך אויסגעצייכנט״. אין אַ קורצער צייט אַרום פלעגט מיכאָעלס נעמען קריטיקירן די וויכטיקסטע שטעל אינעם קאָמפּאָזיטאָרס פּאַרטיטור מיט אַזאַ אויסרייד: „ווי מיינט איר, — אָט דאָ, דוכט זיך מיר, באַדאַרף מען אָט אַזוי (בעשאַסמייסע טוט מיכאָעלס אַ זינג דעם מאָטיוו, וואָס ער רעכנט פאַר אַ מער צוגעפּאַסטן), און אָט דאָרט...״ (און ער ברענגט אַרויס אין דער אַנדערער שטעל די קלאַנגען, וואָס זיינען אים ניכע).

אָט אַזוי פלעגט מיכאָעלס סאָפּעקאָלסאָף באַ זיין מיטשעפער (דראַמאַטורג, קאָמפּאָזיטאָר אאַ.) פויעלן דאָס, וואָס עס האָט אים באַפרידיקט.

## באַ מיכאָעלסן אָף אַ רעפּעטיציע

בעשאַס זיינע גאַסטראָלן אין אָדעס (אין 1936) האָט דער מאָסקווער יידישער מעלוכע־טעאַטער געמאָלדן אַן אופנעם אין דער טעאַטער־סטודיע, וווּ די לערער זיינען געווען מיכאָעלס, זוסקין און סאַרע ראַטבאַום. איז אָף די אָדעסער רעפּעטיציעס געקומען אַ היפּש ביסל יונגע כעווערע, צווישן זיי אַ יונג באָכערל — יאָסעלע סטאַריק.

ווען מיכאָעלס האָט אַ בעט געטאָן: „ווער עס וויל און קען, זאָל עפּעס אויסזינגען״, האָט יאָסעלע געזאָגט:
— איך קען זינגען, אָבער... צי דערלויבט איר זינגען כאַזאָניש?

מיכאָעלס דערוווידערט ניט.

און יאָסעלע נעמט זינגען: רזי דשבתי.[1] און מיט אָט דעם „רזי דשבת״ ווערט ער אופגענומען אין דער מאָסקווער יידישער טעאַטער־שול. קענטיק, אַז מיכאָעלס האָט שוין דעמאָלט געוווּסט, אַז אָט דער יאַט וועט באַ אים זינגען אינעם ספּעקטאַקל „שלוימע מיימאָן״.

ווען מיימאָן קומט, וואַנדערנדיק מיט אַ סאַך יידן, (דאַסראָוו שלעפערס) קיין בערלין, פירט מיכאָעלס אַריין אין אָט דעם עפּיזאָד פונעם ספּעקטאַקל (דעם אַווטאָר פון אָט דער פּיעסע, דאַניעלן, האָט זיך אַזוינס אַפילע ניט געכאָלעמט!) אַ כאַזן מיט אַ מעשוירער מיט אַ כאַזנטע פרומע. אָף דער רעפּעטיציע רופט מיכאָעלס אַרויס יאָסעלע סטאַריקן (דעם כאַזן), טראַקטאָווענקאָן (דעם מעשוירער) און מיריאַם אַשקענאַזי (די כאַזנטע). באַם זינגען די יאַמימנוירא־איִמדיקע שטיקלעך הייסט מיכאָעלס דער כאַזנטע איינרייבן אַ גאָגל־מאָגל פאַר די זינגער. פאַרשטייט זיך, אַז דער מעשוירער (שטענדיק אַ הונגעריקער, ווי דאָס האָט פּאַסירט מיט פיל מעשוירערים פון וואַנדערנדיקע כאַזאָנים) האָט מער געקוקט אפן גאָגל־מאָגל, ווי אפן קאַמערטאָן. דאָ כאַפּט ער אַלעמאָל פונעם כאַזן אין באַק אַריין (דאָס איז אַלץ מיכאָעלסעס איינפאַלן. זיי ווערן באַ אים געבוירן, ניט געקוקט אָף זיין גרויסן יִראַס־האַקאָוועד פאַר כאַזאָנעס).

העיויס מיכאָעלס האָט זייער ליב געהאַט כאַזאָנישע שטיק, האָט ער אָט די סצענע אַזוי בעריִיש אַריינגעפלאָכטן אינעם „מיימאָן״־ספּעקטאַקל, אַז סיי די שלעפערס, וועלכע באַגלייטן מיימאָנען, סיי דער גאַנצער צושויער־זאַל פלעגן אַלעמאָל אין אָט דעם מאָמענט זיך אַריינרייסן מיט לאַנגדויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.

מיכאָעלס איז געווען אַ טיפּ פון אַ רעזשי־מייסטער, וואָס ברענגט אַרויס באַם אַקטיאָר דורך געזאַנג און מוזיק אינטערעסאַנטע שעפערישע איינפאַלן. צום אָנהייב פון יעדער רעפּעטיציע פלעגט ער בעטן סטאַריקן און טראַקטאָווענקאָן פופצן מינוט זינגען כאַזאָניש אָדער באַווייזן כאַריפעסלעך, וואָס אימיטירן די טנועס פון פאַרשיידענע באַלעכייִם. מיט גרויס אינטערעס פלעגט ער צוקוקן, ווען טראַקטאָווענקאָ פלעגט אים באַווייזן, ווי אַ ציג, שטשיפּענדיק גראָז אין סטעפּ, קוקט אפן דורכלויפנדיקן צוג, און ער פלעגט טייקעף רופן זוסקינען: „קום, קום, קום אַהער!״ — ער זאָל אויך האַנאָע האָבן. אָדער טראַקטאָווענקאָ פלעגט אים ווייזן, ווי אַ הונט ליגט אָף דער הייסער גליִענדיקער זון און פלייסט זיך פּאַקן מיטן פּיסק אַ פליג, וואָס לאָזט אים ניט צו רו...

1 ראָזיי דעשאַבאַס — די סוידעס פון שאַבעס (אַ טפילע).

## וויאַזוי מיכאָעלס האָט געפּאַקט דאָס געוווּנטשענע פייגעלע

אין 1940 פליט דאָס דאָזיקע פייגעלע ארויס פונעם שטעטל זשעטל. און געהייסן האָט דאָס פייגעלע עטל קאָווענסקאיא. מיט א היפּש ביסל אקטריסעס האָט מיכאָ־עלס זיך באקאנט, זוכנדיק א פּאַסיקע פרוי פאַר דער רייזל־ראָל אינעם קינפטיקן ספּעקטאַקל „בלאָנדזשענדע שטערן".

אין איינעם א פרימאָרגן זאָגט זוסקין מיכאָעלסן:

— וועדליק עטל קאָווענסקאיא האָט אין דער טעאַטער־שול אָפּגעגעבן עקזאַמען, וואָלט קעדיי געווען ארויסרופן זי אהער, אינעם רעפּעטיציע־זאַל, אף פּראָבע.

האָט מען זי ארויסגערופן.

עטל איז ניט אריינגעגאַנגען, זי איז אריינגעלאָפן! די בעקלעך אירע האָבן געפלאַמט: זי האָט דערשפּירט אף זיך די נייגעריקע אויגן פון אַלע האַלענעשטער אַנטייל־נעמער פונעם קינפטיקן ספּעקטאַקל. זי האָט נאָך גאָר־ניט געטאָן, דער ראַיאַל האָט נאָך געשוויגן. מיכאָעלס האָט נאָך קיינע קאַשעס ניט געפרעגט. מע האָט גע־קוקט: די אקטיאָרן אף עטלען, עטל — אף די אקטיאָרן. נאָר ס'איז שוין געווען קלאָר, אז די קאַנדידאַטור, וואָס זוסקין האָט פאָרגעלייגט, וועט היינט צו דער פּראָבע צוטרעטן. איר פּנימל, איר שטאַלטנע פיגור — אַלץ האָט אָנגעדייט, אז אָט דאָס איז ראָזע ספּיוואַק.

ראָזע ספּיוואַק אָן געזאַנג איז א פּוסטער קלאַנג...

דעריבער איז מיכאָעלסעס ערשטע פראַגע געווען:

— דו זינגסט, עטעלע?

— ניין.

— אָבער פאָרט... עפּעס?

— בא אונדז אין דער היים, — ענטפערט עטל, — איז דאָ א גראַמאָפאָן־פּלאַטע פונעם ספּעקטאַקל „200 000" — דער אריינקום פון די נעגידים (דער גוויר פיין מיט זיין כאַליאַסטרע). אָט דאָס וועל איך פּרוּוון א זינג טאָן.

— טילי, זיי אַזוי גוט, גיי צו צום קלאַוויר! — ווענדט זיך מיכאָעלס צו דער קאָנצערטמייסטערן אַטיליע ליכ־טענשטיין.

און דאָ איז פּלוצעם, אומדערוואַרט — סיי פאַר מיכאָ־עלסן, סיי פאַר עטעלען גופא — געבוירן געוואָרן און אריין אין דער קינפטיקער פאָרשטעלונג „בלאָנדזשענדע שטערן" די באַוווּסטע סאָלאָ פון דער האַלענעשטער רייזעלע: „אוי, פאַרוואָס האָסטו אונדז, טאַטעניו, אוי?", וועלכע פּלעגט אַלעמאָל בעשאַס די ספּעקטאַקלען אַזוי א כאַפּ טאָן באַם האַרצן די צושויער.

בלויז מיכאָעלס האָט געקענט באַשאַפן א דועט פון דער קווינטע באַם פידעלע און עטלס דייטלעכן „פאַרוואָס".

מיכאָעלס האָט גוט געוווּסט, אַז ער האָט צו טאָן מיט א קינד פון זעכצן יאָר, און אַז אָט דאָס זעכצניאָריקע מיידל האָט עס באַדאַרפט מיט אָט דער רייזל איבעראַשן אַמעריקע. ער האָט קיין דייגע ניט געהאַט, וואָס ער האָט בא זיך לעסאַטע די האַלענעשטער נאַיווע, קליינשטעטל־דיקע רייזעלע...

## מיכאָעלסעס פאַרזיכטיקער צוגאַנג צום דורכשניטלעכן אַקטיאָר

ס'איז באַוווּסט, אַז אין יעדער טעאַטער־קאָלעקטיוו קאָן מען באַגעגנען מיט גאָר טאַלאַנטפולע אקטיאָרן געפי־נען אַקטיאָרן מיט באַשיידענערע באַגאַבונגען. און דאָך קאָן מען זיך אָן זיי ניט באַגיין. ביכלאַל קאָן קיין שום קונסט ניט אָנשפּאַרן זיך בלויז אף גרויסע טאַלאַנטן. מע מוז זיך רעכענען דערמיט, אַז קונסט־טוער מיט באַשיידענע מעגלעכקייטן שפּילן פאָרט א מאַמאַשעסדיקע ראָל אין דער קונסט.

אינעם מאָסקווער יידישן מעלוכע־טעאַטער האָבן מיר אויך געזען א גרופּע מיטלמעסיקע אקטיאָרן און אקטרי־סעס.

מיכאָעלס האָט אָפּט געטאָן אַלץ וואָס מעגלעך, קעדיי אופוועקן די פאַנטאַזיע אפילע בא די סאַמע שוואַכע אקטיאָרן. נאָר ניט אַלעמאָל האָט זיך עס איינגעגעבן.

אף איינער פון די רעפּעטיציעס האָט די אקטריסע א. געשפּילט א סצענקע. מיכאָעלס האָט באַמערקט פּע־לערן אין איר שפּיל. אָבער ער איז אף דער אקטריסע ניט אָנגעפאַלן מיט גרויסע טייַנעס. ער האָט איר נאָר געזאָגט, אַז זי זאָל נאָך גוט זיך אריינטראַכטן אין אָט דער סצענע. די רעפּעטיציע האָט זיך פאַרענדיקט. פרעגט די אקטריסע א כאַווער פונעם טעאַטער־קאָלעקטיוו:

— אָט האָט איר געקוקט, ווי איך האָב געשפּילט. איז אייך געפעלן?

ענטפערט יענער:

— יאָ. איך האָב געקוקט, נאָר מיר איז ניט געפעלן.

דערווידערט אים די אקטריסע א.:

— מיכאָעלס האָט מיר ניט געזאָגט, אַז עס איז שלעכט.

די אקטריסע איז אַוועק אַהיים. פרעגט דער זעלבער כאַווער מיכאָעלסן, פאַרוואָס האָט ער דאָס מאָל אַזוי ווייכהאַרציק זיך באַצויגן צו דער שפּיל פון דער אַק־טריסע א. רופט זיך אָן מיכאָעלס:

— מיר איז פון איר שפּיל אין אָט דער סצענקע קלאָר, אַז קיין בעסערס וועל איך פון איר זיך ניט דערשלאָגן. מיר ווייסן דאָך, אַז זי איז אָן אקטריסע מיט באַשטימטע מעגלעכקייטן, און דערצו איז זי אָן עלטערער מענטש. די בינע איז פאַר איר — אַלץ. איז ווען איר זאָגט, אַז זי האָט שלעכט געשפּילט, וועט זי בלויז מאַכן א זויערע מינע און — גאָר. אָבער אויב איך וועל איר זאָגן, אַז איר שפּיל טויג ניט, וואָס בלייבט איר טאָן? — פון א הויכן בריק און אין וואַסער אַריין!..

## א בלעטל זיכרוינעס וועגן אַשער שוואַרצמאַן

1910. איינע פון די קיִעווער פאָרשטעט, וואָס איז גע־ווען באַוווּסט אונטערן נאָמען דעמיִעווקע. דאָ האָט דעמאָלט עקזיסטירט א וועלטלעכע שול. מיר איז אויס־געקומען אין דער שול זיין א לערער פון יידישער שפּראַך און געשיכטע. דער היגער פּריסטאַוו האָט וועגן אָט דער שול געוווּסט, נאָר ער האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק: א היפּשער כאַבאַר האָט אים געמאַכט בלינד און טויב און שטום, קורץ גערעדט, פּאַראַליזירט זיין פּאָליציייִשן ניוך.

אין דער זעלבער דעמיִעווקע פּלעגן פון צייט צו צייט פאָרקומען אומלעגאַלע ליטעראַרישע באַגעגענישן. דער איניציאַטאָר און אָרגאַניזאַטאָר איז געווען דער יידישער קולטור־טוער באָרעך שוואַרצמאַן, א סטודענט פונעם קיִעווער קאָמערץ־אינסטיטוט. אף אָט די אָוונטן האָט דער יונגער בערגעלסאָן געלייענט קאַפּיטלען פון זיין נייעם ראָמאַן, וועלכן ער האָט געגרייט צום דרוק. מיר האָבן

זעלבסטפאַרשטענדלעך מיט גרויס אינטערעס געהערט זײַן לייענען. אָבער נאָך מער טשיקאַווע זײַנען געווען די אַנעקדאָטן און מינדלעכע מיניאַטורע סצענקעס פונעם אַלטפרענקישן ייִדישן שטייגער, וואָס בערגעלסאָן פלעגט אויסגעצייכנט אָפּשפּילן. צומאָל האָט עס אויסגעזען אפילו מאָדנע: אָט דער שרײַבער, וואָס פלעגט בא אונדז ארויסרופן אַזאַ האַרצקלעמעניש מיט די עלעגישע שטימונגען פון זײַן „ארום וואָקזאַל", מיט דער טראַגיק פון זײַן נאָוועלע „דער טויבער", איז, לאָזט זיך אויס, ניט נאָר א לעבנסלוסטיקער מענטש, נאָר אפילו א קונ־דעס.

אָף די זעלבע אָוונטן פלעגט מיט נײַע לידער ארויס־טרעטן דער צוריקגעהאַלטענער, סטאַטעטשנער, שטענדיק עלעגאַנט פאַרפּוצטער און עטוואָס טרוקענער עזרע קאָר־מאַן. נאָך אים — דער יונגער, זייער עמאָציאָנעלער, הוי־כער און דאַרער בלאָנדין מישע ראַפּאַלסקי (שפּעטער — א רעזשי־מײַסטער אין טעאַטער), מיט א גוואַלדיקן טעמ־פּעראַמענט האָט מישע דעקלאַמירט ליפּאַוועצקיס באַלאַ־דע „באַם טײַך" (זי איז געווען אָפּגעדרוקט אין 1910 אין קיִעווער „ייִדישן אַלמאַנאַך"). אויך איך פלעג פאָר־לייענען מײַנע הומאָריסטישע סצענקעס.

אָף איינעם פון אָט די אָוונטן האָט מײַן אויפמערקזאַמ־קײַט צוגעצויגן א נײַער פּאַרשוין, וועלכן איך האָב דאָ געזען דאָס ערשטע מאָל. א געזונטער, ברייטפּלייציקער, שטאַלטנער באָכער אין א רויטער קאַסאָוואָראָטקע (בלוּ־זע), אין פּאַשעטע שטיוול מיט ברייטלעכע כאָליעוועס. אין דער פּאַטלע שוואַרצע האָר האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די שײַן פונעם לאָמפּ. דאָס איז געווען דער דיכטער אָשער שוואַרצמאַן. דער מערהײַט פון אונדז איז ער געווען אומבאַקאַנט.

מע האָט אים א בעט געטאָן לייענען לידער. ער האָט לאַנג זיך בעטן ניט געלאָזט. זײַן פּאָנעם איז בלאַס גע־וואָרן. ער האָט גענומען לייענען. בעשאַסמײַסע האָט ער זשעסטיקולירט מיט די הענט.

טכילעס איז אָף זײַן פּאָנעם געווען אויסגעגאָסן עפּעס א מין כמורנעקײַט. אָבער גאָר אינגיכן האָט דורך אָט דעם וואָלקנדל זיך דורכגעריסן א קוים מערקבאַרער, ניט קיין דרייסטער שמייכל. און אָט לויכט שוין דאָס גאַנצע פּאָנעם. דאָס, וואָס מיר האָבן דערהערט, איז געווען א לויב־געזאַנג דער נאַטור. אָט די לידער האָבן אַזוי האַרמאָנירט מיט זײַן אויסערלעכן אויסזען... איך געדענק ביז הײַנטיקן טאָג, ווי אָשער האָט אין איינער פון אָט די לידער דערציילט וועגן דעם, ווי ער קאָסיעט גראָז. און זײַן קערפּער האָט זיך באַוועגט צום טאַקט. ווען מיר האָבן אויסגעהערט עטלעכע לידער זײַנע, איז אונדז גע־וואָרן קלאָר, אַז פון די טיפענישן פון דער ייִדישער דיכ־טונג האָט א שטראָם געטאָן א נײַער, א פרישער קוואַל.

יאָרן לויפן. אָט איז שוין דאָס יאָר 1913. אָשער שוואַרצמאַן איז א סאָלדאַט פון דער צאַרישער אַרמײ. און מיטאַמאָל דערזע איך אין עם זשורנאַל „ייִדישע וועלט" שוואַרצמאַנס ערשטע געדרוקטע ליבע־ליד:

> און ס׳וואָלט דעם סאָד באַנאַכט
> די ערד דערציילט
> די ווינטן שטילערהייט...

אין דעם זעלבן יאָר איז דער דיכטער אורלויב־צײַט געקומען פון דער אַרמײ אָף א קורצער צײַט קיין קיִעוו. אָך, וויפל ער פלעגט עס אונדז דערציילן עפּיזאָדן פון קאַזאַרמע־שטייגער. אינטערעסאַנט, ווי די סאָלדאַטן פון זײַן ראָטע פלעגן זיך האַלטן, בעשאַס אָשער האָט גע־שריבן: זיי פלעגן ליגן רויִק — קימאַט קיין וואָרט ניט אויסריידן, קעדיי אים ניט שטערן. בלויז איינמאָל האָט אָשערס אויער אויפגעכאַפּט, ווי איין סאָלדאַט טוט שטיל א זאָג זײַן כאַווער:

— זע נאָר: ער שרײַבט אליין, און אליין טאַקע לאַכט ער.

פון צײַט צו צײַט פלעגט אָשער פאָר זיי זינגען אוק־ראַיִנישע און אויך ייִדישע לידער. ווײַזט אויס, אַז זיי איז עס געפעלן, מאַכמעס זיי האָבן אַלע מאָל געבעטן:

— זינג נאָך, נו, זינג!

איינמאָל האָט בא איינעם פון זײַנע כאַווירים־סאָלדאַטן אַזוי זיך צעשפּילט די פאַנטאַזיע, אַז ווען אָשער האָט געענדיקט זינגען, טוט יענער אים א זאָג: „הער נאָר אויס, שוואַרצמאַן, אַז מיר וועלן אַראָפּטערן די סלוזש־בע, וועל איך עפענען א וווּרשט־קראָם און וועל דיך נעמען צו זיך פאָר א שוטעף..."

מײַן לעצטע באַגעגעניש מיט אָשערן איז פּאָרגעקו־מען אין 1917 אין א פּעטראָגראַדער אַרבעטער־קלוב. דאָ האָב איך אָשערן דערזען אין דער אוניפאָרם פון א קאַוואַלעריסט. מיר האָבן געכאַפּט א שמועס וועגן דער צוקונפט פון דער ייִדישער דיכטונג. אָשער האָט שוין דערשפּירט דעם רענעסאַנס פון דער ייִדישער פּאָעזיע. אָפּן פּאָעטישן האָריזאָנט האָט גענומען לויכטן א נײַער שטערן — דאָוויד האָפשטיין. בא אָשערן איז קיין ספּאָפק ניט געווען, אַז האָפשטיין פאַרמאָגט א מעכטיקן טאַ־לאַנט, און ער האָט וועגן דאָווידן גערעדט מיט א גרוי־סער באַגײַסטערונג.

מיר האָבן זייער האַרציק זיך צעשיידט.

שפּעטער איז צו מיר דערגאַנגען די שווידערלעכע ידיִע, אַז אָשער שוואַרצמאַן איז העלדיש געפאַלן אין שלאַכט.



ארן ראסקין

# א בלעטל פערעץ־פובליציסטיק

די יאָרן פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָליוציע האָבן באַקומען א גאנץ בוילעטע אָפשפיגלונג אין פּערעצעס קינסטלערישע שאַפונגען און אין זייַן פובליציסטיק. אין די דאָזיקע יאָרן שרייַבט פערעץ זייַנע ווארשעווער פארצייכענונגען, אין וועלכע עס ווערט געשילדערט דער גאנג פון דער רעוואָליוציע. עס דערשייַנען זייַנע באַרימטע פּאָעמעס אין פּראָזע „פּראָמעטעוס", „באָרד", „ליבע", אין וועלכע ס'לעבט אוף דאָס געשטאלט פונעם רעוואָליוציאָנער, דעם העלד, וואָס איז געקומען איבערבויען די וועלט. מיט פּאָעטישער ווארעמקייט שילדערט פערעץ אין דער פּאָעמע „ליבע" דאָס העראָאישע געשטאלט פון דער הויפּט־העלדן, וואָס האָט געבראָכן דעם געבאָט פון „טאטע־מאמע און פרומע לייַט" און זיך אָוועקגעלאָזט נאָך איר געליבטן, דעם „אָדלער", קעדיי האַנט־באַ־האַנט מיט אים קעמפן פאר א בעסער לעבן.

עס וואַקסט פּערעצעס אינטערעס צו סאָציאַלע פּראָבלעמען. מיט גרויס מיטגעפיל שילדערט ער די טראַגישע לאַגע פון די מענטשן פון די „קעלערס". ער דעקט אוף זייערע אינטימסטע געפילן, דערציילט פון זייער ווייטעק און האַס צו די „שיינע" באַלעבאַטים. אין די דאָזיקע ווערק לאָזט זיך בוילעט מערקן די ווירקונג פון א. מ. גאָרקין[1].

באַזונדערס שטארק האָט זיך דער אָטעם פון די רעוואָליוציאָנערע אופטרייסלונגען געלאָזט פילן אין פּערעצעס פובליציסטיק. ערעוו 1905 פארשטאַרקט דער שרייַבער זייַן פובליציסטישע טעטיקייַט. ער טרעט ארויס אקטיוו אין א ריי פּעריאָדישע אויסגאַבן. די דערנענטערונג פון דער רעוואָליוציע טראָגט אַרייַן א געוויסע קלאָרקייַט אין א ריי פּראָבלעמען, וואָס האָבן באַאומרויִקט פערעצן. זייַן פובליציסטיק ווערט ראַדיקאַלער, געוואַגטער און קריגערישער. אויך קינסטלעריש דערהייבט זי זיך צו א העכערער שטופע. אַן אָפטער גאַסט איז איצט בא פערעצן דאָס אַלעגאָרישע מייַסעלע און דער מאָשל, וואָס רופן זיך איבער סייַ מיט דער רוסישער רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישער ליטעראַטור (סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס באַרימטע „מייַסעלעך"), סייַ מיט דער יידישער און העברעיִשער מאַסקילישער ליטעראַטור, ווו די דאָזיקע זשאַנרען האָבן געהאַט א רייַכע טראַדיציע (עטינגער, גאָטלאָבער, גאָרדאָן, מענדעלע אאַ.). אף די שפּאַלטן פונעם „פרייַנט", „הצופה"[2] און אַנדערע צייַטונגען דערשייַנען פּערעצעס סאַטיריש פארשאַרפטע פעליעטאָנען, וואָס זייַנען אָנגעלאָדן מיט עכט פּאָעטישע מעשאָלים, פייַן געצייכנטע זשאַנער־בילדלעך, סקיצעס, נאַטור־שילדערונגען מיט וויכטיקע באַטראַכטונגען פונעם שרייַבער איבער די סאַמע אַקטועלסטע לעבנס־פראַגן.

אין זייַן פובליציסטישער שאַפונג פארנעמען א באַזונדער אָרט די פעליעטאָנען אף העברעיִש, וואָס פערעץ האָט אָפּגעדרוקט אין „הצופה" אין 1903—1904 יאָרן, פון וועלכע מיר וועלן דאָ באַטראַכטן די סעריע אונטער דעם טיטל „בעולם האותיות המחכימות" („אין דער וועלט פון אויסיעס, וואָס מאַכן קלוג"). דעם יידישן לייענער זייַנען די דאָזיקע פעליעטאָנען ווייניק באַקאַנט, און מיר האַלטן דעריבער פאר נייטיק זיך גענויער אָפּשטעלן אף זיי.

די פעליעטאָנען אין „הצופה" האָט פערעץ וואָכנטלעך געדרוקט פון יון 1904 ביז אָנהייב יאַנוואַר 1905. זיי שטעלן מיט זיך פאָר איין גאַנצעס: אין זיי אַלע לאָזט זיך שפּירן דער פאָרגעפיל פון דער אָנקומענדיקער רעוואָליוציע, וועלכע דער שרייַבער באַגריסט און באַוויליקט.

פערעץ דערשייַנט דאָ, ווי א טריבון, וואָס איז באַרופן אויפקלערן דעם טאָך פון די גרויסע געשעענישן. שוין אין דעם ערשטן פעליעטאָן פון דער סעריע גיט ער אַן אָנצוהערעניש, אַז ער קלייַבט זיך דערציילן פון דעם, וואָס עס טוט זיך הינטער די קוליסן.

„צו מיר איז געקומען, — דערציילט דער שרייַבער, — א פּראָסטער מענטש און בעט זיך: „...קוק זיך צו צו דעם, וואָס טוט זיך הינטער דער גרענעץ פון איינגעשטעלטן, און דערצייל מיר" (פעליעטאָן פון 24 יון).

פערעץ נעמט אף זיך אָט די אויפגאַבע. איראָניש־סאַרקאַסטיש וואָרנט ער: „איר הערט, דאַבויסייַ, דער דאָזיקער מענטש בעט א העטער! איר זאָלט ניט אָנמאַסערן אף אים דער רעגירונג, איר זאָלט אף אים ניט אָנשיקן קיין סטראַזשניק, ער זוכט און גאַרט צו וויסן דאָס פארבאָטענע..." (דאָרט, 24 יון).

פערעץ דערקלערט דעם לייענער, אַז ער, דער שרייַבער, וועט מוזן אָנקומען צו פארשטעלטע רייד, רעמאָזים, אַלעגאָריעס און מעשאָלים[3]. ער דערציילט אויך, וואָס ס'האָט אים באַוועגט און דערמונטערט צו שרייַבן זייַנע פעליעטאָנען: „א רייעך פון נעווילע קריכט מיר אין נאָז אַרייַן. פילט איר עס? גאָר אינגיכן וועט מיט גאָטס הילף זייַן די לעווייַע". „די אַלטע וועלט גייט אונ־

---

מיט ארן ראסקינס ארטיקל „א בלעטל פערעץ־פובליציסטיק" הייבן מיר אָן דרוקן מאַטעריאַלן וועגן דער שאַפונג פון י.־ל. פערעצן, צו זייַן 50־טן יאָרצייַט.

די רעדאַקציע וועט אין פארלויף פונעם יאָר געבן פאָרשונגען, פובליקאַציעס און ארטיקלען וועגן די פּראָבלעמען, וואָס זייַנען פארבונדן מיט י.־ל. פערעצן און מיט זייַן באַדייַטונג אין דער ליטעראַטור.

[1] פערעץ באַצייכנט דעם העברעיִשן וואַריאַנט פון דער דראַמע „שוועסטער" מיט דעם טיטל „בשפל", וואָס איז אַדעקוואַט דעם נאָמען פון גאָרקיס באַרימטער דראַמע «На дне».

[2] „האַצויפע" — דער באַאָבאַכטער.

[3] „אַלע ווייסן, אַז מע קאָן ניט דערציילן וועגן דער צוקונפט, וואָס דאַרף קומען, אַנדערש ווי מיט דער הילף פון לעגענדעס און מעשאָלים" (פעליעטאָן פון 24 יון).

טער, און די נײַע פֿאַרמירט זיך". איז לאָמיר באַגריסן דאָס נײַע, וואָס קומט, און פֿאַרבינדן דערמיט אַלע אונדזערע האָפֿענונגען און אידעאַלן — אַזאַ איז דער הויפּט־געדאַנק, וואָס גייט דורך, ווי אַ רויטער פֿאָדעם, דורך דער גאַנצער סעריע פֿעליעטאָנען. דעריבער זײַנען די פֿעליעטאָנען פֿאַרשאַרפֿט און פֿאָלעמיש.

די העברעיִשע און ייִדישע בורזשואַזע פּרעסע פֿון יענער צײַט, אַ שטאַרק דערשראָקענע פֿון די אויפֿטרייסלונגען, וואָס ווערן דערוואַרט, האָט גענומען ראַשיק קלאַפּן אין די טאַצן וועגן ייִדישער אַכדעס, וועגן איינהייטלעכן ייִדישן פֿאָלק, וואָס ווערט באַליידיקט פֿון די „אומעס־האָוילאָם" און דאַרף דעריבער גאָרניט האָבן צו טאָן מיט קלאַסנקאַמף, זיך ניט אַרײַנמישן אין די סאָציִאַלע שלאַכטן, וואָס וויקלען זיך פֿאַנאַנדער אַרום אים. האַסטיק האָט מען געלאָזט אין גאַנג דאָס שטרײַמל, דעם ערעץ־ייִסראָעל־שעקל אַלס די איינציקע סגולעס צו ראַטעווען דאָס ייִדישע פֿאָלק פֿון די שטורעמווינטן, וואָס בושעווען אין דרויסן. די בורזשואַזע צײַטונגען און זשורנאַלן זײַנען מאַמעש פֿאַרפּלייצט געוואָרן מיט ציִוניסטישע פּראָיעקטן און ליבגעזאַנגען דער „קנעסעס ייִסראָעל" און דעם „פּינטעלע ייִד".

נאַטירלעך, אַז די מער פֿאָרגעשריטענע שרײַבער זײַנען געווען געצוווּנגען פֿאַרלאָזן די דאָזיקע פּרעסע, ווײַל זי האָט פּאָשעט פֿאַר זיי צוגעמאַכט די טיר[1]. אין שײַכעס דערמיט איז דאָ קעדײַ צו דערמאָנען דעם טומל, וואָס די פּרעסע האָט אויפֿגעהויבן אַרום דעם אַרטיקל פֿון ש. הורוויץ „לשאלת קיום היהדות" („צו דער פֿראַגע וועגן קיִעם פֿון ייִדישקײַט")[2].

דער מעכאַבער האָט זיך דערוועגט בלויז אויסדריקן זײַנע ספּייקעס אין די צוזאָגן פֿון די ייִדישע בירגערלעכע פּאַרטייען צו לייזן די אַזויגערופֿענע ייִדן־פֿראַגע. די אָפּיציִעלע קלויז־פּובליציסטיק האָט שאַרף פֿאַרורטיילט דעם דאָזיקן צווייפֿל־געשריי, אין וועלכן זי האָט אײַנגעזען די „שעדלעכע" ווירקונג פֿון די רעוואָליוציִאָנערע געשעענישן. די רעאַקציִאָנערע פּובליציסטן האָבן דערקלערט, אַז אַלע צאָרעס שטאַמען פֿון דעם, וואָס „מע איז צעלאָזן געוואָרן", זיך אָנגעשטעקט מיט „פֿרײַע געדאַנקען, ספּייקעס", מיט „פֿרעגן שײַלעס", און די איינציקע רעטונג איז: „מע דאַרף גיין אין בעסמעדרעש דאַוונען און לייגן טפֿילן"...

פּרעץ האָט שאַרף רעאַגירט אַף דעם טומל אַרום דעם אַרטיקל פֿון ש. הורוויץ. ער האָט דערשפּירט אין דעם אַ פֿאַרבאָרגענע טענדענץ אָפּצוווענדן די ברייטע ייִדישע מאַסן פֿון די גרויסע סאָציִאַלע שטרײַטן אין אַרומיקן לעבן. ער האָט אויסגעניצט די מײַסע הורוויץ אַלס אויסגאַנג־פּונקט, קעדיי אַרויסצוזאָגן זײַנע געדאַנקען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אָנקומענדיקער רעוואָליוציע.

די וועלט, באַהויפּטעט פּרעץ, שטייט פֿאַר גרויסע אויפֿטרייסלונגען, וועלכע דאַרפֿן ברענגען מיט זיך די לייזונג פֿון פֿיל ווייטעקדיקע סאָציִאַלע און נאַציִאָנאַלע פּראָבלעמען, בעסויכעם אויך פֿון דער ייִדן־פֿראַגע, וואָס ווערט אויסגענוצט אַלס מיטל גײַסטיק צו אַנטוואָפֿענען די האָרעפּאַשנע מאַסן דורך אָפּווענדן זיי פֿון דעם אַלגעמיינעם קלאַסנקאַמף.

„וויפֿל אַכאַדהאָאָם אָדער אַנדערע אויסדערוויילטע פֿון פֿאָלק, — שרײַבט פּרעץ, — וועלן זיך ניט מיִען נעמען אין זייערע הענט די מאָנאָפּאָל פֿון ראַטעווען די ייִדישקײַט, וועט זי גראַטעוועט ווערן גאָר פֿון אַן אַנדער אָרט... די גערעכטיקײַט איז ניט אַף יענער וועלט, ווי דער גלענצנדיקער לעץ הײַנע זאָגט, ניט דאָרט, וווּ די מאַלאָכים קאָכן אַ זופּ פֿון ביינער, נאָר דאָ, אַף דער וועלט" (פֿעליעטאָן פֿון 15 יול).

געווג צו שפּײַזן דעם פּראָסטן עולם מיט ענג נאַציִאָנאַלע און פֿאַלשע אַטאָבעכאַרטאָנו־אילוזיעס, מיט רעליגיִעזע אוילעמהאַבע־כאַלוימעס, מע דאַרף אים קלאָר און דײַטלעך דערציילן וועגן די גרויסע אידעאַלן, צו וועלכע ס'ציט זיך די גאַנצע פֿאָרגעשריטענע מענטשהײַט, ווײַל מיט זיי און נאָר מיט זיי איז פֿאַרבונדן דער גוירל פֿון אַלע פֿעלקער און אויך פֿון ייִדישן פֿאָלק. „שוין לאַנג אַוועק די צײַט, ווען מע האָט געפֿירט דעם האַמוין אין בוינע, אָדער זאָל אַפֿילע זײַן צו אַ פֿעטן פּיטערפּלאָץ פֿון אינסטינקטן, כאַלוימעס, ליגנס און רוף־געשרייען פֿון שפּיץ פֿון באַרג: „רעכטס! רעכטס!". שוין צײַט צו זאָגן דעם „גראָבן האַמוין" דאָס, וואָס איז שוין אונדז, אויסדערוויילטע, צופֿעליק באַוווּסט מיט אַ טאָג פֿריִער. מע דאַרף אויסשטרעקן די האַנט און אויפֿהייבן דעם נידערגעפֿאַלענעם צום אָרט, וועלכן מיר האָבן צופֿעליק פֿאַרנומען מיט אַ טאָג פֿריִער, ער זאָל זען פֿונווײַטן די אַלגעמיינע אידעאַלן און זיך אַ לאָז טאָן נאָך זיי..." (פֿעליעטאָן פֿון 15 יול).

אין נאָמען פֿון די דאָזיקע אַלגעמיינע אידעאַלן, דעם „יאָ פֿון מאָרגן" וויקלט פּרעץ פֿאַנאַנדער אַ העפֿטיקן קאַמף קעגן די אַנטפּלעקונגען פֿון רעאַקציע אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, אין דער וויסנשאַפֿט, קונסט און ליטעראַטור. שאַרף און בײַסיק גרײַפֿט ער אָן די ייִדישע באַלעבאַטישע דערציִונגס־סיסטעם, וועלכע איז באַרופֿן אויסכאָווען פֿיזישע און גײַסטיקע קנעכט, קליינע מענטשעלעך מיט קליינע האַסאָגעס, וואָס זײַנען ניט פֿייִיק צו פּראָטעסט, ווידערשטאַנד, קאַמף. אַ גלענצנד בילד פֿון דעם דאָזיקן טיפּ פֿיליסטער גיט פּרעץ אין דער אַלעגאָריע מיטן פֿערדל פֿון דער „קאָנקע" („סוס הטראם" — פֿעליעטאָן פֿון 27 סענטיאַבער). „אײַנשלינגען אַ שפּין" — מיט דער דאָזיקער טרעפֿלעכער סימבאָלישער פֿאָרמול כאַראַקטעריזירט פּרעץ די מאָראַל און מידעס, מיט וועלכע די „קנעסעס ייִסראָעל" שפּיקעוועט אָן דעם פֿאָלקס־מענטש: „גיי אום, ווי אַ שאָטן, טעטעם מיט נאַכעס, באַשיידן, און זײַ ווי ניט געווען" און דעריקער: „אַף פֿאַרזאַמלונגען זאָלסטו ניט גיין און צווישן אַפּיקאָרסים ניט זיצן... דאָרט זינגט מען לידער פֿון גערוינים, פֿון אויפֿלעבונג, היט זיך אָפּ".

פּרעץ פֿאַרשטייט, אַז די אויפֿלעבונג פֿון פֿאַרשיידענע רעאַקציִאָנערע טעאָריעס איז ניט בלויז אַ ריין ייִדישע דערשײַנונג. עס איז אַ טייל פֿונעם אַלגעמיינעם פּראָצעס, וואָס אַנטוויקלט זיך אַלס ענטפֿער אַף די גרויסע רעוואָליוציִאָנערע געשעענישן און דאַרף פֿאַראַליזירן די קאַמפּספֿייִקײַט פֿונעם מאַסן־מענטש.

אין פֿעליעטאָן פֿון 29 יול קריטיקירט ער די באַמיִונגען פֿונעם רעאַקציִאָנערן פּובליציסט וויקטאָר באַש „וויסנשאַפֿטלעך" צו באַגרינדן די נויטווענדיקײַט פֿון

---

[1] אינעם פֿעליעטאָן פֿון 2 דעקאַבער באַמערקט פּרעץ: „אויב פֿיל פֿון די בעסערע שרײַבער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו ריידן וועגן לעבנס־פֿראַגן, איז עס ניט דערפֿאַר, ווײַל זיי זײַנען צעטומלט, נאָר דערפֿאַר, ווײַל די זאַך הענגט לעגאַמרע ניט אָפּ פֿון זיי".

[2] „השלח", 1904, יאַנוואַר־יון.

סאָציִאַלער היִעראַרכיע, לאַכט אויס זײַן באַהויפּטונג, אַז גלײַכהײַט צווישן מענטשן און פעלקער ווידערשפּרעכט די געזעצן פון דער נאַטור, ווײַל „די נאַטור ווייסט פון הויך און נידעריק... בערג און טאָלן" אאַזוו. ער וואַרפט אָפּ די טעאָריעס, וואָס באַמיִען זיך צו דערווײַזן, אַז קאָלעקטיוויזם איז ניט כאַראַקטעריסטיש פאַרן מענטשן, דעקט אויף דעם רעאַקציִאָנערן טאָך פון אָטאָ ווײַנינגער, וועלכער טראַקטירט דעם מענטשן אַלס זינדיקע נידערטרעכטיקע באַשעפעניש. די דאָזיקע אַלע מענטשנפײַנטלעכע טעאָריעס, — באַווײַזט איבערצײַגנדיק פּערעץ, — זײַנען אויסן אָפּטייטן דעם ווילן פון מענטשן צו לעבן, צו קעמפן פאַר זײַנע רעכט, פאַר זײַן מענטשלעכער ווירדע.

דער שרײַבער וואַרפט אָן אַ סאַרקאַסטיש בילד פון דעם געמיט־צושטאַנד פון דער בורזשואַז־אַריסטאָקראַטישער און קלײנבירגערלעכער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך דערשראָקן פאַר די רעוואָליוציִאָנערע אויפטרייסלונגען און זוכט זיך אַ טרייסט אין אָפּגעלעבטע כאַלוימעס און ניסים:

„...פאַראַן זײַנען קינדער מיט אַ קורצן גײַסט, וואָס האָבן מוירע... פאַר דעם נײַעם טאָג, פאַר דער נײַער ליכט, און אַז זיי זעען, ווי די זון פאַרגייט אַף מײַרעוו, לויפן זיי איר נאָך מיט דער האָפענונג: טאָמער וועט געשען אַ נעס, טאָמער וועט זי ניט פאַרגיין... זיי ווילן ניט דעם נײַעם טאָג, זיי ווילן צוריק אויפלעבן דעם טאָג, וואָס גייט אונטער..." (פעליעטאָן פון 16 אַווגוסט).

פּערעץ אַטאַקירט די יעניקע, וואָס רופן צו פּאַסיווקײַט, צו קליינע רעפאָרמעלעך, צו שאָלעם־באַיִס אין אַ צײַט, ווען דאָס פאָלק הייבט זיך אויף און פאָדערט דראָענדיק זײַנע געזעצלעכע רעכט. מיט בייזער איראָניע רעדט ער וועגן טאָלסטאָיס טעאָריע פון ניט אַנטקעגנשטעלן זיך דעם בייז: „דאָס קאָל פון האַמוין — דאָס קאָל פון גאָט שרײַט מיט קראַפט: איר האָט אונטערגעשריבן אַ וועקסל, איז געקומען די צײַט צו צאָלן! איר האָט געשריבן: „האָב ליב דײַן כאַווער, ווי זיך אַליין" און נאָך אַזוינע טרייסטנדיקע זאַכן, איז גיט אַהער אײַער גוטס, וועלן מיר זען! איר האָט אויסגערופן: „ווער ס'איז נאַקעט, וועלן מיר אים באַקליידן, ווער ס'איז דאָרשטיק, קום און טרינק, ווער ס'איז הונגעריק, זאָל קומען און עסן" אַדגל. איר האָט גערופן — בין איך דאָ. און דעם נאָווי, וואָס האָט נעוויִעס געזאָגט וועגן גוטס, וועגן גענאָד, וועגן ראַכמים, האָט אָנגעכאַפּט אַ ציטער, ער האָט גענומען טײַנען: „אָבער הייבט ניט אויף די האַנט! ווערט זיך ניט מיט געוואַלד קעגן דעם בייז!" (פעליעטאָן פון 16 אַווגוסט).

אַלע האָפענונגען אַף קליינע רעפאָרמעלעך אין די ראַמען פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג האָבן זיך אַנטפּלעקט, ווי פּוסטע און נישטיקע. דאָס לעבן האָט באַוויזן, אַז עס איז נייטיק אַן איבערבראָך, קעגן דעם בייז מוז אָנגעווענדט ווערן קראַפט — צו אַזאַ אויספיר איז געקומען פּערעץ ערעוו דער רעוואָליוציע פון 1905.

„אַ מילכאָמע גייט, — רופט אויס פּערעץ, — און דער, וואָס צווייפלט ניט, — שטינקט, אַ נעווײַלע איז ער — די האַנט צו דער נאָז! ווײַל דער סאָפעק איז דאָס ווײַסל אין קטוירעס פון לעבן, דער מאָרער אין דער סודע פון אויסלייזונג, דער סאָפעק איז דער פאָטער פונעם יאָ פון מאָרגן" (פעליעטאָן פון 9 יול).

דער „יאָ פון מאָרגן" וועט אַליין ניט קומען, מע דאַרף אים דעראָבערן. און דאָס קאָן אויפטאָן נאָר דער נײַער מענטש, וואָס איז ניט קיין געהאָרכזאַמער קנעכט, נאָר אַ מענטש, וואָס קאָן צווייפלען, בונטעווען, קעמפן פאַר די אינטערעסן פונעם קלאַל:

„דער יאָכיד, וואָס פילט זיך ניט, ווי אַ באַזונדערער גײַסטיקער טיפּ, וואָס האָט ניט קיין אייגענע אָנשויונגען, וועלכע ער דאַרף פאַרטיידיקן, אָדער נאָך ערגער, זיי זײַנען פאַראַן און ער וויל ניט אָדער אַנערקענט ניט זײַן כויוו זיך מויסערנעפעש זײַן פאַר זיי און איז גרייט יעדער רעגע זיי פאַרקויפן פאַר אַ טאָפּ לינדזן... דער יאָכיד, וואָס האָט ניט ליב זײַן סוויווע און האַלט ניט פאַר זײַן כויוו צו אַרבעטן פאַר איר, ענדערן די וועלט און זען צוזאַמען מיט דער מאַסע די פרייד פון דער מאַסע; דער יאָכיד, דער ראַך־לייוו, וואָס גלייבט ניט אין דער צוקונפט פונעם מענטשן אַף דער ערד און טוט ניט אַ קלאַפּ אַ פינגער אָן אַ פינגער צו דערנעענטערן די געולע פאַר דער נעשאָמע פונעם מענטשן — אַזאַ יאָכיד זאָל גיין צום טײַוול — אַ קרעציקער איז ער, און זײַן פּלאַץ איז אויסער דער מאַכנע" (פעליעטאָן פון 11 אָקטיאַבער).

די צײַט פאָדערט האַנדלונג, און פּערעץ ווערט דער רופאָר פון טאַט: „די וועלט דאַרף אַן איבערבראָך... מײַסים. די גאַנצע וועלט וואַרט אַף מײַסים, אַוודעס! דאָס וואָרט איז שוין געזאָגט געוואָרן, דער באַפעל איז שוין געגעבן!.. און אויב עס ליגט אַ טיפער טהאָם צווישן דעם איצט און דער צוקונפט, איז דאָ אַ בריקל איבערצוגיין, און די אויגן פונעם גאַנצן פאָלק זעען עס, און עס איז גאָרניט קיין בריקל פון פּאַפּיר, לעגאַמרע ניט..." (פעליעטאָן פון 2 דעקאַבער).

פּערעץ רופט אַנטשיידן צו ראַדיקאַלער האַנדלונג!

אין אַ פּרעכטיק אַלעגאָריש בילד, וואָס שילדערט דעם רוימישן רענעגאַט יוליִאַן, וועלכער האָט געוואָלט קעגן „דעם געזעצלעכן גאַנג פון דער לאָגיק" צוריק אויפלעבן „יופּיטערס טאָג און די קיניגרײַך פון באַקכוס"[1], פּראָקלאַמירט פּערעץ דעם אומפאַרמײַדלעכן קראַך פון דער הערשנדיקער אָרדענונג.

אין דער יוליִאַן־געשטאַלט איז דער שרײַבער מעראַמעז אַף דער פאַרעטערישער ראָליע פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע. אין שײַן פון דער אָנקומענדיקער רעוואָליוציע איז אַלץ קלאָרער געוואָרן איר רעאַקציִאָנערע ראָליע און דער עמעסער טאָך פון איר ליבעראַלער פראַזעאָלאָגיע. פּערעץ פאַרשטייט, אַז די בורזשואַזיע איז קלאַל ניט פאַראינטערעסירט אין אַן איבערבראָך און אַז די אַרבעטנדיקע מאַסן וועלן גאָרניט געווינען פון דער רעוואָליוציע, אויב „די צוים פון אָנפירונג" וועלן האַלטן „די רײַכע מעיוכאָסים" (פעליעטאָן פון 29 יול).

אין גאַנג פון די געשעענישן איז פּערעצן דײַטלעך קלאָר געוואָרן, אַז אַלע שטרײַטן פירן ענדלעך צו דעם לעצטן אַנטשיידנעם געראַנגל צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע.

אין צוויי מײַסטעריש פאַרפאַסטע אַלעגאָרישע בריוו פון אַ שוסטער און פון אַ סויכער צייכנט דער שרײַבער טרעפלעך אָן די גרונט־שטריכן פון דער ערעוו־רעוואָליוציִאָנערער סיטואַציע און זאָגט אָפן אַרויס זײַן שטעלונג צו דער רעוואָליוציע. די בריוו צייכענען זיך אויס מיט זייער אידייִשער אָנגעלאָדנקײַט, און מיר דערלויבן זיך זיי אַ ביסל ברייטער צו ציטירן.

---

[1] באַקכוס — אין דער אַנטישער מיטאָלאָגיע דער גאָט פון ווײַן — אַ רעמעז אַף ניקאָלײַ דעם צווייטן, וואָס איז געווען באַוווּסט ווי אַ שיקער.

אינעם בריוו פונעם שוסטער ווערט צוערשט געמאָלט די עקאָנאָמישע און רעכטלעכע לאַגע פונעם ארבעטער אין דער בורזשואזער געזעלשאפט (ווי דער שטייגער בא פּערעצן, ווערט געמיינט דעריקער דער באַלמעלאָכישער שיכט ארבעטנדיקע).

„איך גיי ארום באָרוועס, — שרייבט דער שוסטער, — ערשטנס, ווייל איך בין א שוסטער, צווייטנס, מאכמעס איך האָב די מעלאָכע ניט גענוג באהערשט, בין איך א לאָטוטניק. דריטנס, אויסגעמעקט זאָל זי ווערן — די מאַשין! פאר דער צייט, וואָס איך ניי אויף איין פּאָר, שפּייט זי ארויס זיבן און זיבעציק. פערטנס, די באַלע־באַטים, יימאַך־שמאָם, צאָלן ניט אָפּ, וויפל מע דארף, און נאָך און נאָך. בין איך, ניט פאר אייך געדאכט, א קאַפּצן אין זיבן פּאָלעס און האָב ניט קיין שום דייע ניט אין שטאָט און ניט באם קאָהאָל — און קיין אָרט אין קיין מיניען".

ווייטער באשרייבט דער שוסטער אַלעגאָריש דעם קריג צווישן דער צארישער רעגירונג — דעם „הויפּט־גאַ־בע" — און דער בורזשואזיע — די „באַלעבאטים": דער גאבע זאָגט, אז אַלץ איז זיינס, און טיילט די קיבודים און די פּעטע אַליעס ווי ער וויל, שטאָפּט מיט זיי אָן זיינע אָנהענגער, אונטערלעקער אדג. די באַלעבאטים טיינען: נייך, יעדערער, וואָס האָט אָן אָרט, האָט א דייע, און מע דארף בא אונדז זיך אָנפרעגן אדג.

„אין פּלוג האָט דער איניען צו מיר קיין שום שייכעס ניט. ערשטנס, מאכמעס איך האָב קיין אָרט ניט און בע־מיילע אויך קיין דייע; צווייטנס, האָב איך קיין צייט ניט אָפּצוגעבן זיך אזעלכע נארישקייטן, וואָס זיינען קיין צעבראָכענעם גראָשן ניט ווערט. אָבער אז דער קריג האָט זיך צעפּלאַקערט, האָבן זיי זיך ביידע געווענדעט צו מיר, איך זאָל זיי קומען צו הילף. דעהיינו: די גראָבע בייַ־כער פון מיזרעך־וואָנט רייצן מיך אָן אָף דעם הויפּט־גאַבע און ווייזן מיטן פינגער אָף זיין באַק, ווי איינער מיינט: נעם שטעמפּל אָפּ... און דער הויפּט־גאַבע שעפּ־טשעט מיר: האַק אין די פויקן, דה. דערלאַנג אין די גראָבע פּעמפּיקעס, און ביידע זאָגן מיר צו א הויסאָפע צום געצאָלטס פון דער „טויכעכע".

סימפּאַטאַמאַטיש איז פּערעצעס ענטפער אָף דער פראגע פונעם שוסטער, וואָס ער זאָל טאָן: „האָב איך טעלעגרא־פירט: פּאָדער א הויסאָפע בימזומאָנים!"

דער ארבעטער דארף פאָדערן דאָס, וואָס אים קומט, „בימזומאָנים", אזוי האַלט פּערעץ.

זייער אינטערעסאַנט איז דער בריוו פונעם סויכער. ער קלאָגט זיך, אז ער האַלט בא „באנקראָט". די בורזשו־אזיע פילט זיך דערשראָקן און פארלאָרן. זי האָט מוירע, אז זי וועט זיך „מער ניט קענען האַלטן". עס קאָנען שוין איר ניט העלפן אויך די פארשיידענע באַל־אייצעס, וואָס זוכן אַלערליי סגולעס זי צו ראַטעווען:

„און אָט קומען צו מיר אריין מענטשעלעך, — שרייבט דער סויכער, — וואָס איך קאָן זיי ניט און וויס זיי ניט, וועלכע איך האָב פריִער מיט א פוס אָף מיין שוועל ניט ארופגעלאָזן, איך פּלעג זיי אין בעסטן פאַל אַמאָל צו־ווארפן דורכן פענצטער א ביסל שיראַים... און איצט קו־מען זיי און זאָגן, אז זיי זיינען טאַלמידיי־כאַכאָמים און פארשטייען אָן אייסעק, און זיי אייצען מיר, אז אויב איך וויל ראַטעווען דאָס ביסל רעשט פונעם פּייער, מוז איך ענדערן דעם סיידער פון די כעזשבוינעס... פאַר־בייטן דעם בוכהאַלטער אדג. אין פּלוג נארישע רייד. אָבער אז דער קאָפּ דרייט זיך, הייבן אָן די אויערן זיך צוהערן און דאָס הארץ אופנעמען, און איך זאָג צו זיך אַליין: ווער ווייס? עפּשער?"

נאָר פּערעצעס ענטפער איז ווידער קלאָר און אַנט־שיידן: „האָב איך אים טעלעגראַפירט: נארישקייטן, מעלדע באנקראָט!" (פעליעטאָן פון 30 דעקאַבער).

קיינע רעפאַרמעס וועלן ניט העלפן. די אַלטע וועלט מוז אונטערגיין! די פּעאָדאַל־בורזשואזע אָרדענונג דארף מעלדן באנקראָט! פּערעץ ווייסט און פארשטייט באַשיים־פּערלעך, אז „קאַלזמאַן ס׳וועט הערשן דער קאַפּיטאַל אף דער וועלט, וועט זיין דער האָבער שלעכט סיי אין פערדשטאַל, סיי אין דער ליטעראַטור", אז „מע קען ניט פאַריכטן איין באשטימטן געביט, מע דארף אויסלייזן די וועלט אינגאנצן גענומען" (פעליעטאָן פון 27 סענ־טיאַבער).

דער אָנוווקס פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע האָט אָנגעפּילט פּערעצן מיט גלויבן און האָפענונג אין דער בעסערער צוקונפט פון זיין פאָלק און פון דער **גאַנצער מענטשהייט.**

עמעס, אויך איצט לאָזט זיך נאָך וועלן־ניט־וועלן פילן פּערעצעס אַלטער צווייפל אין דער פּייִקייט פון די אָפּ־געשטאַנענע מאסן זיך צו באנוצן מיט די דעראָבערטע אין דער רעוואָליוציע רעכט. דער געשפּענסט פון באַנציע שווייגס „הייסער בולקע מיט פרישן פּוטער" פארפאָלגט נאָך דעם שרייבער פון צייט צו צייט. וועגן דעם זאָגן איידעס, צום בייַשפּיל, די צוויי פּאַראַלעלע אַלעגאָרישע בילדלעך אינעם פעליעטאָן פון 9 דעקאַבער.

אינעם ערשטן בילדל ווערט ארויסגעפירט א יידישער מאסן־מענטש אונטערן נאָמען קונילעמל. ס׳איז דער זעל־בער קונילעמל, דערציילט דער שרייבער, וואָס אים האָבן אמאָל אי דער ווילנער גאָען, אי י.־ל. גאָרדאָן געגרופן „צום קאַמף קעגן ר׳ וואַפּסי און די איבעריקע פּלעדער־מייז" און וועמען ביאַליק האָט „פארשאָלטן און אויס־געשפּאָט".

„ס׳איז אָנגעקומען קונילעמלס שאָ, — דערציילט פּע־רעץ, — אין דער נאכט האָט מען אויסגערופן:

„קריכט ארויס פון די פּעלדזן־שפּאַלטן, פון די ערד־היילן, פון די פינצטערע באהעלטענישן, פון יעדן פינצ־טערן ווינקעלע, קריכט ארויס און לעבט!"

נאָר דער שרייבער איז ניט זיכער, צי וועט קונילעמלען קלעקן מוט צו „עסן די קאַרטאָפּל, וואָס באקן זיך אָף דעם פּייער"?

נאָך שאַרפער טרעט ארויס דער דאָזיקער געדאנק אין צווייטן בילדל. פּערעץ דערלאָזט די מעגלעכקייט, אז די באפרייטע דינסט, וואָס איז געוווינט צו א „האַלב־לעבן", וועט זיך אומקערן צו איר באַלעבאָס און אים זאָגן, אז „איר נעשאָמע און אירע כאַלוימעס געהערן אים".

פּערעץ שרעקט זיך פאר דער קראַפט פון טראַדיציע, ער צווייפלט אין דער פּייִקייט פון די אונטערדריקטע שיכטן זיך פּולקאָם באפרייען פון מאטעריעלער און גייסטיקער פארשקלאַפונג. נאָר פּערעצעס צווייפל גייט איצט באנאנד מיטן שאַרפן, בייסיקן אורטייל. ער פאַ־דערט אוף די מאסן ארויסצוטרייבן פון זיך דעם דוירעס־לאַנג דערצויגענעם „קנעכט".

אויך די פּאַליטישע אָנשויונגען פּערעצעס זיינען ניט שטענדיק גענוג קלאָר, זיין פּאָזיטיווע פּראָגראַם איז נאָך אין א געוויסער מאָס מעטושטעש, זיינע סאָציאַלע אידע־אַלן זיינען נאָך אָפט אבסטראַקט־הומאַניסטיש. ער איז נאָך צומאָל גענייגט איגנאָרירן די מאטעריעלע פאַרהעל־טענישן אין דער געזעלשאפט און שטעלן העכער די

מענטשלעכע עטיק. ער אַפּעלירט נאָך ווי־ניט־ווי צו אַל־מענטשלעכן יושער, צו אַלמענטשלעכער מאָראַל. אויך זײַן נאַציאָנאַלער קרעדאָ איז נאָך צײַטנווײַז באַווירקט פון דער אידיי וועגן א באַזונדערער רעוואָלוציאָנערער מיסיע פון ייִדישן פאָלק. אָבער וואָס ווײַטער די רעוואָ־לוציאָנערע געשעענישן אַנטוויקלען זיך, אַלץ מער טרעט אָפּ פּערעצעס „שרעק" אין הינטערגרונט און עס טריומ־פירט די „האָפענונג". פּערעץ אָריענטירט זיך וואָס ווײַ־טער אַלץ מער אַף דער אומבאַדינגטער נויטווענדיקייט פון קלאַסנקאַמף, פון רעוואָלוציאָנערן אויסברוך.

ער באַגרײַפט דעם ברייטן פּאַרנעם פון דער רוסלענ־דישער רעוואָלוציע, וואָס דאַרף ניט נאָר נידערלייגן די הערשנדיקע צאַרישע אָרדענונג, נאָר שאַפן א פולשטענ־דיקן איבערבראָך אין די ביז איצט עקזיסטירנדיקע גע־זעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן. פּערעץ פאַרבינדט מיט איר אַלע זײַנע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אידעאַלן. ער זעט אין איר דעם איינציקן וועג צו דער צוקונפט, וואָס דאַרף ברענגען צו א געזעלשאַפט אָן קלאַסן, אָן מילכאָ־מעס, אָן פעלקער־פײַנטשאַפט. אין זײַנע אַרויסזאָגונגען לאָזט זיך שפּירן די באַקאַנטשאַפט מיט דער סאָציאַלי־סטישער לערע, און האַגאַם פּערעץ פאַררעכנט די שעפער פון וויסנשאַפטלעכן קאָמוניזם צו זײַנע „קעגנער", ווײַל זיי זעען אין דער מאַטעריע „דעם אָנהייב און דעם טאַכ־לעס", קאָן ער ניט פאַרבאָרגן דעם אַפשײַ פאַר זיי און געפינט זיך באַשטימט אונטער זייער האַשפּאָע.

ער שרײַבט:

„איצט שטייען מיר פאַר צוויי וועגן: פאַרברייטערן די מאָראַל אַף אַלע פעלקער און אַף אַלע קלאַסן, וואָס אין די פעלקער. דאָס וועט זײַן מעגלעך נאָר דאַן, ווען די מאַטעריעלע לאַגע וועט דערגיין צו אַזאַ מאַדרייגע, אַז ס׳וועט מעגלעך זײַן צו אויסמײַדן מילכאָמעס צווישן פעלקער און שטרײַטן צווישן די קלאַסן אין די פעלקער גופע, דה. נאָר דאַן, ווען דער מענטש וועט דאַרפן קעמפן אויסשליסלעך נאָר מיט דער נאַטור... קעדיי די זון זאָל העל שײַנען, מוז מען צעזייען די וואָלקנס, קעדיי צו קומען צום ציל, דאַרף מען אַפּראַמען דעם וועג פון די שטיינער, און דעריבער, בייס אונדזערע הענט זײַנען פאַר־נומען, זײַנען אונדזערע אויגן אופגעהויבן..." (פעליעטאָן פון 22 יול).

די רעוואָלוציאָנערע פּערספּעקטיוו האָט אָנגעפילט מיט מונטערן אָפּטימיזם פּערעצעס נאַציאָנאַלן באַוווּסטזײַן. זײַנע אָנשויונגען אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע זײַנען אויך אין א געוויסער מאָס באַאײַנפלוסט פונעם סאָציאַ־ליסטישן אידייענגאַנג, האַגאַם, ווי געזאָגט, אים געלינגט ניט אַלעמאָל זיך אײַנגאַנצן באַפרײַען פון דער פאַלשער אידיי וועגן ייִדישן סאָציאַלן מאָשיעכיזם.

אין דער צײַט, ווען א גרויסער טייל פון דער ייִדישער בורזשואַזער און קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ האָט געפּרידיקט פאַרשיידענע טעאָריעס פון ייִדישער אָפּגע־זונדערטקייט, אויסדערוויילטקייט, פון „קאָל יִסראָעל כאַ־ווירים", האָט פּערעץ אויסגעלאַכט די נאַציאָנאַליסטישע אויסלייז־קאָנצעפּציעס, פעסט צונויפגעקניפּט דעם גוירל פון די אונטערדריקטע שיכטן פון זײַן פאָלק מיט דעם גוירל פון די זעלבע שיכטן פון די אַנדערע פעלקער און דערוויזן, אַז זיי אַלע האָבן דעם זעלבן ציל.

דער שרײַבער רופט די ייִדישע מאַסן אײַנצושליסן זיך אינעם אַלגעמיינעם פּראָגרעסיוון גאַנג פון דער מענטש־הײַט — דאָס איז דער איינציקער וועג אַף צו לייזן די אַזוי־גערופענע ייִדן־פראַגע. דאָס ייִדישע פאָלק דאַרף גיין צוזאַמען מיט אַלע פעלקער פאָרויס, צו דער צוקונפט. אין דער קומענדיקער גליקלעכער מישפּאָכע פון באַ־פרײַטע פעלקער וועט עס גלײַך מיט אַנדערע אַרײַנטראָגן זײַן נאַציאָנאַלן גאָב.

„די נאַציאָנעלקײַט, — שרײַבט פּערעץ, — איז דער באַזונדערער וועג פונעם באַזונדערן פאָלק, דאָס באַזונ־דערע בריקל אַף איבערצוגיין צו דער קומענדיקער וועלט, צום מענטשן...

מיר דאַרפן נעמען פונעם אויצער פון אונדזער פאַר־גאַנגענהײַט אַלדאָס גוטע, וואָס האָט דעם זכוס דערוואָרבן צו ווערן, אַלע ווערטן, וואָס קאָנען געבן זריִע, אָבער זייען זײַנען מיר מעכוייעוו אַף דעם גאַנצן פעלד פונעם הײַנט אין נאָמען פון דער צוקונפט..." (פעליעטאָן פון 18 אָקטיאַבער).

נאַטירלעך, אַז אויך פּערעצעס ליטעראַריש־עסטעטישע פּראָגראַם איז איצט געוואָרן רײַפער, אויסגעהאַלטענער, ראַדיקאַלער.

דער שרײַבער פאַרורטיילט שאַרף אַלע באַמיִונגען אַרײַנצוברענגען אין דער ליטעראַטור עלעמענטן פון דעקאַדאַנס, סימבאָליזם, נאַטוראַליזם, פאַרטיידיקט דעם רעאַליזם אין דער קונסט. ער קריטיקירט דאַוויד פרישמאַנס ליב־געזאַנגען האַמסונען און מעטערלינקן און באַ־ווײַזט דעם טאָך פון מעטערלינקס מיסטישן סימבאָליזם, וואָס פלאַנצט אומגלויבן אין דער קראַפט פון מענטש־לעכן געדאַנק. פּערעץ פּאָלעמיזירט מיט יענע שרײַבער, וואָס פּרוּוון זיך אָפּן גרונט פון פאַרשיידענע פּאָזיטיוויס־טישע טעאָריעס באַגרענעצן די מעגלעכקייטן פון דער ליטעראַטור. ער איראָניזירט איבער דעם קריטיקער ליר־בעצקי, וואָס לייגט פאָר די שרײַבער זיך פאַרנעמען בלויז מיט פּסיכאָלאָגישע גריבלערײַען אין דער נעשאָמע פון די העלדן.

„מיר האָבן געמיינט, — שרײַבט פּערעץ, — אַז דאָס האַרץ פונעם לייענער וועט פאַרכאַפּט בלויז פון דער לעבעדיקער געשטאַלט, וואָס וועט געוויזן אין איר גאַנצער גרייס און אויסערלעכקײַט... מיר האָבן געמיינט, אַז כוץ דעם פּסיכאָלאָגישן ראָמאַן, זײַנען דאָ נאָך פיל מינים קינסטלערישע שאַפונגען, און אַז איך קאָן שילדערן ניט בלויז דעם מענטשן, וואָס פאַרמאָגט א האַרץ..., נאָר אויך די כײַע און די בעהיימע, אויך דעם וואָלקן פונויבן און דעם שטיין פונונטן און אַלץ, וואָס פאַרמאָגט ניט קיין לעבנס־גײַסט און קיינע געהיימניסן פון פּסיכאָלאָגיע..." (פעליעטאָן פון 3 נאָיאַבער).

פּערעץ פּאָלעמיזירט מיט יענע שרײַבער, וואָס ווענדן זיך אָפּ פון דער ווירקלעכקײַט און בויען זיך אויס וועלטן פון עסטעטישער האַרמאָניע, פאַרהילן דעם ביטערן עמעס פון לעבן מיט אויסגעטראַכטע זיסע און פאַלשע כאָלוימעס.

„זאַלמען שנייער, — שרײַבט פּערעץ, — רופט אויך צו א נאָווי... און ניט דעם עמעס ווײַל ער וויסן... ער וויל פון דעם נאָווי נאָר זיסע זאַכן, און ער בעט זיך ראַכ־מים: אויב דער עמעס איז ביטער, זאָל דײַן נעווּע זײַן פאַלש, זיסער און טרייסטנדיקער ליגן" (פעליעטאָן פון 8 נאָיאַבער).

ענלעכע פאָרווורפן האָט פּערעץ עטוואָס פריִער גע־מאַכט אויך דעם העברעיִשן דיכטער ש. טשערניכאָווסקי. אין „א בריוו צום מעכאַבער פון די „רויזן"[1] האָט ער

[1] געדרוקט אין „הצופה", 1903, נומ. 30, אַלס פּאָ־לעמישער ענטפער אַף טשערניכאָווסקיס אַרטיקל „השו־שנים" („די רויזן") — „הצופה", 1903, נומ. 22.

זיך אזוי אָפּגערופן אַף טשערניכאָווסקיס באַהויפּטונג, אַז דער דיכטער דאַרף זיך ניט צוהערן צו די ליידן פון דער וועלט, נאָר דאַרף אויסבויען פאַר זיך אַ וועלט פון אידילישער רו און בליַענדיקע רויזן:

— „אין אייער נעשאָמע, — שרײַבט ער מיט בייזן סאַר־קאַזם, — וואַקסן נאָר רויזן... האַלב נאַקעטע קינדער פון עלנט שטרעקן אויס די הענט נאָך אַ פּאָר קאָפּעקעס... און די טעכטער פון דער אָרעמקייט צינדן אָן מיט דער לעצ־טער קראַפט פון זייערע נעשאָמעס די מידע אויגן אין דער פינצטערקייט פון דער נאַכט... און אַ רייעך פון פוילעכץ, געמישט מיט דעם שמוץ פון גאַסן, הייבט זיך אויף צום הימל... נאָר אין אייער נעשאָמע וואַקסן רויזן, נאָר רויזן... און דעם יאָם האָט איר ניט געזען אין זײַן שטורעם... און אַ פּאַרזונקענע שיף אין יאָם האָט איר אויך ניט באַמערקט! איר זײַט גליקלעך, נאָר איך בין אײַך ניט מעקאַנע...“

פּערעץ דריקט אויס זײַן טיפע אומצופרידנקייט מיט דעם, וואָס אין דער העברעיִשער ליטעראַטור ווערן פאַר־שפּרייט רעליגיעז־מיסטישע געדאַנקען, אַסקעטישע טע־אָריעס, ביטול־האַיעש און פּעסימיזם. ער זאָגט דערבײַ אַרויס זײַן באַגײַסטערונג דערמיט, וואָס גראַד איצט, ווען ס'איז אַזוי געוואָרן אין דער מאָדע צו זינגען וועגן בעס־מעדרעש און אוילעמהאַבע־זאַכן, קומט דאַפקע ביאַליק דער ליבלינג פון די „אָדעסער כאַכאָמים“ מיט זײַן ליד „איעיך?“ („וווּ ביסטו?“).

פּערעץ ציטירט:

און אַף דער ברייטער געמאָרע גאַנצע טעג
פאַרטרוימט,
אין וואָלקנדל מיט גאָלד באַזוימט,
אין לויטערסטן געבעט, אין מײַנע ריינסטע
פריידן — — —
האָב איך נאָר איינס געגאַרט, נאָר איינס
פאַרלאַנגט האָב איך
נאָר דיך, נאָר דיך, נאָר דיך...

— „אָט איז יוגנט, — שרײַט אויס פּערעץ, — אָט איז העפקער פון יוגנט! לעבנסלוסט, אַ ברענענדיק האַרץ און ניט אַ נעשאָמעלע, וואָס ריִעט זיך אין מיסט“.

ביאַליקס לעבנס־ברויז, זײַן אימפּעטפולע פּאַטעטישע באַשטעטיקונג פון די ערדישע פריידן נוצט פּערעץ אויס אַלס ווירקזאַמען געווער קעגן דער קלעריקאַלער רעאַק־ציע אין דער ליטעראַטור.

פּערעצן אימפּאָנירט ביאַליקס קאָמפּערישע, קימאַט גאָטלעסטערנדיקע בונטאַרישקײַט, זײַן געזעלשאַפטלעכע ליידנשאַפט אין די פלאַמיקע לידער פון „צאַר און צאָרן“.

פיל אַכט שענקט פּערעץ דער דערצייִערישער ראָליע פון דער ליטעראַטור. ער פאָדערט אויף די קינסטלער זיך אַקטיוו אײַנשליסן אין די שטרײַטן פון דער קעגנוואַרט, העלפן דערציִען דעם נײַעם מענטשן, וואָס „פאַרקויפט זיך ניט פאַר אַ טאָפּ לינדזן“, וואָס גלייבט אין דער צו־קונפט און איז פייִק פאַר איר צו קעמפן.

ער רעדט מיט ווייטעק וועגן דער רוטינע, וואָס הערשט אין דער קריטיק און אין דער פּובליציסטיק. „ניטאָ בא אונדז קיין קריטיק“, — שרײַט דער שרײַבער אויס פאַר־צווייפלט. די פּובליציסטיק שטעלט מיט זיך פאָר „אַ געמויזעכץ, געדיכט באַדעקט מיט מאַכרעס... דאָס זײַנען עלעלדיקע שויפרעס און ניט קיין מילכאָמע־טרומייטן...“

פּערעץ וויל, אַז די פּובליציסטיק זאָל זײַן קריגעריש, אַנגרײַפעריש, אומבעראַכמאָנעסדיק צו יעטווידן מין קאָנ־סערוואַטיזם, זי זאָל זיך אַקטיוו אַרײַנמישן אין לעבן, רעגן, וועקן צו מײַסים, זי זאָל האָבן „אַ זעענדיק אויג און אַ הערנדיקן אויער... זײַן אַ ריכטער און קומען מיט טײַנעס... פון מאָל צו מאָל אַ קריץ טאָן... אַרײַנשאַלן אין אויער, וואַרפן מיט אַ שוך אָדער מיט אַ פוילער ציבעלע, פאַנאַנדערוויקלען האַנדלונג, וועקן די שלאָפנדיקע און באַטלאָנים“ (פעליעטאָן פון 30 אווגוסט).

פּערעצעס פעליעטאָנען אַף די שפּאַלטן פון „הצופה“ זײַנען געווען אַ מוסטער פון אַזאַ פּובליציסטיק, וואָס מישפּעט, שטורעמט, גרײַפט אָן, האַלט מילכאָמע, רופט צו טאַט. זייער קאָמפּערישער טאָן, דער ראַדיקאַלער גע־דאַנקענגאַנג, מיט וועלכן זיי זײַנען דורכגעדרונגען, האָט געקלונגען, ווי אַ שאַרפער דיסאָנאַנס, אין דער העברעיִ־שער פּעריאָדישער פּרעסע. באַלד, ווי עס זײַנען פאַר־עפנטלעכט געוואָרן די ערשטע פעליעטאָנען פון דער סעריע, איז אין „הצופה“ דערשינען אַן אַרטיקל קעגן דעם מעכאַבער פון די „אויסיעס, וואָס מאַכן קלוג“[1]. דער פאַרפאַסער פונעם אַרטיקל, אַ בורזשואַז־ציִעניסטי־שער פּובליציסט, האָט אויסגעדריקט זײַן אומצופרידנקייט מיט פּערעצעס רוף צו אַקטיווע מײַסים. ער האָט ניט פאַר־באָרגן זײַן שרעק פאַר דער „געפערלעכער“ ווירקונג פון פּערעצעס פעליעטאָנען אַפן מאַסן־לייענער.

פּערעץ קלאָגט זיך ניט איין מאָל אין זײַנע פעליעטאָ־נען, אַז ער איז געפּענטעט, אַז זײַנע „הענט זײַנען גע־בונדן אַפילע קליינע זאַכן צו טאָן“. די נייטיקייט יויצע זײַן פאַר דעם אַרויסגעבער און דעם צענזאָר, קעדיי זיך אַ ביסל לענגער האַלטן אַף די שפּאַלטן פון דער צײַטונג, האָט געוויס מיטגעווירקט דער פאַרשטעלטקייט פון די רייד און דער ערטערווײַזער ווידערשפּרעכלעכקייט. אָבער דער שאַרפער אַפּיקאָרסיש־ראַדיקאַלער טאָן האָט זיך דורכגעריסן דורך אַלע פאַרשלייערונגען און אַלעגאָריעס, ער האָט אַ הילך געטאָן, ווי אַן אופרײַס־באָמבע, אין דער פאַרדעמפטער אַטמאָספער פון דער דעמאָלטדיקער פּרע־סע, — און דאָס האָט שוין בעמײַלע באַשטימט דעם גורל פון פּערעצעס פעליעטאָנען. די סעריע פאַמפלעטן איז איבערגעריסן געוואָרן און טאַקע באַם סאַמע שאַרפסטן אָרט: נאָך דעם, ווי עס זײַנען אָפּגעדרוקט גע־וואָרן די אויבנדערמאָנטע בריוו פונעם שוסטער און סויכער.

אינעם פינאַל פונעם פעליעטאָן פאַרן 30 דעקאַבער זאָגט פּערעץ אָן דעם לייענער, אַז ער איז געצוווּנגען אָפּ־געבן זײַנע פּאָזיציעס אַף די שפּאַלטן פון דער צײַטונג: „און דערמיט בין איך יויצע דעם כויוו פון אַ פעליע־טאָן: צו ריידן וועגן זאַכן, וואָס שוועבן אין דער וועלט, האָב איך קיין דערלויבעניש ניט. ווי זאָגט מען דאָרט: דער, וואָס האָט ניט קיין אָרט, האָט ניט קיין דייע“.

דעם 8 יאַנואַר 1905 דערשײַנט נאָך איין פעליעטאָן, וווּ דער שרײַבער פּרוּווט זיך שוין פאַרנעמען בלויז מיט יידישע איניאָנים, און דערמיט ווערן די פעליעטאָנען אַף די שפּאַלטן פון „הצופה“ פולקאָם אָפּגעשטעלט.

די סעריע פעליעטאָנען „אין דער וועלט פון אויסיעס, וואָס מאַכן קלוג“ איז אינטערעסאַנט פאַר פּערעצעס אידייִשער עוואָלוציע. אין זיי פילט זיך דער הייסער אָטעם פון די גרויסע קלאַסן־שלאַכטן, פון די אָנקומענ־דיקע פּאָליטישע אופטרייסלונגען. באַם באַטראַכטן די ווירקונג פון דער רעוואָלוציע אַף דער אַנטוויקלונג פון זײַן רעאַליזם איז פּאַשעט אומעגלעך זיי צו פאַרבײַגיין.

1 „הצופה“, 23 יול.

הערש רעמעניק

# נאָטיצן וועגן אונדזער פּראָזע

## דער אופשטייַג

פאר די קנאפּע פיר יאָר, זינט עס עקזיסטירט „סאָוועטיש היימלאנד“, האָט אונדזער פּראָזע זיך א הייב געטאָן, זיך געשטעלט פעסט אף די פיס. פאר גאָר א קורצער צייַט האָבן מיר באקומען אזעלכע ווערק — אין אייכעס און אין קאמעס, — אז מע קאָן שוין ריידן ניט בלויז וועגן באזונדערע דערפאָלגן, נאָר וועגן א פּראָגרעס פון אופשטייַג. אונדזער פּראָזע נעמט זיך אָן מיט קויכעס, זי ווערט רייַף און פארשיידנארטיק לויט די טעמעס, זשאנרען, פאָרמעס. דאָס איז דערווייַל אָן אָנהייב, אָבער א גאָר דערפרייענדיקער. עס זייַנען פאראן זיכערע באווייַזן, אז דער אופשטייַג ווערט פאָרגעזעצט: עס קומען צו נייַע און נייַע ווערק, וואָס גאראנטירן די ווייַטערדיקע דערפאָלגרייַכע אנטוויקלונג פון דער פּראָזע.

אונדזער פּראָזע, ווי די ליטעראטור אינגאנצן גענומען, איז אידייִש געזונט, זי איז שוין איצט פרייַ פון נאציאָנאלער באגרענעצטקייַט, אינדיווידואליזם, מאָדערניזם, וועלכע זייַנען געווען כאראקטעריסטיש פאר געוויסע ריכטונגען ביז דער רעוואָלוציע און האָבן זיך נאָך דאָ און דאָרט געלאָזט פילן אין אייניקע ווערק און בא אייניקע שרייַבער אין די ערשטע יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע. די יידישע שרייַבער האָבן איבערגעלעבט צוזאמען מיטן גאנצן פאָלק די גרויסע טריומפן פונעם סאָציאליזם, די אויספרווון פון דער מילכאָמע; זיי זייַנען פארהארטעוועט געוואָרן אידייִש, פּאָליטיש, פילאָסאָפיש, האָבן באקומען אזא לעבנס־דערפארונג, וועלכע עס האָט ניט געהאט קיין איין דאָר שרייַבער.

די רוסישע שפּראך, קולטור און ליטעראטור זייַנען געוואָרן אייגן יעדער יידישן סאָוועטישן שרייַבער, ווי קיינמאָל ניט ביז איצט. דאָס האָט ביז גאָר פארברייטערט די שפּעריִשע האָריזאָנטן פון דער ליטעראטור. שאָלעם־אליינכעם האָט אמאָל געשריבן: „אך, ווען איך זאָל קענען אופשווומען אין אָקעאן פון דער רוסישער ליטעראטור. דאָס וועט אומבאדינגט פאָרקומען. אָבער א שאָד. איך וועל שוין דעמלט ניט זייַן“. שאָלעם־אליינכעמס טרוים איז פארווירקלעכט געוואָרן. אין אונדזער צייַט האָט אָבער ניט בלויז אזא ריז, ווי שאָלעם־אליינכעם, אָט דעם גוירל, — יעדער הייַנטצייַטיקער יידישער שרייַבער שווימט פרייַ אין אָקעאן פון דער רוסישער ליטעראטור מיט איין בוך, מיט צוויי און מיט דרייַ... און דאָס ווירקט מיט דער ענדגילטיקער באפרייַונג פון נאציאָנאלער באגרענעצטקייַט. אין דער זעלבער צייַט באַרייַכערט די יידישע ליטעראטור די גאנצע סאָוועטישע ליטעראטור מיט איר נאציאָנאלן קאָלאָריט, מיט אירע טעמעס, מאָטיוון און געשטאלטן.

די אופלעבונג פון דער פּראָזע איז דער בעסטער סימען פון א געזונטער ליטעראטור, וואָס איז פארבונדן מיטן לעבן. אָן פּראָזע איז די ליטעראטור בלוטלאָז, אנעמיש, זי מעג אפילע האָבן די סאמע ראפינירטע דיכטונג. די פּאָעזיע איז רירעוודיקער, דינאמישער, זי איז דער אויסשפיר־אָטריאד, וואָס גייט פאָרויס פאר דער ארמיי, לייגט דורך וועגן. אָבער די פּראָזע איז די ארמיי גופע, די שווערוואָגיקע קראפט, וואָס פארנעמט פּאָזיציעס, פארפעסטיקט זיך אף זיי. פּראָזע איז שטייגער, כאראקטערן, געשיכטע, הייַנטצייַטיקייַט און צוקונפט — קורץ: די סאמע טיפענישן פונעם לעבן פון פאָלק.

די יידישע ליטעראטור איז געוואָרן א רייַכע און שטארקע ליטעראטור, ווען זי האָט באקומען די פּראָזע פון מענדעלען, שאָלעם־אליינכעמען, פּערעצן, אשן, רייזינען, בערגעלסאָנען, אָפּאטאָשו, ניסטערן און אנד.

די סאָוועטישע יידישע פּראָזע האָט באשטימטע דערגרייכונגען. אין דער ערשטער ריי האָבן מיר אין זינען בערגעלסאָנס און ניסטערס נאָכאָקטיאבערישע ווערק; און ווייַטער — דירעקט שוין די שאפונג פון די סאָוועטישע פּראָזאיקער: גאָדינער, דאניִעל, קיפּניס, קאהאן, אלבערטאָן און אנד. און נאָך ווייַטער — די יינגערע גענעראציע (וואָס איז איצט שוין אויך גאָרניט יונג).

פונדעסטוועגן ווייסן אלע, אז די יידישע פּראָזע האָט ווייַט נאָך ניט דערגרייכט צו דער הייך, אף וועלכער עס האָבן זי אוועקגעשטעלט די קלאסיקער. די דיכטונג האָט שוין לאנג אריבערגעשפּרייַזט דעם פּראָקטיאבערדיקן ניוואָ. די פּראָזע — ניט.

אין טאָך האָבן מיר צוויי גרויסע קינסטלער פּראָזאיקער — ווידעראמאָל טאקע דאָוויד בערגעלסאָנען און דער ניסטער, וועלכע האָבן, אייגנטלעך, זיך אנטפּלעקט נאָך ביז דער אָקטיאבער־רעוואָלוציע. דאָס, וואָס זיי זייַנען געוואָרן סאָוועטישע שרייַבער, איז א גליק אי פאר זיי, אי פאר דער יידישער ליטעראטור. אָבער נאָך אזעלכע, לויט דער קינסטלערישער קראפט, האָבן מיר דערווייַל ניט.

די וועגן פון אונדזער ליטעראטור זייַנען ניט קיין גראָדליניקע און ניט פון די לייַכטע. דערפאר איז אונדז טייַער יעדער מינדסטע דערגרייכונג. און אויב זי קומט, פרייען מיר זיך און זייַנען גרייט צו ריידן, זאָל זייַן אפילע אָן איבעריק מאָל, וועגן דעם.

מיר דארפן דעריבער ניט באנוגענען זיך בלויז מיט רעגיסטרירן פאקטן, נאָר אנאליזירן די נייַע דערשייַנונגען אין דער פּראָזע, אופדעקן זייער טאָך און וואָרענען קעגן מאנגלען, שווועריקייַטן, וואָס שטייען אף איר וועג און קאָנען פארהאלטן איר אנטוויקלונג.

## די זשאנרען

דער בעסטער סימען פון אופשטייַג איז דאָס, וואָס אונדזער פּראָזע אנטוויקלט זיך סייַ אין דער ברייט, סייַ אין דער טיף, וואָס זי שפּרייט זיך אויס אין אלע געביטן און באזונדערס אין דעם זשאנער פון ראָמאן.

די יידישע ליטעראטור איז ביז דער אָקטיאבער־רעוואָלוציע ניט געווען קיין ראָמאנען־ליטעראטור; איך האָב אין זינען דעם ראָמאן עפּאָפּיי, די העכסטע פאָרם פון קינסטלערישן עפּאָס. אין XIX יאָרהונדערט האָט זיך אנטוויקלט די אופקלערערישע דערציילונג פון אקסענפעלדן, מענדעלען און לינעצקין. די ערשטע פרווון פון

ראָמאַן האָבן געשאַפן שאָמער (דער ייִדישער נאַיִווער בולוואַר־ראָמאַן), דינעזאָן (דער סענטימענטאַלער ראָמאַן). גאָר א גרויסע באַדײַטונג אינעם צוגרייטן דעם הײַנטצײַטיקן ראָמאַן האָבן געהאַט שאָלעם־אַלייכעמס ראָמאַנען. אויב „סענדער בלאַנק", „סטעמפעניו" און „יאָסעלע סאָלאָוויי" טראָגן נאָך אַף זיך דאָס שטעמפּל פון דער אויפקלערערישער דערציילונג, זײַנען שוין „דער מאַבל", „בלאָנדזנדע שטערן" און „דער בלוטיקער שפּאַס" עמעסע פרוון פון ראָמאַנען עפּאָפּייען לויט זייער פּראָבלעמאַטיק, לויט זייער אידייִשן אינהאַלט, וואָס כאַפּט ארום גרויסע היסטאָרישע געשעענישן. שאָלעם־אַלייכעם האָט צוגעגרייט די ראָמאַנען פון בערגעלסאָנען און אשן.

דער רעאַליזם האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער וועלט־ליטעראַטור, ווען עס איז געשאַפן געוואָרן דער ראָמאַן פונעם XIX און XX יאָרהונדערט. אפילע אין אונדזער צײַט, ווען עס הערן זיך ניט זעלטן שטימען וועגן „אונטערגאַנג" פון ראָמאַן (די טעאָריע פון „אַנטי־ראָמאַן", „ראָמאַן עסיי" אאַ.), איז פאָרט דער דאָזיקער זשאַנער אין צענטער פון דער פּראָזע. בא אַלע אייגנאַרטיקייטן איז דער הײַנטצײַטיקער ראָמאַן (רעמאַרק, העמינגוועי, אַלבערטאָ מאָראַוויאַ, שאָלאָכאָוו) דער הויפּט־זײַל פון רעאַליזם.

מיט גרויס באַפרידיקונג זעען מיר איצט, ווי דער ראָמאַן הייבט אָן פאַרנעמען דעם אויבנאָן אויך אין אונדזער ייִדישער פּראָזע. פאַר א קורצער צײַט האָבן מיר באַקומען עליע שעכטמאַנס „ערעוו", נאָטע לוריעס „הימל און ערד", הירש דאָבינס „דער קויעך פון לעבן", הערשל פּאָליאַנקערס „דער בעקער פון קאַלאָמייע", יויסעף ראַבינס „באַם ניעמאַן"; אינגיכן וועלן געדרוקט ווערן נאַטאַן זאַבאַרעס „הײַנט ווערט געבוירן א וועלט", שמועל גאָרדאָנס „פרילינג"; עליע שעכטמאַן און נאָטע לוריע פאַרענדיקן די ווײַטערדיקע בענדער פון זייערע ראָמאַנען „ערעוו" און „הימל און ערד".

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ניט אַלע ראָמאַנען זײַנען גלײַכוועדטיק. אָבער אין אַלגעמיין גענומען איז עס ליטעראַטור פון היפּשן באַדײַט. שעכטמאַנס „ערעוו" האָט שוין באַקומען אַן אָנערקענונג ניט נאָר באַם סאָוועטישן לייענער, נאָר אויך אין אויסלאַנד. דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן אויך וועגן נאָטע לוריעס „הימל און ערד". שעכטמאַנס „ערעוו" און לוריעס „הימל און ערד" (צוזאַמען, נאַטירלעך, מיט זײַן „דער סטעפּ רופט") שטעלן זיך אין איין ריי מיט די בעסטע ראָמאַנען פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור.

דער הויפּט־זשאַנער פון דער סאָוועטישער פּראָזע אין די ערשטע יאָרן נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז געווען אין גרונט די דערציילונג. אפילע אזא ווערק, ווי דאַניִעלס „יוליס", קאָן מען ניט רעכענען פאַר קיין ראָמאַן, ווײַל דאָ איז געשילדערט גיכער אַן עפּיזאָד, ווי א פּראָצעס.

דער סאָוועטישער ייִדישער ראָמאַן פאַר די לעצטע פיר יאָר גיט אונדז א ברייטע שילדערונג — די קינסטלערישע געשיכטע פון דער עפּאָכע אין פאַרלויף פון אָנהייב XX יאָרהונדערט ביז הײַנטיקן טאָג.

מיר קאָנען אויך ריידן וועגן באַשטימטע דערפאָלגן פון אַן אנדער וויכטיקן זשאַנער פון דער פּראָזע — פון דער דערציילונג. אין „סאָוועטיש היימלאַנד" האָבן מיר באַקומען א היפּשע צאָל דערציילונגען מיט גאַנץ דײַטלעכע נאָוואַטאָרישע טענדענצן, מיט אויסגעשפּראָכענע אייגנאַרטיקע אידייִש־קינסטלערישע זוכונגען. דאָ האָב איך אין זינען טעוויע גענס „אין דער היימשטאָט", מישע לעווס „ווען ניט די פרײַנט מײַנע...", יעכיִעל פאַליקמאַנס „דער ביטערער יאָדער", „געלע מילן", אַלעקסאַנדער גובניצקיס „מײַן ייִכעס", שירע גאָרשמאַנס טרילאָגישער ציקל „דעם קייסערס פּעטער איז געווען א גוטער...", „זיך ניט אויסגערעדט די הערצער", „א פּאָרפאָלק אין דיוונאָגאָרסק" און ריווקע רובינס — אויך א טרילאָגישער ציקל: „דער פלעק", „קלאָרע שויבן", „די וועגן קרייצן זיך", יויסעף ראַבינס „באַוועלע געפען". הײַנטצײַטיק לויט זייער פילאָסאָפיש־אידייִשער אײַנשטעלונג זײַנען אוואַדע מ. אַלטמאַנס דערציילונגען עסייען „ליבע", „אין דער טיף פון שפּיגל", וואָס מיט זייער אויסגעשפּראָכן אייגענעם נוסעך שטייען זיי באַזונדער, אָבער בעשום־אויפן ניט אויסער אונדזער פילזשאַנערדיקער פּראָזע.

פאַרלויפיק וואָלט מען געקאָנט אָפּמערקן פינף אייגנשאַפטן, וואָס כאַראַקטעריזירן אָט די נאָוואַטאָרישע דערציילונג פון אונדזער צײַט. די ערשטע אייגנשאַפט באַשטייט דערין, וואָס אין אייניקע דערציילונגען גיסט זיך צונויף די היסטאָרישע פאַרגאַנגענהײַט מיטן הײַנטצײַטיקן לעבן. דאָס איז צו זען אין גובניצקיס, גענס און ע. גאָרדאָנס ווערק. נאָר באַזונדערס אין די דערציילונגען „טרילאָגיעס" פון שירע גאָרשמאַן און ריווקע רובין. צווייטנס, טיילן זיך אויס די דאָזיקע דערציילונגען מיט זייער עמאָציאָנעלער אָנגעזעטיקטקײַט, מיט דער לירישער דורכדרינגלעכקײַט. דאָס האָט א שײַכעס צו אַזעלכע ווערק, ווי גענס „אין דער היימשטאָט", גובניצקיס „מײַן ייִכעס", גאָרשמאַנס און רובינס „טרילאָגיעס". דריטנס, איז פאַר דער מערהײַט דערציילונגען כאַראַקטעריסטיש די „איך"־פאָרמע, דאָס דערציילן אין דער ערשטער פּערזאָן (גען, גובניצקי, רובין, פאַליקמאַן). דער ליריזם און די מאָנאָלאָגישע פאָרם זײַנען עפּשער פאַרבונדן מיט עלעמענטן פון ביִאָגראַפיזם בא די אווטאָרס און דאָס מאַכט זייערע ווערק וואָרהאַפטיק, פאַרשטאַרקט דעם רעאַליזם פון דער שילדערונג.

די מאָנאָלאָגישע פאָרם האָט די לעצטע יאָרן באַקומען א פאַרשפּרייטונג אין דער רוסישער סאָוועטישער פּראָזע (אין סאָלאָוכינס ווערק און באַזונדערס אין פּאַוסטאָווסקיס לירישע ראָמאַנען, אין זײַנע מעמוארישע אווטאָביִאָגראַפיעס). מאַכן וועלכע־ניט־איז באַשטימטע אויספירן אָדער אפילע באַהויפּטונגען וועגן אָט דער דערשײַנונג אין דער סאָוועטישער פּראָזע וואָלט געווען איצט נאָך צו פרי. אָבער אייניקע האַשאָרעס קומען אפן זין, ווײַבאַלד די דאָזיקע לירישע און מאָנאָלאָגישע דערציילונגען ווערן פאַרשפּרייט אין פאַרשיידענע נאַציִאָנאַלע ליטעראַטורן. מיר דאַכט, אַז דורך אָט דעם זשאַנער קומט צום אויסדרוק, פון איין זײַט, די אויסגעוואַקסענע ווירדיקײַט פון דעם סאָוועטישן מענטשן, פון זײַן אינדיווידואַליטעט; מער ווי ווען־עס־איז קאָן שוין איצט דער סאָוועטישער מענטש, נאָכן דעמאַסקירן דעם סטאַלין־קולט, דרייסט מעלדן וועגן זײַן איך, וועגן זײַן אָרט אינעם שאַפן דאָס נײַע לעבן. פון דער צווייטער זײַט אָבער, קאָן די דאָזיקע פאָרם, אויב מע זאָל מיט איר מיסברויכן, ווערן אַן אויסדרוק פון אינדיווידואַליסטישע און סוביעקטיוויסטישע שטימונגען, וועלכע האָבן נאָך אַן אָרט בא געוויסע, זאָל זײַן אפילע ווייניקע, גרופּעס פון דער יוגנט און פון דער אינטעליגענץ.

פערטנס, איז פאַר אייניקע פון די דערציילונגען

כאַראַקטעריסטיש דער עלעמענט פון הומאָר, דאָס קאָמישע. דאָ דאַרף אין דער ערשטער ריי גיין א רייד וועגן גובניצקיס און געגנס דערציילונגען. ענדלעך, די פינפטע אייגנשאפט פון דער הײַנטצײַטיקער דערציילונג. זי איז אורשפּרינגלעך פארבונדן מיט שאָלעם־אלייכעמס טראַדיציע, דעריקער מיט „מאָטל פייסי דעם כאַזנס“ (דער קאָמיזם, דער מאָנאָלאָגיזם, דער ליריזם), און אויב נעמען א קלענערע דיסטאַנץ, זײַנען די באטראכטע דערציילונגען פארבונדן מיט דער טראַדיציע פון איציק קיפּניסעס „כאַדאָשים און טעג“ און „אונטערוועגנס“.

באַזונדער וועגן דער טרילאָגיע פון שירע גאָרשמאַן ווילט זיך נאָך זאָגן: ניט אַלע דרײַ דערציילונגען זײַנען קינסטלעריש גלײַכווערטיק. אָבער זיי אַלע, און באַזונדערס די לעצטע דערציילונג „א פאַרפאָלק אין דיוונאָגאָרסק“, זאָגן אײדעס וועגן דעם, אַז דער אווטאָר — איינער פון אונדזערע שטאַרקערע פּראָזאיקער — האָט שוין גויוער געוועזן די געוויסע פראַגמענטאַרישקײַט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אייניקע אירע פריִערדיקע ווערק.

ריווקע רובין איז גענוג באַקאַנט אַלס באַגאַבטער קריטיקער. אין פערטן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד“ האָט זי פאַרעפנטלעכט דרײַ דערציילונגען, וואָס ציִען אָן זיך די אויפמערקזאַמקײַט מיט דער רײַפקײַט פון שפּראַך, מיט לירישקײַט און מיט א לאָגיש געבויטן סוזשעט. אויך דאָ האַלטן מיר פאַר מער געלונגען די לעצטע פון די דרײַ דערציילונגען, אין וועלכער דער אווטאָר מאַכט א גאַנץ געלונגענעם קינסטלערישן פּרוּוו צו פאַרקערפּערן אַזאַ קאָמפּליצירטע טעמע, ווי דער סטאַלין־קולט. מיר וועלן מיט אינטערעס נאָכפאָלגן נאָך אירע ווײַטערדיקע שריט אין דעם נײַעם פאַר איר זשאַנער.

אין פאַרגלײַך מיטן ראָמאַן און דער דערציילונג (повесть) איז אין איצטיקן מאָמענט הינטערשטעליק די נאָוועלע. נאַטירלעך, עס פעלן ניט אויס קיין נאָוועליסטן, אָבער קיין עכטע הויך־קינסטלערישע נאָוועלע איז נאָך ניט געשאַפן. עפּשער דערקלערט זיך דאָס דערמיט, וואָס מיר זײַנען דערצויגן געוואָרן אויף דער קלאַסישער נאָוועליסטיק פון אַזעלכע גרויסע מײַסטערס, ווי פּערעץ, שאָלעם־אַלייכעם, רייזען, און אונדזערע פאָדערונגען זײַנען צו שטרענגע. אַלנפאַלס קאָנען מיר נאָך דערווײַל ניט זאָגן, אַז די הײַנטצײַטיקע ייִדישע נאָוועלע איבעראַשט אונדז מיט איר פּסיכאָלאָגישער טיפקײַט, מיט איר גאַלעריי געשטאַלטן, מיט איר אידייִש־פילאָסאָפישער קאָמפּליצירטקײַט און נאָוואַטאָרישער אָריגינעלקײַט. ווײַל מע טאָר דאָך ניט פאַרגעסן, אַז די נאָוועלע איז בעקוֹיעך אויף איר אויפן און מיט אירע מיטלען צו שאַפן פאַראַלגעמיינערטע טיפּישע געשטאַלטן, דראַמאַטישע לעבנס־סיטואַציעס און קאָליזיעס, פּונקט ווי דער ראָמאַן און די גרעסערע דערציילונג. פּערעצעס „צווישן צוויי בערג“, „די פרומע קאַץ“ אאַ. זײַנען לויט זייער אויפווירקונגס־קראַפט ניט ווייניקער באַדײַטנדיק פון אַן אַנדער ראָמאַן. אינעם באַוווּסטזײַן פונעם לייענער זײַנען זיי פאַרבליבן ווי גרויסע ווערק. ווו איז איצט יענע שאַרפע נאָוועלע, וועלכע זאָל אונדז אויפטרייסלען און זאָל אויף שטענדיק איבערלאָזן אין דער נעשאָמע א פאַרשטעלונג וועגן א גאַנצער וועלט, וועגן א גאַנצן לעבן? נאָך אַזאַ נאָוועלע בענקען מיר, אָבער זי איז דערווײַל ניט געקומען...

א גאַנץ נײַע דערשײַנונג פון אונדזער פּראָזע איז די מיניאַטורישע נאָוועלע פון יעכיעל שרײַבמאַנען, מאַרק ראַזומני און ראָכל בוימוואָל. דער דאָזיקער זשאַנער איז קימאַט ניט געווען אַנטוויקלט אין דער ייִדישער ליטעראַטור ביז דער רעוואָליוציע און אין דער סאָוועטישער ייִדישער פּראָזע ביז איצט. שרײַבמאַן און ראַזומני אַרבעטן פּרוכטבאַר אין געביט פון קורצן סוזשעט. לעצטנס האָט זיך אַרויסגערוקט ראָכל בוימוואָל מיט אירע „מײַסעלעך פאַר גרויסע“, וועלכע האָבן באַקומען אָנערקענונג פאַר זייער טרעפלעכקײַט, קורצקײַט און פאַר דעם שאַרפן סאַטירישן אינהאַלט, וואָס דערנעענטערט זיי צו דעם זשאַנער פון מאָשל אין פּראָזע.

מיר באַגעגענען אָבער בײַ ראָכל בוימוואָל אויך מײַסעלעך, ווו דאָס לאָגיציסטישע פאַרבײַט דאָס אומיטלבאַר פּאָעטישע. עס פעלט אויך אין אייניקע מיניאַטורן דער קאָנקרעטער סאָציאַלער אַקצענט, אָן וועלכן דאָס מײַסעלע־מאָשל פילט ניט אויס זײַן פולשטענדיקע פונקציע.

באַדײַטנדיק אין אונדזער הײַנטצײַטיקער פּראָזע איז די פאַרצייכענונג, וואָס אַנטוויקלט זיך אויף די שפּאַלטן פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ מאַמעש שטורמיש, אַזוי ווי קיינמאָל ניט ביז איצט. ווײַל די פאַרצייכענונגען פון אַזעלכע שרײַבער, ווי שמועל גאָרדאָן („צעלינאַ“), אַלעקסאַנדער גובניצקי („דער וועג קיין סטאַלינגראַד“, „א טאָג אין בראַטסק“ אאַ.), יוסף קערלער („אוראַלער מאָזאַיִק“), אַווראָם גאָנטאַר („א געוויינלעכע מישפּאָכע“), שירע גאָרשמאַן („קומט צו פאָרן, ווען די טולפּאַנען וועלן בליִען“) אאַ., זײַנען ניט קיין צײַטונגס־רעפּאָרטאַזשן, וואָס זייער דויערונג איז ניט מער ווי א טאָג, נאָר ערנסטע שילדערונגען פונעם לעבן. און אויב אונדזער פּראָזע, דער ראָמאַן, די דערציילונג און די נאָוועלע גיבן נאָך ווייניק בילדער פון דער הײַנטצײַטיקײַט, איז די פאַרצייכענונג מער אָפּעראַטיוו און קעמפעריש אין אָט דעם געביט.

## טעמעס און אידייען

צום באַדויערן, איז די הײַנטצײַטיקע טעמע פאַרקערפּערט הויפּטזאַכלעך טאַקע אין דער פאַרצייכענונג. אַלע אַנדערע זשאַנערן פון אונדזער פּראָזע — דער ראָמאַן, די דערציילונג, די נאָוועלע — זײַנען ווייניק אָנגעזעטיקט מיט די טעמעס און אידייען פון דעם הײַנטיקן לעבן, מיט די פּראָבלעמען, וועלכע באַמריִקן דעם סאָוועטישן מענטשן יעדן טאָג. די פּראָבלעמען פון אַרבעטער־לעבן, דאָס קאָלווירטישע לעבן, די פּראָבלעם פון זיטלעכקײַט און מאָראַל, די טעמע פון דער יוגנט, פון אונדזער אינטעליגענץ — דאָס אַלץ איז אין דער פּראָזע ווייניק באַלויכטן.

אין רעוואָליוציאָנערע עפּאָכעס קומט פאָר די איבערגעשטאַלטונג פונעם לעבן און פונעם מענטשלעכן כאַראַקטער מיט אַזעלכע גיכע טעמפּן, אַז די ליטעראַטור מוז מאַכן גרויסע אָנשטרענגונגען, קעדיי ניט אָפּשטיין פון דער ווירקלעכקײַט, נאָר, פאַרקערט, גיין פאָרויס און רופן דאָס פאָלק צו נײַע און נײַע הייכן. נאָר ריידנדיק אַזוי, האָבן מיר ניט אין זינען קיין שום קאָניונקטורישקײַט. עס וואָלט געווען א פולשטענדיקע פּראָפאַנאַציע פון דעם אידייִשן אינהאַלט פון דער הײַנטצײַטיקער טעמע, ווען מיר זאָלן פאָדערן פונעם שרײַבער, ער זאָל אומבאַדינגט אויף יעדער טאָג־געשעעניש טייקעף ענטפערן מיט א קינסטלעריש ווערק. הײַנטצײַטיקײַט קאָן פאַרווירקלעכט ווערן אַפילע אין א ווערק וועגן דער פאַרגאַנגענהײַט. דאָ איז וויכטיק ניט בלויז דער מאַטעריאַל גופֿע, נאָר, קוידעםקאָל, די אידיי פונעם ווערק,

די אידייִשע אינטערפּרעטאַציע פונעם קינסטלערישן מאַטעריאַל, דער הײַנטצײַטיקער אידייִשער אָטעם. פונעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט איז אַזאַ דערציילונג, לעמאָשל, ווי מ. לעווס „ווען ניט די פרײַנט מײַנע...“, אין גרונט הײַנטצײַטיק, אַף וויפל דער קאַמף קעגן פאַשיזם איז נאָך ביז איצט אַן אַקטועלע פּראָבלעם.

אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור זײַנען נאָכן XX פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר געווען צוויי ניט ריכטיקע צוגאַנגען צו דער פּראָבלעם פון סטאַלין־קולט. אַ באַשטימטע גרופּע שרײַבער האָבן געמיינט, אַז וויבאַלד עס זײַנען אופגעשטעלט די לענינישע נאָרמעס פון לעבן און עס ווערן אויסגעוואָרצלט די פאָלגן פון סטאַלין־קולט, מוזן מיר אַלץ, וואָס איז געווען בימיי סטאַלין, אינגאַנצן אָפּוואַרפן. דאָס איז אַ רעוויזיאָניסטישע טענדענץ אין דער ליטעראַטור. פון דער צווייטער זײַט, זײַנען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן באַטראַכט די דעמאַסקירונג פונעם סטאַלין־קולט ווי אַ צײַטווײַליקע קאַמפּאַניע, וואָס וועט גאָר גיך אַדורך, און מע וועט ווײַטער קאָנען פאַרזעצן די מיזמער־לעסטאַלין־זאָגעניש, ווי פריִער. די פּאַרטיי האָט אָבער געוויזן, אַז עס גייט אַ רייד ניט וועגן אַ לויפנדיקער קאַמפּאַניע, נאָר וועגן אויסראָטן דעם פּערזאָנען־קולט אַלס פײַנטלעכע צום סאָציִאַליזם אידעאָלאָגישע און פּאָליטישע טענדענץ.

די פּראָב/עם פון סטאַלין־קולט דאַרף ניט ווערן אין דער ליטעראַטור קיין „מאָדע“ און אויך קיין ביליקע סענסאַציע. זי טאָר ניט דערפירט ווערן בלויז צו שילדערונג פון אַרעסטן און לאַגערן פאַר אַרעסטירטע. די קינסטלערישע ליטעראַטור דאַרף העלפן דעם פאָלק אופדעקן און אויסראָטן די רעשטלעך פון סטאַלין־קולט, וואָס זײַנען נאָך פאַראַן אין לעבן.

אין דער ייִדישער פּראָזע איז די טעמע פון סטאַלין־קולט בלויז אָנגעמערקט אין אייניקע ווערק (גאָרשמאַנס „וואַלידאַל“, ה. דאָבינס „איר שוועסטער“, נאָטע לוריעס „הימל און ערד“, ריווקע רובין „די וועגן קרייצן זיך“). עס שטייט נאָך פאַר קינסטלעריש אַנטפּלעקן דעם עמעסן טאָך, דעםווירקלעכן היסטאָרישן אינהאַלט פון אָט דער דערשײַנונג.

## עמעסדיקײַט, דראַמאַטיזם, געשפּאַנטקײַט

די סאָוועטישע ליטעראַטור האָט אַף אירע פאָנען אָנגעשריבן דעם לאָזונג פון עמעס. דאָס איז, אייגנטלעך, די פּראָגראַם, מיט וועלכער עס זײַנען דורכגעדרונגען די בעסטע ווערק אירע, אַזעלכע, ווי גאָרקיס „קלים סאַמגין“, פאַדייעווס „צעקלאַפּט“, שאָלאָכאָווס „שטילער דאָן“ און „אופגעאַקערטע רויערד“, לעאָנאָווס „רוסישער וואַלד“, פעדינס „שטעט און יאָרן“, ערענבורגס „שטורעם“, אָסטראָווסקיס „וויִאַזוי עס האָט זיך פאַרהאַרטעוועט שטאָל“, קאַזאַקעוויטשעס „דער שטערן“ און נאָך פיל אַנדערע. אין די דאָזיקע ווערק ווערט דאָס לעבן געשילדערט מיט אַלע ווידערשפּרוכן און קאָמפּליצירטע סיטואַציעס, באַשיידן און דערהויבן, ראָמאַנטיש און רעאַליסטיש, מיט אַלע שווערִיקײַטן און דערפאָלגן.

דער סטאַלין־קולט האָט, עמעס, צײַטנווײַז באַגרענעצט די גרויסע מעגלעכקײַטן פון דער קינסטלערישער שאַפונג. אָבער די ליטעראַטור אינגאַנצן גענומען האָט אויך דאַן ניט אָנגעוווירן איר פאָלקישקײַט, איר הומאַניסטישן, רעוואָליוציאָנערן, סאָציִאַליסטישן כאַראַקטער. נאָך מער.

אין די ווערק פון אַזעלכע שרײַבער, ווי שאָלאָכאָוו און לעאָנאָוו, איז אין טיפן אונטערטעקסט פאַראַן אַ גאַנץ דײַטלעכע קריטיק פון יענע מידעס, וואָס זײַנען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַרן דאָגמאַטיזם אין פּעריִאָד פון סטאַלין־קולט. ווײַל וואָס איז דען אַזוינס דער טאָך פון אַזאַ געשטאַלט, ווי נאַגולנאָוו, אויב ניט קיין פאַרקערפּערונג פון גוואַלדטאַט און פאַרקריפּלונג פון דער לענינישער ליניע בענעגייע דעם פאָלק אין פּעריִאָד פון קאָלעקטיוויזאַציע? און וואָס איז דען דער אידייִשער זין פון אַזאַ געשטאַלט אין לעאָנאָווס „רוסישער וואַלד“, ווי גראַציִאַנסקי, אויב ניט קיין סאַטיריש־פילאָסאָפישע קריטיק אַפן פּערזאָנען־קולט?

צום גליק, האָט די ייִדישע ליטעראַטור ווייניק געזינדיקט מיט דאָגמאַטישער און סכעמאַטישער שאַפונג. און אויב עס זײַנען געווען „לויבגעזאַנגען דעם פירער“, איז דאָס געווען מערסטנטייל אין דער דיכטונג. די פּראָזע איז קימאַט פרײַ פון אָט דער קרענק.

פאַר דער הײַנטצײַטיקער סאָוועטישער ליטעראַטור, באַזונדערס פאַר דער פּראָזע, זײַנען כאַראַקטעריסטיש אַ ריי שטרײַט־פּראָבלעמען. די וויכטיקסטע פון זיי איז די פּראָבלעם פון אונדזער הײַנטצײַטיקן העלד. די הייסע דיסקוסיעס, וואָס קומען איצט פאָר אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור, האָבן אַנטפּלעקט צוויי ניט ריכטיקע שטאַנדפּונקטן אין אָט דער פראַגע. דער העלד פון אונדזער צײַט — דאָס איז אַ פולקומער מענטש אין אַלע הינזיכטן, וואָס קאָן ניט און טאָר ניט האָבן קיין כעסרוינעס, וואָס קאָן ניט מאַכן קיין שום פעלערן. דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט, וואָס איז, אייגנטלעך, אַ פאָרורטייל, אַ רעשט פון די פאַרגאַנגענע יאָרן, האָט געפונען אַן אָפּשפּיגלונג אין די ווערק פון באַבאַיעווסקין און אַנד. אַ ראַדיקאַל קעגנזעצלעכן שטאַנדפּונקט פאַרנעמען אַזעלכע שרײַבער, ווי דער קרעפטיקער מײַסטער פון קינסטלערישער פּראָזע סאָלזשעניצין („איין טאָג פון איוואַן דעניסאָוויטשן“, „מאַטריאָנעס הויף“), וועלכע מיינען, אַז דעם אויבנאָן אין דער ליטעראַטור דאַרף פאַרנעמען ניט דער פאָרגעשריטענער בויער פונעם נײַעם לעבן, נאָר דער סאַמע דורכשניטלעכער אָדער אַפילע דער פאַרשטויסענער מענטש, וועלכער קאָן אַפילע זײַן אַן אָרנטלעכער האָרעפּאַשניק, נאָר ער איז אָבער נאָך ניט פייִק צו דערהייבן זיך און פאַרשטיין די היסטאָרישע באַוועגונג, די אַלוועלטלעך היסטאָרישע אופגאַבן, וואָס שטייען פאַרן פאָלק. אָדער אַ ראָמאַנטיש־דערהויבענער אַף שטאָלצן „מאָנומענטאַלער“ „אויבערמענטש“, אָדער אַ „שרײַפּעלע“, אַ קליין מענטשעלע מיט קליינע האַסאָגעס — אָט די ביידע שטאַנדפּונקטן וואַרפט אָפּ די סאָוועטישע ליטעראַטור. די סאָוועטישע ליטעראַטור שטרעבט צו שאַפן אַ לעבעדיקן שעפערישן העלד, וואָס איז פייִק צו בויען, צו קעמפן, צו פרייען זיך סײַ מיט זײַן פּערזענלעכן לעבן, סײַ מיטן לעבן פונעם גאַנצן פאָלק, פונעם לאַנד, בײַקומען שוועריקײַטן, טראָגן אַף זיך די לאַסט פונעם לעבן און געניסן פונעם לעבן; דאָס איז דער מענטש, וועלכער מאַכט אויך פעלערן, לײַדט פאַרלוסטן און גייט פאָרט פאָרויס צו דער פולער פאַרווירקלעכונג פון זײַנע היסטאָרישע אופגאַבן; דאָס איז דער באַשיידענער און העראָיִשער סאָוועטישער מענטש, דער באַלעבאָס און הערשער פון דער ערד און פון דעם קאָסמאָס.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פּראָבלעם פון הײַנטצײַטיקן העלד איז פאַרבונדן אויך די פּראָבלעם פון שילדערן די ווירקלעכקײַט. וויִאַזוי דאַרף דער קינסטלער ווײַזן

דאָס לעבן? אייניקע האַלטן זיך בא דעם כּלל, אַז די אויפגאַבע פונעם קינסטלער באַשטייט הויפּטזאַכלעך אין קריטיק: דער קינסטלער מוז, קלוימערשט, שטענדיק זיין „אָפּאָזיציאָנעל צו דער עקזיסטירנדיקער ווירקלעכקייט". דעריבער דאַרף ער קאָנצענטרירן זיין אויפמערקזאַמקייט דעריקער אַף די נעגאַטיווע דערשיינונגען. די דאָזיקע שרייבער מאָלן דאָס סאָוועטישע לעבן מיט שוואַרצע פאַרבן; זיי זעען ניט די דערגרייכונגען פונעם פאָלק. דער זעלבער סאָלזשעניצין מאָלט אין זיין דערציילונג „מאַטריאָנעס הויף" דאָס איצטיקע לעבן אין דאָרף אַזוי, אַז עס דערמאָנט אין די בילדער פונעם דאָרפישן לעבן, וועלכע עס האָט געמאָלט מיט העכער הונדערט יאָר צוריק דער שרייבער רעשעטניקאָוו אין זיין באַוווּסטער דערציילונג „פּאָדליפּאָווצי".

אַנדערע שרייבער, פאַרקערט, מאָלן אַלץ מיט ראָזעווע פאַרבן, אידיליש, גייען פאַרביי שווערוקייטן און ווידערשפּרוכן, זעען ניט קיין קאָנפליקטן, קיין שום צוזאַמענשטויסן.

די סאָוועטישע ליטעראַטור וואַרפט אָפּ סיי דעם מעטאָד פון דורכויסיקער קריטיק, סיי דעם מעטאָד פון דורכויסיקער אַפּאָלאָגעטיק. די קריטיק אַלס מיטל פון דעמאַסקירן די סאָציאַלע אומרעכטן איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פּראָגרעסיווער ליטעראַטור און קונסט פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. אָבער אַפילו דאַן גייט די ליטעראַטור ניט פאַרביי די דערגרייכונגען פונעם פאָלק, וואָס קעמפט פאַר א ניי לעבן. די ליטעראַטור דאַרף דערציִען און מאָביליזירן דעם סאָוועטישן מענטשן אַף גרויסע אויפטוען, און דאָס קאָן מען דערגרייכן דורך עמעסדיקער שילדערונג פון די טאָגטעגלעכע דערגרייכונגען און דורך אויפדעקן די נעגאַטיווע דערשיינונגען פונעם לעבן, די פאָרורטיילן און איבערבלייבענישן פון פריערדיקער אידעאָלאָגיע אין באַוווּסטזיין פונעם מענטשן, דעם ביוראָקראַטיזם, אינדיווידואַליזם, נאַציאָנאַליזם, גניייווע, כאַבאַר אאַ.

די אַמאָליקע יידישע פּראָזע, אַפילו פון די קלאַסיקער, איז אין היסטאָרישן און אידייישן אינהאַלט געווען באַגרענעצט מיטן טכום-האַמוישעוו, ווי דאָס גאַנצע יידישע לעבן.

גאָר אַן אַנדער אינהאַלט איז פאַרקערפּערט אין אונדזער היינטיקער פּראָזע. ניט דאָס שטעטל און די געטאָ, נאָר דאָס גאַנצע לאַנד, די גאָרע וועלט זיינען אירע אַרענעס און פּלאַצדאַרמען. דעריבער איז זי אַף דורך און דורך דורכגעדרונגען מיט דראַמאַטישע קאָליזיעס און צוזאַמענשטויסן. עס פילן זיך אין איר סאָציאַלע שלאַכטן פאַר א נייער וועלט. נעמט, לעמאָשל, אַזאַ פּראָזאַיקער, ווי פאַליקמאַן. אונדזער פּראָזע האָט שוין לאַנג ניט געהאַט אַזאַ געשפּאַנטע דראַמאַטישע סוזשעטיק. אין יעקבֿ פאַליקמאַנס ווערק גייען פאַר אונדז דורך האַסטיקע געשעענישן, עפּיזאָדן, עס וויקלען זיך פאַנאַנדער געשיכטלעכע פּראָצעסן.

באַנאַנד דערמיט זיינען פאַראַן באַשטימטע מאַנגלען, וואָס אויב מע זאָל ניט ווענדן אַף זיי די אויפמערקזאַמקייט, קאָנען זיי אַראָפּזעצן דעם ווערט אַפילו פון געלונגענע ווערק. און מיר וועלן דאָ ריידן ווייטער דאַפקע וועגן אונדזערע שעפערישע אַקטיווע פּראָזאַיקער, וועגן קינסטלעריש געלונגענע ווערק, וואָס ליידן פון אָט די מאַנגלען, זאָל זיין אַפילו אין א קלענער מאָס.

אין אייניקע פּראָזע-ווערק טרעפן מיר זיך מיט באַשטימטע טענדענצן און שטרעבונגען צו פאַרטעמפּן שאַרפע ווינקלען, אויסמיידן האַרבע קאָנפליקטן, אָפּשוואַכן דראַמאַטישע אָנגעשטרענגטקייט און אומבאַדינגט דערשלאָגן זיך א „האַפּי ענד" — „א גוטן סאָף". לייענענדיק די דאָזיקע ווערק, זיינען מיר זיכער, אַז די פּאַרשוינען וועלן אַרויס בעשאָלעם פון אַלע שווערע ניסוינעס. זיי וועלן אומבאַדינגט צוקומען צו א רויקן ברעג און וועלן פונעם באַרעמהערציקן מעכאַבער קריגן דאָס ביסל גליק, וואָס עס קומט זיי לויטן פאַרשטאַנד פון זייער באַשעפער.

טעוויע געגנס דערציילונג „אין דער היימשטאָט" האָבן מיר אַלע באַגריסט, ווי א דערגרייכונג פונעם אַווטאָר. עס פילט זיך אין דעם ווערק דער טעם פונעם סאָוועטישן לעבן, די צאַפּלדיקע ווירקלעכקייט, די סוויווע פון א גרויסן מעטאַלורגישן זאַוואָד. דאָס לעבן איז געמאָלט קאָנקרעט, אין א באַשטימטער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו, דראַמאַטיש און אַפילו טראַגיש פאַרשאַרפט. אונדזער לייענער געדענקט אַוודע דעם העלד, דעם סאָוועטישן אינזשעניר. ער זוכט זיין פאַמיליע, זיין פרוי און טאָכטער, וועלכע די פאַשיסטן האָבן אומגעבראַכט בייס דער מילכאָמע. די טראַגישע געשעענישן האָבן אָבער ניט געשאַפן קיין שטימונגען פון ייִעש און פּעסימיזם. דער אינזשעניר האָט וואָס ווייטער, אַלץ מער זיך אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט אַפן זאַוואָד און אין אונדזער גרויסן לעבן ביכלאַל.

נאָר דער אַווטאָר האָט אָפּגעהאַלטן, אַז דער לייענער דערוואַרט א פריילעכן סאָף, אויב ניט — וועט דאָס ווערק כאָלילע אָפּקלינגען פּעסימיסטיש. און וואָס הייסט א גוטער, א פריילעכער סאָף? פאַרשטייט זיך, א ליבע.

טעוויע געגן שרייבט אָן דעם צווייטן טייל פון דער דערציילונג און דערפירט די האַנדלונג קימאַט ביז א כאַסענע. דער העלד פון דער דערציילונג, וועלכן מיר האָבן שוין ליב באַקומען אין דעם ערשטן טייל פון דעם ווערק, זיצט שוין מיט זיין געליבטער באַם יאַם, און „עס איז געווען א וואַרעמער שטילער אָוונט, ווי עס גיט זיך זעלטן אויס אין טיפן האַרבסט, אונטער אונדזערע פיס איז געלעגן א באַרג אַראָפּגעפאַלענע בלעטער, נאָר מיר האָט זיך א ווייַלע עפּעס געדוכט, אַז די נאַקעטע ביימער טוען זיך ווידער אָן אין גרינס". א לירישער אַקצענט איז דאָ פאַראַן, אָבער דער אַווטאָר בינדט ניט אויף דעם סוזשעטישן קנופּ אַף דער פריִערדיקער דראַמאַטישער הייך. ער האַקט איבער אומדערוואַרט אידיליש די אינערלעכע טיפערע אַנטוויקלונג-לאָגיק פון דער קאָמפּליצירטער קאָליזיע.

אַלעקסאַנדער גובניצקי איז אָן סאָפעק אַן אייגנאַרטיקער פּראָזאַיקער. אין דער זעלבער צייט רופט זיין שאַפונג אַרויס מיינונגס-פאַרשיידנהייטן. גובניצקי מעג זיין צופרידן, ווייל מיינונגס-פאַרשיידנהייטן איז דער גוירל פון שרייבער, וואָס ברענגען עפּעס אייגנס אין דער ליטעראַטור. די מעראַהייט פון זיינע פאַרצייכענונגען זיינען פון אַלעמען אָנערקענט. געוויסע בעלוקע-דייעס רופט אַרויס זיין אַווטאָביאָגראַפישע דערציילונג „מיין ייכעס". דאָס איז א דערציילונג וועגן שטעטל ערעוו דער רעוואָלוציע און בייסן בירגערקריג.

מאָלן היינט דאָס אַמאָליקע שטעטל איז קאָמפּליצירט, ווייל די יידישע ליטעראַטור האָט דאָ א קלאַסאַלע דערפאַרונג. אָבער גובניצקי איז ניט קיין עפּיגאָן. ער מאָלט דאָס שטעטל מיט אַן אַנדער קוק, מיט א היינטיקן קוק אַף דער פאַרגאַנגענהייט. ער איז א געזונטער רעאַליסט

אין דער שפראַך, אין דער שילדערונג פון דעטאַלן; ער איז, פאַרשטייט זיך, פאָלקסטימלעך, מיט פלעביייִשע גענג און „שטיקלעך" אין לאָשן. אויסער דעם, איז זײַן רעאַליזם באַפּעסטיקט מיט פאַקטישקייט, מיט אווטאָביאָגראַפישער לירישקייט און וואָרהאַפטיקייט. און טאַקע אין דעם באַשטייט אויך די צווייטע זײַט פון דער מעדאַל. גובניצקיס רעאַליזם איז נאָך דערווײַל א נאַיִווער. ער איז טאַקע אײַנפאַלעריש, פריש, אפילע נאַוואַטאָריש; אָבער עס פעלט אים קראַפט פון פאַראַלגעמיינערונג, א העכערע היסטאָרישע און ליטעראַרישע קולטור, קעדיי קינסטלעריש צו שילדערן די פאַרגאַנגענהײַט. ווען גובניצקי זאָל האָבן א היסטאָרישן פאַראַלגעמיינערנדיקן קוק, וואָלט ער פאַרשטאַנען, אז אָן דראַמאַטיזם קאָן מען נים שילדערן דאָס שטעטל אין צײַט פון בירגערקריג. דאָס שטעטל בײַסן בירגערקריג איז א דראַמאַטישע און אפילע א טראַגישע טעמע. אין גובניצקיס שילדערונג פונעם שטעטל זײַנען פאַראַן בלויז אויסערלעכע אקסעסוארן, צעדרויבלטע דעטאַלן פון קלאַסנקאַמף, נאַציאָנאַלן קאַמף, פּאָגראָמען. אָבער דעם בירגערקריג גופע זעט מען נים. גובניצקיס שטעטל, געמיינט איז דאָ מאָנאַסטירישטשע, איז אין דעם פּעריאָד, וואָס ווערט געשילדערט, געווען אָן אַרענע פון טראַגישע קאַטאַסטראָפעס (אין משך פון דרײַ מעסלעס האָבן, ווי אונדז איז באַוווּסט, די ווײַסגוואַרדייִשע באַנדעס אויסגעקוילעט בא נײַן הונדערט מענטשן, קימאַט א העלפט פון דער באַפעלקערונג). אין גובניצקיס דערציילונג איז וועגן דעם געזאָגט, בלויז געזאָגט. דאָס איז אָבער נים באַוויזן. היסטאָרישע געשעענישן זײַנען צערונען געוואָרן אין די דעטאַלן. בא דעם אַלעמען בלײַבט אלעקסאַנדער גובניצקי פאָרט א שטאַרקער פאָלקס־טאַלאַנט.

יעכיִעל שרײַבמאַן איז איינער פון אונדזערע שעפערישע אַקטיווע פּראָזאַיִקער. זײַן זשאַנער פאַר די לעצטע יאָרן איז די מיניִאַטורישע נאָוועלע. שרײַבמאַנס גרונט־אידיי איז דאָס גוטע, דאָס פּאָזיטיווע אין סאָוועטישן לעבן, דאָס ליכטיקע געשטאַלט פונעם סאָוועטישן מענטשן. אַלץ פרייט אים: די שפּיל פונעם קינד („פליגל", „יונגע גראָז"); די זאָרג פון יונגע מיידלעך וועגן מענטשן („שוועסטער"). דער מענטש איז דער באַלעבאָס פון דער וועלט, דער שעפער פון אַלע רײַכטימער — אין דעם באַשטייט שרײַבמאַנס אָפּטימיזם. אומעטום און אין אַלץ זעט ער עפּעס באַדײַטנדיקס אין אונדזער לעבן. צוליב דעם דאַרף ער זיך נים יאָגן נאָך אויסערגעוויינלעכס, נאָך עקזאָטיק. פאַרקערט: ער געפינט פרייד און הערלעכ־קײַט אין דעם געוויינלעכן, טאָגטעגלעכן — אין געבוירן פון מענטשן, אין דער בויונג פון א שטוב.

די מיניִאַטור גיט נים קיין מעגלעכקײַט צו שילדערן ברייטע בילדער, קאָמפּליצירטע כאַראַקטערס פון מענטשן. שרײַבמאַן מאָלט פּראָטים און דעטאַלן. זיי זײַנען בא אים דער יעסאָד פון דער פאַראַלגעמיינערונג. ער איז אָבער נים שטענדיק גענוג אַפאָריסטיש און טרעפלעך נים נאָר אין דער סטיליסטיק, נאָר אויך אין דער פּאָעטיק. אַמאָל פאַרהאַלט ער זיך אין טעמפּ, ווערט באַשרײַבעריש, פאַרלירט די געשפּאַנטקײַט. אויסער דעם זײַנען אייניקע נאָוועלן, ווי מיר דאַכט, נים גענוג דראַמאַטיש, אַנטפּלעקן נים קיין טיפע איבערלעבונגען, זײַנען נים אין דער פולער מאָס פּאָעטיש. ערטערווײַז הייבן אָן די שילדערונג און די שפּראַך, די פאַרבן און ניואַנסן דראָענדיק צו דערמאָנען עפּעס אזוינס, וואָס איז ענלעך אַף ראָזעוון קאָליר, אַף אידילישער צייכענונג (אַשטייגער, אין דער נאָוועלע „באַלעבאַטים פון דער שטאָט"). וועגן דעם לוינט א טראַכט טאָן.

* * *

דערמיט זײַנען ווײַט נים אויסגעשעפּט די פראַגן וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער הײַנטצײַטיקער סאָוועטישער ייִדישער פּראָזע. א ריי וויכטיקע פּראָבלעמען, לעמאָשל די שפּראַך, די טראַדיציעס, פאָדערן ספּעציעלע אָפּהאַנדלונגען. דאָ איז געמאַכט געוואָרן בלויז א פּרווו אָנצומערקן אייניקע שטריכן פון דער פּראָזע אין איצטיקן מאָמענט.

די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור שטייט איצט פאַר נײַע אויפגאַבן. מע קאָן זײַן זיכער, אז די פּראָזע, וואָס אַנטוויקלט זיך אזוי דערפאָלגרײַך, וועט אויך ווײַטער, צוזאַמען מיט אַלע קינסטלערישע זשאַנרען, קומען צו נאָך גרעסערע דערפאָלגן.

# כראָניק

אינעם בירָאבידזשאַנער קולטור־פּאַלאַץ איז דעם 25 נאָיאַבער פאָרגעקומען א ליטעראַרישער אָוונט, וועלכן עס האָבן אָרגאַניזירט דער שטאָטקאָם קפּסס, די רעדאַקציע פון דער צײַטונג „בירָאבידזשאַנער שטערן" און די געגנטלעכע ליטעראַרישע פאַרייניקונג.

מיט א מיטיילונג וועגן דער אַרבעט פון די רעדאַקציעס פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" און פון דער צײַטונג „בירָאבידזשאַנער שטערן" איז אַרויסגעטראָטן דער פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר פון דער געגנטלעכער צײַטונג, מיטגליד פון רעדקאָלעגיע פון זשורנאַל בוזי מילער.

אַפן אָוונט זײַנען אויך אַרויסגעטראָטן די בירָאבידזשאַנער ייִדישע דיכטער און פּראָזאַיִקער ס. באָרזשעס, אי. בראָנפמאַן, ל. וואַסערמאַן, ה. ראַבינקאָוו, מ. ריִאַנט און די אָרטיקע לייענער.

□

קיין ייִסראָעל איז געקומען אַף גאַסטראָלן דער אַנסאַמבל פון טאַנץ און געזאַנג פון דער אַרמענישער ססר אין באַשטאַנד פון 47 זינגער און טענצער. אין משך פון א כויִדעש וועט דער אַנסאַמבל אַרויסטרעטן אין א ריי שטעט פון לאַנד.

□

דעם 2 יאַנוואַר 1965 איז געוואָרן 60 יאָר דעם פּעדאַגאָג און טעאַטער־טוער אוורום רובינשטיין. פון 1922 האָט רובינשטיין געאַרבעט אַלס אַקטיאָר, רעזשיסער אין פאַרשיידענע טעאַטערן. רובינשטיין האָט אינסצענירט שאָלעם־אַליכעמס „סטעמפּעניו", „בלאָנדזנדע שטערן", „טעוויע דער מילכיקער" און ט. ג. שעווטשענקאָס „נײַמיטשקא". א. רובינשטיין האָט אויך געדרוקט א ריי אַרטיקלען און רעצענזיעס וועגן טעאַטראַלע און ליטעראַרישע פראַגן.

איצט אַרבעט אוורום רובינשטיין אין מאָסקווער אוניווערסיטעט אַף לאָמאָנאָסאָווס נאָמען אַפן פאַקולטעט פון מיזרעך־שפּראַכן אַלס לערער פון העברעיִש. צוזאַמען מיטן פאַרשטאָרבענעם געלערנטן פ. ל. שאַפּיראָ און פּראָפעסאָר ב. מ. גראַנדע האָט רובינשטיין געאַרבעט איבערן איוריט־רוסישן ווערטערבוך, וועלכער איז דערשינען אין 1963 יאָר.

צאַלעל בליץ

# דער קאָמאַנדיר אַרן קושניראָוו


ין א סיבירער שיסער־פּאָלק האָט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע געבוירן א ייִדישן פּאָעט. געווען איז עס אַרן קושניראָוו — איינער פון יענע געראָטענע און געטריַיע זין, וואָס די פּרוכפּערדיקע רעוואָליוציע האָט געשאָנקען דער ייִדישער ליטעראַטור.

מיט דער רויטאַרמייִשער ביקס פאַרוואָרפן אויף זײַן יוגנט, מיט דער איבערגעקערטער צאַרישער וועלט אונטער זײַנע פיס, האָט דער יונגער קושניראָוו גענומען זינגען אויף זײַן קיִעווער ייִדיש, זינגען לעקאָוועד דער אויסטערליש־ניַיער צײַט. זײַן ערשט געזאַנג איז געווען ענלעך אויף דעם מאיאַקאָווסקי־געדונער. אין נאָמען פון אַלע שטומע ווענט האָט ער געפאָדערט:

„גיט אונדז א מויל!..
באַקלעפּט און באַהענגט אונדז
מיט מענגעס פלאַקאַטן,
אַפישן און בלעטער...
מיט זיי,
ווי מיט ריזיקע גאָרגלען,
וועלן מיר שרײַען:
מיר הערן —
פעסטע, שווערע, זיגערישע טריט!..“

דעם געזאַנג זײַנעם איז ענג געוואָרן צווישן ווענט. ער האָט געוואָלט א פלייץ טאָן מיט זײַן וואָרט איבער פלעצער און א כוואַליע טאָן זיך ביזן הימל־ראַנד, אַזוי ווי מאיאַקאָווסקי, פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט „150 מיליאָן“:

„העכער און ברייטער
צעשפּרייט מיך אויף מיטן פון פלעצער!
איבער שלונגען פון שלענגישע גאַסן
שטעלט אויף מײַן בעלעמער...
מײַן זוים וועט זײַן — הימל!..
מײַן רוים —
דער פילטויזנטער בליק פון האַמוין!..“

דער עמאָציאָנעלער אויפברויז קושניראָוווס האָט גענומען ביסלעכווײַז פאַרלירן זײַן גערודערישקײַט. די גרויסע צײַט איז אויסגעוואַקסן אַנטקעגן אים, ווי א באַרג, און ער האָט אָנגעהויבן באַנעמען, אַז ער איז איינס פון די טיילעכלעך פונעם ריזיקן אַרומיקן אַלץ־מיטאַנאַנדער. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אין היסטאָרישן איבערבוי־פּראָצעס איז א זכיִע נוצלעך צו זײַן ביז מעסירעס־נעפעש. מיט זײַן גאַנצער יונגיאָריקײַט איז ער גרייט געווען אויף דעם אין יעדן מאָמענט, אויף אַזוי ווײַט, אַז ער האָט געקאָנט זאָגן:

„צעמאָלט מיך, צעמאָלט ווי א קערנדל,
מילשטיינער פון אַלע צײַטן,
אויב דורך דעם וועט ווערן נאָר
דער מאָרגנשטערן ווי אַן עפּל צײַטיק...“

נאָכדעם, ווי קושניראָוו האָט זיך אויסגעשריִען צווישן 1917 און 1920, איז זײַן געשריי צוריק געוואָרן געזאַנג. געזאַנג פון קאָנסטרוקטיוון, סאָציאַליסטישן אויפשטײַג, געזאַנג פון פריידיקער מי, געזאַנג פון בסורע־טראָגנדיקן דורכבראָך און אויך געזאַנג פון אויפשטעלן א שפּאָגלניַיע ייִדישע ליטעראַטור.

כעוורע פון פראָנט און ייִנגלעך פון קאָמיוג האָבן אַראָפּגענומען פון זייערע אַקסלען די רויטאַרמייִשע ביקסן און האָבן גלײַך אונטערגעשטעלט די זעלבע באָכערישע פּלייצעס אונטער די רישטאָוואַניעס פון דער ניַיער בויונג. קויעך האָט מען גענומען בא דער רעוואָליוציע, וויזיע — באַם סאָציאַליזם, פאַרמעסט — בא די יונגע יאָרן, טאַלאַנט — אין די אייגענע הערצער, און אויסדרוק — אין פולווערדיק־צעוואַרעמטן ייִדיש. דערפאַר האָט קושניראָוו געקאָנט זאָגן:

„ווער וואָלט געגלייבט, אַז מיר, די ייִנגלעך יענע —
די יונגע צווײַגעלעך פון פּראָסטן שטאַם,
אַז מירן ניט נאָר וואַגן, נאָר אויך קענען
א וואָרט א נײַס זיך אויסקאָווען אין פלאַם“.

קושניראָוו האָט דער ערשטער אויפגעהאַנגען א שטאָלענעם אַנקער אויף זײַן רעוואָליוציאָנערן, צעפליגלטן אימאַזשיניזם. זײַן וואָרט איז פון הויכקײַט געגאַנגען צו טיפקײַט און איז מיט אַן אַלץ מער ניכטערן, ריטמישערן, רויִקערן און שטרענגערן טראָט נאָכגעגאַנגען נאָכן לעבן.

קושניראָוו איז איינער פון די אויסגעשפּראָכן סאָוועטישע, טיף־אינערלעכע ייִדישע שרײַבער, ער איז געווען א מוסטער פון איבערגעגעבנקײַט און גאַנצקײַט. ער האָט ליב געהאַט די גאָרע וועלט, נאָר ער האָט געוווּסט, אַז עס פעלט איר עפּעס, גאָר א גרויסער עפּעס, און דערפאַר האָט ער זי געגעבן א קוק צו טאָן אויף זײַן סאָוועטישערווירקלעכקײַט:

„אַלע אויסדערוויילטע, אַלע בעסטע,
גרויסע גאָרע וועלט פון ראַנד ביז ראַנד,
קום אַרויס פאַרגלײַכן זיך, פאַרמעסטן
מיטן רוים און גרויסקײַט פון מײַן לאַנד!“

קושניראָוווס ליד איז דער פּאָעטישער אַקאָמפּאַנעמענט צום מוזיקאַלישן לעבנס־גאַנג פון זײַן היימלאַנד. ער דאַרף ניט זוכן די טעמאַטיק; די טעמאַטיק אַליין יאָגט זיך נאָך נאָך אים און וויקלט אים אין פּאָעטישע אינספּיראַציעס. עס עקזיסטירט א נאַטירלעך־אײַנגעשטעלטע האַרמאָניע, א געמיטלעך צוזאַמענלעבן צווישן פּאָעט און זײַן

---

צום 75־טן געבורטסטאָג פונעם גרויסן ייִדישן סאָוועטישן דיכטער אַרן קושניראָוו האָט פון דער ווײַטער אַרגענטינע אונדז צוגעשיקט אַן עסיי דער שרײַבער און געזעלשאַפטלעכער טוער צאַלעל בליץ.

דעם ליכטיקן געשטאַלט פון אַרן קושניראָוו איז אין פאַריקן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד“ געווען געווידמעט די דאָקומענטאַלע דערציילונג „דער וועג אַהיים“.



היים. דערפאר זײַנען ניטאָ בא אים קיין פּאַטעטישע פאַר־ביטערטקײַטן און קיין פּאַטעטישע כאַלוימעס. פאַראַן פּאַ־שעטע פּאַעטישע וואָר. די וואָר איז סײַווי פּאַעטיש, און דעם דיכטערס וואָרט דאַרף קומען אײַנזאַמלען די דאָ־זיקע פּאָעטישקײַט.

די איינציקע זאָרג איז: טאָמער, טאָמער? טאָמער גיט זיך א וואָרף אף דער דאָזיקער פּאָעטישער וואָר דער קריגעריש־עפּילעפּטישער פאַרפּינצטערטער סוינע פון יע־נער זײַט? אָבער די דאָזיקע זאָרג האָט גאָרניט צו טאָן מיט מוירע. דער דיכטער איז גרייט אופצוּוועקן זײַן שלאַכט־אימפּעט פון 1920 און אַנטקעגנשטעלן דעם סוינע סײַ דעם פויסט און סײַ דאָס געזאַנג:

„איצטער נײַע שפּורן איבער נײַע וועגן,
רו און מי האָט אונדזער ליד פאַרשפּעט,
נאָר מיר בלײַבן גרייט זיך וואַרפן אין געשלעגן
סײַ מיט פויסטן, סײַ מיט זינגענדיקע קעפּ“.

אין אָנגעזעטיקטער מיט דער אייגענער, אייגנלאַנדיקער און אייגנאַרטיקער ווירקלעכקײַט, האָט קושניראָוו אויך געזוכט שיינקײַט און העראָישקײַט אין דער פאַרגאַנ־גענהײַט.

א לעבן, ווי א פּאָעמע, האָט געלויכטן מיט ניט־פאַר־גייענדיקער שטראַליקײַט אין דער סאָציאַליסטישער גע־שיכטע פון אָנהייב יאָרהונדערט. אין א דראַמאַטישער פּאָעמע „הירש לעקערט“ האָט קושניראָוו דיכטעריש מעכײַע־מייסים געווען דעם רעוואָליוציאָנערן אַרבעטער, און דער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער פון מינסק האָט פאַר־געשטעלט פאַרן סאָוועטישן מענטשן די קושניראָוויש־אויסגעדיכטעטע פיגור פונעם מאַרטירער.

קושניראָוו האָט אף א ווירטואָזישן אופן איבערגע־דיכטעט לאָפּע דע וועגאַס „שעפּסן־קוואַל“, אַרײַנלעבנדיק זיך אינגאַנצן אין דאָזיקן אַלט־שפּאַנישן דראַמאַטישן עפּאָס פון איבער דרײַ הונדערט יאָר צוריק. דאָס גע־שטאַלט פון דער העראָישער לאַורענסיע איז אזוי טיף געבליבן שטעקן אין זײַן געמיט, אז שפּעטער, אין 1937, ווען די פאַלאַנגיסטיש־פאַשיסטישע פוריע האָט זיך א בראַך געטאָן בא די בלוט־פאַרלאָפענע ראַנדן פון מאַד־ריד, האָט קושניראָוו אויסגערופן:

„אָ, לאַורענסיע פון שעפּסן־קוואַל!
צי ניט דײַן קאָל הײַנט הערט מען ווידער, ווידער
אין גרויסן צאָרנדיקן רוף, וואָס שאַלט
אף גאַסן אופגערודערטע מאַדרידער?
צי ניט דײַן פלאַטערדיקע רויטע שאַל
איז הײַנט א פאָן אף גאַסן אף מאַדרידער?“

ער האָט אויך אָנגעשריבן א ריי אַנדערע דראַמאַטישע פּאָעמעס און איבערגעזעצט מיט אָריגינעלער שפּילעוודי־קײַט פּושקינען, גאָרקין און אויסצוגן פון רוסישן פאָלקס־עפּאָס. פון זײַנע פּראָזאַישע פּרוּוון טיילט זיך אויס די דערציילונג „קינדער פון איין פאָלק“, וווּ דער איינפאַכער סוזשעט ווערט דערהויבן דורך דער קראַפט פון קינסט־לערישער פאַראַלגעמיינערונג.

קושניראָווס גרויסער דראַנג צו רעאַליזם האָט געצויגן דעם פּאָעטישן קויעך זײַנעם צו פּראָזע, אָבער זײַן דיכ־טערישער גײַסט האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן. פון דעם איז אַרויסגעקומען די „פּשאַרעדיקע“ פאָרם, די דראַמאַטישע פּאָעמע, וועלכער קושניראָוו האָט אָפּגעגעבן א סאַך פון זײַנע שעפערישע אָנשטרענגונגען.

דער גרויליקער 22 יוני 1941 האָט קושניראָוון ייִנגער געמאַכט אף צוואַנציק יאָר. דער פופציקיאָריקער פּאָעט האָט זיך צוריק דערזען אפן שוועל פון יאָר 1920. מיט איין יוגנטלעכן שפּרונג איז ער דערשינען אפן פראָנט, קעדיי מעקײַעם זײַן דעם געבאָט פון זײַן אייגענעם פערז:

„אף די מאַרשן — העל צעברויזט,
אף ביוואַקעס — אויבנאָן,
און אין שלאַכט זי רופט פאַרויס,
אונדזער היימלאַנדס רויטע פאָן“.

אין שפּיץ פון אכצניאָריקע באַכערימלעך האָט זיך דער פופציקיאָריקער קאָמאַנדיר קושניראָוו געוואָרפן אין שלאַכט, און אז ער איז אַרויס בעשאָלעם פון אַלע געפעכטן, האָט אים דאָס פאָטערלאַנד אָנגעטאָן אפן ברוסט פינף מעדאַלן, צווישן זיי א מעדאַל „פאַר שלאַכט־פאַר־דינסטן“ און א מעדאַל „פאַר באַשיצן מאָסקווע“.

א פראָנט־כאַווער זײַנער באַשרײַבט אזוי קושניראָוון אין מיליטער:

„מ'האָט געדאַרפט זען, וויאַזוי דער דיכטער אַרן קוש־ניראָוו האָט געלערנט זײַן וווזאָד מאַרשירן. די שטײַפ־קײַט און פּינקטלעכקײַט פונעם דיכטערס שורע און ריטם האָבן זיך איבערגעגעבן אין סאָלדאַטישן שפּאַן. דער סאָלדאַט אין דער שורע און די שורע אינעם סאָל־דאַט — אזוי קאָן מען כאַראַקטעריזירן דעם דיכטער און שלאַכטמאַן“.

אָנשטאָט שורעס פּאָעזיע האָט קושניראָוו דעמלט אַרײַנ־געפּאַסט אין קריגס־ריטמיק און געגראַמט שורעס סאָ־וועטישע קאַמפער... אויך אין דער דאָזיקער לעבעדיקער־קריגס־פּאָעזיע האָט ער געזיגט, אָבער די שווערע קראַנ־קײַט האָט אים שוין געקרישלט פון אינווייניק און האָט אים מיט פיר יאָר נאָכן זיג צוגענומען אין דער זעלבער־מאָסקווע, וואָס ער האָט אין יאָר 1941 פאַרשטעלט מיט זײַן דיכטעריש און קריגעריש האַרץ.

אין דער קעמפערישער שורע פון די סאָוועטישע שרײַ־בער וועט זיך שטענדיק אויסטיילן די פיגור פון פּאָע־טישן און מיליטערישן אָרדענטרעגער: קאָמאַנדיר אַרון קושניראָוו.

## בעסאַ זשגענטי

# הערצל באַזאָוו

י ליטעראַרישע געזעלשאַפטלעכקייט פון גרוזיע האָט פייערלעך אָפגעמערקט דעם 60־טן געבורטסטאָג פונעם באַוווסטן דראַמאַטורג און פּראָזאַיִקער הערצל באַזאָוו. אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן האָט באַזאָוו פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט אין דער גרוזינישער ליטעראַטור און טעאַטראַלער קונסט. ה. באַזאָווס פּיעסן זײַנען מיט גרויס דערפאָלג געגאַנגען אין די גרוזינישע טעאַטערן, באַזונדערס אינעם טעאַטער אַף ק. מאַרדזשאַנישווילים נאָמען. זײַנע בעלעטריסטישע ווערק, וועלכע האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט א באַדײַטנדיקע דערגרייכונג פון דער גרוזינישער קינסטלערישער ליטעראַטור, זײַנען קימאַט אין איין צײַט געדרוקט געוואָרן אין גרוזיניש און אין רוסיש. זיי זײַנען געווען שטאַרק פּאָפּולער.

ה. באַזאָוו מאָלט אין זײַנע ווערק דעריקער דאָס לעבן פון די גרוזינער ייִדן. געבוירן און אויפגעהאָדעוועט זיך אין א פאַמיליע פון א גרוזינער ייִד, טיף און אַלזײַטיק באַקאַנט מיט דעם דאָזיקן לעבן, האָט ער געשאַפן אַף אָט דער טעמע א גאַנצע ריי הויכקינסטלערישע, קאָלאָריטפולע, וואָרהאַפטיקע ווערק און דערמיט באַרײַכערט די גרוזינישע ליטעראַטור.

אַף דער ערד פון גרוזיע וווינט פון גאָר אַלטע צײַטן אַן א היפשע ייִדישע באַפעלקערונג. צווישן די ייִדן און גרוזינער האָט שטענדיק געהערשט אַן אַטמאָספער פון פרײַנטשאַפט און ענגער מיטאַרבעט. ה. באַזאָווס פאַרדינסט באַשטייט אין א גרויסער מאָס דערין, וואָס ער מאָלט דאָס לעבן פון די ייִדן אין גרוזיע אַלס אָרגאַנישן טייל פונעם לעבן פונעם גאַנצן גרוזינישן פאָלק. אַפן סמאַך פון זייער א רײַכן לעבנס־מאַטעריאַל שילדערט ער די שאַרפע סאָציִאַלע פּראָבלעמען, וועלכע זײַנען אַקטועל ניט בלויז פאַר די ייִדן אין גרוזיע, נאָר אויך פאַר אַלע סאָציִאַליסטישע נאַציעס אין באַשטימטע עטאַפּן פון זייער געשיכטע.

ה. באַזאָווס דראַמאַטורגישע און פּראָזאַיִשע ווערק זײַנען שטענדיק געווען אַקטועל און טיף אידייִש. ער האָט געמאָלט זײַנע העלדן אין א סיטואַציע פון שאַרפע קלאַסן־ווידערשפּרוכן און סאָציִאַלע קאָנפליקטן. און טאַקע אָט די געשפּאַנטקייט פון אידייִשן אינהאַלט און סוזשעט דערהייבט באַזאָווס ווערק צו א גרויסער קינסטלערישער הייך: זײַנע גרעסערע און קלענערע דערציילונגען, די לידער און פּיעסן לייענען זיך מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם, זייער האַנדלונג איז שטענדיק דינאַמיש, די כאַראַקטעריסטיק פון די פּערסאָנאַזשן איז קינסטלעריש בוילעט און אויסדרוקפול. דער שרײַבער דרינגט אַרײַן טיף אין דער גײַסטיקער וועלט פון זײַנע העלדן, ער מאָלט די איידלסטע ניואַנסן פון זייערע איבערלעבונגען, די פאַרבאָרגנסטע באַוועגונג פון זייערע געדאַנקען און געפילן. אַן אויסגעצייכנטער קענער פון דער פאָלקסשפּראַך, פון איר רײַכער לעקסיק און אידיִאָמאַטיק, ניצט באַזאָוו דאָס אַלץ מײַסטערהאַפט אויס אין זײַנע דערציילונגען און פּיעסן. די שפּראַך פון זײַנע ווערק איז זייער בילדעריש און פּאָעטיש.

די ליטעראַרישע פייִקייטן פון הערצל באַזאָוו האָבן זיך אַנטפּלעקט זייער פרי. צו 19 יאָר (אין 1923) האָט ער איבערגעזעצט אין גרוזיניש „שיר־השירים". די איבערזעצונג האָט אים געשאַפן א רעפּוטאַציע פון א טאַלאַנטפולן וואָרט־מײַסטער, אויסגעצייכנטן קענער פון גרוזיניש. כוץ דעם האָבן אין פאַרשיידענע פּרעסע־אָרגאַנען זיך געדרוקט זײַנע לידער, דערציילונגען און אַרטיקלען. א גוטן אײַנדרוק האָט געמאַכט אויך זײַן פּיעסע „דיליאַמאַר", וואָס קריטיקירט שאַרף די פּאַטריִאַרכאַלע און בורזשואַזע איבערבלײַבענישן אין באַוווסטזײַן פון געוויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג.

באַזאָווס שפּעטערישע קרעפטן זײַנען רעאַליזירט געוואָרן אין דער פולער מאָס צום סאָף צוואַנציקער — אָנהייב דרײַסיקער יאָרן, ווען עס זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן איינע נאָך די אַנדערע זײַנע צוויי גרויסע דערציילונגען „דער סאָף פון העלאַטער גאַס", „שמאַריעס לעצט וואָרט" און די פּיעסע „שטומע ריידן". דאָס זײַנען שוין געווען רײַפע קינסטלערישע ווערק, וועלכע זײַנען געשריבן געוואָרן אין דער צײַט, ווען דער סאָציִאַליזם איז אַריבער אין א פאַנאַנדערגעוויקלטן אָנגריף אין אַלע געביטן פונעם לעבן פון סאָוועטישן פאָלק. דער שרײַבער האָט געמאָלט אין זײַנע ווערק וואָרהאַפטיקע קינסטלערישע בילדער וועגן דער סאָציִאַלער דיפערענציִאַציע פון די גרוזינער ייִדן, וועגן זייער אומבעשאָלעמדיקן קאַמף קעגן די אונטערדריקער און עקספּלואַטאַטאָרן, קעגן דעם פינצטערן רעליגיעזן קלער און אַלע אַנדערע רעאַקציִאָנערע קרעפטן, וועלכע האָבן זיך מיט אַלע קויכעס קעגנגעשטעלט דעם זיגרײַכן גאַנג פונעם סאָציִאַליזם.

א באַזונדערס ברייט בילד פון דעם דאָזיקן קאַמף געפינען מיר אין הערצל באַזאָווס ראָמאַן „פּעטכאַיִן", וואָס איז פאַרטראַכט געוואָרן אַלס דאָס ערשטע בוך פון



הערצל באַזאָוו (פון לינקס) און פּערעץ מאַרקיש אין 1933 י.

א טרילאָגיע. די האַנדלונג קומט פאָר אין דער הויפּט־שטאָט פון גרוזיע טביליסי, אין די ערשטע יאָרן פון דער סאָוועטנמאַכט. אינעם ראָמאַן ווערט דערציילט, ווי די שיין רייסט דורך און צעטרייבט דעם געדיכטן כווישעך, וואָס האָט לאַנגע דויערס איינגעהילט דאָס טרויעריקע לעבן פון דער גרוזינישער יידישער אָרעמשאַפט. די גרוזינער יידן זיינען דרייסט און אַנטשיידן ארויס אַפן ברייטן שליאַך פון ארבעט און קאַמף פאַר דער בויונג פון א ניי ליכטיק סאָציאַליסטיש לעבן.

אין דער דראַמאַטורגישער ירושע פונעם שרייבער פאַרנעמט א באַזונדער אָרט זיין העראָיש־רעוואָלוציאָנערע דראַמע „איצקע ריזשינאַשווילי“. דאָס דאָזיקע ווערק דערציילט וועגן דעם מעסירעסנפעשדיקן קאַמף פון די גרוזינער יידן אף די באַריקאַדן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע און וועגן דעם פאַרשטייער פונעם ערשטן דאָר גרוזינישע באָלשעוויקעס — דעם רומפולן זון פון די גרוזינער יידן איצקע ריזשינאַשווילי, וואָס איז העלדיש אומגעקומען אין קאַמף קעגן צאַריזם.

צום באַדויערן, איז א ריי פון באַאַזאַווס ווערק, באַזונדערס דער ראָמאַן „פעטכאַין“, פאַרבליבן ניט פאַרענדיקט. אין רעכטן בלי פון זיין שעפערישן טאַלאַנט איז דער שרייבער געפאַלן א קאָרבן פונעם סטאַלין־קולט. קימאַט גאַנצע צוואַנציק יאָר איז זיין נאָמען ניט דערמאָנט געוואָרן. אזויאַרום איז דער פעריאָד פון הערצל באַאַזאַווס רייפער ליטעראַרישער טעטיקייט געווען א גאַנץ קורצער — ער האָט געדויערט סאַכאַקל זיבן—אַכט יאָר. נאָר פאַר אָט דער קורצער צייט האָט ער אָנגעשריבן צען פּיעסן, און דער גרעסטער טייל זייערער האָט פאַרנומען א בעקאָוועדיק אָרט אינעם רעפּערטואַר פון די גרוזינישע טעאַטערן פון די דרייסיקער יאָרן. די בעסטע פון די פּיעסן — די אויבנדערמאָנטע „שטומע ריידן“ און „איצקע ריזשינאַשווילי“ — זיינען געשטעלט געוואָרן אויך אין די טעאַטערן פון אייניקע ברידערלעכע רעפּובליקן. אויסער די פּיעסן און פּראָזע־ווערק האָט באַאזאַוו אָנגעשריבן אויך א גרויסע צאָל ליטעראַריש־קריטישע און פּובליציסטישע ארטיקלען וועגן די פּראָבלעמען פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור און קונסט. ער האָט אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין דער רעפּובליקאַנישער פּרעסע, באַזונדערס אין דער ליטעראַריש־קינסטלערישער פעריאָדיק.

הערצל באַאַזאַוו איז געווען ניט נאָר א טאַלאַנטפולער שרייבער און פּובליציסט. ער איז געווען אויך אן אָנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער טוער. אין משך פון עטלעכע יאָר האָט ער אַקטיוו געאַרבעט אין די גרוזינישע שרייבער־אָרגאַניזאַציעס, געווען אָנפירער פון דער דראַמאַטורגן־סעקציע באַם שרייבער־פאַרבאַנד פון גרוזיע. גרויסע פאַרדינסטן האָט באַאַזאַוו אין דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די גרוזינער יידן. ער האָט זייער פיל אָפּגעטאָן אין פּראַט פון באַפרייען זיי פונעם טיפן זומפּ פון אָבערגלויבעניש און אַלטע רעליגיעזע מינהאָגים. זיינע ווערק האָבן געהאָלפן אויספאָרמירן דעם נייעם טיפּ גרוזינער יידן — פרייע אַרבעטנדיקע מענטשן, אַקטיווע האָרעפּאַשניקעס פון דער אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט.

ה. באַאַזאַווס רייכע שעפערישע ירושע, וועלכע געהער איצט ווידער צו די ברייטע לייענער־מאַסן, פאַרנעמט א גאָר אָנגעזעענעם אָרט אינעם אוצער פון דער היינטצייטיקער גרוזינישער ליטעראַטור.

## כראָניק

די ליטעראַרישע געזעלשאַפטלעכקייט פון גרוזיע האָט ברייט אָפּגעמערקט דעם 60־טן געבורטסטאָג פון הערצל באַאַזאַוו — דעם טאַלאַנטפולן דראַמאַטורג און פּראָזאַיקער פון די גרוזינישע יידן.

אפן יובליי־אָוונט אין טביליסי, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 17 נאָיאַבער אין דער געבייַדע פונעם טעאַטער אפן נאָמען פון ק. מאַרדזשאַנישווילי, איז ארויסגעטראָטן דער קולטור־מיניסטער פון דער גרוזינישער ססר ט. באַטשידזע. א פאָרטראָג וועגן לעבן און שאַפונג פון ה. באַאַזאַוו האָט געהאַלטן דער קריטיקער ב. זשגענטי. באַוווּסטע טוער פון דער גרוזינישער קולטור האָבן זיך געטיילט מיט זייערע זיכרוינעס וועגן דעם שרייבער, וואָס איז טראַגיש אומגעקומען אין די יאָרן פון סטאַלין־קולט.

פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ האָבן אין די יובליי־פייערונגען זיך באַטייליקט דער הויפּט־רעדאַקטאָר א. ווערגעליס און דער רעדאַקטאָר פון פּראָזע־אָפּטייל מ. שולמאַן. א. ווערגעליס איז ארויסגעטראָטן מיט א וואָרט, געווידמעט באַאַזאַוון, און האָט פאָרגעלייענט עטלעכע לידער אין יידיש.

□

דעם 16 נאָיאַבער איז אין אַלפאַרבאַנדישן הויז פון קאָמפּאָזיטאָרן פאָרגעקומען אן אָוונט, געווידמעט דער מוזיקאַלער שאַפונג פון אַלעקסאַנדער וועפּריק און גריגאָרי קריין. עס זיינען אויסגעפּילט געוואָרן ראַפּסאָדיעס און סאָנאַטן פון די אַוטאָרן, צווישן זיי מוזיקאַלע ווערק אף יידישע מאָטיוון (וועפּריקס „ראַפּסאָדיע פאַר אן אַלט“, צוויי פאָלקסלידער און קריינס א קוואַרטעט פאַר פאָרטעפּיאַנע, פידל, קלאַרנעט און וויאָלאָנטשעל).

□

דריי טעג (דעם 10—13 דעקאַבער) האָט געדויערט די באַראַטונג פון די סאָוועטישע יידישע קריטיקער, וועלכע עס האָט צונויפגערופן די רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד“. כוץ מאָסקווער קריטיקער, ליטעראַטור־פאָרשער און ביבליאָגראַפן זיינען אף דער באַראַטונג געקומען צו פאָרן געסט פון לענינגראַד, קיעוו, כאַרקאָוו, טשערנאָוויץ, ריגע, קאַזאַן, יאָשקאַר־אָלא אאַ.

נאָכן אריינפיר־וואָרט פונעם הויפּט־רעדאַקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ אַרן ווערגעליס איז מיט א פאָרטראָג וועגן דעם צושטאַנד און די אויפגאַבן פון דער היינטצייטיקער יידישער סאָוועטישער קריטיק ארויסגעטראָטן דער פאַרוואַלטער פונעם קריטישן אָפּטייל פון זשורנאַל הערש רעמעניק.

אף דער באַראַטונג האָט זיך פאָנאַנדערגעוויקלט א ברייטע שעפערישע דיסקוסיע. באַ צוואַנציק קריטיקער און ביבליאָגראַפן האָבן אין זייערע ארויסטרעטונגען אויפגעהויבן וויכטיקע פּראָבלעמען פון אונדזער ליטעראַטור.

## אויזער האַלדעס

# ליטעראַרישע נאָטיצן

אין א ריי ארטיקלען (יאנקעוו שטערנבערג — „אַן אָנהייב פון א שמועס וועגן קריטיק", נ. אויסלענדער — „איך בעט א וואָרט!", הערש רעמעניק — „מיט הונדערט יאָר צוריק", אַרן ווערגעלים — „די גאָלדענע קייט פון אונדזער ליטעראַטור" אאַ.) זײַנען געשטעלט געוואָרן אייניקע פּראָבלעמען פון יערושע. מיר גיבן דאַ די ליטעראַרישע נאָטיצן פון א. האַלדעס, וועלכע זעצן פאָר די באַהאַנדלונג פון די דאָזיקע פּראָבלעמען און שטעלן נײַע פראַגן. די רעדאַקציע איז גרייט צו דרוקן אויך אַנדערע מאַטעריאַלן איבער פּראָבלעמען פון ליטעראַרישער יערושע.



פאר דער לעצטער צײַט ווערט מיט רעכט אונטערגעשטראָכן דאָס מענטשלעכע, האַמוינישע, דעמאָקראַטישע אין די מײַסעס פון באַלשעם, נאַכמען בראַסלאַווער, לייווי־יִצכאָק בערדיטשעווער. יאָ, פון הינטער דעם אויסערלעכן צודעק, פון הינטער דעם רעליגיִעזן מענטעלע, רײַסט זיך דאַ דורך די געזונטע ערדישקײַט, די פאַרדראָסן און האָפענונגען פון די געיאָגטע און געפּלאָגטע. מע טאָר אָבער ניט פאַרגעסן, אַז פונעם דאָזיקן קוואַל האָבן פאַרשיידענע שרײַבער געשעפּט אַף גאַנץ פאַרשיידענע אויפאַנים. איין זאַך זײַנען פּערעצעס בעסטע נאָוועלן פון „כסידיש", אין וועלכע עס קלינגט דער מאָטיוו פון „אויב נישט נאָך העכער..." (דער מענטש אַף דער „זינדיקער" ערד איז טײַערער און ליבער פון דעם ריבוינעשעלוילעמס הימלען), און גאָר עפּעס אַנדערש זײַנען די פאַרדווייקעוועטע שאַפּעכצן פון אונדזערע היימיש־געבאַקענע מאָדערניסטן, סימבאָליסטן און קאָלהאַמינים אַנדערע „יסטן" אין די יאָרן פון דעקאַדאַנס בא אונדז אין רוסלאַנד און ביז הײַנט צו טאָג אין אויסלאַנד. פאַר זיי איז דאָס „מענטעלע" געוואָרן דער טאָך, דער אויסגאַנג פון אַלע זוכענישן.

פון צוויי מעקוירים האָבן די דאָזיקע, מישטיינס־געזאָגט, נאָוואַטאָרס געצויגן זייער „פּאַטאָס": פון דער רוסישער און אייראָפּעיִשער אָפּגאַנג־ליטעראַטור און, ווי מאָדנע עס זאָל ניט אויסזען, פון דער האַמוינישער כסידישער מײַסע. און אָט דער צונויפשמעלץ, אין זײַן עכט קליינשטעטלדיקן לעוווש, האָט פּרעטענדירט צו זײַן א „נײַ" וואָרט... נאָך מער, ער האָט אַפילע פאַרבלענדט די אויגן אייניקע קריטיקער, וואָס זײַנען ניספּאָעל געוואָרן פון דער נײַער פאָרם, פאַרזעענדיק דעם אינהאַלט, פאַרגעסנדיק, אַז פאָרם לאָזט זיך ניט אָפּרײַסן פון אידיי.

אייגנטלעך איז דאָס געווען ענלעך צו דעם, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער רוסישער ליטעראַטור און קונסט. פון איין זײַט האָבן מיר דאַ געהאַט אַזאַ ריז, ווי סטאַסאָוו, און די רעאַליסטישע פּראָגרעסיווע קינסטלער, וואָס האָבן זיך אַרום אים גרופּירט, וועלכע האָבן אין די אַלטע רוסישע מינהאָגים, פאָלקס־מײַסעס, ניגונים, אין דער קלויסטער־מאָלערײַ און אַרכיטעקטור געזוכט און געפונען דאָס רעאַל־פאָלקישע, וואָס ס'האָט געשאַפן דער רוסישער פאָלקס־געני, — און פון דער אַנדערער זײַט, — די יעניקע, וועלכע האָבן געפּרוּווט, אויסנוצנדיק דעם זעלבן מאַטעריאַל, ציִען די מעכטיקע רעאַליסטישע רוסישע קונסט און ליטעראַטור צו מיסטעריעז־רעליגיעזן נעפּל, צו סימבאָליזם, אָנדײַטענישן, צו אַן א שיר רעמאָזים און א סאַך „טיפזיניקע" פינטעלעך. נישקאָשע, מיר האָבן אויך גענוג געליטן פון אָט די פינטעלעך. ווי סע קריסטלט זיך, זאָגט דאָס ווערטל, אַזוי ייִדלט זיך. די פּראָבלעם פון מעסוירע איז א ליטעראַטור־געשיכטלעכע און אייגנצײַטיק אַן אַקטועלע פּראָבלעם, וואָס פאָדערט א גרינטלעכן שטודיִום. ליידער איז ער נאָך בא אונדז ניט דורכגעמאַכט אין דער פולער מאָס.

• • •

ריכטיק איז געזאָגט, אַז „מע דאַרף מאַכן א סאָף צום פּרימיטיוון אידענטיפיצירטן העברעיִש מיט ציִעניזם", לאָמיר צוגעבן, מיט רעאַקציע ביכלאַל. פונקט אַזוי, פאַרשטייט זיך, איז צײַט צו מאַכן א סאָף צו אידענטיפיצירן שטענדיק ייִדיש מיט פּראָגרעס. די אַמאָליקע שטרײַטן צווישן ייִדישיזם און העברעיִזם זײַנען זייער ווײַט פון אונדז. דער קאַמף צווישן ייִדיש און העברעיִש האָט געוויס געהאַט א באַשטימטע היסטאָרישע באַרעכטיקונג, אַף וויפל ייִדיש, די שפּראַך פון מיליאָנען פאָלקס־מענטשן, האָט זיך געמוזט אַרויסרײַסן אַף דער ברייטער געזעלשאַפטלעכער אַרענע. נאָר אַפילע דעמלט האָט דער קאַמף פאַר דער שפּראַך פון די מאַסן ניט אומבאַדינגט טאָמיד געהאַט א דעמאָקראַטישן אינהאַלט. מיר פעטישיזירן ניט קיין שפּראַך צוליב שפּראַך. מיר ווילן וויסן, וואָס ווערט אַף דער שפּראַך געשריבן. דאָס ייִדישע פאָלק האָט געשאַפן אַף צוויי שפּראַכן. די גרעסטע ייִדישע שרײַבער האָבן אויך געשריבן אין העברעיִש, פונקט ווי די גרעסטע העברעיִשע שרײַבער האָבן אויך געשאַפן ווערק אין ייִדיש. איך פאַרגעס ניט די דיסטאַנץ, די ראַשיקע אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס איז נישט אָפּצוטיילן פון דעם אויפשטײַג פון די ברייטסטע ייִדישע מאַסן, אָבער דער פאַקט פון צווייִשפּראַכיקײַט בלײַבט, ער איז גילטיק פאַרן אָוואָר, ער איז גילטיק אויך איצט. דער בעסטער סימען עפּשער זײַנען די ווערק פון די ייִסראָעלדיקע פּראָגרעסיווע ייִדישע און העברעיִשע שרײַבער.

און דאַ קום איך צו א באַהויפּטונג, וואָס קאָן אַרויסרופן כלוקעדייעס. אין טאָך אַרײַן דאַרפן מיר ריידן וועגן דרײַשפּראַכיקײַט. עפּשער לייגט זיך דאָס ניט אַרײַן אין געוויסע סכעמעס, נאָר פאַקטן האָבן אָפּט א טעווע אויפצורײַסן סכעמעס. צי דאַרפן מיר אויסמעקן פונעם כעזשבן די רוסיש־ייִדישע ליטעראַטור? צי קאָנען מיר זיך מאַכן ניט ווייסנדיק, אַז עס איז געווען א היפּשע צאָל שרײַבער — פאַרשיידענע לויטן אידייִשן און קינסטלערישן מעהוס, — וואָס האָבן געשריבן אין רוסיש און

אין יִדיש, אַנדערע — הויפּטזאַכלעך אין רוסיש, און וואָס האָבן אַזוי אָדער אַנדערש געווירקט אויפן ליטעראַרישן פּראָצעס? עס גייט אַ רייד ניט וועגן שרײַבער פון יִדישער אָפּשטאַמונג, נאָר בעפּייעריש וועגן יִדישע שרײַבער, סײַ לויט דער טעמאַטיק, סײַ לויט דער פּראָבלעמאַטיק. די קייט פון אונדזער ליטעראַטור באַשטייט, אַפּאָנעם, פון דרײַערליי רינגען. און אויב איין רינג פאַרנעמט אַ באַשיידן אָרט, קאָן מען זי דאָך פון דער קייט ניט אויסשליסן. האַלטן זיך בלויז בײַ דער יִדישער רינג, זי מעג זײַן די גרעסטע, איז, טראַכט איך, ניט ריכטיק, ווײַל דאָ זײַנען אָנגעגאַנגען קעגנזײַטיקע ווירקונגען, עס איז אויך ניט ריכטיק אין דער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו.

* * *

שווימט טאַקע אַרויס די פּראָבלעם פון ירושה אין אַ מער פאַרצווײַגטן אַספּעקט. עמעס איז, אַז מיר דאַרפן טאַקע בעשום־אויפן ניט אָוועקשענקען ביאַליקן דער רעאַקציע. דער געווינישער ביאַליק איז טראַגיש־ווידערשפּרעכלעך. ער שטאַמט פון די טיפענישן פון פאָלק, נאָר די אַרומרינגלונג זײַנע האָט ניט ווייניק געמיט זיך אָפּ צו דערווײַטערן אים פון זײַן שטאַם, און ער האָט זיך העלדיש געראַנגלט. זײַן טאַלאַנט איז געווען אָן אַן ערעך מעכטיקער פון די רעאַקציאָנערע „פאַרערער“ און אויסניצער זײַנע. דאָס בעסטע אין זײַן שאַפן געהער אונדז, געהער דעם פאָלק, געהער דער וועלט־ליטעראַטור. קלאָר, אַז מע דאַרף אונטערשטרײַכן דעם ווערט און פאַרנעם פון ביאַליקס יִדיש־שאַפן, פון זײַן יאָדערדיקן וואָלינער מאַמעלאָשן, וואָס איז אונדז ליב און טײַער. אַוודאי איז עס, ווי אויך זײַנע אייגענע איבערזעצונגען פון העברעיִש אויף יִדיש, אַ שיינע רינג אין אונדזער גאָלדענער קייט. עס טאָר אָבער ניט פאַרמינערט ווערן די הויפּט־רינג, די העברעיִשע רינג ביאַליקס.

פאַר אונדז איז ביאַליק גרויס מיט די לידער פונעם שניט „התדע מאין נחלתי את שירי?“ (צי ווייסטו, פונוואַנען איך האָב געיאַרשנט מײַן ליד?). דאָס איז אַ וויי־געזאַנג פון דער יִדישער אָרעמשאַפט. פאַר אונדז איז ביאַליק גרויס מיט זײַנע ווונדערלעכע פּייזאַזשן, מיט זײַן געפיל פאַר דער נאַטור (אַגעוו, איז דאָס אין פיל לידער דער פּייזאַזש פון אוקראַיִנע). ווערגעליס פאַרגלײַכט שורעס בײַ שוואַרצמאַנען און בײַ ביאַליקן. ער באַטאָנט שוואַרצמאַנס רעוואָלוציאָנערישקײַט, נאָר ער גייט אויך ניט פאַרבײַ שוואַרצמאַנס לערע בײַ ביאַליקן. פאַר אונדז איז ביאַליק גרויס מיט זײַן קרעפטיקער ערדישער ליבע־ליריק, וואָס שליסט זיך אָן אין די שענסטע מוסטערן פון דער וועלט־ליריק.

באַזונדער שטייט די פראַגע וועגן ביאַליקס פּאָעמע „אין דער שחיטה־שטאָט“, וועלכע ער האָט אָנגעשריבן נאָכן פּאָגראָם אין קעשענעוו. מיר שײַנט, אַז ביז הײַנטיקן טאָג איז ניט אָפּגעשאַצט איר אידייִש־געזעלשאַפטלעכע ווערט, דער אויפרײַס־שטאָף, וואָס איז אין איר פאַרבאָרגן (די קינסטלערישע קראַפט פון דעם ווערק שטייט אויסער יעדן שטרײַט). אין דער פּאָעמע זײַנען געגעבן שוידערלעכע בילדער פונעם פּאָגראָם. בילדער, וואָס האָבן געמאַכט אויפציטערן הערצער. אָבער נישט אין דעם בלויז ליגט דער שווערפּונקט. אין זײַן אַרטיקל צום 25־טן יובילײ פון ביאַליקס ליטעראַרישער טעטיקײַט (פאַרעפנטלעכט אינעם זשורנאַל «Еврейская жизнь» נומער 14—15 פונעם 3 אַפּרעל 1916 יאָר) האָט גאָרקי אַזוי כאַראַקטעריזירט די פּאָעמע: ...„איינע פון די סאַמע שטאַרקסטע לידער ביאַליקס איז פאַר מיר „אין דער שחיטה־שטאָט“ (אויף רוסיש איז בײַ גאָרקין «Сказание о погроме» — א. ה.), ווו עס ווערט אומבעראַכמאָנעסדיק געשטראָפט דער הענקער און מיט רעכט — דער קאָרבן, פאַר זײַן אונטערטעניקײַט צום הענקער“. אָט אין וואָס עס גייט, אין דעם אורטייל, וואָס ביאַליק האָט אַרויסגעטראָגן אויך די נאָכגיביקע, וואָס זײַנען גרייט צו לעבן אויף די קניִעס, דעם קאָפּ געבויגן פאַרן מערדער, און די פאַרשווײַגן, וועלכע זײַנען גרייט צו פאַרגעסן דאָס פאַרגאָסענע בלוט און, אויב עס לאָזט זיך, נאָך מאַכן אַ געשעפטל מיט די הורגים.

...און כאָל איז דאָס אויך אויף די איצטיקע אונטערלעקער און פאַרמאַסקירער פון דעם מײַרעוו־דײַטשישן נעאָנאַציזם. אָפּט טו איך אַ טראַכט: ווי וואָלט רעאַגירט ביאַליק אויף דעם שענדלעכן געשעפט מיט די „שילומים־געלטער“, וואָס אַדענאַוערס מעלוכע האָט אויסגעצאָלט מעדינאַס־יִסראָעל ניט נאָר אַלס „קאָמפּענסאַציע“ פאַר יאַמען יִדיש בלוט, נאָר איינצײַטיק דערפאַר, מע זאָל ניט אָנרירן די נעכטיקע נאַציס, פיל פון וועלכע עס שטייען באַם רודער אין מײַרעוו־דײַטשלאַנד? איך גלייב, אַז דער גרויסער דיכטער וואָלט די „געשעפטמאַכער“ אַ קלינגענדיקן פּאַטש געגעבן פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט.

ביאַליק איז געווען ווײַט פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, ער האָט נישט געזען, אַז די איינציקע זיכערע שוץ קעגן די „מײַסע־נעמיראָווס“ איז די פאַרברידערונג פון די יִדישע מאַסן מיט די רוסישע, אוקראַיִנישע, ווײַסרוסישע, פּוילישע — קעגן דעם בלוטיקן צאַריזם, און אין דעם באַשטייט זײַן שוואַכקײַט. ער האָט אָבער מיט זײַן שטראָף־וואָרט וועגן די, וואָס שטאַרבן, ניט ווערנדיק זיך, פּאַקטיש גערופן צו מוט, געלערנט האַסן ראַכמאָנעסטרערן און אײַנגעהויקערטע רוקנס. און אין דעם איז זײַן קויעך.

זאָל מיר דערלויבט זײַן אַרויסזאָגן נאָך אַ געדאַנק, וואָס וועט, מעגלעך, אויסזען, אַזוי געזאָגט, אומדערוואַרט. אין דער געשיכטע פון קאַמף קעגן פאַשיזם, אין דער געשיכטע פון יִדישן פאָלק וועלן אויף אייביק פאַרבלײַבן די העלדן פונעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. זיי האָבן געוווּסט, אַז זיי גייען דעם טויט אַנטקעגן. מיט הויך־אויפגעהויבענע קעפּ האָבן זיי זיך געשטעלט אין קאַמף־רייען קעגן די פאַשיסטישע הענקערס. וואָס האָט זיי געגעבן קראַפט? די ניצחוינעס פון דער רויטער אַרמיי בײַ דער וואָלגע. דאָס איז דער וויכטיקסטער פאַקטאָר. זיי האָבן דערבײַ געפילט די ברידערלעכע האַנט פון די פּוילישע פּאַטריאָטן־אויפשטענדלער, זיי האָבן געפילט, אַז זיי זײַנען ניט עלנט אַפילע אין דער אָפּגעצוימטער געטאָ. און נאָך ווילט זיך טראַכטן, אַז ניט ווייניק קעמפער פונעם מוראַנאָווער ראַיאָן אין וואַרשע האָבן געדענקט ביאַליקס ווערטער, מיט בלוט פון הערצן געשריבענע, און אויך זיי, די ווערטער פונעם דיכטער, האָבן געשטאַרקט, געמאָנט און געפּאָדערט, מע זאָל ניט וואַרטן אויפן אומקום, נאָר זיך קעגנשטעלן דעם סוינע. דער דיכטער, וואָס שטראָפט געבויגענע קעפּ, לערנט בעמיילע קוקן דעם טויט אין די אויגן אָן מוירע, אָן שרעק. און טאַקע אין דעם איז, ווי מיר דוכט, די דויערהאַפטיקע ווערט פון ביאַליקס פּאָעמע.

איך האָב זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף ביאַליקן, ווײַל די פּראָבלעם פאַרדינט עס. אין שטרײַטן, אין שפּעריש

דיסקוסיעס וועלן מיר דערגיין דעם עמעס וועגן ריכטיקן אָרט פון ביאַליקן אין אונדזער ליטעראַטור.

נו, און ווי האַלט דאָס מיט אַנדערע, מיט קלענערע ריגנען פון דער העברעיִשער ליטעראַטור, וועלכע זײַנען געקניפּט מיט דער ייִדישער ליטעראַטור? ווי האַלט דאָס מיט דער ירושה פון טשערניכאָווסקין, פון שנייערן און נאָך און נאָך? זיי גיבן מיר אָפּ אין גלײַכן געלט? ניין! עס וואָלט געווען גאָרניט באַלעבאַטיש!

* * *

ניט ווייניקער נייטיק איז אָפּשאַצן ריכטיק די שאַפונג פון שאָלעם אַשן. אַש, דער זינגער פון שלוימע נאָגיד, דער אַפּאָלאָגעט פון „טהילים־ייִד“, דער זוכער פון ייִדישער אויסדערוויילטקייט, איז ווײַט פון אונדז סײַ איִדייִש, סײַ קינסטלעריש, ווי עס זאָלן ניט פילדערן גראָד וועגן אָט דעם אַשן זײַנע רעאַקציאָנערע פאַרערער. פאַראַן אַ צווייטער אַש, וואָס האָט געזען די ייִדישע הינטערגעסלעך אין זייער פאַרוואָרלאָזטקייט, אין זייער ווידערשפּעניקייט, אין זייער סטיכיייִשער קראַפט און פּאָעטישער ערדישקייט. אָט דער אַש, באַ דער גאַנצער ווידערשפּרעכלעכקייט זײַנער, איז אַ גרויסער קינסטלער, וואָס שליסט זיך אײַן אין דער גאָלדענער קייט. אַן אַנדער פראַגע איז, וויאַזוי קאָנען דאָס געמאָלט זײַן „צוויי אַשן“, וואָס פאַר אַ צוזאַמענהאַנג איז פאַראַן צווישן זיי, וועלכע סאָציאַלע פאַקטאָרן האָבן געווירקט אויף אַזאַ צעצווייטקייט? דאָס אַלץ פאָדערט אַ גרינטלעכע פאָרשונג.

אינטערעסאַנט און באַלערנדיק איז די ליטעראַרישע ירושה פון אַ ריי אָנגעזעענע אַמעריקאַנער ייִדישע שרײַבער, וועלכע שטאַמען פון רוסלאַנד, ליטע, פּוילן, גאַליציע. דאָ זײַנען זייערע וואָרצלען, און אַ היפּשער טייל פון זייערע ווערק זײַנען פאַרבונדן מיט די אַלטע היימען. וואָס זשע איז אונדז נאָענט און טײַער באַ לייוויקן, אָפּאַטאָשון, ראַבאָיען, מוישע־לייב האַלפּערן?

טײַער איז אונדז יענער לייוויק, וועלכער האָט אין די ווײַטע און קאַלטע סיבירער שנייען אויסגעוואָרעמט זײַן ליד — צו מענטש, צו פאָלק, צו וועלט געווענדט. טײַער איז אונדז זײַן פּאָעטישע ריינקייט און ערלעכקייט, וואָס האָט אים ניט פאַרלאָזט אַפילו אין די בלאָנדזשענישן. דאָס זעלבע דאַרף געזאָגט ווערן וועגן אָפּאַטאָשו, דעם קינסטלער, וואָס האָט געזען און געפילט דעם פאָלקס־מענטשן סײַ אין די גרינע פּוילישע וועלדער, סײַ אין די שטיינערנע וועלדער פון ניו־יאָרק. טײַער זײַנען אונדז ראַבאָי און מוישע־לייב האַלפּערן... און נאָך אַ נאָמען מוז איך דערמאָנען. איך רייד וועגן מוישע נאַדיר, דעם שאַרפן סאַטיריקער, דעם סאַרקאַסטישן אויסלאַכער פונעם בורזשואַזן און באַטלאָניש־קליינבירגערלעכן לעבנס־שטייגער מיט אַלע זײַנע מידעס און זיטן. ניט צופעליק און ניט אומזיסט האָט שאָלעם־אַלייכעם הויך געשעצט נאַדירן דעם סאַטיריקער און הומאָריסט... נאַדיר איז, ווי באַוווּסט, געפּלעפט געוואָרן פונעם סאָוועטיש־דײַטשישן פּאַקט וועגן ניט אָנפאַלן, פון דעם שריט, וואָס האָט געגעבן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד אַ געוויסן אָטעם־איבערכאַפּ און איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער אַנטיסאָוועטישער „מינכענער“ פּאָליטיק פון די מערעווודיקע גרויסמאַכטן. נאַדיר האָט דאָס דעמאָלט ניט פאַרשטאַנען און איז אָפּגעגאַנגען פון אונדז. איך בין אָבער זיכער, אַז ווען נאַדיר וואָלט הײַנט געלעבט, וואָלט זײַן שטימע ווידער געקלונגען צווישן די שטימעס פון אַלע אַנטיפאַשיסטישע קעמפער.

אַזעלכע שרײַבער, ווי לייוויק, אָפּאַטאָשו, ראַבאָי, האַלפּערן, נאַדיר, זײַנען ריגנען אין דער גאָלדענער קייט פון דער ייִדישער ליטעראַטור, ווײַל אין זייערע בעסטע ווערק זײַנען זיי מיטן פאָלק, מיט די פאָרגעשריטענע קויכעס פון דער געזעלשאַפט, ווײַל אין זייער שאַפן שפּירט מען דעם אָטעם פון אונדזער צײַט, פון דער היסטאָרישער קער־עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהײַט און בעמיילע אויך אין דער געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק.

* * *

אין זײַן אַרטיקל באַטאָנט יאַנקעוו שטערנבערג, אַז מיר דאַרפן פאַרטיפערן אונדזער אָפּשאַצונג פון די ערשטע סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער, די גרונטלייגער פון דער נײַער ליטעראַטור. געוויס איז דאָס אַזוי, באַזונדערס דערפאַר, ווײַל אונדזערע שאַפנדיקע באַ הײַנטיקן טאָג שרײַבער זײַנען די נאַטירלעכע פאָרזעצער פון דער גרויסער פּלאַנגע שעפער (בערגעלסאָן, האָפשטיין, שוואַרצמאַן, מאַרקיש, קוויטקאָ, פעפער, האַלקין און אַנדערע).

מיר וואַרפן אָפּ מיט פאַראַכטונג די „פּרעטענזיעס“ פון אייניקע אויסלענדישע ייִדישע פאַרזאָרגערס צו זײַן שיר ניט די יאָרשים און אַפּעטראָפּסים פון די שרײַבער, וואָס זײַנען אומשולדיק אומגעקומען בײַס דעם סטאַלין־קולט. בעעמעס: ווי לאַנג האָבן די דאָזיקע אויסלענדישע פאַרשוינען אָן בושע, אָן עלעמענטאַרער שרײַבערישער ערלעכקײַט מאַמעש געשפּיגן קלעק אויף די ווערק פון אונדזערע שרײַבער, ניט אַנערקענט זיי, געגוואַלדעוועט, אַז זיי זײַנען ניט מער ווי פּלאַקאַטן־שרײַבער, אַז זיי זײַנען ניט קיין ייִדישע מעכאַברים, ווײַל זיי ווילן ניט פריידיקן דאָס מיטלאַלטערלעכע „ייִדישקײַט“, ווײַל זיי זײַנען עכטע סאָוועטישע, סאָציאַליסטישע קינסטלער. איצט גיסן די אַפּעטראָפּסים טרערן איבער זיי... קראָקאָדיל־טרערן!

און ריידן מיר וועגן אָרגאַנישער פאָרזעצונג, שווימען גלײַך אויף די פראַגן, וואָס זײַנען נעגייע דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראַטור. די דאָזיקע פּראָבלעם, אין מאַסשטאַב פון אַ סאַך ליטעראַטורן, פאַרנעמט אַ היפּשן פּלאַץ אין די טעאָרעטישע דיסקוסיעס, וועלכע קומען איצט פאָר אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור־וויסנשאַפט. מיר זעט אויס, אַז אונדזערע ליטעראַריש־קריטישע און פאָרשערישע אַרבעטן וועגן דעם איניען שעפּן ניט אויס די טעמע, און עס איז פאַראַן פּלאַץ פאַר אַ לעבהאַפטן מיינונגס־אויסטויש.

ניטאָ קיין ליטעראַטור אָן אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, פרײַ פון נאַציאָנאַלער פאָרם, סײַדן די ווערק פון דער אַבסטראַקטער קונסט — אָביעקטיווע איידעס פונעם קונסט־פאַנאַנדערפאַל אין דער איצטיקער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון דער פאָרם איז אַן אומבאַדינגטער און נאַטירלעכער פאַקטאָר פון יעטווידן ליטעראַרישן ווערק. דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן קריטישן רעאַליזם און פילפאַכיק מער פאַרן סאָציאַליסטישן רעאַליזם. פאַרוואָס מער? ווײַל מיטן מעטאָד פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם דרינגט די ליטעראַטור אַרײַן פיל טיפער אינעם לעבן פון פאָלק, ווײַל דער דאָזיקער מעטאָד איז געבונדן מיטן אופּבלי פון אַלע פעלקער און פון זייערע קולטורן. איינצײַטיק דערנענטערט דער סאָציאַליסטישער רעאַליזם די קול־

טורן, העלפט מיט צו פארברידערן זיי. דאָס נאציאָנאַלע ווערט פול מיט אינטערנאציאָנאַלן גייַסט. אין דעם איז די דיאַלעקטיק פון דעם צוזאמעהאנג צווישן פאָרם און אינהאלט.

וואָס זשע איז פאָרט די נאציאָנאַלע פאָרם? צום אַלעם ערשטן — די שפּראך: די לעקסיק, דער זאצבוי, די פאָלקלאָר־אויצרעס, די אייגנארטיקע נאציאָנאַלע מוזיקאַלישקייַט, ריטמיק, טאָנאַלישקייַט. ווייַטער קומען די טראַדיציעס, שוין אָנגעזאמלטע אין דער ליטעראטור, וואָס אנטפּלעקט די פּסיכיק פון די פאָלקסמאסן. און זי איז שטענדיק א פּויעל־יוצא פון דער ארומרינגלונג, פונעם רעאַלן היסטאָרישן לעבנס־גאנג. די אַלע פאקטאָרן זייַנען ניט פארגליווערט אין איין צושטאנד, זיי ענדערן זיך, פונקט ווי דאָס לעבן, וואָס שטייט קיינמאָל ניט אָף איין אָרט. באַזונדערס שטארק ענדערן זיי זיך אין רעוואָליוציאָנערע עפּאָכעס.

די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור האָט אויפגענומען די שענסטע טראדיציעס פון אונדזער קלאסיק: הומאניזם, פאָלקישקייַט, דעם ייִדישן הומאָר, די פייַנטשאפט צו אונטערדריקונג און ניטגלייַכהייַט, — אָט די און אַנדערע פּראָגרעסיווע טראדיציעס האָט זי אויפגענומען און געשאפן נייַע טראדיציעס פון אינטערנאציאָנאליזם, פון אָפּטימיזם (פיל טיפערן און מער פרוכטבארן, איידער דער אַלטער ייִדישער ביטאָכן), פון אייַנגעפונדעוועטקייַט אין א וועלט פון פרייַער מענטשלעכער האַרעוואַניע. אונדזער ליטעראטור האָט וווּנדערלעך אויסגעשליפן די ייִדישע שפּראך: זי איז פול געוואָרן מיט נייַע באַגריפן, אָן אן ערעך בייגעוודיקער געוואָרן, אינגאנצן באפרייַט פון דייַטשמעריזמען, ווי אויך פון פארצייַטיקע, געבונדענע מיטן אַלטן שטייגער, העברעיִזמען, באפרייַט פון די רעשטלעך פארליטעראַרישטן זאצבוי — א ירושע פון די האַסקאָלע־צייַטן. אייַנגעזאפּט אין וואָרט און אין בילד אַלדאָס גוטס, וואָס דאָס לעבן האָט געבראכט, איז די ייִדישע שפּראך איצט אן אינסטרומענט, וואָס מע קאָן אָף אים אויסשפּילן אַלץ — פון א שטילן לירישן מאָטיוו ביז א פילשטימיקער סימפאָניע. איז דאָס נאציאָנאַלע פאָרם, צי ניין? קיין צוויי ענטפערס קאָנען דערבייַ ניט געמאָלט זייַן. יאָ, און ניט אנדערש.

מעגלעך, אַז אָפן בעסטן אויפן קאָן דאָס באשטעטיקט ווערן, ווען מע ווענדעט זיך צו דער פּראקטיק פון איבערזעצונגען אָף ייִדיש. איך נעם אָף זיך דאָס רעכט צו באהויפּטן, אַז אַזוי איבערזעצן, אשטייגער, שעקספּירס „קיניג ליר“, ווי דאָס האָט געטאָן האַלקין, איז פריִער געווען פּאָשעט אוממעגלעך. פארשטייט זיך, עס איז אָנבאַלאנגט אין האַלקינס גרויסן טאַלאנט, נאָר עס האָבן זיך געדארפט פריִער אָנזאמלען אַזוינע שפּראך־רייַכטימער, אַז האַלקינס טאַלאנט זאָל אימשטאנד זייַן אַזוי גלענצנדיק צו באהערשן שעקספּירן. דאָס נעמלעכע דארף געזאָגט ווערן וועגן האָפּשטיינס פראכטפולער איבערזעצונג פון שעווטשענקאָס „קאָבזאר“, אן ארבעט, וואָס קאָן געגליכן ווערן מאמעש צו א דיכטערישן העלדנטאט.

דירעקט פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקייַט האָבן מיט פעסטן טראָט א שפּרייַז געטאָן אין דער ליטעראַטור ייִדן — פאבריק־ארבעטער, פּויערים, אינזשעניערן, קאָנסטרוקטאָרס, געלערנטע, אָפיצערן, גענעראַלן. זיי זייַנען געקומען מיט זייערע געפילן, געדאנקען, איבערלעבונגען, מיט זייער ארט ריידן, מיט דעם גאנצן קאָמפּלעקס פון זייער פּסיכיק. וויפל סוזשעטן, וויפל מענטשלעכע כאראקטערן, וויפל נייַע ייִדישע כאראקטערן אינעם שארפן פּראָצעס פון אויסבילדן זיך זייַנען ארייַן אין דער ליטעראטור.

נאָר עמעצן געפעלט ניט עלקע רודנער, עמעצן געפעלן געוויס ניט ליאם און פעטריק און זייער ברודערשאפט, עמעצן געפעלט ניט יוליס, עמעצן געפעלן ניט די העלדן פון אָרלאנדס „הרעבליעס“. און עמעצן וועט אויך ניט געפעלן דער אינזשעניער־מעטאלורג בא גענען אָדער דער שאָפער בא גוביניצקין. דעם דאָזיקן שאָפער, האָב איך מוירע, וועט עמעצער ארייַנלייגן אין כיירעם און אָפּשיידן פונעם ייִדישן פאָלק. אָט זעט איר, ווען עס זאָל זייַן א ייִדישער באלעגאָלע פון אמאָל, וואָס פאָרט פון קרעטשמע צו קרעטשמע, און דערבייַ פירט ער כסידים צום רעבן, — דאָס איז גאָר עפּעס אנדערש, דאָס איז ייִדיש... אָבער גראָד אָט דער שאָפער, וואָס האָט באם וואָלגע־טייַך, האנט־בא־האנט מיט זייַנע רוסישע פרייַנט, געמיימעסט די פאשיסטישע בעסטיע און איצט פירט ער די שווערע פילטאָניקע אווטאָס צו דער בויונג, — ער איז דער עמעסער זון פונעם פילגעליטענעם און אויפגעריכטן ייִדישן פאָלק, ער און ניט דער עמעצער, ווי ער זאָל דאָרט ניט הייסן.

נאציאָנאַלע פאָרם, נאציאָנאַלע אייגנארט אין טיפסטן זין פון וואָרט איז, ווערליק איך פארשטיי, ניט אָפּצוטיילן פון נאציאָנאַלער ווירדע און שטאָלץ. פאראן ירושע, און פאראן שימל פון דוירעס. מיר דענקען היסטאָריש. מיר הערן זיך אייַן אינעם גאנג פון די דוירעס. טאקע דערפאר שטאָלצירן מיר מיט אַלדאָס פּראָגרעסיוון און ווארפן אָפּ אַלדאָס רעאקציאָנערע און אָבסקוראנטישע.

די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור האָט געשטרעבט און שטרעבט ארויסצוברענגען דאָס בעסטע און העכלעכסטע, וואָס איז אויפגעקומען אין לעבן פון פאָלק אדאנק דער גרויסער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, זי האָט שארף אָפּגעשפּעט און שפּעט אָפּ פון אַלדאָס אָפּגעשטאנענס אָפן וועג צום פעלקער־אויפבלי. בא איר אומצווייפלבארער אייגנארטיקייַט איז זי אָרגאניש אייַנגעשלאָסן אין דער גאנצער סאָוועטישער ליטעראטור. און אין דעם איז איר קויעך.

מיר האָבן איבערגעלעבט שווערע, ביטערע צייַטן. מיר טאָרן זיי ניט פארגעסן, — נישט קעדיי צו שיטן זאַלץ אָף די ווונדן, נאָר קעדיי זיי זאָלן זיך קיינמאָל מער ניט איבערכאזערן. עמעצער וואָלט געוואָלט, מיר זאָלן ווערן שטענדיקע אייכאָ־זאָגערס, און נאָר אין דעם זאָל זייַן דער באַרוף אונדזערער. אומזיסט ווילן זיי עס. א וועלט מיט ארבעט שטייט אונדז פאָר. דאָס ייִדישע פאָלק, וואָס איז אין לעצטן קריג אָפּגעגאנגען מיט טייַכן בלוט, וואָס האָט מיטן אש פון מיליאָנען קאָרבאָנעס פארפולט די פאשיסטישע קרעמאטאָריעס, דארף הייַנט זייַן אין די פאָדערשטע רייען פון דער היסטאָרישער שלאכט פאר שאָלעם אָף דער וועלט.

די ייִדישע סאָוועטישע שרייַבער, און מיר זייַנען זיכער, אַז אינאיינעם מיט זיי די פּראָגרעסיווע אויסלענדישע ייִדישע שרייַבער, וועלן ווייַטער ציִען דעם גאָלדענעם פאָדעם פון א ליטעראטור, וואָס איז אַליין א שטיק לעבן, א ליטעראטור פון עמעס, פארשטאנד און גלויבן, א ליטעראטור, וואָס דערמוטיקט און רופט צו ליכטיקע הייַכן, צו ברודער־מענטש און ברידער־פעלקער.

# פון דער שעפערישער לאַבאָראַטאָריע

נאָטע לוריע:

## וואָס וועט זײַן מיט מײַנע העלדן?

צווישן די בריוו, וועלכע קומען אָן אױפן אַדרעס פון דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" און אױף מײַן היימישן אַדרעס, זײַנען פאַראַן אַזעלכע, ווו די לייענער טיילן זיך ניט נאָר מיט זייער מיינונג וועגן די אָפּגעדרוקטע קאַפּיטלען פון מײַן ראָמאַן „הימל און ערד", נאָר זאָגן אויך אַרויס גאַנץ קאָנקרעטע ווונטשן בנוגע דעם ווײַטערדיקן גאַנג פון דער האַנדלונג און וועגן דעם גורל פון די העלדן.

דער פּראָפעסאָר פון אַווטאָמאַטיק און טעלעמעכאַניק, דאָקטאָר פון טעכנישע וויסנשאַפטן מיכאַיל וולאַדימיראָוויטש מייעראָוו שרײַבט אין זײַן בריוו פון מאָסקווע:

„די העלדן פון אײַער ראָמאַן „הימל און ערד" זײַנען מיר זייער נאָענט און ליב. דאָס זײַנען גוטע סאָוועטישע מענטשן, מענטשן פון א נײַער פאָרמאַציע, באַזונדערס עלקע רודנער, אַלעקסיי אָרעשין, שעפטל קאָבילעץ, זעלדע, נעכאַמקע. דעריבער וואָלט זיך זייער וועלן, אַז זיי זאָלן בלײַבן לעבן בא אײַך אין ראָמאַן ביז דער לעצטער שורע. אין דער פאַטערלענדישער מילכאָמע זײַנען א סאַך שלאַכטלײַט אומגעקומען אויפן פראָנט. זאָל אָבער שעפטל זײַן צווישן די לעבנגעבליבענע. מיר ווייסן, אַז אין דער צײַט פון סטאַלין־קולט זײַנען פיל ערלעכע סאָוועטישע מענטשן אומגעקומען. זאָל אָבער אָרעשין זײַן צווישן די, וועלכע זײַנען באַם לעבן רעאַביליטירט געוואָרן נאָכן צוואַנציקסטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. די איבעריקע העלדן, פאַרשטיי איך, האָבן אויך געהאַט ניט קיין גרינגן גורל אין די יאָרן פון דער פאַטערלענדישער מילכאָמע. זאָלן זיי אָבער אַלע לעבן. איך וויל, אַז זיי זאָלן לעבן, ווײַל זיי זײַנען מיר געוואָרן נאָענט".

דאָס זעלבע אומגעפער שרײַבט אין זײַן בריוו דער כ' סאַנדלער י. ע. פון קיִעוו און אויך אַנדערע.

עס פרייט מיך, וואָס די געשטאַלטן פון מײַן ראָמאַן זײַנען געוואָרן נאָענט דעם לייענער און וואָס דער לייענער זאָרגט וועגן זייער ווײַטערדיקן גורל. ווּעמען זײַנען זיי אָבער נאָך אַזוי נאָענט און אַזוי טײַער, ווי דעם אַווטאָר! פון דעם מאָמענט, ווען איך האָב זיך געזעצט שרײַבן דעם ראָמאַן, בין איך שטענדיק מיט זיי. ניט נאָר ווען איך זיץ באַם שרײַבטיש, נאָר ווּ איך זאָל ניט זײַן, זײַנען זיי שטענדיק צוזאַמען מיט מיר. אומעטום. אָפט אַמפּערן זיי זיך אי צווישן זיך, אי מיט זייער אַווטאָר. זיי לאָזן מיך ניט רוען אויך באַנאַכט, וועקן אויף פון שלאָף און שלעפּן מיך צום שרײַבטיש, איך זאָל פאַרשרײַבן וואָס גיכער עמעצנס א וואָרט, פאַרצייכענען א טאַט, א פּסיכאָלאָגישן גאַנג, א קאָנפליקט, וועלכער האָט זיך צווישן זיי פאַנאַנדערגעוויקלט.

אַוודאי וואָלט איך וועלן, אַז אי אַלעקסיי אָרעשין, אי נעכאַמקע, אי קורט — די נײַע געשטאַלטן, — אי שעפטל, עלקע, זעלדע, שעפטלס מאַמע א. אאַז. וועלכע איך האָב געשילדערט נאָך מיט א סאַך יאָרן צוריק אין ראָמאַן „דער סטעפּ רופט", — אַז זיי אַלע זאָלן בלײַבן לעבן „ביז דער לעצטער שורע" פונעם ראָמאַן. אָבער דאָס איז ניט אָפּהענגיק פון מיר. ניט אַלעמען האָב איך, ווי זיי זאָלן מיר ניט טײַער און ליב זײַן, געקאָנט ראַטעווען, פאַרהיטן פון אומקום. און ניט אַלעמען פון זיי איז באַשערט צו לעבן „ביז דער לעצטער שורע".

מע דאַרף שילדערן דאָס לעבן עמעסדיק, אַזוי ווי עס איז געווען. מיר וועלן אייביק געדענקען יענע צײַט און טאָן אַלץ, אַז מער זאָל זיך עס ניט איבערכאַזערן. א וויכטיקע ראָל דאַרף שפּילן אין דעם די ליטעראַטור. מיר וואָלט זיך זייער וועלן מיט מײַן ראָמאַן אַרײַנטראָגן כאָטש א געוויסן בײַטראָג אין דעם. גענוי דערציילן וועגן דעם ווײַטערדיקן טייל פון ראָמאַן וואָלט צוגענומען א סאַך אָרט. איך האָף, אַז האַיאָר וועט דער בוך דערשײַנען, און דער לייענער וועט אַליין האָבן די מעגלעכקייט זיך באַקענען מיט אים.

מאָטל גרוביאַן:

## איידער א ליד ווערט געבוירן

א מאַשין שרײַבט לידער! זי גייט ניט אַרום פאַרכאַלעמט אין שטערנדיקע נעכט איבער די פּאַרקן און בולוואַרן פון שטאָט, טראָגט ניט קיין מאָדנע קאַפּעטע מיט אויסגעשטריקטע לײַבן אויפן האַרץ, דרייט זיך ניט אַרום, ווי א מעשוגענע, בא דער געבײַדע פון דער טיפּאָגראַפיע, ווו אינדערפרי וועט, קאָן זײַן, אָפּגעדרוקט ווערן איר נײַ ווערק.

ניין, די קיבערנעטישע מאַשין דאַרף עס ניט. זי איז דער וווּנדער פון אונדזער יאָרהונדערט. זי קאָן ענטפערן אויף די סאַמע קאָמפּליצירטע וויסנשאַפטלעכע פראַגן, אַרויסברענגען הונדערטער מאַטעמאַטישע פאָרמולעס, פינקטלעכער, ווי דער מענטשלעכער מויעך.

און — א וווּנדער! די מאַשין שרײַבט לידער!

לאָמיר פּרוּוון א ביסעלע אַרומריידן אונדזער ביז גאָר שווערן פאַך, אָבער ניט, כאַלילע, קעדיי קעגנשטעלן דעם מענטש דער מאַשין און פאַרקערט, נאָר פּאַשעט א טראַכט טאָן, צי איז טאַקע אונדזער „קאָלעגע" — די עלעקטראָנען־מאַשין, אַזאַ כאַכאָמע און אַזאַ בעריע, וואָס אַלץ איז איר „ניע פּאָטשאָם"?

ניין, ניין! און נאָכאַמאָל ניין! א זעלטענער זיקאָרן — יאָ! פייִקייטן אויסצופּלאָנטערן א וואַלד מיט ציפערן, אָנרופן פאַרגעסענע היסטאָרישע דאַטעס, אַנאַליזירן מיט דער הילף פון מענטשן ניט קיין געלייזטע וויסנשאַפטלעכע און ווירטשאַפטלעכע פראַגן — דאָס יאָ! אָבער לידער? קיינמאָל וועט דער וווּנדער ניט געשען.

איך גלייב איר ניט, דער מאַשין. אירע „לידער" — זײַנען קיין לידער ניט. ווען די קלוגע מאַשין וואָלט געקענט עמעצן ליב האָבן אָדער פײַנט האָבן, אופהייבן זיך מיט א בריגאַדע פון קאָמוניסטישער מי אויף א 16־שטאָקיקן מויער און אַרײַנפּאַסן שטיקער זון אין די ווענט, אַראָפּלאָזן זיך אין קוילן־שאַכטע אויף זעקס שאָ אין טאָג, און דער שוויס, וואָס רינט פון שטערן, זאָל איר זײַן זיס אויף די ליפּן, — דעמאָלט וואָלט איך געגלייבט, אַז די מאַשין וועט שרײַבן לידער.

שאַפן קונסט קען בלויז דער מענטש, דער באַגאַבטער מענטש, וואָס האָט א גרויסע אָנזאַמלונג פון באַזיניקטער מי און לעבנס־דערפאַרונג. קונסט האָט פײַנט טאַכלעס־

סינע רעצעפּטן. דעם „זשען-שען“, וואָס איך דאַרף פֿאַר מײַן ליד, מוז איך שטענדיק אַליין זוכן און געפֿינען.

ביטער איז דעם דיכטער, וואָס באמת זיך האָבן א רויִק לעבן און זײַן קליין אויסגעטרוימט וועלטל פֿון קלוי־מערשטער דיכטונג.

עכטע דיכטונג — איז דאָס פֿײַער, בא וועלכן א סאך אפילו אַנגעזעענע הויך־טאַלענטירטע פּאָעטן ברײַען זיך אָפּ, ווען זיי פֿאַרלירן דאָס הייליקע סטעזשקעלע צו ציל־געווענדטקײַט.

איך מוז שטענדיק וויסן, וואָס וויל איך, ווּעמען האָב איך ליב און וועמען האָב איך פֿײַנט.

די אינערלעכע פּאָעטישע טעמפּעראַטור מעסט זיך ניט מיט קיין גראַדוסניק. אָבער מע טאָר קיינמאָל ניט דערלאָזן, אַז זי זאָל פֿאַלן נידעריקער פֿון זעקס און דרײַסיק. בעסער שוין, א געהעכערטע — נײַן און דרײַ־סיק, פֿערציק...

אַן עכטער דיכטער איז אין מײַנע אויגן א בוים, דערבײַ אזא בוים, וואָס זאַפּט אײַן זיך א סאך זון, טוי, זאַפּט פֿון דער לעבעדיקער פֿרישער ערד, קעדיי מיט דער ברייטער האַנט דער וועלט אַלץ צוריק אומקערן.

מײַן קרעדאָ איז קלאָרקײַט, אידייִשע אָנגעלאָדנ־קײַט, אָן וועלכער א קינסטלער קען זיך ניט זעצן צו זײַן שרײַבטיש.

ארײַנפֿירן וועמען עס איז אין מײַן דיכטערישער לאַ־באָראַטאָריע וואָלט איך ניט געוואָלט, ווײַל מיר דאַכט, אַז בא קיין איין דיכטער אין דער וועלט הערשט ניט אזא כאַאָס אין דער פּאָעטישער ווירטשאַפֿט, ווי בא מיר. דער כאַאָס קומט פֿון צעשויבערטע בלאָקנאָטן, נאָטיץ־ביכלעך, העפֿטן, פּאַפּיראָסן־שאַכטלעך, אויף וועלכע איך פֿאַרשרײַב קימאַט קעסיידער מײַנע געדאַנקען, זעונגען, בילדער, גאַנצע און האַלבע לידער, פֿאָלקס־אויסדרוקן.

דערנאָך קומט די העכסטע פֿאָרם פֿון אָרגאַניזאַציע (כאָטש איך בין ניט קיין קיבערנעטישע מאַשין!), ראַ־פֿינירטקײַט פֿון אויסדריקן דאָס וואָרהאַפֿטיקע און אויס־געכאַלעמטע, און ערשט דערנאָך — אַרבעט באַם טיש... וואַריאַנטן, אָן א שיר וואַריאַנטן, ביז דו שלעפּסט ניט אַרויס פֿון דער אָנגעשריבענער ליד א נײַע ליד. קיין קלאָלים זײַנען דערבײַ ניט פֿאַראַן!

שמועל גאָרדאָן:

## זיבן שווערע און פֿריידיקע יאָר

אין די פֿרילינגדיקע נומערן פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“ וועט זיך דרוקן מײַן ראָמאַן „פֿרילינג“, איבער וועלכן איך האָב געאַרבעט אין מעשעך פֿון קימאַט זיבן יאָר. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס באַשטימט ניט די אידייִש־קינסט־לערישע ווערט פֿונעם ווערק; און אויב איך דערמאָן פֿונ־דעסטוועגן די זיבן יאָר, וואָס איך האָב „אָפּגעדינט“ בא מײַן „פֿרילינג“, טו איך עס צוליב דעם, אַז דער אוילעם זאָל וויסן די סיבע פֿון מײַן פּיליאַריקן שעפֿערישן שטיל־שווײַגן. אָבער דעם ברייטערן אוילעם גייט, נאַטירלעך, מער אָן, וועגן וואָס עס ווערט דערציילט אין דעם ראָמאַן „פֿרילינג“, וועלכע פּראָבלעמען ווערן דאָרט באַרירט.

אויף אָט די פֿראַגן ענטפֿער איך: דער ראָמאַן „פֿרילינג“ באַהאַנדלט עטיש־מאָראַלישע פּראָבלעמען פֿונעם סאָוועטישן מענטשן. די האַנדלונג קומט פֿאָר אין אונדזערע טעג. די אָנטיילנעמער פֿון די געשעענישן זײַנען מענטשן פֿון פֿאַרשיידענעם עלטער, פֿאַרשיידענע פּראָפֿעסיעס — מיליטערלײַט, אַרבעטער, פּויערים, געלערנטע, סטודענטן. די האַנדלונג קומט פֿאָר אין מאָסקווע, אויפֿן שלאַכטפֿעלד פֿון דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע, אויף עקסטן צאָפֿן, אין טורמע, אין א שאַכטע.

דער לייענער קאָן פֿאַרוווּנדערט פֿרעגן: „די האַנדלונג קומט פֿאָר אין אונדזערע טעג, און מיטאַמאָל גאָר שלאַכטפֿעלד, טורמע, געשעענישן פֿון דער פֿאַרגאַנ־גענהײַט?“

דער מענטש לעבט ניט אָפּגעצאַמט פֿונעם נעכטן און מאָרגן. ער טראָגט נאָכאַנאַנד זיך איבער פֿון דער קעגנ־וואַרט אין דער פֿאַרגאַנגענהײַט און אין דער צוקונפֿט. די העלדן פֿון „פֿרילינג“ מאַכן א רײַזע אין דער פֿאַר־גאַנגענהײַט, און דאָס גיט זיי א מעגלעכקײַט אַנדערש אויפֿנעמען און אָפּשאַצן דאָס דורכגעלעבטע. אָט פֿאַרוואָס איך דערלויב זיך צו זאָגן, אַז דער ראָמאַן איז פֿון דעם ערשטן און ביז דעם לעצטן זײַטל — הײַנטצײַטיק.

אויף וויפֿל מיר איז עס געלונגען, — וועט אורטיילן דער לייענער.

מע קאָן אָבער פֿרעגן, צי האָבן עקזיסטירט אין דער רעאַלער ווירקלעכקײַט די געשילדערטע פּערסאָנאַזשן, צי די געשעענישן זײַנען אויסגעטראַכטע, צי זיי זײַנען גע־נומען פֿונעם לעבן — און אזוי ווײַטער און ווײַטער, דאָס הייסט מע קאָן שטעלן פֿראַגן, וואָס האָבן א שײַכעס צו דער שעפֿערישער לאַבאָראַטאָריע פֿונעם שרײַבער.

געבן אַן אויסשעפּנדיקן ענטפֿער אויף דעם האָט זיך נאָך, דאַכט זיך, קיינער ניט געפּרוּווט, און ניט נאָר דערפֿאַר, ווײַל בא יעדן שרײַבער קומט עס פֿאָר פֿאַרשיידן, נאָר ווײַל דער פּראָצעס פֿון שאַפֿן איז א ביז גאָר קאָמפּלי־צירטע דערשײַנונג, וואָס לאָזט זיך ניט שטענדיק „אָנ־טאַפּן“, כאָטש ס'האָט לאַכלוטן ניט צו טאָן מיט גע־היימניספֿולקײַט און „געטלעכקײַט“.

איך פּערזענלעך אַרבעט זייער לאַנגזאַם און שווער. און דאָס סאַמע שווערסטע איז פֿאַר מיר — אָנשרײַבן אויף פּאַפּיר די ערשטע שורעס פֿון א נײַ קאַפּיטל און אָפּטמאָל פֿון א נײַעם זאַץ. דאַכט זיך, איך האָב זי שוין געפֿונען, די שורע. איך טראָג זי אום אין זיך, שוין אַן אײַנגעגאָסענע. דאָס איז אָבער אַלץ ביז דער מינוט, ווען די אויסגעטראַגענע שורע דערזע איך אויף פּאַפּיר. דאָ הייבן זיך ערשט אָן די עכטע שוועריקײַטן. צוליבן אָנהייב פֿון א קאַפּיטל קאָן איך אַמאָל אויסשרײַבן און איבערשרײַבן עטלעכע צענדליק זײַטלעך.

און שטעלט אײַך פֿאָר, אַז פֿונקט דעמלט, ווען איך בין שוין זיכער, אַז בא אַלע מײַנע באַמיִונגען וועט מיר ניט געלינגען אַרויסברעגען אויף א קאָל דעם ניגון, וועלכן איך הער אין זיך, געשעט פּלוצעם דער „נעס“. עס באַ־ווײַזט זיך דאָס פּאַסיקסטע וואָרט. די שורע, וועלכע איך האָב אזוי געזוכט, שווימט מיטאַמאָל אַרויס פֿון אונטער דער פּען.

שרײַבן שרײַב איך געוויינלעך, ווען איך בלײַב אויג אויף אויג מיט מײַנע העלדן. נאָר דער פּראָצעס פֿון שאַפֿן קומט פֿאָר ניט בלויז באַם שרײַבטיש. איך „שרײַב“, ווען איך שפּאַציר איבער די סאַמע טומלדיקע גאַסן, שטויס זיך אין די שאָען פֿון „פּיק“ אין מעטראָ צי אוו־טאָבוס. ניט בלויז דער דיכטער, נאָר אויך דער פּראָזע־שרײַבער „פֿאַרגרייט“ אָפּטמאָל זײַנע שורעס אַפּריִער אין זיך...

וואָס שײַעך סוזשעט, האַנדלונג, דאָ פֿיל איך קיינמאָל ניט קיין באַזונדערע שוועריקײַטן. דעם שרײַבער קאָן מען אין א געוויסער מאָס פֿאַרגלײַכן מיט א פּילבאָרן ראַדיאָ־

אופנעמער. די אטמאָספער איז פול מיט קלאַנגען, נאָר דער סאמע פילבארסטער ראַדיאָ־אופנעמער קאָן ניט אופכאפן איינצײַטיק צוויי פארשיידענע כוואַליעס. דאָס לעבן איז פול מיט גרייטע סוזשעטן און געשטאַלטן. נאָר בא יעדן שרײַבער איז פאראן זײַן באַליבטע טעמע. אים זײַנען באַזונדערס נעגייע באַשטימטע פראַגן. מיך אינטערעסירן מער פון אַלץ עטיש־מאָראַלישע פּראָבלעמען. און אַף די דאָזיקע כוואַליעס איז הויפּטזאַכלעך אָנגעשטעלט מײַן אופנאַם־אַפּאַראַט.

„פרילינג" האָב איך פון אָנפאַנג פארטראַכט ווי א דערציילונג, נאָר באַם שרײַבטיש האָט זיך ארײַנגעמישט דער זיקאָרן און אָנגעהויבן מיר אונטערוקן אַלץ נײַע און נײַע קרויווישע געשעענישן, ארומשטעלן מיך מיט אַלץ נײַע און נײַע געשטאַלטן, און איך האָב געמוזט זיך אונטערגעבן. אָנהייבנדיק שרײַבן „פרילינג", האָב איך געוווּסט, צוליב וואָס איך שרײַב, וואָס איך וויל דערציילן דעם לייענער. דאָס הייסט איך האָב שוין געהאַט פאַר זיך דעם ציל און די ריכטונג פון מײַן „רייזע". איך האָב אָבער ניט געקאָנט וויסן און פאָרויסזען, וועלכע סטאַנציעס וועט מיר אויסקומען דורכפאָרן, וועלכע פּאַסאַזשירן וועלן ארײַנשטײַגן אַף דער אָדער יענער סטאַנציע. וויפל מאָל האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז אינעם צוג האָבן זיך ארײַנגעזעצט צופעליקע פּאַסאַזשירן און מיר איז נאָכדעם אויסגעקומען זיי ארויסזעצן, ס'הייסט אויסמעקן צענדליקער זײַטלעך, וואָס האָבן געשטערט דער גאַנצקײַט פונעם ראָמאַן!

ווען דער ראָמאַן איז שוין געווען אָנגעשריבן, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די רעכטע ארבעט אויסצוגעפינען דאָ און דאָרט דאָס פּאַסיקסטע וואָרט, מאַכן בולטער דאָס בילד, פולבלוטיקער די געשטאַלטן. איך האָב זיך באַמיט טאָן אַלץ, קעדיי דער לייענער זאָל דערזען די געשעענישן און די געשטאַלטן אַזוי בולט און קלאָר, ווי איך האָב עס געזען אין פּראָצעס פון שאַפן...



## כראָניק



לויט דער באַשטימונג פונעם אוקראַיִנישן שרײַבער־פארבאַנד איז אין קאָראָסטישעוו דורכגעפירט געוואָרן א ליטעראַרישער מאָסן־אָוונט, געווידמעט דעם 75־טן געבורטסטאָג פון דאַוויד האָפשטיין. אין דעם אָוונט האָבן אָנטיילגענומען די קיִעווער שרײַבער פּ. אוסענקאָ, ד. קאָסאַריק, ה. פּאָליאַנקער, כ. לויצקער, ג. רובאַשאָוו און די אַלמאָנע פונעם דיכטער פייגע האָפשטיין. כ. לויצקער האָט געהאַלטן א פאָרטראָג וועגן האָפשטיינס שאַפונג. דער אָוונט איז דורכגעגאַנגען מיט גרויס דערפאָלג. די אָרטיקע ראַדיאָ און די צײַטונג „מיט לענינס וועג" האָבן געגעבן מאַטעריאַלן וועגן דער שאַפונג פונעם דיכטער.

□

אין 1964 זײַנען דערשינען אין פארלאַג „דעטגיז" ל. קוויטקאָס קינדער־מײַסעלעך „פערדעלעך", „צו מײַנע פרײַנט", „צוגאַסט", „הוידעלקעס". אין פארלאַג „קינסטלערישע ליטעראַטור" איז ארויס פון דרוק אין דער סעריע „ביבליאָטעק פון דיכטער" א זאַמלונג פון ל. קוויטקאָ מיט א פאָרוואָרט פון קאָרניי טשוקאָווסקי. אין וואַרשעווער פארלאַג „יידיש בוך" איז דערשינען ל. קוויטקאָס „לעמלס מאַטאָנעס".

□

אין דער זאַמלונג פון דעם רוסישן דיכטער עדואַרד באַגריצקי („ביבליאָטעק פון דיכטער", גרויסע סעריע) זײַנען אײַנגעשלאָסן איניקע קאַפּיטלען פון איציק פעפערס פּאָעמע „געפונענע פונקען".

אין „איקוף"־פארלאַג (ניו־יאָרק) איז אָפּגעדרוקט איציק פעפערס פּאָעמע „שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ" מיט א פאָרעדע פון נאַכמען מײַזיל.

□

אין פארלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" איז נאָרוואָס דערשינען די יערלעכע טראַדיציאָנעלע אויסגאַבע „דער טאָג פון פּאָעזיע, 1964".

אין דער נײַער זאַמלונג זײַנען פאָרגעשטעלט בא 200 דיכטער. אינעם „טאָג פון פּאָעזיע" זײַנען אויך אײַנגעשלאָסן אָפּטיילן פון קריטישע ארויסזאָגונגען און זיכרוינעס, אין וועלכע עס באַטייליקן זיך דיכטער, פּראָזאַיִקער, קריטיקער און קינסטלער.

□

די ביבליאָטעק פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פּססר אין לענינגראַד מערקט האַיאָר אָפּ איר 250־יאָריקן יובילֵיי. פון פּיאָטער דעם ערשטנס פּאַלאַץ־ביבליאָטעק, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1714 יאָר, איז די ביבליאָטעק אויסגעוואַקסן אין איינע פון די גרעסטע וויסנשאַפטלעכע אַנשטאַלטן אין דער וועלט. אין אירע פאָנדן געפינען זיך איצט העכער 15 מיליאָן בענדער.

□

אין דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" איז פאָרגעקומען א גרויסע באַגעגעניש לעקאָוועד דעם שעף־רעדאַקטאָר פון דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרײַהײַט" פייסעך נאָוויק, וועלכער איז געקומען מיט א באַזוך אין סאָוועטנפארבאַנד. אַף דער באַגעגעניש זײַנען געווען שרײַבער, געלערנטע, מאָלער און ארטיסטן.

פּ. נאָוויק האָט געהאַלטן אַן אינהאַלטסרײַכע רעדע וועגן איניקע שטריכן פונעם יידישן לעבן אין אַמעריקע.

□

אין בוקאַרעשט (רומעניע) איז ארויס פון דרוק דער פינפטער און זעקסטער באַנד פון שאָלעם־אַלייכעמס אויסגעווײַלטע ווערק. אין די צוויי בענדער זײַנען ארײַן „בלאָנדזנדע שטערן", איבערזעצט אַף רומעניש פון אָלגאַ בראַטעש און מייער שטערנבערג, פאָרוואָרט פון מאַרין סאָדעסקו. שאָלעם־אַלייכעמס ווערק וועלן ארויסגעגעבן אין דער סעריע „קלאַסיקער פון דער וועלט־ליטעראַטור". טיראַזש 20.000 עקזעמפּליאַרן.

□

אין פּאַריזש איז געעפנט געוואָרן אַן אויסשטעלונג, געווידמעט דעם ווידערשטאַנד פון די יידן קעגן די נאַציסטן אין פארשיידענע לענדער.

פאַר דער דאָזיקער אויסשטעלונג האָט דער סאָוועטישער קאָמיטעט פון מילכאָמע־וועטעראַנען צוגעשיקט וויכטיקע מאַטעריאַלן און עקספּאָנאַטן וועגן אָנטייל פון די סאָוועטישע יידן אין דער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

□

אין ניו־יאָרק איז אָפּגעמערקט געוואָרן 40 יאָר ליטעראַרישע טעטיקײַט פונעם באַקאַנטן אַמעריקאַנער פּראָגרעסיוון שרײַבער בער גרין. דער יובילאַר איז ברייט באַקאַנט בא די לייענער מיט זײַנע לידער און ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען.




# שרײַבער און ווערק

◆ דעם ערשטן יאַנוואַר 1880 איז אין קוטנע (פוילן) געבוירן געוואָרן שאָלעם אַש.

אַש איז געווען אַ שרײַבער מיט אַ רײַכן און ברייטן קינסטלערישן דיאַפּאַזאָן. אין זײַנע ביכער שילדערט



ער פאַרשיידענע סוויווע און טקופעס פונעם ייִדישן לעבן סײַ פון דער נאָענטער ווירקלעכקײַט, סײַ פון דער גאָר ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט.

ניט געקוקט אויף די קאָמפּליצירטע ווידערשפּרוכן אין זײַן וועלט־באַנעם, וואָס האָבן אים דערפירט צו פאַלשע אָפּשאַצונגען פון די וויכטיקסטע היסטאָרישע פּראָצעסן אינעם XX י.ה. (די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, אויפקום און אויפבוי פון דער סאָוועטישער געזעלשאַפט אאַז״וו.), האָט ער אָנגעשריבן אייניקע פונדאַמענטאַלע קינסטלערישע ווערק וועגן דעם לעבן פון די ייִדן אין פוילן און אַמעריקע.

זײַנע ראָמאַנען און דערציילונגען זײַנען איבערגעזעצט אויף אַ סך שפּראַכן, און אייניקע דראַמעס („מאָשיעכס צײַטן“, „גאָט פון נעקאָמע“ אאַ.) זײַנען געשפּילט געוואָרן אין די גרעסטע טעאַטערן פון רוסלאַנד און אַנדערע לענדער. שאָלעם אַש האָט מיטגעווירקט דערצו, אַז די ייִדישע פּראָזע זאָל אַרויסגעפירט ווערן אויף דער אַרענע פון דער וועלט־ליטעראַטור.

מ. גאָרקי, וועלכער האָט הויך געשאַצט שאָלעם אַשן אַלס קינסטלער, האָט קימאַט מיט זעכציק יאָר צוריק זייער טרעפלעך אָנגעוויזן אויף די ווידערשפּרעכלעכע ליניעס אין זײַן שאַפן. אָפּמערקנדיק אַשס „שטרעבונג צום אַלמענטשלעכן“ אין יענע ווערק זײַנע, וווּ ער „באַווײַזט די ייִדן ניט בלויז אַלס מאַרטירער“, האָט גאָרקי אָבער אין דער זעלבער צײַט קריטיקירט אַשן פאַר זײַן אַנטלויפן פון דער רעאַלער ווירקלעכקײַט. אין דעקאַבער 1908 שרײַבט צווישן אַנדערן מ. גאָרקי: „אײַערע נײַע דערציילונגען פונעם ציקל „נעוויִים“ רופן בײַ מיר אַרויס דערשטוינונג: איך פאַרשטיי ניט, צוליב וואָס האָט איר דאָס אָנגעשריבן, — אין דער ביבל ווערט דאָך דאָס געגעבן בעסער, אייִדער בײַ אײַך...“

שאָלעם אַשס בעסערע עפּישע שאַפונגען זײַנען רײַך מיט פּלאַסטישע שילדערונגען און געשטאַלטן און זײַנען באַדײַטנדיקע קינסטלערישע דערגרייכונגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

שאָלעם אַש איז געווען פּאָפּולער און באַוווּסט אין דער רוסישער און אוקראַיִנישער קולטור־וועלט. זײַנע ווערק „גאָט פון נעקאָמע“, „ווינטער“ אאַ. זײַנען דערשינען אין רוסיש אין גאָרקיס פאַרלאַג „זנאַניע“. „גאָט פון נעקאָמע“, די דערציילונג „שטומע“ און אַנדערע ווערק זײַנען דערשינען אין אוקראַיִניש.

צו שאָלעם אַשס וויכטיקסטע ווערק געהערן: „אין אַ שווערער צײַט“, „דאָס קוילערגעסל“, „דאָס שטעטל“, „שלוימע נאָגיד“, „מאָטקע גאַנעוו“, „מערי“, „אָנקל מאָזעס“, „דער טהילים־ייִד“, „בײַם אָפּגרונט“, „איסט ריווער“, „קידעש־האַשעם“, „די קישעפמאַכערן פון קאַסטיליע“, „דער אַפּאָסטאָל“, „מוישע“ אאַ.

נאָכן אָפּפאָרן פון רוסלאַנד האָט שאָלעם אַש לאַנגע יאָרן געלעבט אין אַמעריקע און אין פּאַלעסטינע. געשטאָרבן איז ער אין לאָנדאָן דעם 10 יולי 1957.

◆ מאָטיע דעכטיאַר (1909—1939) האָט געלעבט סאַכאַקל 30 יאָר. געבוירן אין אַן אַרבעטער־פאַמיליע, אַ קאָמיוגיסט, האָט ער אָנגעהויבן זײַן ליטעראַרישן וועג אין 1931 אַלס מיטגליד פון ליטקרײַז בײַם קלוב פון די בויער אין מינסק. גאָר אינגיכן באַקומט ער זײַן אייגענע דערציילערישע מאַניר און זײַן אייגענע טעמע וועגן די נײַ־בויונגען פון די ערשטע פינפיאָרן.

אין אַ ריי דערציילונגען („געמויערט“, „דענקמאָל“ אאַ.) מאָלט מאָטיע דעכטיאַר די פּסיכאָלאָגיע און דעם שטייגער פון דער אַרבעטער־יוגנט. פאַר קאַרגע צען יאָר שאַפונג האָט ער אַרויסגעלאָזט פיר ביכער דערציילונגען: „בויער“ (1936), „טרײַע וועכטער“ (1938), „אונדזער ערד“ (1939) און „ברידער“ (1940).

מאָטיע דעכטיאַר איז געווען אַ באַגאַבטער פּראָזאַיִקער, וועלכער האָט געקאָנט געבן דער ליטעראַטור אַ סך באַדײַטנדיקע ווערק. אָבער דער



פּלוצלינגדיקער טויט (מיט 25 יאָר צוריק) בײַס דער מילכאָמע מיט פינלאַנד, אין וועלכער דעכטיאַר האָט אָנטיילגענומען אַלס סאָלדאַט, האָט אומגעריכט איבערגעריסן זײַן שאַפונג.






10—3925



א פּאָרטרעט פון א סאָלדאַט.
1944 י.

קינסטלער זינאָווי טאָלקאַטשאָו.



דאָס איינציקע (פון דער סעריע „אָשווענטשים“).
1963 י.

קינסטלער זינאָווי טאָלקאַטשאָוו.



ריזעלע (פונעם ציקל „דאָס שטעטל“).
1938 י.

קינסטלער זינאָווי טאָלקאַטשאָוו.



פון דער סעריע „אפן מײַרעװ־פראָנט איז רויִק“.
1928 י.

קינסטלער זינאָווי טאָלקאַטשאָוו.

# נײַע ייִדישע ביכער

**עס איז ארויס פון דרוק און געפינט זיך אין פארקויף:**

„אזוי לעבן מיר“. זאמלונג פון דאָקומענטאלע נאָוועלן, פאר־צייכענונגען, רעפּאָרטאזש; 15 דרוקבויגן, טיראזש 15.000, פרײַז 71 קאָפּ.

אין דער זאמלונג גייען ארײַן די ווערק פון אלעקסאנדער גובניצקי, טעוויע גען, אווראָם גאָנטאר, שמועל גאָרדאָן, שירע גאָרשמאַן, יעכיעל שרײַבמאן, יויסעף קערלער, מאָטל סאקציער, הערשל פאָליאנקער, כאַים מעלאמוד, אירינע ראדונסקע, אויזער האָלדעס, יעכיעל פאליקמאן, שלוימע ראבינאָוויטש, מייער יעלין, מאָטל גרוביאן, הירש פלאסקאָוו, ז. ווענדראָף, ארן ווערגעליס.

אינגיכן דערשײַנט דער בוך „האָריזאָנטן“ — א זאמלונג לידער, באלאדעס און פּאָעמעס פון פופציק הײַנטצײַטיקע ייִדישע דיכטער. טיראזש 7.000.

# ייִדישע ביכער אין 1965

**עס גרייטן זיך צום דרוק און וועלן דערשײַנען אין פארלויף פון יאָר:**

1. עליע שעכטמאן. ערעוו. ראָמאן.
2. פּערעץ מארקיש. טראָט פון דורות. ראָמאן.
3. נאָטע לוריע. הימל און ערד. ראָמאן.
4. מוישע טייף. אויסגעווײלטע לידער און באלאדעס.
5. יאנקעוו שטערנבערג. לידער פון פארשיידענע יאָרן.
6. זאמלבוך פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער סאָוועטישער נאָוועלע.

**אונדזערע ביכער קאָן מען קריגן אין אלע ביכער־קראָמען. מע קאָן זיי אויך אויסשרײַבן דורך «Книга—почтой» לויטן אדרעס:**
**Москва, Ленинский проспект, 69, магазин № 121, отдел «Книга—почтой».**

## צו קענטעניש פון אונדזערע לייענער!

אפן זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד“ קאָן מען זיך אונטערשרײַבן, אָנהייבנדיק פון יעדן נומער און אף א באליביקן טערמין.

א ב אָ נ ע מ ע נ ט־פּ ר ײַ ז:

פון פעווראל ביז סאָף יאָר (11 נומערן) — 5 ר. 50 ק.

6 כאדאָשים — 3 רובל

פּרײַז פון איין נומער — 50 קאָפּ.

**לייענט און פארשפּרייט „סאָוועטיש היימלאנד“!**


СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)

Ежемесячный литературно-художественный журнал

Орган Союза писателей СССР

*(на еврейском языке)*

Год издания пятый

Издательство «Советский писатель»

Главный редактор А. Вергелис.

Редколлегия: И. Борухович, А. Гонтарь, М. Лев (ответственный секретарь), Нотэ Лурье, Б. Миллер, Г. Ошерович, И. Рабин, Р. Рубина, М. Тейф, И. Фаликман, С. Фрай.

Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.
Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отдел прозы — Б 3-96-07; отделы поэзии и критики — Б 8-49-42.
Художеств.-техн. редакция: И. Шустер и А. Токер
Корректоры А. Стрельник и Д. Грозовская.

---

Подписано к печати 26/XII 1964 г. Формат $70 \times 108^1/_{16}$. Печ. л. 10(13,70). Бум. л. 5+2 вклейки.
Уч.-изд. л. 16,21. Цена 50 коп. Зак. 3925.

---

Московская типография № 7 Главполиграфпрома
Государственного комитета Совета Министров СССР по печати.
Пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп.
70821

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 1

1965

■

**В НОМЕРЕ:**